# ליטעראַרישע זאַמלונגען



רעדאַקטירט :

מ. גיציס

מאַטעס דייטש

שיקאַגאָ

איציק מאַנגער

וואָלט וויטמאַן — יידיש מאַטעס דייטש

נחמן מייזיל

שלמה שוואַרץ

יצחק בערלינער

ב. אַלקוויט

דאָרע טייטלבוים

שלום שטערן

יעקב גלאַנץ

זעליק העללער

אַלטער עסעלין

מ. גיציס

טאָדרעס געללער

## א י צ י ק  מ א נ ג ע ר

# ל י ד ע ר

דעם שניידער־געזעלן נטע מאנגער
דעם זון פון הלל און חוה
דעם שענסטן און דעם איידלסטן ריטער
פון דער גאָלדענער פּאַווע

## פּונעם ציקל: "דער אַלטער אנאַקרעאָן"

### אַנאַקרעאָנס פרילינג־ליד

די זון האָט געלעגט א גאָלדן איי
אין אַלטן שוואַלבן־נעסט
ברוך הבא! אָט זייַנען זיי דאָ
די קליינע באַפליגלטע געסט.
אויף מייַן נאמנות, אָט זייַנען זיי דאָ
די קליינע באַפליגלטע געסט.

ס'איז פּלי־צייַט ס'איז בלי־צייַט ווידער,
נעם די האַרף און זינג
דעם אַלטן אַנאַקרעאָנס לידער
פרי־לי, טרי־לי, לי־לינג.

צי ווייסטו וואָס דאָס קען באַטייַטן
זע, דו זעסט ניט
די קאַרשן־בלימער אין ווייַסן
ווי ס'וואָלט א שניי געשיט.
שוטה, דאָס האָבן די חברה
זיך איבער נאַכט צעבליט.

ס'איז פלי־צייט, ס'איז בלי־צייט ווידער,
נעם די האַרף און זינג
דעם אַלטן אַנאַקרעאָנס לידער,
פרי־לי, טרי־לי, לי־לינג.

מיידלעך מיט זילבערנע קריגלעך
לאַכן מיין פענסטער פאַרביי,
דאָס געלעכטער קרויזט אין דער לופטן
און שמעקט ווי א שטענגל מאַי.
איך אָטעם טיף, און ווער ווידער
א יינגל פון דאָס ניי.

ס'איז פלי־צייט, ס'איז בלי־צייט ווידער,
נעם די האַרף און זינג
דעם אַלטן אַנאַקרעאָנס לידער,
פרי־לי, טרי־לי, לי־לינג.

איך ווער יונג און יונגער.—אַ וואָלקן
שיפט זיך אהער און אהין.
ער טרינקט די הימלישע בלאָקייט,
איך זשליאָקע דאָס ערדישע גרין
און מיר וואַנדערן ביידע בגילופין
און מיר ווייסן נישט וואו אהין.

ס'איז פלי־צייט, ס'איז בלי־צייט ווידער,
נעם די האַרף און זינג
דעם אַלטן אַנאַקרעאָנס לידער,
פרי־לי, טרי־לי, לי־לינג.

## אַנאַקרעאָן און די נימפעס

קוקו, קוקו, זיסער פויגל
כ'קוק און זע און האָב הנאה
ווי די וואַסער־בתולת שווימען
אין די וואַסערן די בלאָע.

כאָטש מיין באָרד איז ווייס און ציטערט
ווי ביי אַלע אַלטע מענער,
ווייס איך אָבער זיסער פויגל
וואָס ס'איז שיין, און וואָס ס'איז שענער.

אָט א שטייגער יענע שאָנקייט
דאָרט אין מיטן דער חבריה —
נישט קיין מויד, אָן אפּראָדיטע
וואָלט געזאָגט מיין שכן שייע.

וואָלט איך געווען דער גאָט פּאסיידאָן,
וואָלט איך אָפּגעגט מיין קליפּה
און ביים ערשטן וואסער־גלח
געשטעלט מיט יענער דאָרט א חופּה.

"ווען איך וואָלט!" די אלטע בענקשאפט
הערסט זי כליפּן אין דעם לידל
פון דעם מינדסטן שניידער יינגל,
הערסט זי כליפּן אין דעם פידל

פון גאוורילא דעם ציגיינער
אין אַ דאָרף־שענק פון מאָלדאוויע,
הערסט זי שעפּטשן ביי א שפּינראָד
אין א כאַטע פון מאָראוויע.

"ווען איך וואָלט" זינגט אויך אנאקרעאָן
און ער האָט דערווייל הנאה
ווי די וואסער־בתולות שווימען
אין די וואסערן די בלאָע.

אָוונט־פייגל. גרילן זילבערן,
און דער אָוונט שלייערט בלויער;
צווישן ערד און הימל ניגנ'ט
שטיל א זיסער מילדער טרויער.

עראָס הייסט דער גאָט וואָס פליסטערט
און ער טייטלט מיטן פינגער
אויף דעם נאקעט־שפּיל אין וואַסער
און אויף אנאקרעאָן זיין זינגער.

## אַנאַקרעאָן און דער הארבסט־רעגן

אנאקרעאָן טענה'ט צום רעגן:
— וואָס איז מיט דיר דער מער
ווער האָט דעם פארוויינטן שלים־מזל
געבראכט פאר אָן אורח אהער?

דו נודיעסט און נודיעסט און נודיעסט
פון אַלץ די נשמה ארויס,
דו האָסט שוין פארנודיעט צום שטאַרבן
די לעצטע זומער־רויז.

איך פארשטיי אן אורח אויף שבת
אָבער נישט אויף א גאנצן זמן.
און אן אורח שלעפּט נישט די וואַלקנס
ווי זיינע שמאטעס אן אָרעמאַן.

אן אָרעמאַן קומט מען אָפּ מיט א גראָשן
און ער גייט זיך ווייטער זיין וועג.
ער טוט נישט פארטרייבן די פייגל
און פארגראָעט נישט די ליכטיקע טעג.

איך ווייס אז דו ביזט אן עקשן
און דו ווילסט דאווקע און דאווקע אזוי
אז דו האָסט פיינט בתכלית השנאה
דאָס גאָלד דאָס בלאָנד און דאָס בלוי.

גאָלד בלאָנד און בלוי — מיין שיינקייט,
קומט פארנעמט דעם אויבן אָן;
אין דעם אלטן אנאקרעאָנס כאַטע
ווארט געטריי אייער טראָן.

דער רעגן איז נישט מער ווי א מעשה
נאָר איר אליין זענט וואָר.
איך שווער ביי די בערד פון די געטער
און ביי מיינע אייגענע ווייסע האָר.

און אז איר זאָגט "פרילינג" איז פרילינג
און איך לאָז דעם רעגן שטיין
אויף יענער זייט פון מיין ניגן
א ברוגז׳ן איינעם אליין.

עפּן אויף דיינע אויגן מיין שיינקייט
און ס׳וועט תיכף א נס געשען:
— א שפּיל פון גאָלדענע בינען —
"אמאָל איז א רעגן געווען."

# פון די "ביבלישע מאָטיוון"

## חנה און פנינה

פנינה צוואָגט איר טעכטערל
און מיטן פוס וויגט זי די וויג,
און אונטערן הארץ—געליבט צו גאָט,
צאַפּלט א פריש שטיק גליק.

"איצט דאָבעלע טו אויס דאָס קלייד,
און וואַרף שנעל אראָפּ די שיך.
און איינס און צוויי — אין בעט אריין
און זאָג אָפּ קרישמע גיך."

און פנינה בויגט זיך איבער דער וויג:
— שא פרויקעלע טאטע, שא
די מאמע וועט דיר זינגען א לידעלע
א לידעלע אָט אזא.

אַיי ליו ליו, פרויקעלע . . .
דער טאטע וועט קויפן א טראָיקעלע,
דאָס טרויקעלע וועט פאָרן
קיין ליטע און פּאַמאָרן.
דאָרט וועט דער טאטע קויפן
לאָשעקלעך וואָס לויפן
מיט גלעקעלעך וואָס קלינגען
און חזנים׳לעך וואָס זינגען
אַיי־ליו ליו־ליו, ליו.

דער פעמפיק שלאָפט און פנינה איז מיד
פון אזוי פיל פרייד און גליק:
— רבונו של עולם באהיט און באַשיץ
דאָס בעטל און די וויג!"

נאָר פלוצים, הארך! פונם אלקער ציט
א שארף און דין געוויין,
דאָרט וויינט די עקרה חנה אויפסניי
אין דער פינסטער איינע אליין.

**— גאָט איז מיט איהנען חנטשע קרוין**
זי וועקן מיר די קינדער אויף!״
און פנינה הערט ווי חנה׳ס קליידּ
רוישט שטיל די טרעפּ ארויף.

דאָרט וועט זי ליגן די גאַנצע נאכט
אין איר חדר אויף די קני
פּארטאָן אין תּפילה און געוויין
ביזקל אינדערפרי.

פנינה דרייט דעם נאפט־לאָמפּ איין.
די שאָטנס אויף די ווענט
שפּאַרן אָן די געקרויזטע קעפּ
אויף זייערע פּארסאזשעטע הענט.

דער זייגער טיק־טאָקט אויף דער וואנט,
אויפן פּריפּעטשיק זינגט א גריל
און פנינה שארט זיך באַרוועסערהייט
צו איר געלעגער שטיל.

## בת שבע

בת שבע באטראכט דאָס פינגערל
וואָס פינקלט אין איר האנט. —
אוי, ס׳איז נישט אזוי דאָס פינגערל,
ווי דער מלך פונעם לאנד.

אוי ס׳איז נישט אזוי דאָס פינגערל
ווי דאָס בריוועלע דערצו:
—דיין פּנים, דיין גאנג, דיין איידעלער פאסאָן
זיי גיבן מיר נישט קיין רו.״

בת שבע גייט צום שפּיגל צו:
—אוואָדע איז זי שיין,
נאָר ווי קען זי אַן אשת איש
צו דער באַשטעלונג גיין?

וואָס וועט זאָגן דער אלטער שווער,
און דער מאַן דער גענעראַל

און וואָס וועט זאָגן גאָט אליין
דער שומר פון ישראל?

זי לייענט איבער נאָכאמאָל דעם בריוו:
— אָ שיינקייט פון דער וועלט
מיט גאָט ברוך הוא בין איך „פּער דו"
און איך טו וואָס מיר געפעלט.

אז איך זינג פאר אים מיין תהילים אָפּ
איז ער מוחל מיינע זינד;
וואָס שייך אוריה דיין ליבן מאן
פארלאָז זיך אויף מיר מיין קינד."

א פּאָרהאנג רוישט. ווער גייט? ווער גייט?
ס'איז נאָר דער ווינט, נישט מיין.
זי באהאלט דאָס פינגערל, דעם בריוו,
און לאָזט זיך לאנגזאם גיין

אראָפּ אין גאָרטן—די שטילע טריט
פארשלינגט דער געלער זאמד.
נאָר פארן טויער אומגעריכט
א רויטע מאנדלבלום פלאמט

א לעצט ביסל בושה. זי עפנט די טיר
מיט איר קליינער ווייסער האנט.
אוי ס'איז נישט אזוי דאָס פינגערל
ווי דער מלך פונעם לאנד.

# אבישג

אבישג מוסר'ט דעם דערנער־קוסט
וואָס האָט ביי א לעמעלע־מעע
אָפּגעצופּט א בינטל וואָל:
— פּע דו לאָבוז, פּע."

און צו דעם שעפּעלע מיט כעס:
— וואָס קריכסטו דו דוראק"
א פויגל פייפט: „אבי" „אבי"
א זשאַרעך: „שג שג שג".

אבישג לאכט. דאָס מיינט מען זי,
און צו איר זומער־קלייד
לעגט צו די מידע אָוונט־זון
א גרויסע גאָלדענע קווייט.

זי לעגט צוויי פינגער צו צום מויל
און פייפט די שאָף צונויף.
צייט אהיים, ווייל מאָרגן פארטאָג
פאָרט זי אין מלך׳ס הויף.

די מאַמע האָט פאר איר באצאָלט
אן אָרט אין לייזערס בויד:
״ר׳ לייזער נאָך אייך א רייניש מער
און גיט אַכטיק אויף דער מויד!״

רב לייזער א מאָדנער געלער ייד
מיט א בראָדעוועקע אויף דער באק,
א פויגל וואָרנט: ״אבי, אבי״
אַ זשאַבע: ״שג שג שג״.

אבישג לאכט. דאָס מיינט מען זי.
און פון איר זומער־קלייד
נעמט אָפּ די רויטע אָוונט־זון
די גרויסע גאָלדענע קווייט.

״א וואזשנע מציאהו!״ אין מלך׳ס הויף
וועט זי גיין אין סאמעט און זייד
און וועט טיילן לעקעך און איינגעמאכטס
פאר אלע אָרעמע לייט.

און דער מלך וועט שפּילן אויף דער הארף
ווען די שטערן ווערן גרויס,
און זי וועט זיין אין זיין תהילים׳ל
די סאַמע שענסטע רויז.

נאָר אָט איז דער טייך, און אָט איז די בריק,
און אָט הודזשעט דער טאַרטאַק,
א פויגל וויינט: ״אבי, אבי״
א זשאַבע: ״שג שג שג.״

# דוד המלך און אבישג

דער מלך מישט דאָס תהילים׳ל.
(טיפע מיטן־נאכט.)
אינדרויסן פארן טויער שטייט
א זעלנער אויף דער וואך.

דער מלך מורמלט: ״גרויסער גאָט
איך ווייס אז דו זיצט דאָ
אין מיר און אין מיין תהילים׳ל
אין יעדער מינדסטער שעה״

ער הייבט זיך אויף. געענוג פאר היינט
מיט גאָט ברוך הוא גערעדט.
און ווי א שאָטן שארט ער זיך
פאמעלעך צו צום בעט.

אבישג שלאָפט, זי אָטעמט שטיל,
און הער — זי רעדט פון שלאָף.
און פון איר חלום שמעקט ארויס
אַ טאָלעקע מיט שאָף.

א וואסער, און א נאָדל־וואלד
א דאָרף — לבנה גרויס,
אן אלטער פרומער ליפע־בוים
וואָס היט דער מאמעס הויז.

א טרויער און א נאָגעניש
א בענקעניש וואָס ציט
אוועק פונעם מלך׳ס תהילים׳ל
צו אן אייגן ליד.

דער מלך טראכט: א מאָדנע זאך
זי ליגט אין הוילן העמד
נאָענט צו מיר און מיין באריר
און דאָך אי ווייט אי פרעמד.

ער בויגט דעם אלטן ווייסן קאָפּ
און קושט דאָס דאָרף אין איר,
און קושט דעם אלטן ליפע־בוים
וואָס היט דער מאמעס טיר.

און מיט שטילע מידע טריט
גייט ער צוריק צום טיש.
א שטילער זיפץ. א גלעט די באָרד,
און דאָס תהילים'ל א מיש.

## פונעם ציקל: דער שניידער געזעלן נטע מאנגער זינגט"

### פארלאָזט

מיר זענען געגאנגען איבערן פעלד
און איבערן גרינעם גראָז,
דו האָסט מיר געגעבן א פינגערל
און א שאליקל א בלאָס.

דאָס פינגערל איז פון גאָלע גאָלד,
און דאָס שאליקל איז פון זייד.
נאָר דו אליין מיין אייגן הארץ
ביזט אוועק געפאָרן ווייט.

דו ביזט געפאָרן מיט דער באַן,
און געפאָרן מיט דער שיף.
איצט שטיי איך ביי מיין פענסטערל
און ווארט אויף דיינס א בריוו.

דער אלטער גראָער פאָטשטיליאָן
גייט יעדן טאָג פארביי.
ער שאָקלט מיטן קאָפּ אויף "ניין"
און טרויעריק ווערט דער מאי.

דער אלטער גראָער פאַטשטיליאָן
גייט פון טיר צו טיר,
פאר יעדער טיר א בריוועלע
נאָר גאָרנישט נישט פאר מיר.

כ'באהאלט זיך אין א ווינקל שטיל
ווייט פון גאָט און לייט,

און פיל ווי עפּיס רייסט זיך אָפּ
און וויאַנעט פאַר דער צייט.

ס׳איז נישט קיין ליליע, נישט קיין רויז
און נישט קיין אַנדער בלום —
ס׳איז נאָר אַ ליבע אָפּגענאַרט
וואָס ווײַנט אין ווינקל שטום.

מיר זײַנען געגאַנגען איבערן פעלד
און איבערן גרינעם גראָז,
דו האָסט מיר געגעבן אַ פינגערל
און אַ שאַליקל אַ בלאָ׳ס.

דאָס פינגערל ליגט אין מײַן קופערטל,
און דאָס שאַליקל אין מײַן שאַנק —
כ׳האָב געמיינט אַז די ליבע איז אַ טויב
און צום סוף איז זי אַ שלאַנג.

## פאַרכישופט

רבותי, לאַכטס נישט אָפּ פון כישוף,
גאָט זאָל אײַך באַהיטן —
כ׳האָב געלאַכט ווי איר, און פרעגט נישט
וואָס איך האָב געליטן.

דאַכט זיך וואָס און ווער — אַ מיידל
דאַכט זיך וואָס? — צוויי שוואַרצע אויגן,
און דערצו אַ נאַריש לידל
פון אַ פאַווע וואָס געפלויגן.

און דאָ רבותי ליגט דער כישוף,
ווײַ צו מײַנע יאָרן,
ס׳איז מײַן האַרץ — אַ רויז צעפלאַטערט
און די ליבשאַפט איז דער דאָרן.

כ׳רעדט צום ווינט ווי אַ מטורף:
— ווינט דו גוטער, חבר ליבער,
נעם מײַן זיפץ, מײַן גרוס מײַן בענקשאַפט
נעם און טראָג עס איר אַריבער״

נאָר דער ווינט, דער האָלעדריזניק
זאָגט: "איך בין דיר נישט קיין שמש
ער לעגט דעם פינגער צו צום שטערן:
— ברודערל, ס'איז דאכט זיך תמוז."

ער הייבט די פיס און "הולך מרדכי" —
כ'הער אים רוישן אין די גראָזן;
כ'הער אים פלאפלען צווישןביימער
יאָגן זיך נאָך קליינע האָזן.

כ'הייב דעם קאָפּ ארויף צום הימל
און זע — די זילבערנע מאטראָנע
אויף איר אלטן נאכט־שפּאציר —
פארנוויג איך זיך, און זאָג: "לבנה,

כ'בין פארכישופט מיט א כישוף
און כ'קען זיך נישט קיין אָרט געפינען,
ערשט נעכטן נאָך — געווען מיושב
און היינט בין איך אראָפּ פון זינען.

ס'איז א מעשה מיט א מיידל,
ס'איז א מעשה מיט צוויי אויגן
און דערצו א נאריש לידל
פון א פּאווע וואָס געפלויגן."

נאָר די פריצה זילבערט ווייטער
צווישן טויזנט קליינע שטערן.
און זי לאָזט מיך מיט מיין כישוף
אנגסטן, טרויערן און טרערן.

רבותי לאכטס נישט אָפּ פון כישוף
גאָט זאָל אייך באהיטן —
כ'האָב געלאכט ווי איר, און פרעגט נישט
וואָס איך האָב געליטן.

## ליבשאפט

מיט איי ליו ליו און איי ליו ליו
קען מען אַ קינד פאַרוויגן,
נאָר ווער ס'האָט באמת ליב
געפינט אן אייגענעם ניגן:

״שוואַלבן זיינען שיין און פ׳ ׳
נאָר שענער פון זיי אַלע
איז דאָס מיידל פון נישט הי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי דער קארשנבוים אין בל׳י
חנ׳ט אריבער אלע —
אזוי חנ׳ט אריבער זי,
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי א פרילינג אינדערפרי
רויטלט זיך פאר אלע—
אזוי שעמעוודיק איז זי
וואָס וועט זיין מיין כלה.

ווי די טויב אין אָוונט־גלי
הייליקט איבער אלע,
אזוי צנועה׳דיק איז זי
וואָס וועט זיין מיין כלה.״

זינגט די ליבע א געזאנג,
ווארט זי אויף א ווידער־קלאנג
ווארט און ווארט...
יאָ געענטפערט? נישט געענטפערט?
און ס׳ציטערט שוין א טרער..
פלוצים, הער!

״נישט קיין ריטער נישט קיין פרינץ
איז ער מיין באשערטער.
רוף איך אים ביים נאָמען שטיל
פונדערווייטנס—הערט ער.

איך קען אייך זאָגן אקוראט
וואָס ער פילט, וואָס קלערט ער,
ווייל ס׳רעדט זיין הארץ צו מיר
פשוט און אָן ווערטער.

פאלט אין מיין חלום שטיל א טרער,
ווייס איך — א פארטרערטער
קושט א שמעטערלינג זיין רויז
וואָס עפנט זיך: באגערטער!״

וואָס איך שווייג און זאָג נישט אויס
פילט ער, און דערהערט ער —
איך בין אין גערטנדל די רויז
און ער איז — מיין באַשערטער."

מיט איי ליו ליו און איי ליו ליו
קען מען אַ קינד פאַרוויגן,
נאָר ווער ס'האָט באמת ליב
געפינט אַן אייגענעם ניגון.

## לילית און פרץ'ס מאָניש

לילית שטייט פאַרן שפּיגל,
און צעקעמט אירע בלאָנדע האָר.
איר נאַקעטער קערפּער ליכטיקט
אַ חלום אויף דער וואָר.

מאָניש ליגט אויף דער סאָפע
און רויכערט אַ סיגאַרעט.
אַנטקעגן איבער ציכטיקט
און תאווה'עט לילית'ס בעט.

לילית זינגט: די ליבע
פרילינגט ווי אַלע מאָל.
אַ שניי־בלום אין די בערג
אַ ווילדע רויז אין טאָל.

די שניי־בלום און די רויז
זיי זיינען פון גאָט אַ פּאָר
אַ זיווג מן השמים
פאַרשדכנ'ט אין מיינע האָר."

טראַכט מאָניש: אַזויפיל שיינקייט
און אַזאַ שלעכטער שם,
דערפאַר ווייל נישט נאָר דעם עלוי
נאָר אַפילו דעם סמך מ"ם

נעמט אַרום איר ליבשאַפט
וואָס איז אַי שיין, אַי גרויס.

אי צנועה'דיק אי זינדיק,
א שניי בלום און א רויז."

לילית זינגט: "די ליבע
זומערט דורך דער וועלט
אן אדלער אין די הויכן,
א קאָרנבלום אין פעלד.

א מיל־טייך אין א דערפל
וואָס חלומט פון א ים —
א וואָרט א קליינס, עניותדיק
וואָס ציט זיך צו א גראַם.

א לילית און א מאָניש,
א פאלאַץ און א קלויז,
צוויי גופן און איין פייער
א שניי בלום און א רויז.

## קינדער־יאָרן

לאָמיר גיין קיין ווערבעזש
(ווער ס'וויל מעג פאָרן)
דאָרטן שפּילן זיך ביים פּרוט
אונזערע קינדער־יאָרן.

קליינע יידישע ייִנגלעך
באָרוועס און אָפּגעריסן,
זיי פייפן ווי די פייגל
און ווילן פון גאָרניט וויסן.

זיי רייטן אויף די ציגן
וואָס שפּרינגען אום אין פעלד.
זיי שרייען "העשטאָ!" "וויאָ"
און פאָרן אויס א וועלט.

לאָמיר גיין קיין ווערבעזש
(ווער ס'וויל מעג פאָרן)
דאָרטן שפּילן זיך ביים פּרוט
אונזערע קינדער־יאָרן.

קליינע יידישע ייִנגלעך
אין צעריסענע קאשקעטן —
זיי רעדן אַלע מיטן גראַם
ווי אמת'ע פּאָעטן:

"שיר המעלות פרעג קיין שאלות
מאָרגן וועסטו זאָרגן
דלות, נעם פאַרזעץ דעם טלית
וועסטו פאַרשפּאָרן באָרגן."

זיי לעגן זיך אוועק אין גראָז
(מיינט נישט אַז ס'איז שרעקלעך)
און ווייזן פאַר דער פריצה־זון
אַלע זייערע שמעקלעך.

לאָמיר גיין קיין ווערבעזש
(ווער ס'וויל מעג פאָרן)
דאָרטן שפּילן זיך ביים פּרוט
אונזערע קינדער־יאָרן.

קליינע יידישע ייִנגלעך
באָרוועס און אָפּגעריסן
זיי לאָזן מיך און לאָזן דיך
אַלע הארציק גריסן.

## נטע'ס שלאָפליד

איך זינג מיר אליין א שלאָפליד:
"שלאָף, שלאָף, דו איינזאַמער מאַן,
דיין גורל האָט דיך באגראָבן
אין ווייטן אוזבעקיסטאַן.

דער ווינט וויגט שטיל דיין קבר
— שלאָף נטע שלאָף ליו ליו,
מיט צוגעמאַכטע אויגן
ווערט ליכטיקער לויטער די רו.

הער דאָס רוישן פון ווילד־גראָז
פון די ווילדע בלומען אין פעלד,

און צאָרן נישט וואָס דיין קבר
האָט פאַר דיר די שטערן פאַרשטעלט.

די שטערן, די זילבער־ממזרים
האָבן מיליאָנען אָפּגענאַרט
וואָס האָבן מיט גלויביקע אויגן
אויף משיח בן דוד געוואַרט.

העכער דאָס געשריי פון די שפּאַרבערס
וואָס פליגלען איבער דער ערד,
מיט שאַרפע בלוטיקע שנאָבלען,
ס׳איז גאָרנישט פאַר זיי פאַרווערט.

טאָ דאַנק דער ערד וואָס באַהאַלט דיך
אין איר טיפן געטרייען שויס. —
זי האָט דיר געשטעלט אַ מצבה
אַ זונבלום און אַ רויז.

די מצבה וועט בליען און וויאַנען
און וועט בליען פון דאָס ניי —
דער אָקטאָבער וועט זי פאַרלעשן
און אָנצינדן וועט זי דער מאַי.

און אפשר וועט נאָך דיין ברודער
פאַרוואָגלען אהער זיינע טריט
און אוועקלעגן אויף דיין קבר
דיין חלום — אַן אייביק ליד.

אפשר? דערווייל וואָגלען די וואָלקנס
זייער אַלטן אייביקן וועג —
פיגורן, פלאַנצן, כימערעס,
ביזן סוף פון אַלע טעג.

איך זינג מיר אַליין דאָס שלאָפליד:
שלאָף, שלאָף, דו איינזאַמער מאַן,
דיין גורל האָט דיך באַגראָבן
אין ווייטן אוזבעקיסטאַן״.

## שפּראַכן (*

די קליינע פייגל אויפן דאך
גיבן אָפּ צו גאָט א שבח —
טשיריק, טשיריק — איז זייער שפּראך.

די גרינע זשאַבעס פונעם טייך
גיבן אָפּ צו גאָט א שבח —
קווא קווא קווא — אין זייער שפּראך.

איך לייען יהואש׳עס תנ״ך
און גיב צו גאָט ברוך הוא א שבח
אין מאמע־לשון — אונזער שפּראך.

* *
*

---

**פון איציק מאַנגערס אַ בריוו:**

*) ״די דאָזיקע דריי סטראָפעס זענען דאָס איינציגע וואָס דער שניי־דער־געזעלן נטע מאַנגער האָט אָנגעשריבן. זיי געפינען זיך אין אַ בריוו צו מיר נאָכדעם וואָס ער האָט באקומען און געליינט יהואש׳עס תנ״ך אין יידיש.״

א. מ.

# וואָלט וויטמאַן

אידיש מאטעס דייטש

## מורמלעניש פון הימלישן טויט

מורמלעניש פון הימלישן טויט הער איך שעפטשען,
שושקענדיק געשפרעך פון נאַכט, זשוזשענדיקע כאָראַלן,
איידעלע פוסטריט שטייגן־אויף, מיסטישע ווינטלעך מילד און שטיל,
ריזלען פון אומגעזעענע טייכן, צופלוס פון אַ ברויזיקן שטראָם שטענדיק
פליסנדיק,
(צי איז עס דאָס שאלן פון טרערן? די מאָסלאָזע וואסערן פון מענטשישע
טרערן?)

איך קוק, קוק בלויז קעגן הימל, גרויסע וואָלקנמאַסן,
טרויערפול שלעפן זיך פאמעלעכן, שווייגנדיק אָנגעשוואָלן און מישנדיק,
פון צייט צו צייט, מיט אַן האלבטונקעלעם טרויעריקן, ווייטן שטערן.

(עפעס אַ מין געבערן צימאלס, עפעס אַ פייערלעך אומשטערבלעך געבורט,
אויף די גרעניצן אומדורכדרינגלעך פאר די אויגן,
עפעס א זעל שוועבט פארביי.)

## די לעצטע בקשה

צום סאַמע סוף, צערטלעך,
פון די ווענט פונעם מעכטיקן באפעסטונגס הויז,
פון די קייטעלעך, פון די געשטריקטע שלעסער, פונעם אויפהאלט פון די
פארהאקטע טירן,

לאָז מיך זיין פלאטערדיק,
לאָז מיך בליאסקען אומטומלדיק אהינצו,
מיטן שליסל פון שטילקייט שליס אויף די שלעסער — מיט א שעפטשע,
פראל אויף די טירן, א, נשמה.

צערטלעך — זיי ניט אומגעדולדיק,
(שטאַרק איז דיין אָנגריף, א, שטערבלעך לייב,
שטאַרק איז דיין אָנגרייף, א, ליבע.)

## וואַגסטו אַצינד, ווײ, נשמה.

וואגסטו אַצינד, אוי נשמה,
ארויסגיין מיט מיר קעגן דעם אומבאקאנטן געגנד
וואו סיי קיין גרונט פאר די פיס איז ניטאָ און סיי קיין שטעג נאָכצופאלגן?

נישטאָ קיין לאנדקארטע דאָרטן, אויך נישט קיין היטער,
נישטאָ קיין ווידערקול און נישט קיין אָנריר פון מענטשישער האנט,
ניטאָ קיין לעבעדיק פּנים, נישט קיין ליפּן, נישט קיין אויגן זיינען דאָ
אין יענעם לאנד.

איך קאָן עס ניט, אוי נשמה,
דו אויך נישט, אַלץ איז הויל פאר אונז,
אַלץ ווארט פאר אונז אומגעחלומט אין יענעם געגנט, יענע אומצוגענג־
לעכע מדינה.

ביז די פּענטעס ווערן לויז ווערן,
אַלע, אַ חוץ די אייביגע פּעטליס, צייט־און־רוים,
נישט פינסטערניש, גראוויטאציע, חוש, נישט קיין צובונד בינדט אונדז,—
דעמלט גיבן מיר אַ קראך אַרויס, מיר פליען,
צישן צייט און רוים, אָ נשמה, צוגעגרייט פאר זיי,
גלייכפארטיק, אויסגעשטאַט סוף כל סוף, (א, פריידן! א, פרוכט פון אַלץ!)
אייך מקים צו זיין, אָ, נשמה.

## ווען איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם אַקערמאַן אַקערן

ווען איך האָב נאָכגעפאָלגט דעם אקערמאן אַקערן,
צי דעם זייער זייען אויף די פעלדער, צי דעם שניטער קאָסען,
האָב איך דאָרט אויך געזעען, אַך לעבן און טויט, אייער ענלעכקייטן,
(לעבן, לעבן איז דער פארזיי און טויט איז די שניטצייט, טאַקע פּינקטלעך.)

## נאכט אויף די פּרייריס

נאַכט אויף די פּרייריס,
די וועטשערע איז געענדיקט, דאָס פייער אויף דער ערד ברענט נידריק,
די פארמאטערטע אימיגראנטן שלאָפן פארוויקלט אין זייערע קאָלדרעס,
איך שפּאציר אַליין — איך שטיי און קוק אויף די שטערן, וואָס אַט־איצט
טראכט איך, אַז כ'האָב פריער ניט באַגריפן.

איצט זאָפּ איך איין אומשטערבליכקייט און שלוה,
איך באוואונדער דעם טויט און פּרוביר־אויס הבטחות.

ווי עשירותדיק! ווי רוחניותדיק! ווי סך־הכלדיק!
דער זעלבער אלטער מענטש און נשמה, די זעלבע השגות און דער
זעלבער תוכן.

איך האָב געטראַכט, דער טאָג איז דער העכסטגלענצענדער ביז כ׳האָב
דערבליקט וואָס דער ניט־טאָג האָט באַוויזן.

איך האָב געטראַכט ס׳איז גענוג דער כדור־הארץ ביז ארום מיר איז
ארויסגעשפּרונגען טומללאָז אַן א שיער אנדערע וועלטן.

איצט, בשעת, די גרויסאַרטיקע רעיונות איבער רוים און אייביקייט פּילן
מיך אָן, וועל איך זיך גופא מעסטן מיט זיי.
און אצינד, גערירט מיט די לעבנס פון אַנדערע וועלטן אָנגעקומענע אזוי
לאַנגאָניק ווי די פון דער ערד,
אָדער וואַרטן אָנצוקומען צי פאַרבייגעגאַנגען ווייטער ווי די ערד,
אָט איצט וועל איך זיי מערנישט מבטל מאַכן ווי איך בין מבטל מיין
אייגן לעבן,
צי די לעבנס פון דער וועלט וואָס דערגרייכן די שטופּע ווי מיינס אָדער
וואַרטן ערשט צודערגרייכן.

יאָ, איך זע שוין איצט אַז ס׳לעבן קען אלצדינג ניט באַווייזן פאַר מיר
פּונקט ווי דער טאָג קען עס ניט,
איך זע שוין, אַז איך בין עס גאָר דער, וואָס דאַרף וואַרטן, פאַר דעם, וואָס
וועט ערשט באַוויזנווערן פונעם טויט.

## זינגענדיק די געטלעכע וועלטטיילן

1.

זינגענדיק די געטלעכע פיר זייליקייט, פון דעם אחד אַרויס, פאָראויס־
גייענדיק פון די זייטן אַרויס,
פון דעם אלטן און נייעם אַרויס, פון די לחלוטין געטלעכע ארבע פנות
העולם,

קיומדיק, פירזייטיקייט, (אַלע זייטען נויטיקע) פון דער דאָזיקער זייט
בין איך יעהאָווא,

דער אַלטער בראהם בין איך, און איך בין סאטורניוס;
נישט צייט באַווירקט מיך — איך בין צייט, אַלטע, מאָדערנע ווי יעדער,
אומאיבערוווייזבאַר, אומרחמנותדיק, דורכפירנדיק רעכפערטיקע משפּטים,
אַזוי ווי די וועלט, דער ברוינער אַלטער קראָנאָס, מיט געזעצן,
געעלטערט מחוץ החשבון, דאָך תּמיד ניי, אימער מיט יענע מעכטיקע
געזעצן קייקלענדיק,
אומבאַרעמהאַרציק פאַרגיב איך ניט קיין שום מענטש—ווערנאָר חטאימדיק
שטאַרבט — איך וועל האָבן יענעם מענטשס לעבן;
דערפאַר זאָל קיינער ניט דערוואַרטן קיין רחמים — האָט די זמנים, גראַ־
וויטאַציע, די באַשטימטע טעג, רחמים? האָב איך נישט מער,
נאָר אַזוי ווי זמנים און גראַוויטאַציע, און אַזויווי די אַלע באַשטימטע
טעג וואָס זיינען ניט מוחל,
סילוק איך אַזויאַרום משפּטים תּחנונימלאָזע אָן דער מינדסטער חרטה.

.2

טרייסטער סאַמע מילדסטער, די צוגעזאָגטע פאַראויסגייענדיקייט,
מיט איידעלע הענט אויסגעשפּרייטע, דער מעכטיקער גאָט בין איך,
פאַראויסגעזאָגט פון פּראָפעטן און פּאָעטן אין זייער סאַמע באַגייסטערטע
נביאות און פּאָעמען,
פון אָט דער זייט, גאָט! דער האַר קריסטוס שטוינט — גאָט! הערמעס בין
איך — גאָט! מיינס איז הערקולעס, פּנים,
גאָר די רחמים, פּראַצע, יסורים, איך, פאַרצייכן עס, זאַפּ איין אין זיך,
פילמאָל בין איך צוריקגעוויזנגעוואָרן, פאַרחוזקט, אין תּפיסה געוואָרפן,
און געקרייציקט, און וועל פילמאָל ווידער זיין,
די גאַנצע וועלט האָב איך אָפּגעגעבן פאַר מיינע טייערע ברידער׳ס און
שוועסטער׳ס וועגן, פאַר דער נשמה׳ס וועגן,
ריכטנדיק מיין וועג דורך היימען פון מענטשן, רייך צי אָרים, מיט דער
זעלבער בנשיקה,
ווייל איך בין צוגעלאָזט, איך בין דער גאָט פון שמחה, מיט האָפענונג
און גאָר די אַלאיינגעשלאָסענע צדקה,
מיט נאָכגיביקע רייד ווי צו קינדער, מיט פרישע און זינלעכע רייד,
מיינע בלויז,
יונג און שטאַרק איך גיי פאַרביי וויסנדיק וואויל אז כ׳בין שיקזאַלדיק
אַליין צו אַ פריצייטיקן טויט,
אָבער מיין צדקה האָט ניט קיין טויט — מיין חכמה שטאַרבט ניט, נישט
פרי און נישט שפּעט,
און מיין מתיקותדיקע ליבע איבערגעענטפערט בצוואה דאָ און ערגעץ
אַנדערש שטאַרבט קיינמאָל ניט.

## 3

פונוויטן, אומצופרידן, פלאַנירנדיק מרידה,
חבר פון פאַרברעכנס, ברודער פון קנעכט,
כיטרע, פאַראַכטעט, אַ מרוק, אומוויסנדער,
מיט אַ סודראָ־פנים און מידע ברעמען, שוואַרץ נאָר אין דער טיפעניש
פון מיין האַרץ, שטאָלץ ווי יעדער,
דערהויבן איצט און תמיד קעגן וווערנאָר ס'האָט בדעה פאַראַכטנדיק מיך
צובאַהערשן,
מרה־שחורהדיק, פול מיט באַטראַג, פול מיט זכרונות, פרוכפערדיק, מיט
פילע שפיצלעך,
(כאָטש סע האָט זיך אויסגעדוכט אַז איך בין אַ געגאַרניק און צעשטרייעט,
און מיינע שפיצלעך, אָפגעטון, נאָר דאָסדאָזיקע וועט קיינמאָל ניט
זיין,)
רוגזהדיק, איך שטן, לעב נאָך, מורקע נאָך אַלץ רייד, אין נייע מקומות
געהעריק דערשיינענדיק, (און אין אַלטע אויך,)
באַשטענדיק פון מיין זייט אָט־דאָ, קריגעריש, צוגלייך מיט יעדער,
ממשותדיק ווי יעדער,
נישט צייט נישט טוישונג זאָל אַמאָל משנה זיין מיך אָדער מיינע רייד.

## 4

סאַנטאַ ספּיריטאַ, רוח חיים, לעבן,
הינטער דער ליכט, ליכטיקער ווי ליכט,
הינטער די פלאַמען פון גהינום, מלא שמחה, היפּנדיק גרינג איבערן גהינום,
הינטערן גן עדן, פאַרפומירט לחלוטין מיט מיינע אייגענע בשמים,
איינשליסנדיק גאָר דאָס לעבן אויף דער וועלט, אָנרירנדיק בתוכם גאָט,
איינשליסנדיק משיח און שטן,
הימליש, דורכדרינגענדיק אַלץ, (ווייל אָן מיר וואָס וואָלט אַלץ געווען?
וואָס וואָלט געווען גאָט?)
קערנדיקייט פון געשטאַלטן, לעבן פון די ממשותדיקע ענלעכקייטן, תמידיק,
פאָזיטיוו, (געמלעך דער אומגעזעענער),
לעבן פונעם אומגעהויערן כדור האָרץ, די זון און די שטערן, און פון
מענטש, איך, די אַלגעמיינע זעל,
אָט־דאָ די קוואַדראַטנע פאַרגאַנצקייט, דאָס ממשותדיקע, איך דאָס סאַמע
קיומדיקסטע,
אָטעמדיק מיין אָטעם אויך דורך די דאָזיקע לידער.

## צו איינעם וואָס האַלט באַם שטאַרבן

פון אַלע אַנדערע האָב איך דיך אויסגעאיינציקט, האָבנדיק אַ שליחות
צו דיר,
דו דאַרפסט שטאַרבן—זאָלן אַנדערע זאָגן וואָס זיי געפעלט, איך קען ניט
פאַרבייגן דעם אמת,
איך בין פּינקטלעך און אומרחמנותדיק, כאָטש איך ליב דיך—ניטאָ
קיין אַנטרונונג פאַר דיר.

צאַרט לייג איך מיין רעכטע האַנט אויף דיר, דו פילסט זי בלויז,
איך אַמפּער זיך ניט, איך בויג מיין קאָפּ נאָענט און האַלב איינגעהילט,
איך זיץ שטיל לאַנעבן, איך בלייב געטריי,
איך בין מער ווי אַ קראַנקשוועסטער, מער ווי עלטערן אָדער שכן,
איך בין דיר מתּיר פון אַלץ אַ חוץ דיין זעלבסט-גייסטלעך-קערפּערדיקייט,
אָט דאָס איז אייביק, דו אַליין וועסט געוויס נעלם ווערן,
די לייכע וואָס דו וועסט איבערלאָזן וועט זיין הוילע עקסקרעמענטיש.

די זון רייסט זיך דורך אין ניטגעזוכטע ריכטונגען,
שטאַרקע מחשבות פילן דיך אָן און צוטרוי, דו שמייכלסט,
דו פאַרגעסט אַז דו ביסט קראַנק, ווי איך פאַרגעס אַז דו ביסט קראַנק,
זעסט ניט די מעדיקאַמענטן, דיך אַרט ניט, די וויינענדיקע פריינט, איך
בין מיט דיר,
איך שליס אויס אַנדערע פון דיר, ס'איז גאָרנישטאָ וואָס צו זיין מיטליידיק,
איך האָב ניט קיין מיטליידן, איך גראַטולירן דיר.

## אַ טומלדלאָזע געדולדיקע שפין

אַ טומלדלאָז, געדולדיקע שפּין,
איך האָב אָנגעמערקט וואו אויף אַ פאָרבערגל איז זי געשטאַנען
אָפּגעזונדערט,
באַצייכנט ווי אויסצופאָרשן דעם פוסטן אַרום,
זי האָט אַרויסגעלאָזט שפּינפעדים, שפּינפעדים, פילאַמענט פון זיך אַליין
אַרויס,

שטענדיק אָפּגעוויקלט זיי, שטענדיק מידלאָז יאָגנדיק זיי.

און דו, מיין זעל, וואו דו שטייסט,
אַרומגערינגלט, אָפּגעטיילט, אין אומגעמאָסטענע ימען פון אָרט,
אומאויפהערלעך דיכטנדיק, ריזיקירנדיק, וואַרפנדיק, זוכנדיק די ספערן
צו באַהעפטן זיי,

ביזן בריק וואָס דו ווערסט האָבן געדאַרפט אויפבויען, ביז דער ציטערדיקער
אַנקער האַלט אָן,
ביז די פליענדיקע זומערפעדים וואָס צעשליידערסט וועלן אָנכאַפּן ערגיץ,
אָ נשמה מיינע.

## זינקזאַמד יאָרן

זינקזאַמד יאָרן וואָס ווירבלען מיך ניט־וויסנדיק וואוהין,
אייערע פּאַרטייען, פּאָליטיקעס, דורכפאַלן, ליניען, גיבן זיך אונטער,
ממשותדיקייטן חוזקן און מיידן מיך אויס,

בלויז די טעמע זינג איך, די אומגעהויער שטאַרק־באַהערשטע זעל
מיידט ניט אויס.

די איכשאַפט טאָר מען קיינמאָל ניט אויפגעבן—ס'איז דער ענדלעכסטער
קערן—דאָס דאָזיקע פון אַלע אַלצן איז דאָס זיכערסטע.

פון אַלע פּאָליטיקעס, נצחונות, שטרייטן; לעבן, באַם סאַמע סוף,
וואָס פּאָרט בלייבט?
ווען די שפּילן הערן אויף, איז וואָס? סיידן, נאָר אייגענע איכשאַפט
איז זיכער?

## אַזוי ווי אין אימה וואָלט מיך געגלעט

אזוי ווי אין אימה וואָלט מיך געגלעט,
כ'האָב געטראַכט כ'בין ניט אַליין שפּאַצירנדיק דאָ לעם וואַסערברעג,
נאָר יענער האָב איך געטראַכט איז געווען מיט מיר ווי איצט איך
בשעת מיין שפּאַצירן, איינעם וואָס איך האָב געליבט בעת ער
האָט מיך געגלעט.
ווען איך בויג זיך צו און קוק דורך דער בליאסקעדיקער ליכט איז יענער
געענצלעך נעלם געוואָרן
און סע דערשיינען די וואָס זיינען מיר העסלעך און פאַרחוזקן מיך.

## אָ, שטענדיק לעבן, תמידיק שטאַרבן

אָ, שטענדיק לעבן, תמידיק שטאַרבן,
אוי, די לויות מיינע פון עבר און קעגנוואַרט,
ווי, בעת איך בלאָנקע פּאַראויס גשמיותדיק, דורכזיכטיק, הערשעריש
ווי תמיד,

ווי מיר, וואָס איך בין געווען יאָרנלאַנג ז׳איצט טויט. (כ׳קלאָגניט, כ׳בין קאנטענטנע)
אָ, זיך לויזמאַכן פון אַלע מיינע לייבעס וועלכע איך קער אום און באַטראַכט זיי בשעתן אַראָפּוואַרפן,
כדי אָנצוגיין, (אַ, לעבן! שטענדיק לעבן!) און לאָזן די מתים אַהינטער.

## פאַריחושט און שטרויכלדיק

פאַר׳חושט און שטרויכלדיק,
די ווערטער די מתים שרייב איך,
ווייל לעבעדיק זיינען די טויטע,
טאַקע דאָס איינציקע לעבעדיקע, די איינציקע ממשות,
און איך די מעשה נורא, איך דאָס געשפּענסט.

## שוין, שוין, איר נידערגעשלאָגענע שטונדן

שוין, שוין, איר נידערגעשלאָגענע שטונדן, איך קען אייך אויך,
בלייענע לאַסט, ווי איר באַשווערט און האַמעוועט מיינע קנעכל.
די ערד צו אַ טרויער־שטוב אומגעוואַנדלט—כ׳הער די גאוהדיק־שפּאָטישע שטים;
מאַטעריע איז זיגער—מאַטעריע, נצחונדיק בלויז, כסדר אינפּאַראַויס.
יאושדיקע קולות פליסן אומענדלעך קעגן מיר,
דער רוף פון מיין נאָענטסטן געליבטן, רוקט זיך אָן אלאַרמירנדיק, אומבאַשטימט;
דעם ים וואָס איך דאַרף באַלד רייזן, ווייזט מיר אָן,
קום, זאָג מיר, וואו יאָג איך זיך? ווייזט מיר מיין ענדציל?

איך פאַרשטיי דיין אַנגסט, נאָר איך קען דיר ניט העלפן,
איך דערנענען, האַרך, פאַרנעם דיין טרויעריק מויל, דיין בליק, דיין פאַרבאָרגן פאַרשן.
וואוהין גיי איך פון מיין ערדישן געלעגער, קום, זאָג מיר:
אַלטקייט, אַלאַרמירנדיק, אומבאַשטימט—אַ יונג פרויאיש קול אַפּעלירט צו מיר נאָך באַקוועמקייט,
אַ יונג מאַנצבילש קול: זאָל איך ניט אַנטרונען?

## יענע מוזיק איז שטענדיק אַרום מיר

יענע מוזיק איז שטענדיק אַרום מיר, אומאויפהערדיק, אומערשטיק,
דאָך האָב איך זי אומגעדאַכט ניט געהערט,

נאָר איצט הער איך דעם כאָר און בין דערהויבן,
אַ שטאַרקער טענאָר, שטייגנדיק מיט קראַפט און געזונטקייט, מיט
חדוהדיקע טענער פון אַ באַגינען, הער איך,
אַ סאָפּראַנאָ אין צווישנוואַל זעגלט מיט בטחון איבער די פלאַכן פון
אומגעהויערע כוואַליעס,
אַ דורכזיכטיקער באַס ציטערנדיק מתיקותדיק אונטער און דורך דעם
אוניווערס,
די טריאומפירנדיקע טוטי, די לויה־געיאָמערס מיט זיסע פלייטן און
פידלען, מיט אָט די אַלע פיל איך זיך אָן,
כ'הער ניט דאָס פאַנאַנדערוואַקסן פון קלאַנג בלויז, איך בין גערירט פון
די אין־לשערדיקע מיינען.
איך הער צו די פאַרשיידענע שטימען וואָס וויקלען זיך איין־און־אויס,
שטרייטנדיק,
שטרעבנדיק, מיט פייערדיקע גוואַלטיקייט צו איבערשטייגן יעדן איינעם
אין עמאָציע,
איך טראַכט ניט צי די שפּילער זיינען באַקאַנט—אָבער איך טראַכט איצט
אַז איך הייב זיי אָן צופאַרשטיין.

## הבטחות

איך דאַרף ניט קיין הבטחות, כ'בין אַ מענטש וואָס איז פּרעאָקופּירט פון
זיין אייגענער נשמה;
איך צווייפל ניט אַז פון הינטער די פיס און צווישן די הענט און פּנים
וואָס בין דערקענטיקט שוין זיינען איצט פאַראַן סטאַרטשענדיקע
פּנימער וואָס איך בין אומדערקענטיקט גאָר, רואיקע אוןווירקלעכע
פּנימער,

איך צווייפל ניט, נאָר דער מאַיעסטעט און די שיינקייט פון דער וועלט
זיינען געהיים אין יעדן שמץ פון דער וועלט.
איך צווייפל ניט אַז איך בין גרענעצלאָז, און די אוניווערזן זיינען
גרענעצלאָז, זינלאָז, פּרובירט איך טראַכטן וויאַזוי גרענעצלאָז,
איך צווייפל ניט אַז די אָרביטעס און די סיסטעמען פון אָרביטעס שפּילן
זייער געשווינדע ספּאָרטישקייטן דורך דער לופט מיט באַצוועקטקייט,
און אַז איך זאָל אין אַ שיינעם טאָג אַמאָל זיין באַרעכטיקט צו טאָן
אַזויפיל ווי זיי און מער ווי זיי.
איך צווייפל ניט אַז צייטווייליקע געשעענישן האַלטן אָן־און־אָן מיליאָנען
יאָרן,
איך צווייפל ניט אַז הינטערגרונטן האָבן זייערע הינטערגרונטן, און
אויסערדיקייטן האָבן זייערע אויסערדיקייטן, און די ראיה האָט נאָך
אַ ראיה, און דאָס געהער נאָך אַ געהער און דאָס קול האָט נאָך אַ קול,

איך צווייפל ניט אַז די לײדנשאַפטלעך־אויסגעוויינטע טויטן פון יונגעלייט,
זיינען פאַרזאָרגט שוין, און די טויטן פון יונגע פרויען און די טויטן
פון קינדערלעך זיינען פאַרזאָרגט שוין,
(האָסטו געטראַכט אַז דאָס לעבן איז אַזוי וואויל פאַרזאָרגט שוין, און טויט,
דער תוכן פונעם גאַנצן לעבן, איז ניט גענוג פאַרזאָרגט דען?)
איך צווייפל ניט אַז צוזאַמענשטויסן אויפן ים, אומאונטערשייד וואָס זייערע
גרוילן זיינען, ס׳מאַכט ניט ווֶעמענס ווייב, קינד, פאָטער, געליבטער,
זיינען פאַרביי, זיינען דען פאַרזאָרגט שוין, צו די פינקטלעכע רגעס?
איך צווייפל ניט אַז וואָס עס קען ערגיץ עפּעס געשעען, צו יעדער צייט,
איז פאַרזאָרגט שוין אין דער אייגנטימלעכקייט פון זאַכן,
איך טראַכט ניט אַז לעבן זאָרגט שוין פאַר אַלעמען און פאַר צייט און רוים,
אָבער איך גלויב אַז הימלישער טויט זאָרגט שוין פאַר אַלעמען.

## וואָס פאַר אַ שיף איז פאַרווירט אויפן ים

וואָס פאַר אַ שיף איז פאַרווירט אויפן ים קלערנדיק פון דער ריכטיקער
אויסרעכענונג,
אָדער אַריינקומענדיק אויסצומיידן די שטאַנגען און נאָכפאָלגן דעם קאַנאַל
וואָס אַ פולקאָמענעם פּילאָט איז נויטיק?
אַהערצו, מאַטראָז! אַהערצו, שיף! נעם אַריבער דעם סאַמע פולקאָמענדיקן
פּילאָט,
ווֶעמען, אין א קליין שיפל, לאָזט זיך אוועק רודערנדיק; איך, באגריסנדיק
דיך, באַט־אָן.

## פון אים וואָס איך ליב טאָג און נאַכט

פון אים וואָס איך ליב טאָג און נאַכט האָב איך געחלומט, געהערט ער
איז טויט,
און כ׳האָב געחלומט איך בין געגאַנגען אוואו זיי האָבן באַערדיקט אים וואָס
איך ליב, אָבער ער איז ניט געווען אין יענעם פּלאַץ,
און כ׳האָב געחלומט כ׳האָב געוואַנדערט זוכנדיק צווישן די בית עלמינס
צו געפינען אים,
און כ׳האָב אויסגעפונען אַז יעדער אָרט איז געווען אַ בית עלמין,
די הייזער פול מיט לעבן זיינען גלייך געווען פול מיט טויט, (איצט
איז אָט דאָס הויז)
די גאַסן, די עקספּעדירונג, די אַמוזיר הייזער, שיקאַגע, באָסטאָן,
פילאַדעלפיע, דער מאנהעטן זיינען געווען אזויפיל מיט טויטע ווי
מיט לעבעדיקע,
און פאַרפול, אַ אומגעהויער פאַרפולטער פון די טויטע ווי פון די לעבעדיקע,

און וואָס איך האָב געחלומט וועל איך אָט דאָ דערציילן צו יעדן פּערזאָן
און עלטער,
און איך שטיי דאַרטנדיק צוגעבונדן צו דעם געחלומטן,
און איצט בין איך גערן צו גרייגשעצן בית עלמינס און אויסטיילן זיי,
און אויב די אָנדענקונגען פאַר די טויטע וואָלטן אויפגעשטעלט ווערן
גלייכגילטיג אומעטום, אפילו אין צימער וואו איך עס און שלאָף,
וואָלט איך זיין צופרידן,
און אויב די לייכע פון עמיצן וואָס איך ליב, צי אפילו מיין אייגענע לייכע,
זאָל געליפערט ווערן אין שטויב און פאַנאַנדערגעוויייעט ווערן איבערן
ים, דאַרף איך זיין צופרידן,
אָדער אפילו אויב ער זאָל איבערגעענטפערט ווערן צו די ווינטן דאַרף
איך אַלץ זיין צופרידן.

## אַן אפּדאַכט

ווי איך זיץ מיט אנדערע בא א גרויסאַרטיקער פייערונג, פלוצלונג בעת
די מוזיק שפּילט,
אַן אָפּדאַכט, (ווי אַזוי סאיז צו מיר געקומען ווייס איך ניט) געשפּענסטיק אין
נעפּל אַ צוזאַענשטויס אויפן ים,
פון געווייסע שיפן, ווי זיי זיגלען פונעם פּאָרט מיט פליענדיקע שטראַמערס,
און פלאַטערדיקע קושן, און דאָס זיינען די לעצטע פון זיי,
פון דער פייערלעכער און חושכדיקער געהיימניש, מכוחן שיקזאַל פונעם
"פּרעזידענט",
פון די בלומען, פון דער פלאָט־וויסנשאַפט איבער פופציק דורות,
געגרינדעט לעם דרום־מזרח ברעג און ווייטער—פון דער שיף
אַרקטיק וואָס לויפט אַראָפּצו,
פונעם איינגעהילטן מענטשבילד—זיינען פרויען זיך צוזאַמענגעקומען אויפן
דעק, בלאַס, העראָיש, אָפּוואַרטנדיק דעם מאָמענט וואָס
דערנעענטערט צוזאַמען—אָ, דער מאָמענט!
אַן אומגעהויערדיקער זיפץ—אַפּאָר בלעזלעך—דער ווייסער שוים יערט
אויף—און דאַן פאַרשווינדן די פרויען,
פאַרזונקען דאָרט בעת די ליידנשאַפטלאָזע נעץ שטראָמט נאָך—און איך
אָט־איצט דאָס נאָכדענקענדיק, זיינען יענע פרויען טאַקע
אומגעקומען?
ווערן נשמות דערטרונקען און פאַרניכטעט אָט אזוי־אָ?
איז בלויז מאַטעריע זיגרייך?

## אפילו ביי דיינע פּאָרטאַלן אויך טויט

אפילו ביי דיינע פּאָרטאַלן אויך טויט,
אַריבערטרעטן דיין ממשלה, טונקל, אומבאַגרענעצטדיקע גרונטן,

די זכרונות פון מיין מוטער, צו דעם געטלעכן מעלאנזש, מוטערלעכקייט,
צו איר, באַערדיקט און פאַרגעסן, דאָך ניט באַערדיקט, ניט פאַרגעסן
בא מיר,
(איך זע ווידעראַמאָל איר מילד פּנים פריש און אַלץ שיין,
איך זיץ לעם געשטאַלט אינעם ארון,
איך קוש און קוש קאַנוואולסיוו ווידעראַמאָל די זיסע אַלטע ליפּן, די באַקן,
די פאַרמאַכטע אויגן אינעם ארון;)
צו איר, די אידעאַלסטע פרוי, פּראַקטישע, גייסטיקע, פון אַלץ וואָס אויף
דער וועלט, לעבן, ליבע, באַ מיר דאָס העכסטע,
איך קריץ אויס אַן אָנדענק שורה, איידער איך שייד זיך אָפּ, צווישן די
דאָזיקע שורות.

## אצינד פינאלע צו דעם ברעג

אַצינד פינאַלע צו דעם ברעג,
אַצינד, לאַנד־און־לעבן־פינאַלע און זייגעזונט,
אַצינד, רייזנדער, צעשייד זיך, (פיל, פיל איז נאָך פאַר דיר אין
באַהעלטעניש,)
אָפט האָסטו געגנוג אַוואַנטורעוועט איבער די ימען,
פאַרזיכטיק געקרייצט, שטודירנדיק די מאַפּעס,
רעגלמעסיק ווידעראַמאָל צום פּאָרט און האוזער׳ס קנופּ צוריקגעקערט;
נאָר איצט געהאָרך דיין געצערטלטן געהיימן וואונטש,
נעמאַרום דיינע פריינד, לאָז אַלץ אין אָרדענונג,
צום פּאָרט און האוזער׳ס קנופּ קיינמאָלניט צוריקקערן,
צעשייד זיך אויף דיין ענדלאָזן קרייצוג, אַלטער מאַטראָז.

## אַ דורכזיכטיקע מיטנאַכט

דאָס איז דיין שטונדע, א, נשמה, דיין פרייער פלי אינעם אומגערעדטן,
אַוועק פון ביכער, אַוועק פון קונסט, אָפּגעמעקט דעם טאָג, די לעקציע
פאַרענדיקט,
דיך אינגאַנצן אַנטרינען לאָזן, בלחש, שטוינען, נאָכטראַכטנדיק די טעמעס
וואָס דו האָסט ליב אמבעסטן,
נאַכט, שלאָף, טויט און די שטערן.

## פריידִ, שיפּ־חבר, פריידִ!

פריידִ, שיפּ־חבר, פריידִ!
(גערנדיק צו מיין נשמה לעם טויט איך שרייאויס,)

אונדזער לעבן איז פארשלאָסן, אונדזער לעבן פאנגט זיך אָן,
דעם לאַנגן, לאַנגן אַנקערפּלאַץ פאַרלאָזן מיר,
די שיף איז לויטער צו אַלעמלעצט, זי היפּט,
געשווינד יאָגט זי פונעם ברעג,
פרייד, שיף־חבר, פרייד.

## געזאַנג באַם זונפאַרגאַנג

פּראַכט פון געענדיקטן טאָג שפּרודלט און פילט מיך אָן,
פּראָפּעטישע שטונדע, שעה פון חשבון־הנפש,
צעשפּאַרסט מיין האַלדז, דו געטלעכער דורכשניט,
דו, ערד־און־לעבן, ביזן לעצטן שטראַלגלאַנץ זינג איך.

צעעפנט מויל פון מיין זעל שטאַמלט צופרידנקייט,
אויגן פון מיין זעל זעענדיק שלימות,
מיין נאַטוראַל לעבן לויבט געטריי זאַכן
פאַרשטאַרקנדיק אויף שטענדיק דעם זיג פון זאַכן.

מיט התעוררות איז יעדער איינער;
גלענצנד וואָס מיר האָבן אַ נאָמענגעגיבן רוים, ספּערע פון אַנצאָליקע
גייסטער,
גלענצנד די מיסטעריע פון באַוועגונג אין אַלע זאַכן, אַפילו די קלענסטע
אינסעקטן,
גלענצנד די אייגנשאַפט פון ריידן, די חושים, דער גוף,
גלענצנד דאָס פאַרבייגייענדיקע ליכט—גלענצנד די בלאַסע רעפלעקציע
אויף דער באַוויזענער לבנה אויפן מערבדיקן הימל,
חידושדיק וואָס איך דערזע אָדער הער צי באַריר, ביזן לעצטן.

אין אַלץ—כולו טוב,
אין דער צופרידנקייט און זיכערקייט פון חיות,
אינעם יערלעכן צוריקקער פון די זמנים,
אין דער הייטערקייט פון יוגנט,
אין דער קראַפט און מענערישער פאַרבליפּטקייט,
אינעם יראת הכבוד און אויסערגעוויינטלעכקייט פון דער עלטער,
אין דער התרוממות פונעם טויטס אַלייען,

וואונדערלעך זיך צעשיידן,
וואונדערלעך צו זיין דאָ!
דאָס האַרץ, צו פּאָמפּען דאָס אַלצצוגלייכע אומשולדיקע בלוט!
צו אָטעמען די לופט, ווי מחיהדיק!

צו ריידן—שפּאַצירן—אָנכאַפּן עפּעס מיט דער האַנט!
צוגרייטן צום שלאָף, צום בעט, אָנצוקוקן מיין ראָזעווודיק לייב!
צו זיין באַוואוסטזיניק אויף מיין גוף, אַזוי צופרידן, רחבותדיק!
צו זיין דער אומגלויבלעכער גאָט וואָס איך בין!
צו קאָנען האָבן אַוועקגעגאַנגען צווישן אַנדערע געטער, די מענער און
פרויען וואָס איך ליב.

וואונדערלעך ווי איך בין שמחהדיק מיט דיר און מיט זיך!
ווי מיינע מחשבות שפּילן פיין אויף די ספּעקטאַקלען אַרום!
ווי אזוי די וואָלקנס שוועבן שווייגנדיק איבער די קעפּ!
וויאַזוי די ערד גאַלאָפּירט אום־און־אום, און וויאַזוי די זון, די לבנה,
שטערן, גאַלאָפּירן אום און אום!
וויאַזוי דאָס וואַסער שטיפט און זינגט! (פאַרוואָר עס לעבט!)
וויאַזוי די בוימער וואַקסן און שטייען אַרויפצו מיט שטאַרקע שטאַמען
און צווייגן מיט בלעטער!
(פאַרוואָר ס'איז דאָ עפּעס מער אין יעדער בוים, עפּעס אַ לעבעדיקע זעל.)
אָ, התפּעלות פון זאַכן—אפילו דאָס מינדסטע טיילעכל!
אָ, גייסטיקייט פון זאכן!
אָ, שפּור מוזיקאַליש פליסנדיק דורך דורות און קאָנטינענטן, דערגרייכנדיק
איצט מיך און אַמעריקע!
איך נעם דיינע שטאַרקע שנירלעך, צי זיי דורך, און מונטערדיק לאָז זיי
פאַרביי פאָרווערטס.

איך אויך באַזינג די זון, רוף זי אויס באַטאָג אָדער ווי איצט, באַם פאַרגיין,
איך אויך פּויק צו די געהירן און שיינקייט פון דער ערד און פון אַלע
געוויקסן פון דער ערד,
איך אויך האָב געפילט דעם ווידערשטאַנד־רוף פון זיך.

ווען איך האָב זיך אַראָפּגעשיפט ארונטער איבער דער מיסיסיפּי,
ווען איך האָב געוואַנדלט איבער פּריירים,
ווען איך האָב געלעבט, בעת איך האָב געקוקט דורך מיינע אויגנפענצטער,
ווען איך בין אַוועק אינעם פרימאָרגן, ווי איך האָב געזעען דעם שאַרי
אין מזרח,
ווען איך האָב זיך געבאָדן באַם ברעג פונעם מזרחדיקן ים, נאָכאַמאָל באַם
ברעג פונעם מערבדיקן ים,
ווען איך האָב געבלאָנקעט איבער די שיקאַגער גאַסן, איבער וועלכע ניט
איז גאַסן געבלאָנקעט,
צי שטעט אָדער שטילע וועלדער, אָדער אַפילו צווישן די אָנבליקן
פון מלחמה,
וואו נאָר איך בין געווען האָב איך זיך אָנגעשאַרפט מיט קאָנטענטקייט
און נצחון.

איך זינג ביז צום לעצטן די גלייכבאַרעכטיקייט מאָדערנע אָדער אַלטע,
איך זינג די אומענדלעכע פינאַלן פון זאַכן,
איך זאָג, נאַטור זעצטפאַר, רום איז המשכדיק,
איך לויב מיט אַן עלעקטרישער שטים,
ווייל איך זע ניט קיין איין חסרון אינעם אוניווערס,
איך זע ניט קיין איין סיבה אָדער רעזולטאַט קלאָגלעך באם סוף אינעם
אוניווערס.

אוי, פאַרגייענדיקע זון! כאָטש די צייט איז געקומען,
טרעל איך אַלץ אונטער דיר, אויב קיין אַנדערער טוט עס ניט,
אומגעמינערטע פאַרגעטערונג.

## גייסט וואָס האָט באַשאַפן די דאָזיקע סצענע

גייסט וואָס האָט פאָרמירט די דאָזיקע סצענע,
די איבערגעקערטע פעלזן־קופּעס בייזע און רויטע,
די פארוואַרלאָזע הימל־שפּאַרנדיקע בערגשפּיצן,
די גאָרגלדיקע, צעליאַרמט־קלאָרע שטראָמען, די נאַקעטע פרישקייט,
די פאָרמלאָזע ווילדע אָנגעפּרינדערטקייט, צוליב אייגענע סיבות,
איך קען דיך, דו פּרימיטיווער גייסט,—מיר האָבן זיך כולל געווען באַנאַנד,
אויך מיינע אָזוינע ווילדגעקנאָטענע, מחמת זייערע אייגענע סיבות,
איז עס געווען געריכטעט קעגן מיינע נגונים אַז זיי האָבן פאַרגעסן קונסט!
פון זיך אַליין צעצינדן די רעגלען געגנוי און מחיהדיק?
דעם געמאָסטענעם טאַקט פונעם לירקער, דעם טעמפּל'ס אויסגעצאַצקעטע
פּראַכטיקייט—זייל און נישע פאַרגעסן?
נאָר דו—וואָס אַנטפּלעקסט דאָ—גייסט וואָס באַשאַפן האָט די דאָזיקע
סצענע,
אַלץ טוט באָך געדענקען דיך.

## אַז די צייט דערנעענט זיך

אַז די צייט דערנעענט זיך מרה שחורהדיק און טריב,
אַן אומבאַוואוסטע אימה מאַכט מיך וויסט און סומנע,

איך זאָל זיך אַוועקלאָזן,
איך זאָל זיך אביסעלע דורכקרייצן די שטאַטן, נאָר איך קען ניט זאָגן
וואוהין און ווי לאַנג!
אפשר גאָר איך גיכן אין אַ געווויסן טאָג צי נאַכט בעת'ן זינגען וועט מיין
קול פאַרשווינדן?

א, בוך, ווײ, נגונים! מוז אַלץ דערגרייכן צו אַט דעם דאָזיקן גאָר?
מוזן מיר בלויז אָנקומען צו דעם דאָזיקן אָנפאַנג אונדזערן?—און דאָך איז
עס געגוג, א, נשמה,
א, נשמה, מיר זײנען בלי ספק דערשינען—אַט דאָס איז געגוג.

## קאָלאמבוסעס תפילה

אַ צעשלאָגענער, צעבראָכענער זקן,
געשליידערט אויף אַט דעם ווילדן ברעג, ווייט, ווייט פון דער היים,
אײנגעשלאָסן באַם ים און שוואַרצע מרידהדיקע ברעמען,—צוועלף טריבע
חדשים,
ווייטיקדיק, שטייף מיט אַ סך האָראָוואַניעס, שלאָף און קרוב למות,
איך נעם מײן וועג פּאַזע דעם אינדזל׳ס ברעג,
אויפשליסנדיק אַ שווער האַרץ.

איך בין איבערגעפולט מיט ווייען!
מעגלעך אַז איך וועל אפשר מער ניט לעבן ווי נאָך אַ טאָג;
איך קען ניט רוען, גאָט, איך קען ניט עסן אָדער טרינקען צי שלאָפן,
ביז איך וועל זעלבסט אָפּשיקן מיין תפילה, נאָכאַמאָל צו דיר,
נשמת חיים, טובל מיך נאָכאַמאָל אין דיר, בצבורדיק מיט דיר,
איך מעלד זיך נאָכאַמאָל צו דיר.

דיר איז באַקאַנט מיינע אַלע יאָרן, מיין לעבן,
מיין לאַנג געשפּיקעוועט לעבן פון מי און פּראַצע, ניט פאַרגעטערונג בלויז:
דיר איז באקאנט מיינע תפילות און נאכטיק זיין אין מיין יוגנט,
דיר איז באַקאַנט מיין מענלעכע פײערלעכקייט און וויזיאָנערישע
מעדעטאַציעס,
דיר איז באוואוסט וויאַזוי איידער איך האָב אָנגעפאַנגען, איך האָב אַלץ
געווידמעט כדי קומען צו דיר,
דו ווייסט איך האָב אין מיין עלטער באַשטעטיקט אַלע מיינע נדרים און
שטרענג זיי מקים געווען,
דו ווייסט אַז איך האָב סיי דעם בטחון סיי די התלהבות קיין איינמאָל
פאַרלוירן אין דיר.
אין פּענטעס, אין געפענגעניש, אין בזיון, נאָר בישט קיין מקונן;
איך בין מקים אַלצדינג פון דיר, ווי עס קומט געהעריק פון דיר,

אַלע מיינע אונטערנעמונגען זיינען פול געווען מיט דיר,
מיינע ספּעקולאַציעס, פּלענער, אָנגעפאַנגען און דורכגעפירט מיט די
מחשבות פון דיר,
זעגלענדיק די טיפן צי רייזנדיק די יבשה פאר דיר;
כוונות, איינהאַלטן, השגות מיינע, לאָזנדיק די תכליתים צו דיר.

יאָ, איך בין זיכער זיי קומען געוויס פון דיר,
דער דראַנג, דער פאַרלאַנג, דער אומבאַזיגטבאַרער ווילן,
די פּאָטענץ, געאַנט, אינערלעכער באַפעל, שטאַרקער ווי רייד,
אַ שליחות פון די הימלען שעפּטשעט צו מיר אַפילו אין שלאָף,
די דאָזיקע האָבן מיך געיאָגט.

באַ מיר און די דאָזיקע אַרבעטן, לעת־עתה, דערגרייכט,
באַ מיר, ערדישע עלצטע אָנגעזעטיקטקייט און פאַרשטיקטע זעטיקייט
פון באָדן פרייגעלאָזט,
באַ מיר, די העמיספער געגרונדעטע און צוגעבונדן, דאָס אומבאַוואוסטע
צום באַוואוסטן.

דעם סוף ווייס איך ניט, ס'איז אַלץ אין דיר,
צי קליין צי גרויס ווייס איך ניט,—מעגלעך די חיהשע מאָסלאָזע מענטשישע
אונטערגעוואַקסנקייט ווייס איך דוקא יאָ;
איבערגעפלאַנצט וועט אפשר אויפבליען צו דער וואוקס, דערקענטעניש
ראוי פאַר דיר,
אפשר די שווערדן וואָס זיינען מיר באַקאַנט וועלן אדרבה גאָר
אומגעוואַנדלט ווערן צו אַקער־אייזן,
אפשר דער לעבנסלאָזער קרייץ וואָס מיר איז באַקאַנט, אייראָפּאַ'ס טויטער
קרייץ וועט גאָר קנאָספּן און בליען דאָרט.

איין אָנשטרענג נאָך, מיין מזבח, די זאַמדיקע וויסטעניש;
אַז דו, אָ, גאָט, האָסט מיין לעבן באַלויכטן,
מיטן ליכט פונעם נר־תמיד, גראַד, פאַרבאָרגן, באַווייליגט פון דיר,
זעלטענע ליכט, אומדערציילטע, שיינענדיק טאַקע די אייגנטלעכע ליכט,
אויסער אַלע סימנים, באַשרייבונגען, לשונות;
ווייל דאָס, אָ, גאָט, זאָל עס זיין מיין לעצטיק וואָרט, קניענדיק אָט דאָ־אָ?
אַלט, אָרים, און געליימט? איך דאַנק דיר.

מיין גרעניץ־פונקט איז נאָענט,
די וואָלקנס רינגלען מיך שוין אַרום,
די נסיעה אײנגעעקשנט, דעם קורס מפלפל געווען, אָנגעוואָרן,
איך האָב איבערגעגעבן מיינע שיפן אין דיין רשות.

מיינע הענט, מיינע אברים ווערן אָפּגעטעמפּט,
מיינע געהירן זיינען צעשרויפט, צעטומלט,—
זאָלן די אַלטע געהילצן זיך פאַנאַנדערפאַלן,
איך וויל זיך ניט פאַנאַנדערפאַלן,
איך וועל זיך פעסט איינקלאַמערן אין דיר, אָ, גאָט, כאָטש די כוואַליעס
נהרגן מיך,
דיך, דיך באַם סאַמע סוף דערקען איך.

איז עס דעם נביא'ס געדאַנק וואָס איך רייד, צי בין איך חסר־דעה?
וואָס ווייס איך פֿונעם לעבן? וואָס ווייס איך פֿון זיך?
איך ווייס אפֿילו ניט מיין ארבעט פֿון אמאָל צי פֿון איצט,
טונקעלע אימער־וועקסלענדיקע השערות מכח דעם, שפּרייטן זיך פֿאַר מיר,
פֿון נייע, בעסערע וועלטן, זייער מעכטיק געבערן,
חוזקן, מאַכן מיר נשתוממדיק.

און אָט דידאָזיקע זאַכן זע איך פּלוצלינג, וואָס באַדייטן זיי?
אַזויווי עפּעס א נס, עפּעס אַ געטלעכע האַנט האָט אויפגעבלענדט מיינע אויגן,
שאָטנדיקע אומגעהייערע געשטאַלטן לאַכן דורך דער לופֿט און הימל,
און אויף די כוואַליעס אין מהלך, זעגלען אומצאָליקע שיפֿן,
און הימנעס אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן, הער איך, גריסן מיך.

## SO LONG !

צום שלוס, פּראָקלאַמיר איך וואָס סע וועט קומען נאָך מיר.

איך געדענק איך האָב געזאָגט איידער מיינע בלעטער זיינען צום שטאַנד געקומען,
איך וואָלט דערהויבן מיין שטים לופּטיק און קרעפּטיק מיט צייגענישן צום אַלעמבעסטן.

ווען אַמעריקע טוט דאָס וואָס ס'איז צוגעזאָגט,
ווען דורך די שטאַאַטן גייען אום הונדערט מיליאָן אַלהעכסטע מענטשן,
ווען די רעשט טיילט זיך אויף אַלהעכסטע און גיט צושטייער צו זיי,
ווען די אויסגעהאָדעוועטע פֿון די סאַמע פֿולקאָמענסטע מוטערס צייגן־אָן אויף אַמעריקע,
דאַן וואָלט געווען פֿאַר מיר און מייניקע אונדזער שכר עונש.

איך האָב זיך אַרויסגערוקט אויף מיין אייגענעם אופֿן,
איך האָב באַזונגען דעם גוף און נשמה, מלחמה און שלום האָב איך באַזונגען און די נגונים פֿון לעבן און טויט,
און די נגונים פֿון געבורט, און באַוויזן אַז סע זיינען פֿאַראַן פֿילע געבורטן.

איך האָב מיין אופֿן אָנגעבאָטן צו יעדערן, איך האָב געררייזט מיט אַן אָנגעטרויעטן טראָט;
בעת מיין הנאה איז איצט פֿאַרפֿולט מורמל איך אַ זייגעזונט!
איך נעם דער ווייבלס האַנט און דעם יונגנמאַנס האַנט צום לעצטן מאָל.

איך אנאנסיר נאַטירלעכע מענטשן וועלן אויפשטיין,
איך רוף אויס גערעכטפערטיקן יושר,
איך רעקלאַמיר אומקאָמפּראָמיטירטע פֿרייהייט און גלייכהייט,

איך אַנאַנסיר די רעכטפערטיקייט פון ויפריכטיקייט און די
רעכטפערטיקייט פון שטאָלצקייט.

איך בין מודיע אַז די ענלעכקייט פון די דאָזיקע שטאַאַטן איז אַן איינציקע
ענלעכקייט דוקא,

איך רעקלאַמיר דעם אחדות מער און מער אין אַ צוזאַמענקייט,
אומאויפלייזבאַר,
איך רעקלאַמיר פּראַכטן און מאַיעסטעטישקייטן וואָס וועלן מאַכן אַלע
פריערדיקע פּאָליטיקעס, אויף דער ערד, נישטיק.

איך אַנאָנסיר די קליייאיקייט, איך זאָג מען זאָל זיין מאָסלאָז, פריילאָזיק,
איך זאָג איר זאָלט ערשט געפינען דעם פריינט וואָס איר האָט געזוכט.

איך פּאַרקינדיק אַ מאַן אָדער פרוי וואָס דאַרף אָנקומען, אפשר זייט איר
די יעניקע,
איך זאָג אָן דאָס קומען פונעם גרויסאַרטיקן יחיד, פליסיק ווי די נאַטור,
עניוותדיק, ליבלעך, מיטפילנדיק, פּאָלקאָמען אָנגעגורט.

איך זאָג פּאָראויס אַ לעבן וואָס זאָל זיין לרוב, גבורהדיק, גייסטיק, בולט,
איך בין מודיע אַן ענד וואָס זאָל גרינג און פריידיק באגעגענען איר פּירוש.

איך אַנאַנסיר אין־לשער יוגנטלעכע, שיינקייטן, גבורים, זיסבלוטיקע,
איך רעקלאַמיר אַ ראַסע פון גלענצנדיקע און אורטימלעכע זקנים.

נו, דיקער און קרעפטיקער—(סאָ לאַנג!)
אָ, עס רינגלט מיך אַרום צושטאַרק,
אַנגעשפּיקעוועט איז מיין פּאָראויסזען, עס באַדייט מער ווי כ'האָב געדאכט,
מיר שיינט אַז איך שטאַרב.

האַסטיק האַלדז און צעקלינג דאָס לעצטע,
גריס מיך—גריס די טעג נאָכאַמאָל. צעשאַל דעם אַלטן רוף נאָכאַמאָל.

גרילצנדיקע עלעקטריק, די אַטמאָספערע נוצנדיק,
וואַרפנדיקע בליקן, יעדער ווי איך מערק, זאַפּט אַיין,
נאָר אין אַ ווײלע אַרום צעבליצט געשווינד,
טשיקאַווע, אַיינגעוויקלטע נייגעריקע שליחותן אָפּגעשיקט,
אומפינקלדיק הייס, הימלישער זוימען פּאַלט אַרונטער אין קויט,
איך אַליין ניט־וויסנדיק, מיין אַמט געהאָרכן, קיינמאָל ניט געוואָגט צופרעגן
דעם קיין שאלות,
בא תקופות און תקופות, דאָך די שפע פונעם זוימען איבערגעלאָזט,
בא חיילות פון דער מלחמה אַרויס דערוואכנדיק, זיי זיינען די פּרואוון וואָס
איך האָב אָנגעגרייט צופאַרקינדיקן,
צו פרויען, געוויסע מורמלענישן פון מיין זעלבסטקייט צוואהדיק

איבערגעגיבן, זייער צוגעלאָזטקייט מער דייטלעך מיר דערקלערט,
מיינע פּראָבלעמען צו יונגעלייט אָנגעבאָטן—ניט קיין פּוסט־און־פּאַסניק
בין איך—איך, דער מוסקל פון זייערע געהירן מיעגדיק,
נו, פאַרטרייב איך אַביסל צייט וואָקאַלע, דורכזיכטיק,
נאָכאַלעמען אַ מעלאָדישער ווידערקול, ליידנשאַפטיק געגויגט דערצו,
(טויט מאַכט מיך וואָר אומגעשטאָרבן),
דאָס בעסטע פון מיר דאַן, ווען ניט מער געזעען שוין, ווייל קעגן דעם בין
איך געוועזן תמיד צוגעגרייט,
וואָס איז דאָרט מישטיינס געזאָגט מער, וואָס איך צעגער און פּויזע און
קריך אויסגעצויגן מיט אַ פאַרגאַפּט מויל?
איז דען פאַראַן אַן איינציג ענדלעכער זייגעזונט?

מיינע נגונים הערן אויף, איך פאַרלאָז זיי,
פון היגטער דער בלענדעניש וואו איך האָב זיך באַהאַלטן גיי איך פאַראויס
איינציק צו דיר.

חבר, דאָס איז ניט קיין בוך,
ווער עס רירט אָן דאָס דאָזיקע רירט אָן אַ מענטשן,
(איז עס נאַכט? זיינען מיר דאָ באַנאַנד אַליין?)
ס'איז איך וואָס האַלטסט און וועלכער האַלט דיך,
איך שפּרינג אַרויס פון די בלעטער גלייך אין דיינע ארעמס—
תחית המתים שטיי איך אויף.

אָ, ווי דיינע פינגער ציען מיך,
דיין אָטעם פאַלט אויף מיר ווי טוי, דיין דופק פאַרוויגט די פייקלעך פון
מיינע אויערן,
איך פיל ווי איך בין פאַרזונקען פון קאָפּ ביז די פיס,
מחיהדיק, איבערגעגוג.

אַ סוף, נו, אימפּראמטו טאַט און סוד,
אַן עק, נו, זעגלדיקע קעגנוואַרט—געגוג אָ, סך־הכלדיקע פאַרגאַנגענהייט.

טייערער פריינט, ווער דו זאָלסט ניט זיין, נעם דעם קוש,
איך גיב אים ספּעציעל צו דיר, ניט פאַרגעס אָן מיר,
איך פיל ווי איינער וואָס האָט געגוג אָפּגעטאָן פאַרן טאָג און וויל זיך
צוריקציען אַוועלע,
איך בין איצט נאָכאַמאָל מקבל אַ סך פון מיינע פּירושים פון מיין אוואטארן
אָפּשטאָם בעת אַנדערע, בלי ספק דערוואַרטן מיך,
אין אַן אומבאַוואוסטער ספּערע, מער ממשותדיק ווי איך האָב געחלומט,
מער דירעקט, קנאַלן דערוועקן שטראַלן מכוח מיר, זיי געזונט!
סאָ לאָנג !

געדענק מיינע ווערטער, כ'וועל מעגלעך ווידער צוריקקערן,
איך האָב דיך ליב, איך צעשייד זיך פון גשמיותדיקייטן,
איך בין ווי איינער וואָס איז אויפגעלייזט, זיגרייך, געשטאָרבן.

נחמן מייזיל

# ווען דאָס יידישע פּוילן האָט געלעבט און געשאַפֿן

דאָס פּוילישע יידנטום — עס איז אָט־אָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען א לעבעדיקער, צאַפּלדיקער יידישער ישוב פון א דריי מיט א האַלבן מיליאָן נפשות, מיט א פולסירנדיקן יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן און שעפערישן לעבן, מיט יידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, מיט הונדערטער שרייבער, קינסטלער, שוישפילער, מאָלער, מוזיקער, לערער, מיט א פולבלוטיקן פּאָליטישן און ווירטשאַפטלעכן לעבן, — און איצט — חורבות און חורבונות, מאַסן־קברים און יאָמער־טאָלן, צעשטערונגען און פאַרוויסטונגען מאַטעריעלע און גייסטיקע, מיט צענדליקער טויזנטער לעבן־פאַרבליבענע, אויסגעמאַטערטע און אויסגעשעפּטע, און דאָך — מיט אַ פעסטן ווילן און עקשנותדיקן דראַנג אויפצושטעלן די חורבות און ווידער אויפצובויען א יידיש לעבן.

מיר, די צופעליק־אָפּגעראַטעוועטע פון דער מוראדיקער קאַטאַס־טראָפע, מיר, וואָס זענען יאָרן און יאָרן געווען געקניפּט און געבונדן מיט לייב און לעבן מיטן שאַפערישן יידישן לעבן אין פּוילן, קאָנען זיך אַלץ נישט צוגעוואוינען מיטן גרויזאַמען געדאַנק, אז דאָס פּוילישע יידנטום איז אונ־טערגעגאַנגען און אָפּגעווישט געוואָרן אויף אייביק. און עס ווילט זיך אין קיין פאַל נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אַלץ איז פאַרביי, אַז ס'איז דער "נאָך אַלעמען" פונם טייערן, אייגענעם היימישן יידישן קיבוץ.

און נישט נאָר ווילט זיך ווייטער ציען די גאָלדענע קייט פונם דאָר־טיקן יידישן שאַפן, נאָר ס'ווילט זיך אָנהאַלטן ווי ווייט מעגלעך לעבעדיק יענעם גייסט, יענעם אימפּעט, יענעם פּאַטאָס, און טאַקע אים אריבער־פלאַנצן אין די אנדערע לעבן־פאַרבליבענע יידישע ישובים איבער דער וועלט.

איז דאָך דאָס יידישע פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט איין גאַנצער אָרגאַניזם, און אויב אייניקע גלידער, איברים פון דעם פאָלקס־אָרגאַניזם זענען אָפּגעשניטן, אָפּגעהאַקט, דאַרפן די אנדערע, איבעריקע גלידער דערפילן די פונקציעס פון די פעלנדיקע איברים.

ווילט זיך דעריבער ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל דערציילן וועגן

דעם יידישן קולטור־לעבן אין פוילן, מאָלן פארשיידענע מאָמענטן פון דער שאפערישער ענערגיע, וואָס עס האָבן ארויסגעבראכט די יידישע מאסן ביי די סאמע שווערסטע פּאָליטישע, סאָציאַלע און קולטורעלע באדינגונגען אין דעם האלב־פאשיסטישן פוילן.

און נישט בלויז טרויערן אויף אַזאַ גייסטרייך יידיש לעבן, וואָס איז פארשוואונדן, נישט נאָר טרויערן, נאָר טאקע זיך לערנען און אָפּ־לערנען פון יענע טייערע ברידער און שוועסטער, וואָס זענען פארשניטן געוואָרן אין סאמע בלי און וואוקס.

עס איז איצט געוואָרן זעקס יאָר, ווי די דייטשע באנדיטן האָבן באַפאַלן דאָס יידישע שוצלאָזע פוילן. עס איז שוין צוויי מיט אַ האלבן יאָר ווי די דייטשישע מערדער האָבן פארניכטעט און אָפּגעווישט די יידישע געטאָ אין ווארשע און אויסגעמאָרדעט און פארפייניקט כמעט די גאנצע יידישע באפעלקערונג אין פוילן, אָבער עס איז נאָך אלץ שווער צו טראַכטן וועגן דעם גרויסן שאַפערישן יידישן פוילן ווי וועגן א זאך פון דער פאר־גאַנגענהייט, ווי וועגן "אַמאָל איז געווען..."

צופיל איז יעדער איינער פון אונז געווען ארייננגעפלאָכטן אין דעם לעבעדיקן, אקטיוו־שאפערישן יידישן קיבוץ, מען זאָל אים קענען זיך פאָרשטעלן אַ חרובן, א צעשטערטן, א פארוויסטן.

ווייל ווי נאָר מען ברענגט ארויף אויפן געדאנק דאָס וואָרט "יידיש־פוילן" טוט אַ פאַרפלייץ דאָס האַרץ און דעם געדאַנק מיט לעבעדיקע בילדער און באגריפן, מיט טייערע הארציקע מענטשן, מיט גרויסע שטעט, וואָס יעדע פאר זיך איז ווי א לעבעדיק וועזן, מיט וויכטיקע קולטור־שאפערישע און אויך פּערזענלעכע פאסירונגען און איבערלעבענישן פון יאָרן און יאָרן לעבן און שאפן אין פוילן.

און טאַקע פריער פון אַלץ — די יידישע שטעט אין פוילן.

אמאָל האָט דער מערקווירדיקער יידישער מענטש פון פוילן נחום סאָקאָלאָוו געשריבן אין זיינעם אן ארטיקל, אז די יידישע ווארשע איז „א גרויסע מסכתא, אפשר א גאנצער ש"ס מיט פיל מפרשים..." דאָס האָט ער געשריבן פארבייגייענדיק אין א גרעסערער אָפּהאנדלונג וועגן זיין נאָענטן פריינט יצחק לייבוש פּרץ, — אויך א גרויסער יידישער מענטש פון פוילן... אָבער דאָס נעמלעכע — אַז עס איז "אַ גרויסע מסכתא, — אפשר א גאנצער ש"ס מיט פיל מפרשים" קען מען זאָגן, וועגן פיל, פיל שטעט אין דעם רייכן, גייסטרייכן יידישן פוילן. און וואָס איז מיט ווילנע, לאָדזש, קראָקע, לעמבערג, ביאַליסטאָק, גראָדנע, און פיל קלענערע שטעט, וואָס זיינען געציילט געוואָרן אין די הונדערטער? יעדע שטאָט און יעדעס שטעטל אין דעם גרויסן יידישן פוילן איז דאָך אין לויף פון יאָרהונדער־טער געווען אויף דעם אָדער אנדערן געביט פארבונדן מיט דער רייכער יידישער געשיכטע אין פוילן, מיט לייד און פריידן, מיט גרויסע מענטשן, וואָס זיינען מיט דער צייט אויפגעוואקסן אין וויכטיקע פּערזענלעכקייטן, און נאָך מער מיט דער יידישער מאסע, וואָס האָט געבילדעט און אויסגע־

פורעמט דאָס, וואָס מיר רופן אָן דאָס פּוילישע יידנטום. אין פיל שטעטלעך אפשר גרויס ווי א גענעץ, זיינען אויפגעוואקסן און ארויסגעוואקסן גרויסע יידישע גייסטער, — לכתחילה רבנים, עלוים, מחברים, טרעגער פון אלטן יידנטום־גייסט, און מיט דער צייט — די מאָדערנע גייסטער, די שאפער פון דעם מאָדערנעם יידישן גייסט און קולטור. און עס איז צייט צו פארשטיין און צו באגרייפן דעם פשוטן אמת, אז אין דער אויסבילדונג און אין דער אויסקריסטאליזירונג פון אָט די גרויסע יחידים, די גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אָפּגעשטראלט אויף דעם כלל, האָט גענומען אן אנטייל גאָר די יידישע מאסע. גרויסע פערזענלעכקייטן, שאפער, קינסטלער, וואָרט־זאָגער, קונסט־טרוימער וואקסן נישט אויף ערגעץ וואו אין הימלען, — זיי נערן זיך פון דער ערד, זיי ציען יניקה פון פאָלקס־קוואלן. י. ל. פּרץ, שלום אש, ווי די פריערדיקע שלמה עטינגער און ווי די אמאָליקע גרויסע רבנים זיינען געוועזן געוויקסן פון דער יידישער שווארצערד, פרוכטן אויף צווייגן און שטאַמען, וואָס די וואָרצלען זיינען געוועזן טיף אין דער פעטער יידישער ערד.

זאמאָשטש האָט גענוג שאפונגס־ענערגיע פארמאָגט אין משך פון דורות, אויב זי האָט געקענט ארויסגעבן א י. ל. פּרץ, ווי קוטנע האָט אָנגעזאמלט שאפונגס־קולטור פאַר א שלום אש, פּונקט ווי די יידישע ווילנע האָט אויסגעפורעמט פארשיידענע וואָרט־קינסטלער און מאלער, ווי לאָדזש—מוזיקער און דיכטער. דאָס איז א זיכערע זאך, וואָס מען דארף וועגן דעם ריידן גאָר באזונדער, און טאקע נאָכפאָלגן נאָך יעדער באזונדערער שטאָט און זען וואָס זי האָט אין משך פון יאָרהונדערטער צוגעטראָגן צו דעם אלגעמיינעם יידישן פאָלקס־גייסט.

יאָ, שטעט זיינען ווי גייסטרייכע פערזענלעכקייטן. מען קען נישט פארבייטן איין שטאָט אויף דער אנדערער. ווארשע איז געווען נאָענט צו לאָדזש, — מיט דעם עקספּרעס האָט קיין אָנדערהאלבן שעה נישט גענומען צו קומען פון איין שטאָט אין דער אנדערער. אָבער סאַר א גוואַלדיקער אונטערשייד צווישן זיי, און צווישן די יידן פון איין שטאָט און דער אנדערער. דער ווארשעווער פּוילישער ייד איז געווען פון אן אנדער טויג געקנאָטן, און דער לאָדזשער — גאָר פון אן אנדערן. דער ווארשעווער איז געווען מער צעכראסטעטער, מער צעטראָגן, מער ליידנשאפטלעך, מער אימפּעטיק, און דער לאָדזשער — מער צירליך־מאנירלעך, מער געלעגט אכט אויף זיין אויסערלעכן הילוך. דער ווארשעווער האָט קיין צייט נישט געהאַט צו פאַרענדיקן אַלע זילבן פון אַ וואָרט, געווען פאַרשמאַיעט, און דער לאָדזשער — האָט געהאט צייט. און אָט די יידן זיינען געווען אנדערש פון א קראקאָווער ייד, וואָס האָט געהאט אין משך פון יאָרהונדערטער אן אנדער גייסטיקע סביבה, אן אנדער עקאָנאָמיש און פּאָליטיש לעבן. און דער ייד פון מערב־גאליציע איז ווידער געווען גאָר ניט צו פארגלייכן מיט א יידן פון מזרח־גאליציע, פון א לעמבערג, טאַרנאָפּאָל, טארנאָוו, וואָס האָט געהאט גאָר אן אנדער אויסזען, ווייל ער האָט געלעבט לאנגע יאָרהונדערטער מיט אוקראינער. און אנדערש האָט זיך אויספאָרמירט דאָס

יידישע לעבן פון א וואָלינער יידן, וואָס איז געקומען צום נייעם פוילן פון דער רוסלענדישער מדינה, מיט גאָר אַן אנדערן קוק אויפן לעבן. און אוודאי איז געווען פאַרשיידן דער ווילנער ייד, דער בענדינער ייד, און דער ווייסרוסישער א. א. וו.

פאר די לעצטע צוואנציק יאָר — זינט דער גרינדונג פון דעם ״אומאָפּהענגיקן פוילן״, זינט 1919 ביז 1939 — זיינען טאַקע פאָרגעקומען אין דעם יידישן פוילן זייער אינטערעסאנטע פּראָצעסן פון איינלעבן זיך פון אָט די פארשיידענע יידישע קיבוצים, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע צונויפגענומען געוואָרן אינאיינעם. נישט געקוקט אויף די אַלע שטערונגען און פארבאָטן, וואָס די פוילישע מלוכה האָט געשטעלט און געשאפן אויפן וועג פון נאַציאָנאַלן יידישן לעבן אין פוילן, האָט דער געוואלדיקער כוח פון דער לעבעדיקער יידישער מאסע, מיט זייער לעבע־דיקער יידישער שפּראַך, מיט זייער געוואַלדיקן דראַנג צו לעבן און אַיינ־צושטעלן נאָרמאַלע לעבס־באדינגונגען, געשאפן ממש וואונדער.

וואָס איז דאָ פיל צו ברייען? מיר האָבן אין דעם יידישן פוילן איבער די קעפּ פון דער אנטיסעמיטישער און דערנאָך האלב־פאשיסטישער מלוכה געשאפן א רייכן יידישן לעבנס־שטייגער, מיט א גרויסער און לעבעדיקער יידישער פרעסע — א 15 טעגלעכע יידישע צייטונגען — מיט א פארשיידנ־אַרטיקן יידישן רעליגיעזן און וועלטלעכן לעבן, מיט שולן פאר קינדער, חדרים, ישיבות, מיט יידישע טעאטערן, מיט א יידישער ליטעראטור, וואָס האָט געהאט כסדר א נאָכוואוקס און צוואוואוקס פון יידישע שרייבער, שוישפּילער, מוזיקער, לערער מיט א וואונדערלעכער יידישער יוגנט, — די געניסער און געברויכער פון דער וואקסנדיקער און שאפנדיקער יידי־שער קולטור.

לאָמיר נישט פארגעסן, אז די גרעסטע יידישע שטאָט אין פוילן— ווארשע — האָט געהאט קוים א דריטל מיליאָן יידן. דאָס מיינט אַן אכטל אָדער ניינטל, וואָס עס פארמאָגט ניו יאָרק יידן. און אנדערע גרויסע שטעט אין פוילן, וואָס האָבן געהאט טעגלעכע יידישע צייטונגען מיט כמעט א שטענדיקן יידישן טעאטער, מיט גרויסע קולטור־אינסטיטוציעס, האָבן קיין הונדערט טויזנט יידן נישט פארמאָגט. און נאָך א זאך, א גרויסער טייל פון אָט די יידן איז געווען מאטעריעל דערשלאָגן. די פוילישע רע־גירונג האָט דאָך געהאט איין ציל — ארויסצורייסן די פּרנסה, דאָס ברויט פון יידישע מיילער. און דאָך — סאר אַן אינטערעס און סאר א לעבעדיקן אינטערעס אָט די נישט־פארמעגלעכע און פארפאָלגטע יידישע מאסע האָט ארויסגעוויזן פאר דעם יידישן וואָרט, פאר דער יידישער פרעסע, פאר דער יידישער שול פון די פארשיידענע ריכטונגען, וואָס דארף דערציען דעם יונגן דור.

א יידישע צייטונג איז געלייענט געוואָרן אָפּט דורך 5 און 10 און מער לייענער. מען האָט געצאָלט באָרג־געלט, — א גראָשן פאר איבער־לייענען א צייטונג. די פּרייטיק־צייטונג, א פארגרעסערטער נומער מיט דערציילונגען און וויכטיקע ארטיקלען, איז געגאנגען פון האנט צו האנט

א גאנצע וואָך. איך האָב אמאָל שבת געקויפט א פרייטיק־צייטונג אין א יידיש שטעטל (אין טשאָרטקאָוו) באַם צייטונגס־פארקויפער, האָב איך דערקענט, אז זי איז שוין געווען אין פיל הענט. א יידישע צייטונג פלעגט ליגן אין לייען־זאַל פון דער יידישער ביבליאָטעק, און צענדליקער פלעגן אריינקומען זי אויסלייענען.

און סאַר א טרייקייט יידישע יוגנלייט האָבן ארויסבאוויזן צו שאַפן יידישע ביבליאָטעקן. מען האָט אָפּגעשפּאָרט די לעצטע גראָשן און געבויט אומעטום ביבליאָטעקן און פארשאפט זיך יידישע ביכער פון ווארשע אָדער ווילנע. און מען האָט געלייענט ביכער מיט פלייס, מיט ליבשאפט. די באריכטן פון די געלייענטע ביכער אין דעם לויף פון דעם יאָר האָבן געוויזן דעם סטאַנדארט, דעם ניווא, די קולטור־הויך פון דער יידישער באַפעלקערונג. שלום אש איז אין יענע יאָרן אמשטארקסטן געלייענט געוואָרן. נאָך אים זיינען געגאנגען י. אפּאטאשו, ז. סעגאלאָוויטש, און אַן אויסערגעוויינטלעכער אינטערעס איז געווען צו די גרויסע וועלט־שרייבער — מען האָט מיט גוואלדיקן דורשט געלייענט ראָמען ראָלאַן, מאקסים גאָרקי, אנרי באַרביוס, און באזונדערס צו די סאָוועטיש־יידישע און די סאָוועטישע שרייבער אין יידישער איבערזעצונג.

עס געדענקט זיך, ווי מיר האָבן געמאָלדע אין די "ליטעראַרישע בלעטער", אז מיר גיבן א פּרעמיע פאר אונזערע אבאָנענטן ראָמען ראָלאַנס "זשאַן קריסטאָף." פון דעם ערשטן אנאָנס האָבן געגומען דורך דער פּאָסט פליסן אין די הונדערטער אבאָנענטן א טאָג, אין לויף פון די ערשטע פאָר וואָכן האָבן מיר אריינגעקראָגן פון די פּוילישע יידישע שטעט און שטעטלעך עטלעכע טויזנט אבאָנענטן (סובסקראיבער). אזוי לעבעדיק איז געוואָרן דער קאָנטאַקט צווישן דעם זשורנאַל און זיינע טרייע לייענער! דאָס נעמלעכע איז געווען, ווען מיר האָבן געגעבן טאָמאס מאנס "צויבערבארג." עס איז געווען א נאטירלעכער און אָרגאנישער אינטערעס, א לעבעדיקער און זעלבסטפארשטענדלעכער, און מען האָט ניט געדארפט ארומפאָרן איבער די שטעט צו קריגן אבאָנענטן, צו "גיין אין די הייזער" און בעטן און אויסבעטלען אבאָנענטן פאר א זשורנאַל.

און אזוי אויך דאָס יידיש טעאטער. ווארשע — די שטאָט פון קוים א דריטל מיליאָן יידן, — מיט פּרומאקעס אין דעם חשבון, מיט גאָרערעמע, האָט אויפגעהאלטן א גאנץ קיילעכדיק יאָר, 52 וואָכן, עטלעכע יידישע טעאטערס; איין צייט אפילו א פיר־פינף. און עס זיינען געווען אויך א צוויי ערנסטע טעאטערס, וואָס האָבן געשפּילט א גוטן, ערנסטן, גוט־אויפגעפירטן רעפּערטואר. און די מזל־ברכה איז געווען, וואָס עס איז געווען אַ יונגער עולם, אויך אַ יוגנטלעכער. מיר האָבן נישט געהאַט קיין בענעפיטס, וואָס מען גייט ארום א גאנץ יאָר און מען פארקויפט "טיקעטס" צו מענטשן, וואָס קוקן אויף דעם ווי אויף אַן אָפּקומעניש אָדער אויף צדקה. ניין, מען איז געלאָפן אליין צו דער קאסע און געכאפּט בילעטן, אָט ווי בא לייטן. און נישט נאָר אין ווארשע, ווילנע, לאָדזש, לעמבערג, אָפטמאָל אויך קראָקע, ביאַליסטאָק, גראָדנע, האָבן זיך געהאט איי־

גאַנצע טרופּעס, וואָס פּלעגן שפּילן אָפט א גאַנץ יאָר, אָדער כמעט א גאַנץ יאָר. און אויב עס זיינען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע טרופּעס, האָבן די שטעט זיך געשאַפן אייגענע דראַמאַטישן קרייזן, וואָס האָבן אראָפּגע־בראַכט רעזשיסערן און מען האָט געשפּילט גוטן טעאַטער. אזא מין טעאַ־טער איז געווען אין סטאַניסלאַוו, אין ראָוונע, און אוודאי אין די גרעסערע שטעט. בכלל האָט מען אין פּוילן געשפּילט יידיש טעאַטער אין איבער הונדערט שטעט, און אָפט אין צוויי הונדערט שטעט (אויב מיר וועלן צו־רעכענען א צוויי־דריי גאַסט־שפּילן!) מען האָט שוין געוואוסט, אַז אַ פּאָפּו־לערע פּיעסע פּלעגט דערנאָך דורך א פּאַרקלענערטער טרופּע מאַכן א טור איבערן לאַנד און באַזוכט איבער הונדערט שטעט. און סאַר א דראַנג עס פּלעגט זיין, סאַר א גוואַלדיקע אויפטרייסלונג אזא באַזוך האָט פאַרשאַפט אין דעם שטעטל. וועגן דעם קענען די היגע שוישפּילער־אונטערנעמער פּיל דערציילן.

אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין ווילנע האָט א יוגנט־פאָרשטעלונג צו־געצויגן טויזנטער און צענער טויזנטער יידישע יוגנט, וואָס איז געווען מיטגעריסן פון דער יידישער פאָרשטעלונג. די לעצטע יאָרן האָבן מיר טאַקע פאַרמאָגט אַ יוגנט־טעאַטער, גוט אָרגאַניזירט פון אַרטיסטן און קולטור־און־שול־טוער. אין וואַרשע גופא איז אזא מין פאָרשטעלונג גע־שפּילט געוואָרן א זעכציק זיבעציק מאָל.

און אזוי אויך דער יידישער שרייבער. אין יידישן פּוילן האָט דער שרייבער און קינסטלער געשפּילט א וויכטיקע ראָל, מען האָט זיך צוגע־הערט צו זיין וואָרט, מען האָט אים פאַרערט, און צו א פייערונג פון א שרייבער האָט מען ניט באַדאַרפט אָנקומען צו "טאַלענטן", צו חזנים, צו "פויגל־מילך", ווי עס איז דער פאַל, צום באַדויערן דאָ הי.

מ'וואָלט געקענט דערציילן צענדליקער, הונדערטער פאַקטן, ווי גאָר גרויס עס איז געווען דער אינטערעס צו א שרייבערס א וואָרט. מיר זיי־נען אמאָל עטלעכע שרייבער אראָפּגעקומען קיין ווילנע אויף א באַראַ־טונג פון דעם יידישן פּען־קלוב. האָבן מיר אין דער יידישער פּרעסע אין ווילנע געגעבן איין מעלדונג, פרייטיק, אז מאָרגן שבת פרי טרעטן מיר אויף אינעם גרויסן פּאַלאַס־טעאַטער. מיר האָבן געמאָלדן בלויז די נעמען פון די עטלעכע שרייבער: קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, נחמן מייזיל, אהרן צייט־לין, מלך ראַוויטש. און ווי איבערראַשט זיינען מיר געווען, ווען קומענדיק אין טעאַטער האָבן מיר געטראָפן אַן עולם פון א צוויי טויזנט יונגעלייט, בחורים און מיידלעך, באַגייסטערטע און יום־טובדיקע, וואָס זיינען געקו־מען זען און הערן יידישע שרייבער. דאָס איז ווילנע! דאָס נעמלעכע איז אויך געווען אין לאָדזש, אין טשענסטאָכאָוו, אין פּלאָצק, אין קוטנע, אין גראָדנע! מען האָט ניט באַדאַרפט טרומייטערן עטלעכע וואָכן, ניט באַ־דאַרפט צוזאָגן קיין "טשיקן־סאַפּער", נישט באַדאַרפט געבן קיין "פּיק־משורס" פון זייטיקע שפּילער אָדער זינגער...

און טאַקע וועגן דעם צוואַואָקס, צופלוס פון יונגע כוחות אין דער ליטעראַטור, אין טעאַטער, אין צושויער־זאַל.

ווען מ׳דערמאָנט זיך אָן דעם, גייט אדורך א ציטער איבערן לייב און עס ווערט ווארעם אויף דער נשמה. אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אין זייערע נעסטן אויסגעוואַרעמט און אויסגעפּיקט פרישע טאַלאַנטן, יונגע, צאַפּלדיקע, מיט דרייסקייט און מיט גלויבן אין אייגענע כוחות און מיט ווילן צו קומען מיט א פרישן און נײַ וואָרט. זיצנדיק אין דער רעדאַקציע פון די "ליטעראַרישע בלעטער" איז מען אַלעמאָל געווען איבעררּאשט פון באזוכן פון יונגעלייט, פון בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געמאַכט זייערע ערשטע פּרוּוון צו שרייבן. און אינטערעסאַנט, וואָס די נײַ־געקומענע האָבן געשטאַמט פון פאַרשיידענע זייטן און ווינקלען פונעם יידישן לעבן. ס׳זײַנען געקומען אָנהויבער פון דער ישיבה, פון דער נײַער מאָדערנער יידישער שול, פון ווארשטאַט, פון דער אומלעגאַלער באַוועגונג, אָדער גאָר פון דער יידיש־פּוילישער גימנאַזיע. האָבן מיר צוגעקראָגן אין לויף פון עטלעכע יאָר אַזאַ דיכטער ווי חיים גראַדע פון דער מוסר׳ניקעס ישיבה, און א צווייטן פון א ישיבה חיים סעמיאַטיצקי, און אײַנעם פון דער לובלינער ישיבה — מוני נאַדלער, (א. גאַליצין), און אײַנעם א פרומען יונגנמאַן — ישׂראל עמיאָט. און אין דער זעלבער צייט — אײַניקע פון דער יידיש־פּוילישער ליטעראַטור — משה שימעל, וועבער א. א., פון דער יידיש־וועלטלעכער שול — משה לעווין, און גאָר פון אַרבעטער־ווארשטאַט, ווי משה שולשטיין, בונעם העלער, מ. קנאַפּהייס, י. רובינשטיין, אָדער פון דער יידיש־פּוילישער האַלב־אַסימיליסטער אינטעליגענץ, ווי מ. בורשטיין. און אַזוי אויך איז עס געווען אין דעם יידישן טעאַטער. עס זײַנען געקומען צום יידישן טעאַטער בחורים און מיידלעך פון די פּוילישע דראַמאַטישע שולן און פאַרנומען גיך אָן אָנגעזעענעם אָרט אינעם יידישן טעאַטער. עס זײַנען אויך געקומען יונגעלייט, אַרבעטער פון ווארשטאַט, פון אָפיס, און געבילדעט כסדר ערנסטע דראַמאַטישע קרייזן אין ווארשע און אין אַנדערע שטעט, וואָס האָבן געהאַט אַ שטענדיקע באַזוכערשאַפט.

עס איז געווען ווי אין אָנהייב פרילינג, — פון בערג, פון פאַרשיידענע זייטן האָבן זיך אדורכגעריסן שטראָמען, געריזלט און פאַרפלייצט ברייטע פעלדער און אינאיינעם דערנאָך געגאַנגען אין דעם ברייטן שטראָם, אין דעם טייך, וואָס נעמט אַרײַן אָט די אַלע שטראָמעלעך.

יאָ, עס זײַנען געווען פּראָדוצירער און געניסער פון דער יוגנט, און זייער צאָל איז געוואַקסן און זיי האָבן עס געבילדעט די צוהערער און צושויער מאסע פון די פאַרשיידענע גרויסע פּאָליטישע און קולטורעלע, קינסטלערישע און טעאַטראַלישע אַרויסטרעטונגען און אונטערנעמונגען.

און אויך דאָס רעליגיעזע יידנטום האָט געלעבט אין פאַרשיידענע ווינקלען פונם יידישן פּוילן א ברייט און פול און אייגנאַרטיק לעבן. עס איז געווען א רעליגיעזע יידישע פּרעסע, א טאָגבלאַט, וואָס איז אַרויס אין ווארשע, מיט אייגענע און אייגנאַרטיקע שרייבער און מיט א גרויסן קאָנטיגענט טרײַע לייענער. און אַז די פרומע האָבן געהאַט א פאָדערונג צו דער רעגירונג, אָדער צו דער גמינע, צו דער יידישער זעלבסטפאַרוואַל־

טונג, האָט די פּרעסע געקענט לייכט אָרגאַניזירן א ווידערשטאַנד, א דע־מאָנסטראַציע. און טויזנטער יונגעלייט האָבן זיך גלייך אָפּגערופן אויפן רוף, און עס איז געווען אינטערעסאַנט צוצוקוקן אָט די מחנה, וואָס האָט געהאַט אַן אויסזען ווי עפּעס א בילד פון מיטלאַלטער מיט איר קליידונג, מיט איר בּרען, מיט איר פאַנאַטיזם. איך האָב געוואוינט אַרום דער וואַר־שעווער יידישער קהלה, אויף גזשיבאָווסקא 24, און בין געווען נישט איין מאָל אַן עדות פון אַזעלכע פּאָלקס־אויסבּרוכן, פון דעמאָנסטראַציעס פון די רעליגיעזע יידן. און ווי מען איז נישט געווען ווייט פון זייערע אידעאַלן און אידעאָלאָגיעס, האָט אָבער אימפּאָנירט זייער פייער, זייער בּרען. און דאָס האָט מען אויך געזען ווען עס איז געקומען קיין וואַרשע דער גערער רבּי, אָדער אַן אַנדער באַליבּטער און פאַרערטער "גוטער ייד." טויזנטער פלאַם־פייערדיקע חסידים האָבן פאַרפלייצט די גאַסן, האָבן אַרויסבּאַוויזן זייער באַגייסטערנג און התלהבות באַם באַגעגענען דעם רבּין.

אין די חסידישע שטיבלעך אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין אַנדערע יידישע שטעט, אין די אַלע חסידישע שטיבלעך און קלויזן האָט נאָך אַלץ געטליעט דער אַלטער יידישער פּונק, וואָס איז אָפט צעפלאַקערט געוואָרן און עס איז געווען א פלאַם־פייער, וואָס האָט געוואַרעמט און געלויכטן. עס דערמאָנט זיך ביאַליקס באַרימט וואָרט אין איינעם פון זיינע טיף־יידישע שירים. "ווייסט איר דעם קוואַל, פון וואַנען מען האָט געשעפּט חיות, לעבן?" — גייט אין די בּתי־מדרשים, גייט אין אָט די שאַפונגס־צענטערן, וואו עס האָבן זיך אויסגעכאָוועט יידישע נשמות, יידישע פּער־זענלעכקייטן.

און אין דער זעלביקער צייט, אָפט אין שכנות אַרום די שטיבלעך, האָבן געלעבט און געאַרבּעט, זיך געלערנט און געגרייט זיך צו רעוואָלוצי־אָנערער טעטיקייט די אומלעגאַלע קרייזלעך, וואָס זייערע מיטגלידער זיינען בּא דער האַלבּ־פאַשיסטישער פּוילישער מאַכט געווען מאַרטירער פון גרויסן פאַרנעם, זיי זיינען ממש געגאַנגען אויף מסירת־נפש, — פאַר יעדער מינדסטער קליינקייט, פאַר יעדן חשד צו געהערן צו דער קאָמוניס־טישער באַוועגונג האָט דאָך געדראָעט צען ביז פופצן יאָר שווערע תּפיסה, פייניקונגען אין די טורמעס, אָדער גאָר פאַרשיקט ווערן אין דעם גרויזאַ־מען קאָנצענטראַציע־לאַגער. נפתּלי באָטוויך, דאָס שוואַכע יונג יידיש ייִנגל, איז דאָך געווען דער סימבּאָל פון אָט־דער יידישער יוגנט, מיט איר גרייטקייט אויף קידוש־האידייע און מסירת־נפש.

דאָס יידישע קולטור־שאַפערישע לעבן אין פּוילן איז שטענדיק גע־ווען פול און אימפּעטפול, — אַזוי אין די צענטראַלע שטעט, ווי וואַרשע, לאָדז, ווילנע און אַזוי אין די אַנדערע שטעט, גרעסערע און קלענערע. האָט מען עפּעס געשאַפן אין וואַרשע, האָט זיך עס גלייך אָפּגערופן אין די אַלע אַנדערע שטעט. ס'זענען געווען לעבעדיקע איבּערררופן. איז דערשינען אין וואַרשע א גוט יידיש בּוך, האָבן זיך געצויגן בליקן און הענט פון צענדלי־קער אַנדערע שטעט, האָבן יידישע ביבליאָטעקן עס פאַרלאַנגט, האָבן ניי־געריקע לייענער עס געפאָדערט. און איז דערשינען א ליטישער זשורנאַל

אין צענטער, האָט מען זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן אויף יעדן נייעם נומער. מיר האָבן עס געפילט אין דער רעדאקציע "ליטעראַרישע בלעטער", ווי מען האָט ארויסגעקוקט אויף א ניי־דערשינענעם נומער. מיר פלעגן פאַנאַנדערשיקן די וואָכנשריפט מיטוואָך, און פרייטיק זענען די נומערן אָנגעקומען אין אלע פוילישע שטעט. האָט זיך אמאָל א נומער פאַרהאַלטן, איז געוועזן ביי פיל־פיל לייענער א פארשטערטער שבת. זענען שוין אָנגעקומען פאַרצווייפלטע בריוולעך: וואָס איז געשען?! ווען א יידישער שרייבער איז אַראָפּגעקומען אויף א רעפעראַט אין א שטאָט, אָדער שטעטל —איז געווען יום־טוב, און ס'איז געווען א געשעעניש. און ס'זענען געווען וואונדערליכע הערער. און א רעפעראַט האָט געמאכט א רושם. ס'איז געווען די לעבעדיקע בלוט־צירקולאציע פון א געזונטן אָרגאַניזם, ס'איז שטענדיק געווען א יונגער באַגייסטערטער עולם.

עס געדענקט זיך א מערקווירדיקער פאַל: איך בין פאַרבעטן געוואָרן צו האַלטן אַ רעפעראַט איבער דוד בערגעלסאָן אין דעם שטעטל נאָווידוואָר, דער רעפעראַט איז פאָרגעקומען אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק שבת בייטאָג. נאָכן רעפעראַט וויל איך זיך צעזעגענען און "נעמען די באַן" קיין וואַרשע, זאָגן מיר די יונגע חברים, — בחורים און מיידלעך — אַז ניין, איך קאָן נאָך נישט פאָרן. איצט וועט מען זיך צונויפקומען ביי א חבר פאַר אַ אינטימערן שמועס אין אַ קלענערן קרייז. איך האָב גראָד באַדאַרפט זיין דעם אָוונט אין וואַרשע, אָבער חברים בעטן, האָב איך זיך געלאָזט איינרעדן. מיר לאָזן זיך גיין, ס'איז גאַנץ ווייטלעך, אַ זייטיק הויז אין עק שטעטל, מיר קומען אריין אין שטוב, א פאַרמעגלעך הויז, מיר גייען פאַרביי א פּאָר צימערן, און מען פאַרפירט מיך אין א זייטיק "בחוריש צימער", — ציכטיק מעבל און מיט געשמאַק איינגעאָרדנט, אין צימער איז האַלב־טונקל. די לאָמפּן פאַרהאַנגען מיט ברייטע "אַבאַזשורן", וואָס גיט צו שטימונג, אויף דער וואַנט — א גרויס בילד פון א שיין, באַ'חנ'ודיק מיידל, מיר זעצן זיך פאַנאַנדער, און מען דערקלערט מיר: "דאָס מיידל איז געווען אונזער מירעלע האָרוויץ (די העלדין פון ד. בערגעלסאָנס "נאָך אַלעמען"), און אזוי האָבן מיר, אין שטעטל, זי גערופן. זי איז געשטאָרבן, מיר קענען זי נישט פאַרגעסן... האָבן מיר, צו איר אָנדענק און פאַרערונג, אייך פאַרבעטן אהער אין צימער, און טאַקע דאָ ווילן מיר פירן א ברייטערן שמועס וועגן בערגעלסאָנס מירעלע הורוויץ, וואָס איז איר געווען אַזוי נאָענט און אייגן"... איך האָב דאַן דערציילט וועגן די פּראָטאָטיפּן פון בערגלסאָנס מירעלע און זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם אופן, ווי מירעלע איז פּאַמעלעך ביי בערגעלסאָנען אויפגעוואַקסן און זיך אויסגעפורעמט... דער יונגער עולם, פאַרטראַכטע און פאַרטרוימטע, האָבן פּאַרכטיג אויסגעהערט. און ס'איז געווען, ווי מיר וואָלטן גערעדט נישט פון בערגעלסאָנס מירעלע, נאָר פון דער נאָוואָדוואָרער, וואָס איר בילד איז געהאַנגען אויף דער וואַנט און איר ביישיין האָבן אלע געפילט...

איך האָב דערנאָך די מעשה באַשריבן אין א בריוו צו דוד בערגלסאָן, איז ער געווען גערירט ביז טרערן (טרערן ממש), דאָס איז געווען דער

יונגער עולם אין יידישן פוילן!

דאָס יונגע יידישע פוילן האָט לאַנגע יאָרן פאַרגעדענקט די באַזוכן פון פרץ מארקיש, וואָס האָט אין די יאָרן 1922—1926 "געבערענט א וועלט" און מיט זיינע פלאַם־פייערדיקע רעפעראַטן געצונדן הערצער פון יונגע צוהערער. נאָך איצט, א צוואַנציק יאָר זינט דאַן, קומט מיר אָפטמאָל אויס צו טרעפן איבער אמעריקאַנער און קאַנאַדער שטעט פרויען און מענער, וואָס דערמאָנען זיך מיט א באַזונדערער פרייד און בענקשאַפט מאַר־קישעס דעמאָלסטיקע אויפטריטן, זיין שיינעם קאָפּ, זיין צעשויבערטע טשופּרינע און זיינע צינדענדיקע ווערטער פון רעפעראַט און פון זיינע לידער.

מען קאָן אויך דערציילן פיל קוריאָזן און געשיכטן וועגן דער נאַאיווי־קייט און פאַרגעטערונג, וואָס מ'האָט איבערגעלעבט און בייגעוווען אויף די אָפטע באַזוכן אין די הארציקע שטעט פון דער "ליבער פּראָווינץ."

עס זענען געווען אין לויף פון די 17 יאָר, וואָס איך האָב געוואוינט אין פּוילן און געווען אריינגעפלאָכטן אין דעם כסדרדיקן וואוקס פונם דאָרטיקן יידישן לעבן, פיל מאָמענטן, ווען די אַלגעמיינע קולטור־שאַפע־רישע ענערגיע האָט דערגרייכט צו דערהויבנקייטן, צו קולמינאַציע־פּונקטן.

פון פיל אַזעלכע גרויסע פאָלקס־מאַניפעסטאַציעס און פאָלקס־פיי־ערונגען לאָמיר ארויסכאַפּן בלויז אייניקע, אַזעלכע, וואָס זענען געווען וויכטיקע ווענד־פונקטן אין דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער געשיכטע פונם יידישן פאָלק אין פּוילן.

אָט וואַקסט אויס דער ערשטער יידישער שול־צוזאַמענפאָר אין פּוילן אין יאָר 1921, דאָס איז געווען דער ערשטער ווירדיקער אָנזאָג צום פּוילישן פאָלק און צו די יידישע מאַסן וועגן א גרויסן פאַרמעסט, וועגן א גרויסן ווילן אויסצוקעמפן פּאָזיציעס און ארויסשטעלן פאָדערונגען פאַר אַן אייגן יידישן שאַפן, פאַר אַן אייגן יידישן לעבן. עס זענען געקומען הונ־דערטער דעלעגאַטן פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון די אַלע באַזונדערע געגנטן, קיבוצים, וואָס זענען באַהעפט געוואָרן אין דער פּוי־לישער רעפּובליק. ס'איז געווען די ערשטע מאָביליזאַציע פון די קולטור־כוחות. א וואָך צייט האָט געדויערט דער שול־צוזאַמענפאָר, אויף וועלכן עס זענען פאָרמולירט געוואָרן די "עשרת הדברות" פון א יידיש־וועלט־לעך קולטור־לעבן אויף דער אייגענער, נאַציאָנאַלער שפּראַך. ביים צוזאַ־מענפאָר איז ארויסגעגעבן געוואָרן אַן אייגענע טעגלעכע צייטונג מיטן נאָמען "שול־צוזאַמענפאָר", וואו ס'איז געבראַכט געוואָרן צום אויסדרוק דער פּאַטאָס פאַר א ניי שעפערישן לעבן, און וואו ס'זענען איבערגעגעבן געוואָרן די רעפעראַטן און די הייסע דיסקוסיעס ארום די רעפעראַטן. דער אָפּקלאַנג פון אָט דעם ערשטן צוזאַמענפאָר איז געווען גרויס, און זיין ווירקונג האָט געדויערט יאָרן און יאָרן.

עס דערמאָנען זיך פאַרשיידענע גרויס פאָלקס־פייערונגען, פאָלקס דעמאָנסטראַציעס, וואָס זענען פאַרבונדן מיט פּרצן, וואָס איז געווען און פאַרבליבן דער פייער־זייל, דער סימבאָל פון א נייעם ווילן, דער סטי־

מוליירער פאַר גרויסע פאַרמעסטונגען, דער וועג־ווייזער פאַר אַלע זוכנדיקע און שטרעבענדיקע. יעדעס יאָר זענען די פּרץ־פייערונגען פארוואנדלט געוואָרן אין גרויסע מאניפעסטאציעס פארן יידישן וואָרט, פארן יידישן שאפן, פאר דער יידיש־וועלטלעכער שול, וואָס פּרץ איז געווען איינער פון אירע גרינדער אין ווארשע, אין פּוילן.

און באזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט די גרויסע פאָלקס־פייערונג פון פּרצס צענטן יאָרצייט, אין 1925, ווען מ׳האָט אויפגעשטעלט דעם גרויסן פּרץ־מאָנומענט, דעם „אוהל פּרץ" אויף די קברים פון י. ל. פּרץ, יעקב דינעזאָן און ש. אנסקי. דער העפטיגער קאמף, וואָס האָט זיך א פּאָר יאָר געפירט ארום דער אויפשריפט אויף דער וואנט פונם אוהל, — דער לאנג־דויערנדיקער קאמף ארום יעדן וואָרט (יידיש צי העברעאיש) אויפן פּרץ־מאָנומענט, האָט באוויזן און באזונדערס באטאָנט ווי הייליק און ווי טייער פּרץ איז געווען ביי זיינע פאַרערער, ביי זיינע חסידים, וואָס זענען גרייט געווען צו ראנגלען זיך פאר א קוצו של יוד אויף זיין מאָנומענט. דאָס שטרייכט אויך אונטער די אויסגעהאלטנקייט, די עקשנות, וואָס די יידיש־פריינט האָבן ארויסבאוויזן ביים אויפהיטן די פּאָזיציעס פון דער שפּראך, ביים אָפּהיטן די חשיבות פון יידישן לשון.

עס זענען אויך לעבעדיק אין זכרון די גרויסע פייערונגען פאר לע־בעדיקע שרייבער. עס געדענקט זיך גוט דער גראנדיעזער קבלת־פּנים, וואָס די יידישע ווארשע האָט אָרגאניזירט אין צירק־געביידע פאַר שלום אש, — די צירק־געביידע, וואָס איז געווען פאר ווארשע ווי דער מעדיסאָן־סקווער גאַרדען אין ניו־יאָרק. טױזנטער טויזנט באַגייסטערטע פאָלקס־מענטשן מיט א גרויסן טייל יוגנט, אָן חזנים און אָן אנדערע „אטראקציעס" זענען בייגעווען אויף דעם יום־טוב פון זייער אייגענעם שרייבער, בלוט פון זייער בלוט.

און מען גיט ווידער א בלעטער אין דער קולטור־געשיכטע פון יידן אין פּוילן, און עס טרעטן ארויס פאר דיר עטלעכע קאָנפערענצן, צונויפפאָרן פון דעם יידישן וויסנשאפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע, וואָס איז דאַן געווען אַן אמתע פאָלקס־און מאַסן־דעמאָנסטראַציע. און צווישן אנדערע — דער חנוכת־הבית פון דעם אייגענעם בנין אויף וויוואולסקע גאס, און דער מארש פון די טויזנטער יידן אין דער שפּיץ מיט די בארימטע ווילנער יידיש־וועלטלעכע שולן וואָס האָבן זיך געצויגן מיט טויזנטער יידישע קינדער און יוגנט פון גרויס פּאהוליאנקע צו וויוואולסקע גאס, און באגלייט מיט צוויי גרויס שול־אָרקעסטרען. אויך דערהויבענע מאָמענטן, וואָס מ׳קאָן זיי נישט פארגעסן, מאָמענטן, וואָס ווען זיי לעבן איצט אויף, ווערט ליכטיק אין מח און גלייכצייטיק טוט וויי דאָס האַרץ, וואָס דאָס אַלץ איז פארשניטן געוואָרן...

און פון צווישן די פארשיידענע יום־טובים, „יום־טוב אין דער וואָכן" רוקן זיך ארויס די פארשיידענע פייערלעכע פּרעמיערעס אין די יידישע טעאטערן אין ווארשע. מ׳האָט זיך אָפט שווער געראנגלט פארן קיום, מ׳האָט אָפט געהאט אויסצושטיין פארבאָטן און „מעקעכצן" מצד דער

הארבער צענזור, מ׳האָט אויך געהאט געגוג פינאַנציעלע שוועריקייטן ביים אויסשטאַטן א לייטישע אויפפירונג. אָבער דאָס אַלץ איז קאָמפּעסירט געוואָרן דערנאָך דורך דער באַגייסטערונג, דורך דער פאַרגאַפונג, וואָס דער מאַסן־צושויער האָט אריינגעבראַכט אין טעאַטער, ביי די פאָרשטעלונגען.

און מ׳דאַרף דאָ צוגעבן, אַז דער יידישער שוישפּילער אין פּוילן איז געווען א פולער און גלייכבאַרעכטיקטער מיטגליד פון דער גאַנצער קולטור משפּחה, סיי דער שוישפּילער אַליין און סיי זיין פאַראיין, דער אַרטיסטן־פאַראיין. אין יעדער אַקציע, פּאָליטישער, געזעלשאַפטלעכער און קולטור־רעלער, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן שולן, וועגן שרייבער־פייערונגען, וועגן קולטור־געזעלשאַפטלעכע פאַרמעסטונגען — איז דער שוישפּילער און זיין פאַראיין געגאַנגען האַנט אין האַנט, פּלייצע צו פּלייצע מיט די שרייבער און קולטור־טוער, געפילט די אחריות פאַרן יידישן וואָרט, דער־פילט די פליכטן בנוגע צום יידישן קולטור־לעבן. דאָס איז זייער א וויכטי־קער מאָמענט, און איך פיל כסדר אין דער יידישער אַמעריקע דעם אומנאָרמאַלן צושטאַנד, ווי דער יידישער אַקטיאָר און זיין אַקטיאָרן־יוניאָן שטייען ווי ״מחוץ למחנה״, זיי געהערן נישט צו די, וואָס דאַרפן שטיין אויף דער וואַך פונם יידישן וואָרט, פון דער יידישער קולטור.

און אין די שווערע, פאַראַנטוואָרטלעכע צייטן פונם יידישן קולטור־פראָנט, ווען מען איז געשאַנען פּנים אל פּנים פאַר דעם אַלץ־וואַקסנדיקן פאַשיזם, זענען די בעסערע, ערנסטע שוישפּילער, געגאַנגען אינאיינעם מיטן קולטור־פראָנט, הגם דער ציטוויילעקער פאַרוואַלטער, וואָס האָט דאַן ״באַלעבאַטעוועט״ אינם פאַראיין האָט שטאַרק באַקעמפט (ווי א טרייער ״בונדיסט״) די קולטור־פראָנט־באַוועגונג. און ס׳איז דעריבער קיין וואונ־דער נישט, וואָס אין דער גרויזאַמער צייט פון דער וואַרשעווער געטאָ איז דער יידישר אַקטיאָר אין פּוילן געווען צווישן די פירנדיקע קולטור־קעמפער. דאָס איז געווען אין גייסט פון דער טראַדיציע פונם יידישן אַרטיסט אין פּוילן.

אָבער זיך אָפּשטעלן ברייטער אויף די פאַרשיידענע וויכטיקסטע מאָמענטן אין דעם יידישן לעבן אין פּוילן, מיינט שרייבן די קולטור־גע־שיכטע פון דעם יידישן ישוב אין דער פּוילישער רעפּובליק. און דאָס איז אַן ענין פאַר גאַנצע ביכער.

---

און טאָקע די יידישע וואַרשע, מיט אירע גאַסן און הייפן, מיט אירע אינסטיטוציעס און טעטיקייטן, מיט אירע מענטשן און געשטאַלטן, וואָס האָבן אַלע אינאיינעם געגעבן דעם פּרצוף־פּנים, דעם כאַראַקטער פון אָט דער מערקווירדיקער שטאָט.

די יידישע וואַרשע גופא איז דאָך געווען א ווערק, א גרויס יידיש ווערק, וואָס איז געשאַפן, אויסגעפורעמט און אויסגעשטאַלטיקט געוואָרן פון דער יידישער מאַסע אין פּוילן און פון די דערבייאיקע יידישע מאַסן פון ווייס־רוסלאַנד, ליטע, וואָלין און גאַליציע. ס׳איז א טעות צו מיינען, אַז די יידישע וואַרשע, ווי זי האָט אויסגעזען ערב דעם לעצטן חורבן, איז א

פּראָדוקט, א שאפונגס־ווערק בלויז פונם פוילישן יידנטום. די יידישע ווארשע איז געווען א וואונדערלעכער צונויפזאמל פון דורות־לאנגער יידישער מאטעריעלער און גייסטיקער ענערגיע, וואָס איז אָנגעקליבן געווען אין פארשיידענע געגנטן און עקן פון רוסלאנד, און — נאָכן ערשטן וועלט־קריג — אויך פון גאליציע, פון מזרח־און מערב־גאליציע. די יידישע ווארשע איז געווען א גרויס און פארשיידנארטיק און פארשיידנפארביק קאָלעקטיוו ווערק, וואָס איז בהדרגה, אין משך פון דורות געשאפן געוואָרן דורך די לעבעדיקע, אקטיווע יידישע פאָלקס־מאסן, און יעדע תקופה, יעדער פּעריאָד פון אלגעמיינע און יידישע געשעענישן, און יעדער צופלוס פון יידישע מאסן פון נייע געגנטן האָט צוגעגעבן נייע שטריכן, נייע עלעמענטן, נייע קאָלירן צום גרויסן ווערק — יידישע ווארשע.

וועגן דער יידישער ווארשע איז דאָ א רייכע ליטעראטור, — א געשיכטלעכע, א קינסטלערישע, א מעמוארנסטישע. ווען מיר זאָלן וועלן אויפזאמלען די אלע ווערק, מאטעריאלן, דאָקומענטן, בילדער און לידער, וואָס האָבן א דירעקטע שייכות צו דער פארגאנגענהייט און קעגנווארט פונם רייכן יידישן קיבוץ אין ווארשע ביזן נאציישן ארייַנדרינגען אהין, וואָלט מען פאר די אלע עקספּאָנאטן באדארפט האָבן א גראנדיעזן בנין. טויזנטער זאַכן וואָלט מען געקאָנט אויפזאמלען און אויסשטעלן, וואָס וואָלטן באוויזן די יידישע ווארשע אין אירע פארשיידענע פאזעס, דורך אירע פארשיידענע אויפטוען, דורך די אלערלייאיקע גייסטיקע אנטפלעקונגען און מאטעריעלע אויפטוען.

די יידישע ווארשע איז אין לויף פון דורות געווען די מעטראָפּאָליע, דער צענטער, וואהין עס האָבן זיך געצויגן יידן פון פארשיידענע פוילישע שטעט און שטעטלעך, ווי אויך פון פארשיידענע אנדערע געגנטן און לענדער. און יעדער איינער האָט מיטגעבראכט זיינע זיטן, מנהגים, זיין שטייגער־לעבן, זיין כאראקטער, זיינע קולטור־אוצרות, זיינע אייגנארטיקייטן. און די אלע געקומענע יידן האָבן נישט געשאפן קיין באזונדערע, אָפּגעבאַזונדערטע ווינקלען און טיילן אין דער שטאָט, נאָר זיינען ווי ריטשקעלעך אריינגעגאָסן געוואָרן אין דעם גרויסן טייך. "אין ענגשאפט, אָבער נישט אין שאָדן", — ווי ס'זאָגט דאָס באקאנטע רוסיש ווערטל. און נאָך אן עיקר — די יידישע שפּראך פון אלעמען און פאר אלעמען. ס'איז דערייבער פאָרגעקומען א נאָכאנאנדיקער טויש און אויסטויש פון איינפלוסן און ווירקונגען, און די באזונדערקייטן פון די פארשיידענע מינים יידן האָבן געשאַפן די פיל־געשטאַלטקייט און פיל־קאָלירנדיקייט פון דער יידישער ווארשע.

און עס איז אזוי ווייט געגאנגען דער צופלוס פון יידן פון פארשיידענע ווייטע און פרעמדע געגנטן, אז די "יידיש־פוילישע" פּאטריאָטן האָבן געמאכט א געוואלד: "ליטוואקעס עליך, ווארשע!" (א פארפלייצונג פון ליטוואקעס), און אָט די מורא איז דערגאנגען ביי י. מ. ווייסנבערגן אזש ביז אן אבסורד. ער האָט שוין געזען א ליטוואק אין א יידן פון ראָוונע, פון קרעמענעץ, פון קיעוו. — אָבער דער פּראָצענט פון נישט אמת־פוילישע

יידן איז טאקע געווען זייער א גרויסער. אין די גרויסע טעגלעכע יידישע צייטונגען, אין "היינט", און אין "מאָמענט", ווי אויך אין דער בונדישער "פאָלקס-צייטונג", איז א פוילישער ייד געווען א נאָווינע, א זעלטנקייט.— אָבער אין תוך איז קיינמאָל נישט געווען און נישט געקאָנט זיין אזא תהום און אָפּגרונט צווישן די פארשיידענע מינים יידן, ווי ס'איז געווען דער פאל אין בערלין אָדער אין ווין צווישן א "וועסט-יודע" און א "מזרח-ייד."
— יעדער נייער צושטראָם פון יידן אין ווארשע איז געווען אַ מזל-ברכה.

איז דעריבער די יידישע ווארשע נישט געווען קיין פארענדיקט, געשלאָסן, פארגליווערט ווערק. נאָר זי האָט כסדר זיך געענדערט, אי־בערגעוואנדלט, זי האָט זיך שטענדיק געפונען אין א צושטאַנד פון יוירן און ברויזן, פון כסדרדיקן וואַקסן און שטייגן, אין אַ צושטאַנד פון אָנאויפ־הערנדיקער באַרייכערונג.

וואָס איז דער עיקר־שטריך אינם כאראקטער פון דער יידישער ווארשע? אימפעט, אימפעטיקייט. די יידישע ווארשע האָט פארמאָגט שוואונג, האסטיקייט, געשפאנטקייט. ווער זאָגט עס, אַז דאָ, אין ניו־יאָרק, איז אַלץ "האָרי־אָפּ"? ס'הויבט זיך גאָרנישט אָן! נישטאָ נאָך אַזאַ געמיט־לעכקייט, אזא "איך האָב מיר צייט"־צושטאַנד, ווי ביי א ניו־יאָרקער יידן, מיט זיין גאנצער פארנומענקייט. ס'איז דאָ בעיקר אן אויסערלעכע איי־לעניש ביי אן אינעווייניקסטער פאמעלעכדיקייט. עס איז מער נישט, ווי אין באשטימטע מאָמענטן אָדער שעהן איז דאָ אין סאָבווי אָדער אין קאַ־פעטעריע א געאייל, א געשטופעניש. סוף־כל־סוף האָט די זאָרגלאָזיקייט און די זיכערקייט א סך צו זאָגן אויפן כאראקטער. אָבער א ווארשעווער ייד איז געווען אין שטענדיקן געראנגל פאר זיינע פאָליטישע רעכט, פאר זיינע עקאָנאָמישע פאָזיציעס, פאר זיינע קולטורעלע באַדערפעניש. די געראנגלעניש האָבן פארשנעלערט די באוועגונגען, פארשארפט די ראיה, פארשפיצט דעם געהער. און ס'איז געווען א גרויסער אונטערשייד צווישן, למשל, א ווארשעווער ייד און א ווילנער. דער ווילנער ייד האָט פארמאָגט מער לאָגיק ווי טעמפעראמענט, דער "קאַלטער ליטוואק" גייט זיך באזאכט, טוט א זאך אויסגערעכנט, מיט חשבון; ער רעדט פאמעלעך, ציילט די ווערטער, רעדט אפילו יידיש "על פי דקדוק"; ער איז שטענדיק פארטיפט אין זיך און פארמוחט. אָבער דער ווארשעווער ייד רעדט מיטן פולן מויל, ברייט הרחבהדיק, ער איילט, ער האָט קיין צייט נישט, ער שלינגט ווער־טער, עס שלאָגט פון אים פייער, ער מאכט האסטיקע באוועגונגען. דער אמאָליקער ווילנער ייד איז געגאנגען מיט דעם גרויסן היטל טיף אראָפּ־גערוקט אויפן שטערן; דאָס יידיש־פוילישע היטעלע איז ארויפגערוקט אַרויף, געווען אויפן שפּיץ קאָפּ. די וואַרשעווער וויסל איז ברייטער און שטראָמיקער פון דער ווילנער ווילייקע. דער נאָכאנאנדיקער צופלוס און צושטראָם פון נייע יידן אין דער יידישער ווארשע האָט געמאכט די שטאָט רייכער, קאָלירפולער און נישט געלאָזט פארציען א שימל־הייטל אויפן אויבערפלאַך. עס האָבן זיך שטענדיק געדרייט די רעדער פון די מאַשינען אין דער יידישער ווארשע, געדרוישט און געליארעמט. די קאָנקורענץ האָט

געשארפט די מוחות, פארגיכערט דעם טעמפא און אָנגעצונדן דעם טעמפעראמענט.

די ווארשעווער יידישע הויפן — דאָס זיינען אייגענטלעך געווען גאנצע יידישע שטעטלעך. א הויף — א שטעטל. הויפן, וואָס ציען זיך פון איין גאס אין דער אנדערער, און דורכגאנג־הויפן, וואָס האָבן פארמאָגט אינדוסטריעלע, סוחרישע און רעליגיעזע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, מיט אייגענע געמארקן. דורות זיינען געבוירן, אויפגעכאָוועט, חתונה געהאט, אויסגעגעבן קינדער און איבערגעלאָזט ירושה צו קינדס־קינדער. הויפן ווי באזונדערע "פעסטונגען", ארומגערינגלט, ארומגעצוימט, מיט אייגענע אינטערעסן. האָט מען איינער דעם צווייטן געקענט ווי אין די קליינע שטעטלעך. האָבן זיך שכנות איבערגערופן און איבערגערעדט פון די פענצטער אין הויף און זיך געטיילט מיט די נייעסן. לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען אין פרצעס "שלום בית", וואו דער טרעגער שמועסט זיך א דורך פון אונטן מיט זיין ווייב, וואָס איז אויפן סאמע העכסטן שטאָק, און אין שלום אשס הויפן פון זיין בוך "ווארשע", און אין י. י. זינגערס ערשטע קאפיטלען פון זיין „חבר נחמן" א. אז. וו. א הויף אין דער יידישער וואַרשע האָט געאָטעמט, האָט געלעבט, האָט געצאַפלט; אַ הויף אין וואַרשע — איז געווען א וועלטעלע אין דער גרויסער יידישער ווארשעווער וועלט. "פיר דורות — פיר צוואות" — פרצעס בארימטע געשיכטע — איז געווען אָנגעמאָסטן אויף דער יידישער ווארשע. דורות האָבן זיך געקייטלט ווי א רינג אין א קייט. פארשיידענע רינגען, אָבער דאָך א קייט, אין וועלכער א רינג איז געשלאָסן אין א רינג.

ווען מ'האָט נישט געלאָזט די געוואלדיקע שאפונגס־ענערגיע פונם יידישן מענטש אין פוילן (ווי אין צאַרישן רוסלאנד) צו גיין אין דער ברייט, איז זי געגאנגען אין דער טיף, האָט זי פון אייגענע שטיבלעך, פון ענגע חדרים, פון אלקערס און קיכן פארוואַנדלט אין ווערקשטאַטן, אריינגעשטעלט מאַשינדלעך, צוגעטשעפעט צו זיי מאָטאָרלעך און אַנטוויקלט אַן אייגענע הויז־פאבריקאציע, אַן אייגענע שטוב־אינדוסטריע. און ווען מ'איז ארײן אין אזאַ מין יידישן הויף אויף א נאַלעווקעס, דזשיקע, קראָכמאלנע אָדער דזשעלנע גאָס, איז מען פארגאפט געוואָרן פונם הו־האַ, פונם געטומל, פונם טרייסלען און שאָקלען זיך פון די ווענט, פון דער גאנצער לופט.

אין דעמזעלבן הויז איז געווען א קלויז, א שולכל, און, להבדיל, אויך א "הייזל". און ווען ס'איז נישט געווען מער קיין פלאַץ פאַר דער עקספאנסיע, האָט מען אויפגעבויט שטיבלעך, צימערלעך, דירהלעך אין דער הויך, — פון דעם בוידעם געמאַכט וואוינונגען — "נאדבאָדוואוקעס", האָט עס געהייסן. זיינען עס געווען מאָדנע דירות מיט אלכסונדיקע (קרומע) ווענט, מיט דער סטעליע אויפן קאָפ. און אויך די קעלערס האָט מען מיט דער צייט פאַרוואנדלט אין דירות.

און ווער ס'איז אמאָל אראָפגעקומען קיין וואַרשע און געמאַכט א שפאציר איבער די גרויסע, ענגע הויפן פון א קראָכמאַלנע, סמאָטשע,

גענשע, איז געבליבן שטיין א פארגאפטער, א דערשטוינטער: "אזוי לעבן עס מענטשן?! אין אזא ענגשאפט, אין קעלערס, אין בוידעמער, מיט אזעל־כע פינצטערע און וויסטע ארייננאנגען?!"

יאָ, מען פלעגט קומען אין די יידישע גאסן אויף "בייז־וואונדער" און אוועק א צעבראָכענער, א דערשלאָגענער פון אָט די שרעק־בילדער — א מין דאנטע־גיהנום אין דער וואר, א מוראדיקע געטאָ אין א גרויסער, רייכער שטאָט, וואו די ספּעציפישע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באדינגונ־גען האבן עס פארמשפט א מאסע צו לעבן אזא טרויעריק און פארפינסטערט לעבן!

באזונדערס געדענקט זיך גוט דער הויף, וואו צווישן הונדערטער פארשיידענערליי שכנים, געוועלבער, פאבריקלעך איז געווען די קלויז פון די בראצלאווער חסידים, אָדער ווי מען פלעגט זיי רופן — "די טויטע חסידים", ווייל, ווי באַוואוסט, האבן זיי קיין לעבעדיקן רבין נישט געהאט, נאָר זיינען געווען חסידים, פייערדיקע, ברענענדיקע חסידים פון ר' נחמן בראצלאווער, וואָס איז שוין לאנג נפטר געוואָרן און ליגט באהאלטן אין אומאַן, אין דער סאָוועטישער אוקראינע.

און ווער ס'איז געקומען קיין ווארשע — פון אמעריקע, פון ארץ־ישראל — א שרייבער, א שוישפילער, א קינסטלער, א געזעלשאפטלעכער טוער — איז געגאנגען צו די "בראצלאווער". זיי האָבן געהאט אן ענג שולכל, א פּאָר צימערן בלויז, און זייער צאָל איז געווען בלויז א צען מנינים, אָבער זיי האָבן ארויסגערופן אן אינטערעס און ווען מ'איז נאָר אהין געקומען, איז מען פונדאָסניי געווען פארכאפּט, פארגאפט פונם אינ־ווייניקסטן ברען, פונם חסידישן עקסטאז, פון דער פייערלעכער התלהבות, וואָס מ'האָט דאָרט געטראָפן. אין א געוויינטלעכן פרייטאָג־צו־נאַכט, אין א שבת אינדערפרי, אָדער שבת פארנאכט, צו מנחה און שלוש־סעודות, פלעגט מען אָנטרעפן אזא דערהויבענע שטימונג, אזא פלאַם־פייערדיקע דבקות, ווי עס וואָלט געווען עפּעס אן אויסטערלישער מאָמענט!

דאָס אָרעמע שולכל אין א פּאָר געוויינלעכע צימערן איז געווען באַהאַנגען מיט אויסצוגן פון ר' נחמן בראצלאווערס הייליקע ווערטער פון זיינע ספרים, פונם "ליקוטי מהר"ן", און פון אנדערע ספרים. די ווערטער האָבן פארלאנגט פון דעם חסיד הארץ, נשמה, ערלעכקייט, און טאקע — ווי די חסידים האָבן אריבערגעטראָגן די שוועל פון דעם שולכל, האָבן זיי ווי פארגעסן אָן אלע זאָרגן, נויט און צרות, און זיינען גלייך ווי איבער־געוואנדלט געוואָרן אין אנדערע, העכערע מענטשן. ווי מ'האָט גענומען דאַוונען די "וואָכעדיקע" מנחה, אזוי גלייך האָבן זיך גענומען הערן קלאַ־טשערייען מיט די הענט, התפעלותדיקע אויסרופן, און ס'איז פון דער פשוטער מנחה, פון דער וואָכעדיקער שמונה־עשרה געוואָרן עפּעס א מין נעילה־תפילה. די זעלבע ווערטער, נאָר אנדערש באטאָנט, אנדערש גאָר ארויסגעזאָגט, אנדערש גאָר ארויסגעקלאָגט.

אָבער דער עיקר איז געווען דער טאנץ, וואָס איז געקומען נאָכן דאַוונען. מ'האָט נאָך נישט באוויזן צו פארענדיקן דעם מעריב, אָדער די

מנחה, און שוין האָט איינער אָנגעהויבן דעם באַוואוסטן ר׳ נחמן־ניגון, אָנגעהויבן אַזוי שטיל, פאַמעלעך, ווי פאַרשעמט. און עס האָבן גלייך אונ־טערגעכאַפּט נאָך אייניקע, און באַלד — אַלע. און שוין זיינען הענט גע־ווען געשלאָסן צו הענט, און הענט אויפן צווייטנס אַקסל, און שוין איז אַ ראָד, ווי רינגען אין אַ קייט, און ס׳איז שוין דאָ אַן עיגול, אַ קרייז אַרום באַלעמער־טיש, און ס׳הייבט זיך אָן דער טאַנץ, וואָס איז ביי די ״בראַצ־לעווער״ גאָר אַנדערש ווי אַ געוויינטלעכער טאַנץ. מ׳גייט נישט אַרום און אַרום, מ׳באַוועגט זיך נישט אין אַ קרייז, נאָר מ׳טאַנצט אויף איין אָרט. אַלט און יונג, אַלע האָבן אויסגעטאַנצט, אויסגעדריקט זייער אינעווייניקסטע פרייד און זייער ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט פאַרן הייליקן אָנדענק פון רבין ר׳ נחמן. בעתן טאַנצן האָט יעדער איינער דערגרייכט העכערע מדרגות פון אַריינטראַכטן זיך אין טיפערע ענינים, פון אַרויסטיילן זיך פון די וואָכעדיקע געדאַנקען און וואָכעדיקע מלבושים אין העכערע, אין הייליקערע עולמות...

אין דעם בראַצלאַווער שטיבל זיינען אויך געווען אין די ווינק־לען צוויי שאַפעס, פירעקיקע ווי די היגע טעלעפאָן־ביידלעך. דאָס זיינען געווען פלעצער פאַר פּראַווען התבודדות. און יעדער פון די ״בראַצלאַווער״ פלעגט זיך פון צייט צו צייט פאַרשפּאַרן אין אָט דעם ענגן ביידל, און מ׳האָט געהערט פון דאָרט אַ וויינען, אַ קלאָגן זיך אויף אייגענער שפלות, אויף אייגענער געפאַלנקייט. עס איז געווען אַן אָנזאָג פון דעם בראַצלאַווער, אַז יעדער איינער זאָל בלייבן אַליין מיט זיך און מאַכן אַ חשבון פון איי־גענע מעשים...

און נישט ווייט פון אָט דעם הויף אויף נאַוואָליפּיע, איז געווען אַ הויף אויף קאַרמעליצקע, און אין דער טיף האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון דעם לינקן טעקסטיל־פאַראיין, און דאָרט האָבן אַנדערע ״חסידים״, פאַרפאָלגט און גערודפט פון דער פוילישער מאַכט, געפּראַוועט אַן אַנדער עבודה, געהאַלטן לעקציעס און געהערט רעפעראַטן איבער סאָציאַלער רעוואָלוציע און זיך אינערלעך געלייטערט און אין עקסטאַז זיך באַהאָפטן מיט יענע אידייען, מיט יענעם לאַנד, וואָס מ׳האָט אָפן נישט געטאָרט אַרויסרעדן מיטן אמתן נאָמען. פלעגט די פּאָליציי אָפט מאַכן איבער־פאַלן און יעדעס מאָל געבראַכט ״שטענדיקע איינוואוינער״ אין דער דערביייאַקער פאַוויאַק־תפיסה...

---

יידן האָבן נישט נאָר געבויט פּרעמדע שטעט, פּיתום און רעמסס פאַר פּרעה מלך מצרים, ווי קנעכט פאַר האַרן, — זיי האָבן אויך געבויט שטעט, יידישע שטעט פאַר זיך, פאַר זייער אייגן לעבן און געבויט זיי לויט אייגענער געשטאַלט און פאָרם. און נישט נאָר די גאַסן אין וואַרשע זיינען פאַריידישט געוואָרן, נאָר די גויאישע נעמען האָט מען מגייר גע־ווען: „אייזן־גאַס״, „אייזערנער טויער״, „לעש״, „ווייסל״, „זאַלץ־גאַס״... אין זאַקסישן גאָרטן, וואו אַ ייד מיט אַ יידישן הילוך האָט נישט געטאָרט אַריין, האָט י. ל. פּרץ ״אקופּירט״ פאַר זיך און פאַר זיינע טרוימען, פאַר

דער יידישער ליטעראַטור א באַזונדערע אַלייע. און קראַשינסקי־גאָרטן, אויף די נאַלעווקעס, איז געוואָרן א מין־הינטער־איוון פון אן אמאָליקן בית המדרש און יידן זיינען אויף די בענק געזעסן און אין זייערע שמועסן גע־מאַכט א "טאָלק" פון דער וועלט. און אויף שריט און טריט, אויף פלעצער און ראָגן זיינען פאָרגעקומען וויכטיקע געשיכטלעכע פאַסירונגען, רע־וואָלוציאָנערע, ליטעראַרישע, וואָס זיינען דאַטעס, צייכנס אין דעם גאַנג פון דעם פאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטור־קינסטלערישן לעבן פונעם יידישן פאָלק אין פוילן. די גרויסע יידישע קינסטלער, — פרץ, סאָקאָלאָוו, אַש, נאָמבערג, — שפּעטער קאַגאַנאָווסקי, זינגער און די אַלע יינגערע דיכטער — האָבן עס געפילט, געאַנט, פאַרשטאַנען און עס אויף פאַרשיי־דענע אופנים געגעבן און געשילדערט אין זייערע ווערק.

שוין א מעשה פון פיל יאָרן, ווי די יידישע וואַרשע איז געווען דער צענטער פון דעם יידישן לעבן, און איז אַזוי־אַרום געוואָרן דער צוצי־פּונקט פאַר יידישע יונגעלייט, וואָס האָבן דערפילט א "געטלעכן פונק" אין זייער הארצן און געהאַט א דראַנג אַרויסצוקומען אין דער עפנטלעכ־קייט. נאָך אין די 80ער יאָרן פונם 19טן יאָרהונדערט האָבן אין וואַרשע אָנגעהויבן צו דערשיינען מ. ספּעקטאָרס "הויז־פריינד" (מ. ספּעקטאָר איז אַן אוקראַינער, געבוירן און אויפגעצויגן אין אומאַן, וויניצע), י. ל. פּרצעס "יידישע יודישע ביבליאָטעק", די "יום־טוב־בלעטלעך", ווי אויך פאַר־שיידענע העברייאישע זאַמלביכער, ווי דער "כנסת ישראל", "האסיף", און דערנאָך זיינען אויפגעקומען די גרויסע פאַרלאַגן "אחיאסף", "תושיה" און אַרום זיי — די צייטשריפטן "דער יוד", "יודישע פאָלקס־צייטונג", "ראָ־מאַנצייטונג", "דער שטראַל", און אָנהויב 1905 — די פאַרצווייגטע און לעבעדיקע יידישע טעגלעכע פּרעסע, מיט די פאַרשיידנסטע זאַמלביכער. מענדעלע מוכר ספרים, שלום־עליכם האָבן דאָך געלעבט אין אַפּגעזונדערט, איזאָלירט ליטעראַריש לעבן, זיינען געווען אַלע יאָרן אין אייגענע ד׳ אמות, י. ל. פּרץ איז געווען א "גענעראַל פון אן אַרמיי", אָדער א רבי מיט חסידים (אין גוטן זינען פונם וואָרט). נאָך אין 1901, אויף דער פייע־רונג פון י. ל. פּרצעס 50טן געבוירנטאָג, האָבן די יינגערע שרייבער, א. רייזען, ה. ד. נאָמבערג, שלום אש א. א., אַרויסגעזונגען וועגן פּרצן — "אונדזער רבינו" (רעבינו). — און ווי אויפן ליטעראַרישן געביט, אַזוי אויך אויף אַנדערע געביטן איז די יידישע וואַרשע געווען פאַר די פריי־הייט־גאַרנדיקע און קולטור־לעכצנדיקע באַגאַבטע יונגעלייט פון שטעט און שטעטלעך דאָס אָרט וואוהין מ׳איז געקומען צו שטילן דעם דורשט נאָך וויסן, נאָך קונסט...

און סאַר א וואונדערלעכע באַגייסטערטע, אימפּעטפולע יידישע מאַ־סע מיר האָבן פאַרמאָגט אין פוילן, אין וואַרשע, און ווי זי איז שטענדיק געווען גרייט און מסוגל מיטצוגעריסן צו ווערן פון יעדן שיינעם רוף, אַריינ־געצויגן ווערן אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט, פאַר יושר. און ווי זי האָט געוואוסט צו ערן און צו שעצן אירע פירער, אירע לערער, אירע וואָרט־זאָגער, אירע באַליבטע דיכטער. במשך פון די יאָרן, וואָס כ׳האָב פאַר־

בראַכט אין וואַרשע, איז מיר נישט איין מאָל אויסגעקומען צו ווערן פאַרגאַפּט פון דעם טיפן ענטוזיאַזם, פון דער התלהבותדיקער באַגייסטערונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די מאַסן, אַלט און יונג, מאַן און פרוי. ווי שוין דערמאָנט, די גראַנדיעזע פאָלקס־מאַניפעסטאַציע ביים אויפדעקן דעם מאָנומענט אויף די קברים פון פּרץ, דינעזאָן, אַנסקי (אוהל פּרץ); די פאָלקס־לויה נאָך דער מאַמע פון יידישן טעאַטער, אסתּר רחל קאַמינסקי; פאַרשיידענע פאָלקס־קאָנצערטן; די אויסערגעוויינלעכע פאָלקס־באַגייסטערונג פון דער וואונדערלעכער שלום־עליכם אויסשטעלונג, וואָס יידישע פאָלקס־קינדער פון יידיש־וועלטלעכע שולן האָבן צוגעגרייט; דער דוד בערגעלסאָן־אויפטריט אין גרויסן "נאָוואָשצי" טעאַטער און די 100טע אויפפירונג פון "דעם טויבן" אין קאַמינסקי טעאַטער, וואו דער אומגעקומענער א. סאַמבערג, אונטער דער רעזשי פון דוד הערמאַן, האָט געשפּילט דעם טויבן, וואָס דאָ, אין ניו־יאָרק, איז עס געווען אַ דורכפאַל... די אַרבעטער־פאָרשטעלונגען פון טעקסטיל־פאַראיין און די באַגייסטערטע פאָרשטעלונגען אין וואַרשעווער "יונג־טעאַטער", אין זיגמונט טורקאָווס טעאַטער אין "וואַניט" און נאָך און נאָך.

און די דירעקטע, זעלבסט־פאַרשטענדלעכע און אָרגאַנישע באַטייליקונג פון דער יוגנט אין אַט די אַלע יום־טובים און פייערונגען — פון דער פאַרשיידנאַרטיקער יוגנט — פון די "לינקע" ביז לאַנג־געקליידטע מיט די יידיש־פּוילישע היטעלעך און פּאות פאַרלייגט הינטער די אויערן. סאַר אַ מזל־ברכה, סאַר אַ פריידיק גליק אָט די יוגנט איז געווען איינם יידיש לעבן אין פוילן! די קאָמוניסטן, דער "בונד", די לינקע פּועלי־ציון, די רעכטע פּועלי־ציון, די חלוצים, — אָט די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַרמאָגט אַ טייערע, לעבעדיקע, ענטוזיאַסטישע יוגנט, וואָס האָט מיט איר יונגקייט און פריידיקייט אַריינגעטראָגן אין אַלע פאַרזאַמלונגען, אויף אַלע לעקציעס אַזוי פיל מונטערקייט און באַגייסטערונג.

על אלה אני בוכיה! — אויף אָט דעם טוען מיר קלאָגן און וויינען, — דאָס דאַרפן מיר אַלע, אַלע, אָן אונטערשייד פון וועלכער ס'איז ריכטונג און פּאַרטיי, נישט אויפהערן צו זאָגן. אַזאַ טייערע, אידעאַליסטישע און יידישיסטישע יוגנט, ווי מיר האָבן געהאַט אין פוילן — אין וואַרשע, ווילנע, ביאַליסטאָק און אין די אַלע שטעט! ווען וועלן מיר זי נאָך אַמאָל ווידער האָבן?

צוואוואוקס און נאָכוואוקס, — דאָס וואָס מיר קוקן אַזוי אַרויס און מיר וואַרטן און מיר גאַרן עס צו זען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין קאַנאַדע, אין מעקסיקע, אין אַרגענטינע, אין בראַזיל, — דאָס האָבן מיר געהאַט אין יידישן פוילן, און דאָס האָט מען באַשיינפּערלעך געזען אין דער יידישער וואַרשע.

און נישט אומזיסט: אין לאָדז "יונג־יידיש", אין וואַרשע — "יונג־טעאַטער" און אין ווילנע "יונג־ווילנע". יונג אין גייסט, יונג אין יאָרן. ביי די וויסנשאַפטלעכע רעפעראַטן פון ייוואָ אין ווילנע, זומער 1934, אין מוראַדיק הייסע טעג, זיינען ביי געווען אַ 700 יוגנטלעכע ביי אַן עולם

פון א 1,000 צוהערער.

און טאקע טלאָמאַצקע 13, דער ליטעראטן־פאראיין. פון די אַלע יידישע קולטור־געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, די סאמע אייגנארטיקסטע און מערקווירדיקסטע. דער טרעף־פונקט און דער קאמף־פלאַץ, מיט דער טריבונע פאַר יעדער ריכטונג, און דער עיר־מקלט פאַר נויטבאדערפטיקע. היינט — דר. יצחק שיפּער, דער היסטאָריקער און טעאטער־מענטש, דער ציוניסטישער פירער און דער באגייסטערער פאר יידיש; און מאָרגן — איציק מאנגער, דער טרובאדור, דער וועלוול זבארשער אין א נייעם גלגול; און אזוי אַלע פאַר טעג. און שטענדיק ווי אין א בינשטאָק. אויף די ווענט — בילדער פון די יונגע קינסטלער־מאלער; אין די צייטן פון פאָלקס־פראָנט און קולטור־פראָנט איז דער ליטעראטן־פאראיין אויף טלאָמאַצקע געווען דער צענטער פאר אָט דער אומלעגאלער טעטיקייט. און עס זיינען דענקווערטיק די אַלע פארזאמלונגען, זיצונגען און באראטונגען ארום דעם פאראייניקונג־פראָנט, וואָס האָט אריינגעצויגן אין זיך די אָנגעזעענסטע יידישע שרייבער און קינסטלער. און עס איז דאָ אַלגעמיינע ענלעכע שטריכן און באריר־פונקטן צווישן יענע פארזאמלונגען און דיסקוסיעס פון צוריק מיט א 8־9 יאָר מיט די פארזאמלונגען און קעגנערשאפט פון די לעצטע פאַר יאָר אין ניו־יאָרק. דער קערן, דער תוך — דער זעלבער. אלדאָס פראָגרעסיווע, שאפעריש־געזונטע, ראדיקאלע איז אויף דער זייט פון א ברייטן פאראייניקטן פאָלקס־פראָנט, און די צוריקגעשטאַנענע, די אָפּן און באהאלטן רעאקציאָנערע — קעגנער פונם קולטור־פראָנט.

דורות און תקופות האָבן זיך שטענדיק געטראָפן, זיך צונויפגעשטויסן אויף טלאָמאצקע און זיך קעגנזייטיק באווירקט: דער אַלטער ש. זאקס, וואָס האָט געשאָטן מיט רוסישע ציטאטן פון גריבאָיעדאָוו און נעקראסאָוו, מיט א יונגן גאליציאנער דיכטער, וואָס האָט רעציטירט דעם דייטשן ריינער מאריא רילקע, אָדער א קראָקאָווער בחור, וואָס האָט זיך פארגאפט פון וויספיאנסקין אָדער א באגייסטערטער פון מאיאקאָווסקי און יעסענין. אין דעם קעסל פון ליטעראטן־פאראיין זיינען זיי גיך איבערגעקאָכט געוואָרן — און יידיש, יידישע ליטעראטור האָט זיי אַלעמען פאראייניקט.

און א וואָלינער קלמן ליס, די גאליציאנער מלך ראַוויטש און רחל קאָרן און משה שימעל, א ליטווישער חיים גראדע, אַן עכט־פוילישער ישראל שטערן, דער רומענישער איציק מאנגער, די ווייסרוסישע קאדיע מאָלאָדאָווסקי, און טאקע די וואַרשעווער אהרן צייטלין און בונעם העלער, דער לובלינער משה שולשטיין, דער ווילנער א. סוצקעווער, די לאָדזער י. י. טרונק און משה בראָדערזאָן און פיל, פיל אנדערע — אַלע האָבן זיך געשטערקט די הענט און מ׳איז געוואָרן איינס — מ׳האָט געשאפן די יידישע ליטעראטור אין פוילן.

פארשיידענע צייטשריפטן און זשורנאלן זיינען געשאפן געוואָרן, מיט די אָנשטרענגונגען פון די שרייבער און לייענער, און ס׳זיינען גע־

בראַכט געוואָרן צום אויסדרוק די אַלע געפילן און מאָטיוון, די געראַנג־לעניש און פּראָבלעמען פון דעם יידישן שאַפנדיקן קיבוץ, וואָס איז גע־ווען געזונט און פריש, אַקטיוו און פּראָדוקטיוו, נישט־געקוקט אויף די שווערע פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַדינגונגען, וואָס האָבן געהערשט פאַר די יידישע מאַסן אין פוילן.

אָט די אַלע גרופּירונגען האָבן זיך געהאַט זייערע ווינקלען, זייערע טישלעך אין ליטעראַטן־פאַראיין אויף טלאָמאַצקע 13.

דער ליטעראַטן־פאַראיין איז אויך געווען אַ צענטער פאַר אומלעגאַ־לע פאַרזאַמלונגען און צונויפטרעפונגען. אַלע האָבן עס געוואוסט, און אויך — די וואַרשעווער געהיים־פּאָליציי. און דעריבער זיינען אַרום דעם הויז פון ליטעראַטן־פאַראיין שטענדיק אַרומגעקראָכן די פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, מיט די פאַרשנדיקע, שטעכענדיקע בליקן. זיי האָבן איינעם נאָכגעטשאַטעוועט, איז ער אַריין אינעם ליטעראַטן־פאַראיין. שטייט ער, דער "שפּיק", און וואַרט אָפּ אויף זיין "קרבן." דאָס איז געווען גוט באַקאַנט, און דער "קרבן" האָט זיך נישט געאיילט אַרויסצוגיין. ער האָט זיך גע־קאָנט פאַרגינען, אַז דער "אַגענט" זאָל צוּוואַרטן אַ פּאָר שעה — נישקשה יענער נעמט דערפאַר גוט באַצאָלט פון דער רעגירונג, פון דער "דעפּענ־סיווע" (געהיים־פּאָליציי). און מען פלעגט טאַקע אָפּט רופן פון פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט דעם סעקרעטאַר פונם ליטעראַטן־פאַראיין און מאַכן אים אויפמערקזאַם, אַז ס'איז גאַנץ־באַוואוסט דאָרט וואו מ'דאַרף, אַז דער ליטעראַטן־פאַראיין איז אַ צענטער פאַר די "פאַרדעכטיקע עלעמענטן" וואָס זאַמלען זיך דאָרט צונויף, דעריבער ווערט מען געוואָרנט, אַז... אָבער דאָך האָט מען געהאַט דרך־ארץ פאַר די דריי שרייבער־אָרגאַניזאַציעס— דער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, ליטעראַטן־פאַראיין און פען־קלוב, וואָס האָבן געהאַט זייערע "אָפּיסעס" אין דעם לאָקאַל — און ניט פאַרמאַכט דאָס געפערלעכע אָרט, וואו עס קומען אַריין די "צעשטערנדיקע" אַנטי־מלוכה־שע עלעמענטן.

און אויף טלאָמאַצקע 13 פלעגן אויך זיצן די איינציקע לעבעדיק־אַרויסגעראַטעוועטע פון דעם פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע, — דער שאַנד־פלעק פון לעצטן פוילן — און איבערדערציילן פאַר אַ פּאָר אייגענע וועגן די גרויזאַמקייטן און דערנידערונגען און פּייניקונגען, וואָס ער און אַלע אַנדערע האָבן דאָרט געהאַט אויסצושטיין. און דער בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן און ציין האָבן געקריצט פאַר האַס, פאַר צאָרן...

טלאָמאַצקע 13! אַ צווייטע טלאָמאַצקע 13 איז ניט געווען אין קיין שום אַנדערער שטאָט, און ס'איז גאָרנישט געמאָלט אַזאַ מין אינסטיטוציע אין קיין שום אַנדער לאַנד.

און ווען מען דערמאָנט זיך אין פאַרגאַנגענע יאָרן, אין פאַרלאָפענע יאָרן, אין פאַרשיידענע קולטור־קינסטלערישע פייערונגען און שטרייטן, — שטייט אויף אין זכרון טלאָמאַצקע 13, דער "וואַרשעווער ליטעראַטן־פאַראיין" פון דער ווירבלענדיקער, ברויזנדיקער יידישער וואַרשע!

יאָ, מען קאָן דערציילן און דערציילן וועגן דעם יידישן לעבן אין

פוילן, מען קאָן זיך אָפּשטעלן אויף פאַרשיידענע וויכטיקע פּאַסירונגען אין דעם קולטור־לעבן, מ׳קאָן גאָר באַזונדערס מאָלן הויך־פּונקטן אין די יאָרן 1921—1937, — די יאָרן, ווען עס האָט זיך אין שווערע ווייען אויס־געכאָוועט, אויסגעבילדעט, אויסגעפורעמט דער יידישער פּוילישער קיבוץ. און מ׳דאַרף אַרויסברענגען די פאַרשיידענע פּערזענלעכקייטן, שרייבער און טוער, פּאָליטיקער און קינסטלער, און סתם יידן, ״עמך״־מענטשן, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט דעם יידישן פּוילישן קאָלעקטיוו. דאָס איז אַן אַר־בעט אַ וויכטיקע, און מ׳דאַרף דערצו האָבן אַ גרופּע מענטשן, פאָרשער און קינסטלער, וואָס זאָלן עס אין אַ גרויס ווערק אַרויסברענגען לדורות.

---

דאָס יידישע פּוילן איז געווען אַ ליכט־און לייכט־טורעם נישט בלויז פאַר זיך, פאַר די דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן פון פּוילן גופא. אייגנט־לעך, איז דאָך דאָס יידישע פּוילן געווען דער גייסטיקער צענטער פון דער גאַנצער יידישער מזרח־אייראָפּע. די דערבייאיקע ליטע, לעטלאַנד, עסט־לאַנד, בעסאַראַביע, בוקאָווינע, און אפילו — דייטשלאַנד און אוודאי פראַנקרייך, בעלגיע האָבן גענאָסן, האָבן געלעבט מיט חיות, מיטן צופלוס פון די פרישע כוחות, פון די גייסטיקע אוצרות, פון די ביכער און פאַר־שטעלונגען פון דעם יידישן פּוילן. עס זיינען געגאַנגען הין און צוריק קאַנאַלן פון די אַלע קלענערע יידישע ישובים און קיבוצים צום גרויסן יידיש קיבוץ אין פּוילן. עס איז געגאַנגען אַ שטענדיקער טויש־און־אויס־טויש פון פאָלקס־שאַפונגען, פון פאָלקס־רייכטימער, פון נאַציאָנאַלן האָב־און־גוטס. מען האָט צוגעטראָגן צום יידישן פּוילן און צוריק באַקומען כפל־כפלים. עס איז אָנגעגאַנגען אַ הין־און־צוריק בלוט־און מוח־צירקו־לאַציע, אַן אימפּאָרט און עקספּאָרט. אויף אָט דעם יידישן כוח־און מוח־אויסטויש האָט גאָרנישט געהאַט צו זאָגן די גרענעץ, וואָס די מלוכות האָבן געשטעלט. האָט די פּוילן־מלוכה געקענט פירן אַ העפטיקן קאַמף מיט דער ליטווישער מלוכה, אָבער דאָס יידישע פּוילן איז געווען מיט לייב און לעבן געבונדן מיט דער יידישער ליטע. ביכער, לערן־ביכער, פּיעסעס, רעזשי־סערן, אויפפירונגען, קינסטלערישע שאַפונגען, אָנרעגונגען, איינפלוסן און איינדרוקן האָבן געפלאָסן אַהין פון וואַרשע ווי אונטער דער ערד, אָדער אין דער לופט. מען האָט גערן אויפגעכאַפּט די דערגרייכונגען, די דערפאַ־רונגען, די פאָרמעסטן און עקספּערימענטן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין יידישן פּוילן, און זיי איינגעאייניקט, איינגעהיימישט, איינגעפּעדעמט אין די אייגענע קולטור־געוועבן.

און איז אויפגעקומען אין אַ טשערנאָוויץ אַ איציק מאַנגער, האָט אים וואַרשע אויפגעכאַפּט ווי אַן אייגענעם און דאָן איז ער פאַנאַנדערגע־וואַקסן, געקראָגן אָנזען און חשיבות אויך אין זיין אייגן לאַנד. האָט בו־קאַרעשט פאַרמאָגט דעם אָריגינעלן דיכטער און רעזשיסער יעקב שטערנ־בערג, — איז ער געוואָרן אייגן פאַר פּוילן און פאַר די אַנדערע לענדער, ווי לעטלאַנד און ליטע. און האָט די ווילנער טרופּע, אין אירע פריערדיקע און שפּעטערע פאָרמאַציעס, זיך צו עפּעס וויכטיקס און וואָגיקס דער־

שלאָגן אין וואַרשע, איז געווען נאַטירלעך, אַז ריגע אָדער טשערנאָוויץ, בוקאַרעשט אָדער גאָר פּאַריז זאָלן זיין אויפגעמען ווי אייגנס, טייערס.

אַזוי־אַרום איז וואַרשע און ווילנע געוואָרן און געווען אַ גייסטיקע מעטראָפּאָליע נישט נאָר פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין פוילן, נאָר זיי זיינען געווען און געוואָרן אויך גייסטיקע צענטערן, וואָס האָבן משפּיע געווען אויף הונדערטער טויזנטער יידן אין די שכנות'דיקע לענדער, וואָס זיי אַליין האָבן נישט געהאַט די מאַטעריעלע און גייסטיקע מעגלעכקייטן אויפצובויען אייגענע ליטעראַרישע און קינסטלערישע און וויסנשאַפטלע־כע בנינים.

זיינען דעריבער די יידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס געווען אין זייער תוך אמת'דיקע, פולע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס. עס איז אינטערעסאַנט דער וועג, ווי עס איז געגאַנגען דער יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע. נישט פון אויבן אַראָפּ, נאָר פון אונטן אַרויף. טויזנטער און טויזנטער מאַסן־מענטשן פון הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון פוילן, ליטע, לעטלאַנד, בעסאַראַביע, עסטלאַנד, בעלגיע האָבן געטראָגן ליים און ציגל און אויפגעשטעלט דעם "ייוואָ"־בנין און אויפגעזאַמלט זיינע אוצרות. און סאַר אַ טיפער אונטערשייד עס איז צווישן דעם פוילישן "ייוואָ" מיטן היגן, וואָס גייט גאָר אויף אַנדערע וועגן, וואָס האָט נישט אָט די ברייטע פאָלקס־פעריפעריע, וואָס האָט נישט זיינע פאָלקס־זאַמלער, זיינע פאָלקס־בויער...

גאָר באַזונדערס לאָזט זיך פיל רעדן וועגן די געוואַלדיקע השפעה, וואָס דער לעבעדיקער און שאַפנדיקער קיבוץ פון יידישן פוילן, האָט גע־האַט אויף דער יידישער אַמעריקע. אויף דער יידישער ליטעראַטור, טעאַטער און וויסנשאַפט. — מיר פילן שוין, אַז מיר זיינען דאָ אָרעמער געוואָרן מיטן אונטערגאַנג פון פוילן...

און מיר דערגייען איצט צו דעם פאָלקס־גייסט, צו דעם לעבעדיקן פאָלקס־שאַפן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַרום דעם יידישן לעבעדיקן פאָלק, ווי אַ פייער, אַ פלאַם האַלט זיך אַרום דעם קנויט פון אַ ברענענדיקן לאָמפּ, פון אַ ברענענדיקער ליכט.

די יידישע ליטעראַטור אין פוילן, דורך אירע אַלע פאַרשיידענע אַנטפּלעקונגען, אין די לידער, אין די דערציילונגען, אין די דראַמאַטישע שאַפונגען, אין די פאָלקס־לידער און פאָלקס־אַפאָריזמען, אין די פאָלקס־געזאַנגען, די פּרימיטיווע און די וואָס זיינען אַדורכגעגאַנגען די פּריזמע פון דעם מייסטער־זינגער, מייסטער־דיכטער, די יידישע ליטעראַטור דורך אירע פאַרשיידענע אַנטפּלעקונגען, אין וועלכע עס זיינען געבראַכט גע־וואָרן צום אויסדרוק דורך די פאַרשיידענע פאָלקס־מענטשן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן אין זייערע ד' אמות פון פּרימיטיוון פאָלקס־שאַפן, אָדער זיינען שוין דערהויבן געוואָרן דורך יחידישע, אינדיווידועלע דיכטער — די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אין פולער מאָס אַרויסאַנטפּלעקט אינעם קוועלנדיקן שאַפן פון דעם פוילישן און מזרח־אייראָפּייאישן אידנטום. זיך אָפּשטעלן אויף דעם אויספירלעך, אַרויסברענגען אָט־די אַלערליי פאַר־

שיידנארטיקייטן, די פילפארביקייט און קאָלאָריט־רייכקייט, מיינט ריידן אויספירלעך וועגן די פארשיידנסטע יידישע קינסטלער, וואָס זיינען געקומען אין דער יידישער ליטעראטור אין פוילן און אין אנדערע לענדער ארום פוילן פאר די לעצטע דורות און תקופות. מען וואָלט טאקע באדארפט אזוי גיין און נאָכגיין פוסטריט נאָך די פארשיידענע מערקווירדיקע דיכטער און קינסטלער, וואָס האָבן געבראכט אין זייערע ווערק, אין די פּאָלקאָמע און אין די נאָך נישט אינגאנצן רייפע אָט דאָס אלץ, וואס האט זיך אָנגעזאמלט אין דעם "בית־היוצר", אין די גייסטיקע ווארשטאַטן פון דעם יידישן פאָלק.

אין די שאפונגען פון די אלע יידישע דיכטער און שרייבער, וואָס זיינען געקומען פון די סאמע טיפענישן פונעם פאָלק, זיינען געבראכט געווארן צום אויסדרוק פרייד און ליידן, צער און צאָרן, פיין און התלהבות, וואָס האָט זיך געווארעמט און זיך אויסגעכאָוועט אין די טיפקייטן, אין די תהומות און אין די הימלען פון דעם יידישן פאָלק, — דעם שווער־געפרואווטן און שטענדיק־זוכנדיקן, וואָס האָט זיך כסדר געראַנגלט מיט דער וועלט און איז דאָך ארויס א זיגער, — פון דעם יידישן פאָלק, וואָס איז פארטריבן געוואָרן דורך די ארומיקע שונאים אין א געטאָ, פאריאָגט געוואָרן אין טעמפע ווינקלען אָן אן אויסוועג, און דאָך אין די סאַמע שווערסטע באדינגונגען, אין צייטן פון געפאר נישט אויפגעהערט צו בויען אן אייגענע דערהויבענע וועלט, וואָס די שפּיצן דערלאנגען אזש ביז די העכסטע היכלן. אָנגעוואָרן דעם באָדן, האָט דאָס פאָלק זיך געריסן צו אויסגעחלום׳טע הימלען, און אין דער שווערסטער דערנידערונג נישט אויפגעהערט צו טרוימען און צו שטרעבן צו א סאָציאלער־גערעכטער וועלט, וואָס וועט אויפגיין אויף די חורבות פון דער איצטיקער אומגערעכטער און פאלשער. און נישט נאָר טרוימען און שטרעבן, נאָר די יידישע מאסע, דאָס יידישע פאָלק איז געוואָרן דער סימבאָל פון די קעמפער פאר א נייער פרייער וועלט, און האָט טאַקע צוגעשטעלט א גאָר גרויסן פראָצעס קעמפער פאר דער נייער וועלט. און נישט אומזיסט האָט דער פאַשיזם און נאַציזם, און אין זיין סאמע העסלעכסטן אויסדרוק — דער היטלעריזם — זיך געשטעלט פאר זיין הויפּט־אויפגאבע און עיקר־ציל אומצוברענגען און אויסראָטן פריער פון אלץ און דער עיקר די יידישע באַפעלקערונג, דאָס יידישע פאָלק פון גרויס ביז קליין. ווייל נאַציזם און פאַשיזם — און יידיש פאָלק און יידיש גייסט זיינען צוויי קעגנזאצן, וואס קענען אין איין וועלט, אין איין צייט ניט לעבן, ניט עקזיסטירן.

די ווילדע נאַציסטן, די פאשיסטן האָבן אין א גרויסער מאָס, אין גאָר א גרויסער מאָס דערגרייכט זייער ציל, — זיי האָבן מיט די סאמע ברוטאַלסטע, מיט די סאמע ווילדסטע מיטלען פארניכטעט, פארפייניקט, פאַרמאָרדעוועט גרויסע טיילן, די גרעסטע טיילן פון דעם יידישן פאָלק אין די אלע לענדער, אין פוילן, אין ליטע, און וואָלין, אין אוקראאינע, — אָבער לאָמיר האָפן, אז דער יידישער גייסט וועט בלייבן לעבן, וועט נישט אויסגעלאָשן ווערן.

עס איז אַמאָל געווען א וואָרט בא יידן: עס גייט נישט אונטער די זון אין איין אָרט, ווי זי זאָל נישט אויפגיין אין אַן אַנדער אָרט.

דאָס מוז זיין פאר אונז א לאָזונג, א רוף, א הייליקער זאָג און אָנזאָג:

נצח ישראל לא ישקר! — דאָס אייביקייט פונעם יידישן פאָלק וועט קיינמאָל נישט פאַרראַטן. מיר טאָרן נישט פאַרגעסן אויף איין רגע אונזערע גרויסע מאַרטירער, די אַלע מיליאָנען אומגעקומענע און פאַרפּייניקטע ברידער און שוועסטער, די פּשוט'ע יידן און די שרייבער און די קינסטלער, — מיר טאָרן זיי נישט פאַרגעסן. אָבער נישט דורך דריקנדיקן, שווערן טרויער וועלן מיר פאַראייביקן זייערע נשמות, זייערע ליידן, זייער מאַרטירערשאַפט, נאָר אין דעם דראַנג פאַר א ווייטערדיקן לעבן, פאַר א ווייטערדיקן שאַפן אין גייסט און אין ליכט, און ווי א המשך פון זייער לעבן און שאַפן, וועלן מיר צוגעבן א זין, א מיין די קרבנות, דער מאַרטירערשאַפט.

דער היטלעריזם האָט געוואָלט פאַרניכטן דעם יידישן גייסט, אויסראָטן אים, אָפּמעקן אים פון דער ערד, — דאַרפן מיר, אדרבא, פאַרשטאַרקן דאַרפן מיר ווייטער הויך טראָגן דאָס יידישע וואָרט, דעם יידישן גייסט, דעם גרויסן ווילן פונעם אייביקן יידישן פאָלק ווייטער צו לעבן און ווייטער פאָרצוזעצן זיין יידיש לעבן, וואָס ציט זיך איבער יאָר־טויזנטער און איבער לענדער און קולטורן, איבער מסירת־נפש'ן און קידוש־השם, צו א נייער ליכטיקער און שענערער וועלט.

דערמיט וועלן מיר באַרעכטיקן די קרבנות, דערמיט וועלן מיר אויסקויפן אונזער ווייטערדיקן לעבן, דערמיט וועלן מיר ווייזן, אז מיר ציען דעם המשך פון די אומגעקומענע.

און מיר דאַרפן שטענדיק האָבן אין זינען דאָס יידישע פּוילן, וואָס עס האָט געלעבט און געשאַפן, געשאַפן און געלעבט.

* *
*

שלמה שווארץ

# אַ פליג איז געקומען אויף מיין פענצטער שטאַרבן

(מיין ליבן קאָלעגע: פּראָפעסאָר לעאָ שאַפּיראָ)

דער הימל—אַ פינקלדיקער פיבער.
מיין ניט געבוירענער זון שלומערט צווישן מנינים.
די נאַכט פאַרטשעפּעט אין אויג
שניידט דעם טאָג אַריבער.

איך, דער נאָענטסטער מחותן, דערהער זיין וואונק.
בלויז די לבנה דערמאָנט מיר אין פליגל.
די נאַכט, די פירערן, לייקנט שטיין און ביין—
די אויג וואַקסט אין צעשפּאָלטענעם קריגל.

מער און מער וואונדערלאַך ווי דער געוויין
איז דער וואונדער פון זיין טרויער.
איין זאַך אָבער איז קלאָר:
די הללויה'ס, דער קאָסמישער חן.

דער גראָזנהאָפּסער גרילט אויף מיין שוד,
אַ טרער אין שפּרונג.
שפּיל זיך מיט מיר, דו ניט געקומענער—
פאַראורטייל מיך צו זיין יונג.

כ'בין גאָרניט איצט. ס'איז יעדער שטן אַ לוי:
דער חלום מיינער, אַ כהן.
דער זייגער אין רעגלמעסיקע שליחות,
אַ דרינגנדער עדות פון סליחות.

האָב זיך אויסגעטאָן פון אַלע צעריסענע טענער
מיט נאַסע בלעטער זיך פאַרוויקלט אין אַ דרימל.

די אויגן ווי וואָלקנס אין זיבן פּלעצער
הענגען שטום אין פאַרשלאָסענעם הימל.

2

דער זיידע שטייט הינטער מיר:
כ'בין מוכן ומזומן!
דאָס ביסל ליכט מאַכט שיכור,
די לעגענדע וויל ניט שטומען.

און עס ברעכט זיך דער אַלטער
ווי אַ דאָרן אין פלאַמען:
צו וואָס פאַרסם'ען דעם גליאיקן כוס,
צו וואָס? האַ, צו וואָס?

נאָר די לעגנדאַרישע באָרד
פאַרבט מיין יחוס.
יאָ צי ניין—די שעה צערינט,
די שעה איז מאָס.

א לויב דיר, שיקזאל, איז מיין וועלט דער גאז־קאַמער.
דאָ איז אַלץ: געציפּערטע געשטאַלטן, נומער פון מיין צעל.
דער ווינט טוט אויס די שעה פון יונג און פון אַלטן,
דער זייגער קלינגט—די שעה מוז זיך שפּאַלטן.

עס וויינט אַראָפּ דער ווינט פון יונג ווייב'ס לענדן,
דער פרימאָרגן איז גוואַלדיק רוי;
נאָר דער הונגער לאָזט זיך ניט פאַרבלענדן,
די נאַכט פאַרשווינדט צווישן רויט און בלוי.

דער שוויגיקער אמת איז פאַרביק און נאָענט—
די תרועה'ס פון אייביקן זיידן.
די רגע זינקט. א וואָרצל צו וואָרצל לאַכט:
מיין קינד, ליגסט תמיד פאַרקנעפּלט צווישן אונדז ביידן.

3

דערנעבן, עמיל זאָלאַ שמייכלט פון ראַם אַרויס,
דער זיידע הינטער מיר, א רייפער סאָלאָ!
די אותיות שוועבן אין טאַטנס הויז:
קום אַראָפּ! קום אַראָפּ!

ביז די נאַכט ווערט זאַט מיט מיין אָטעם
קום אַראָפּ!
די ערד אַנטלויפט קיינמאָל ניט פון אונטער אונדזער קני—
מיר בליען ווי פעלדער;
נאָך אין די וועלדער ,יאָ, יאָ מיין זון, מ׳דערציילט:
די לבנה, א צעשאָסן אויג, קייקלט זיך נע ונד.

מיין שוועסטער טרינקט ווי תמיד לאָאָ־צעס ביינקשאַפט.
דעם לאָמפּ נישט אָנגעצונדן.
די שטערן שיכור.
דער ווייזער קריכט צו מיסטישע אַלטאַרן
זינגט דעם שעה׳איקן דועט
פון אונדזער קרן׳דיקן עיקר.

פון שיר־השירים ביז איכה—איין כתב.
די זון ליגט געפאַנגען אין ביבלישע וואָזן.
דער פאַרנאַכט אַ מאַנדאַרין אין רואיקן שפּאַנען.
כ׳זע דיך, מילי־מילי־מאָלן אין קוואַליקע עקסטאַזן—
קום אַרויס צו מיר, ניט פאַרגיי פון דאַגען.

פון בערדיטשעוו ביז ווארשע—איין ציטערדיקער קדיש.
די קאַנאָנען פאַרוויגן אי גאָט, אי רוים.
דער טרוים איז מיד. דער ים מיט בלויע רייד,
דער זאלץ, א שאַרפער ים־שריפט—זיגזאגיק.
ס׳רעדט די ביקס א פּראַסטיקע טראַגיק.

4

כ׳האָב היינט געזען מענטשן אין שטרייט פאר צייט.
איך בין איינער פון זיי.
דער בליי—
ציטעריקע ברעקלאַך פון אַן אויסגעלאָשענעם יום טוב
זילבערט די גאַס מיט ציגנלדיקע קלוגשאַפט.
איך ווי זיי
האָב אין מיטן גאס געשלאָגן די פארשטיינערטע צייט.

מיין אינגלשקייט שווין לאַנג פאַרשפּילט.
דער שטן אין וויגקל ער וואַרט שטענדיק.
די טריט פאַרשווענדיק—
דאָס אויג אַ שרייאיקער מדבר.

דער ווילדער טומל, מעטראָפּאָלישער אַרשין:
ס׳איז מיין, ס׳איז מיין.
ס׳קלאַמערט זיך גוף אין יעדן שטיין—
כ׳בין כוואַליע, כ׳בין שיין.

כ׳בין איד! צעגליט—אַ ווירקלאַכקקייט.
אָט זע!
מעטראפּאָלישע פּיראַמידן
שטייען ווי אידן
מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער צו זיין
קדושה.
גלייך ס׳וואָלט משיח אין גרויען גראַניט
זיך פאַרשמידט
(יהודה ליגט פאַרהילט)
מיט אונדזער ירושה.

דער ווילדער טומל פירט מיך צו דיר
דורך וועלטלאַכע געפאַרן.

5

די נאַכט צאַפּלט זיך צווישן שאָפּנס פינגער
ווי זאָל איך פאַרזיגלען דעם שניי?
דער אויער, אַ ווייטיקע סטרונע,
אין אָפּגרונט וויינט די לאַרעליי.

כ׳בין אומרוהיק. דער געקרייציקטער עלנט
אָן אַנגעצונדער דיסקאָרד.
קום א פאַרשטעלטער דורך די שטערן—
אין וועלדל פירט מיין ברודער׳ס וואָרט.

פון מיין קני—אַ שופר!
צעפראַלטער עכאָ מיין ביינערדיקער האָרן.
די געטלאַכע שעה איז אויפגעריסן
די ציג שפּרינגט פון שעקספּיר׳ס גאָרן.

כ׳האָרך, ווי שטריק די פּראָליפּישע גראָזן
בינדן מיך ווי אין פרישע בראַנדן.
דער עפּלבוים איז דאַר און אויסגעלאָדן:
זיי מוחל מיין שפור אין רוישיקע גראַנדן.

6

אוראַלט און אולטראַ אויף שטאָטישע אַספּאַלטן.
די מאָנונג ווערט גרעסער
צווישן מויערן.
כ׳הער לוי יצחק באַרדיטשעווערס טענה
אין וואַלט וויטמאַנס סטראָפן—
די לבנה הילכט אין די אויערן.

איצט איז די לבנה, אַזוי זאָגט מיין טאַטע,
אַ פאָנאָגראַף־פּלאַטע אין שויב.
משה איז ווייט. דער הויכער אייבי,
די אומפאַרענדיקטע גאָטע צווישן שטיין און שטויב.
דזשאָן בראַון אַ שטאַרקער אות אין מיין קינה—
די מידה פון שטאָלץ די בר כוכבא׳ס מינה.

דער ווינט איז פול מיט מוסר, אַ פלאָג!
אַזוי האָט דער גורל ניט צעעפנט דעם טאָג
פון דיין קומען, צי געדענקסטו,
ווען די לבנה אַ גליאיקער זיגל (אין רוים־רונדן)
האָט פון אונטער דיין הימלישן וויגל
אַ שאַכברעט פון שטערן צעצנונדן?

דער זיידע ווי תמיד די רצעות ציילט.
פאַרטיילט אָן אויפהער די בלוטיקע דועטן.
די פּראָפעטן שטומען הינטער דיינע וויגן:
אלץ איינס, צי איך בין איינס, צי צוויי—
פון מאַדריד ביז טרעבלינקע, איך, דער אָנקל טאָם,
מענטשלאַכער סימן אויף בערג און שטיגן.

7

לאָמיר זיך פאַרוויגן.

אַ פליג
פון פלי, פאַר פלי,
פון לענדער ווייטע, ווייטע—
איז אויף מיין פענצטער געקומען שטאַרבן...

פון צענטן גאָרן
פאַרלאָרן געוואָרן.

ס'איז אַזוי געשען:

די פליג
פון פלי, פאַרפלי
פון לענדער ווייטע, ווייטע—
אַ טאָג אַ גאַנצן
הכנעהדיק זיך אין ווינטער זון געוואַרעמט:
פאַר די שאַרפע קאַלטע ווינטן
אין אַ ווינקל זיך פאַררוקט,
ווי אַן אַלטע אידענע נייגעריק
אין מיין צימער אַריינגעקוקט...

באַנאַכט
די פליג
פון לענדער ווייטע, ווייטע—
מיט אויגן שוואַכע דורך די קאַלטע שויבן

דערזען:
לעמפלעך עקזאָטישע, קאָלירנדיקע,
רויטע ליכט געצונדענע,
בלענדנדיקע.

דערזען אַזעלכע שטאַרק ליכט—
האָט די שוואַכע פליג, אוי ווי,
גלייכגעוויכט פאַרלוירן
איז אויף דער קאַלטער ערד אַראָפּגעפאַלן
פון צענטן גאָרן.

האָבן פליגן זקנים
פון ווינקעלאַך פאַרבאָרגענע
נעבעכדיק אַרויסגעקוקט,
ווי חסידעמלאַך קליינע
זיך געשאָקלט אין דער נאַכט
מורמלענדיק שטיל:
ניט געדאַרפט געוועזן צו הויך קריכן
ניט געדאַרפט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער זיידע אין קאָסמאָס ניגון
וויל דעם אייניקלס טרער פאַרוויגן.

8

מיין זון, גייסט היינט ניט אין דער מלחמה.
דער ביקס זשאַווערט אין א ווינקל.
כאָטש דער ביקס באמת גרייט זיך צו דער גאולה
פון דיין אינגלישען גוף.
ס׳האָט דאָך אברהם, זון יצחקן צו דער עיקדה געפירט
ניט אויסגעפירט האָט אָבער דער חלף.

נאָר איך האָב דיר אָנגעוואוירן.
איבער נאָכט אַ וועלט פארלוירן.

כ׳האָב זיך געשפּילט מיט דיינע כלי זין
קעגן דער פאַרנאַכטיקער שעה —
אָה, וואונדער! דאָס שפּילצייג פון בלוטיקע טענער.
ניט געכאַפּט זיך אַז דו ביזט ניטאָ.
זיך אָנצופרטרויען דאָס בייז וואונדער
אין מעשענעם שפּיל פון שטאָלענע מענער.

נאָר איך האָב דיר אָנגעוואוירן.
איבער נאכט אַ וועלט פארלוירן.

איצטער־אָ, ליגט די שעה אַנטשוויגן.
דערוואַרט נישט אין מיין אויג קיין שליטה.
די ערד איז ווייך. דער שטן אַ לאנגע מיטה.
צי אין גאָלד, צי אין גרין, צי אין בלוי,
דו פּיבערסט אייביק אין מיינע גלידער.

נאָר איך האָב דיר אנגעוואוירען.
איבערנאכט אַ וועלט פארלוירן.

9

דער טויט האָט מיך דערמאָנט
אַז איך ליג וועלפיש אומבאַרוט אין שוואַרצן וואַלד.
יעדער ריר פון דיין מינוט
געבוירט מיך אין גרינעם באַלד.

כ'ווער דער צויבער שפּרוך, די הייליקייט פון ליכט.
ס'בליען די שטיקער נעכט אין מיר
אויף דעם באַגין.
כ'האָב זיך אָפּגעבונדן פון מיין פעלזיקער אַליינקייט
זיך פארנשמהען אין געמייסטערטן אָמן.
און פון דאָרט — גאזקאמערדיקער וואָרט:
וואוהין? זאָג, וואוהין?

* *
*

# יצחק בערלינער

(מעקסיקא)

## איך בין א ייד

איך בין א ייד—א ייד וועל איך שוין בלייבן ביז דער ענד פון אלע ענדן!—
איך בין א ייד—איך טראג אויף מיינע אקסלען, פון יאָרהונדערטער, די
לאסטן — —
צוויי טויזנט יאָרן—אָנגעפילטע לאָגלען ווי און צער אויף מיינע לענדן,
און אַלע טעג פון יאר—דרייהונדערט פינף און זעכציג תשעה באב'ס
צו פאַסטן — — —

און אַלע וועגן זיינען מיר באקאַנט, אויף אַלע בערג האָב איך געקלעטערט—
איך בין דער ריז פון אַלע פיינען און פון אַלע ביטערע רעיונות — —
איך פאַל אין יעדן אָפּגרונט און אויף אַלע בארגשפּיצן איך ווער צעשמעטערט,
פאַר זיבן פאר אלעמענס כ'קום אָפּ און כ'שוויג אויף אַלע זיבעציק לשנות...

אַזויפיל בלוט מיינס גליוועָרט אויף דער ערד און קיינער קען עס ניט
פארוואשן,
און אַלע וועלטן־שריפות ברענען אויף מיין לייב און כ'גיי דורך אַלע בראנדן,
מיין קאָפּ ער ווערט צעבראזגעט אָן אַ וואַנט, כ'ווער אויך אַ קסעטעלע מיט
אַשן,
אויף אַלע שבעה ימים וואָגלט־אום מיין שיף אין ערגעץ נישט צו לאַנדן...

פון הימל הענגען שטראַלן פון דער זון, ווי צאַנקענדיקע געלע קנויטן — —
באַנעמען מיינע חושים ,אַז דערלייזונג קומט דורך חושך דעם געדיכטען.
איך היט־אָפּ אַלע מצוות און יעטוועדע רעגע כ'שטאַרב מיט תרי"ג טויטן —
תחית המתים שטיי איך ווידער אויף, ווייל ס'קען מיך נישט דער פיינט
פארניכטן...

איך בין אַ כשוף־רעדעלע און ס'דרייט די וועלט מיט מיר אין אַלע זייטען,—
איך ווער דערשטאָכן און דערשטיקט, פון הונגער, דורשט כ'גיי אויס און
ברען אויף שייטער;
אויפסניי ווער איך געבוירן, ווי דער ליכטשטראַל פון בראשית כ'לויכט
דורך צייטן — —
איך בין א יידי! — און וועל ביז טאָג דעם לעצטן אויף דער ערד ארומגיין
ווייטער ! — — —

# בטחון

דו זאָגסט ס׳איז נס און איך זאָג — וואונדער,
ווען ס׳שטייט דער מענטש מיט הענט פאַרבראָכן,
ווען ס׳גוסס׳ט פרייד אויף ערד אויף רונדער,
צי איז דען נישט קיין נס — בטחון ?

אַפילו נאַכט מיט האַרטסטער פינסטער
קען אויבעט נישט דאָס ליכט פאַרשטעלן, —
עס שפּאַרט זיך דורך דער שטראַל דער דינסטער
פון אַ חלום אַזאַ העלן — —

דורך יאָרן טויזנטער עס רייסט זיך
ס׳געזאנג דאָס קלאָרסטע פון געזאנגען
און ווידער קומט זי און באַווייזט זיך
די זון נאָך אַלע אונטערגאנגען — —

אינמיטן וועלט פון גרויל־געפּארן,
אויף דורכגעזאפּטער ערד פון טרערן —
ווי קען אַ מענטש אַליין זיך נאַרן
און נישט דערזען די שעה פון ווערן?

ווי קען אַ מענטש אַליין פאַרפלאָנטן
די טריט אין גאַנג צו ליכטיקייטן,
ווען דורך דעם ראַנד פון האָריזאָנטן
עס מיניעט ליכט פון העלע ווייטן?

ווי קען אַ מענטש אַליין פאַרמאַכן
די אויגן זיינע פארן אמת? —
ס׳איז אַ נס, צי וואונדער, — טאָ זאָל ער וואַכן
אין ווייטן וואָר, אין נאָנטן רמז! — —

# אַ וואָרט האָט געגליווערט

אַ וואָרט האָט געגליווערט ביי מיר אויפן גומען,
נאָר כ׳האָב ניט באַנומען פון וואָרט דעם באַדייט —
און אוממעכטיק, שטייף, ווי אויף צונג פון אַ שטומען,
אַ וואָרט האָט געגליווערט ביי מיר אויפן גומען, —
איצט רייסט זיך דאָס וואָרט פון מיין מויל און עס שרייט.

רעגיר מיט מיר, גאָט, ווי דו ווילסט מיך רעגירן,
מעג פינצטערניש פאַרבן אויף שוואַרץ מיין געזיכט,
פאַרמאַכט האָסט די זון מיט פארשלאָסענע טירן...
רעגיר מיט מיר, גאָט, ווי דו ווילסט מיך רעגירן,—
לאָז אָפן פאַר מיר כאָטש אַ שפּעלטעלע ליכט!

זאָל זיין, אַז געדעכט ביסטו, גאָט, אין דיין טועָן,
ניט לעסטערן וויל איך דיך איצט מיט די רייד, —
אויב ס'איז בלויז אַ חלום, ווי קען מען דען רוען?
זאָל זיין, אַז געדעכט ביסטו, גאָט, אין דיין טועָן, —
באשפּריצט האָסט מיין טרויער מיט טראָפּנדלעך פרייד.

געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען
די אויגן צו זעען, צו שרייען — מיין שטים — —
אויב ס'איז מיר באַשערט אזוי אייביק צו בלאנקען, —
געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס דו האָסט מיר געשאָנקען
אַ חלום — כ'זאָל קענען זיך הילן אין אים — —

סוף נאַכט! — און מיין וואָרט הייבט אָן ווערן געלייטערט
און פלאָמט אין מיין מויל ווי צעפלאַקערטער קין.
דער חושך ווערט בלאַס און פארגייט, זיך דערווייטערט — —
סוף נאַכט! — און מיין וואָרט הייבט־אָן ווערן געלייטערט
און קומט־אָן צוזאַמען מיט זון צום באגין — —

## ביים גורל אין די הענט

ווער ס'זעט דאָס לעבן העל —
דער שפּינט זיין חלום און ער בויט,
ביי וועמען ס'לעבן איז אַ לעשנדיקע קנויט —
בלייבט שטיין אויף פּרוכנער שוועל.

אויף גורלס קלייד — אַ צוים, —
דאָרט הענגט דער זיין פון מענש, ווי אויף אַ פעדימל אַ דינס — —
ווער ס'טראָגט אַ שווערקייט אויף זיין ברוסט,
דער פילט פאַרלוסט,
דער זעט נאָר אונטערגאַנג פון צייט — —
און איך זע אויך די צווייטע זייט —
געוווינס,
איך זע דעם ווערט

פון חלומען אין וואָר,
אין טיפעניש פון האַרץ פאַרמאַכט.

עס שפּרייט זיך נאַכט,
פאַרדעקט די חורבות פון דער ערד — —
און איך זע ליכט שפּאַרט דורך דער פינצטערניש, ס׳גייט־אויף
דאָס לעבן מיט ממשות און מיט זיין — —
ווער ס׳זעט דעם סוף,
נאָר איך זע אָנהייב פון באַגין.

ווער ס׳זעט נאָר בלויז דעם חושך און זאַפּט־איין אין זיך דעם
גאַרן פּיין —
דער טרינקט זיך אָן מיט סם — —
און איך טרינק אַלץ נאָך פונם כוס פון ליימענעם דעם אַלטן וויין,
ווי אָמאר אל קאיאם.

עס מישן־אויס־זיך רגע, שעה און טאָג
מיט אייביקייט, —
לויפן זיי, אין ראַשיקן געיעג,
די כוואַליעס פון דער צייט
אַריבער מיין געביין.

דאָס לעבן האָט אַזויפיל מיאוסקייט און אַזויפיל חן,
אַזויפיל טוגנט און נאָך מערער זינד — —
ווען ערד איז דורכגעווייקט אין בלוט, זע איך דאָס פעלד
וואָס גרינט.

עס פלאַקערט איבער מיר מיט רוגזה און זי כעסט זיך און
זי ברויזט
די זון — די פייערדיקע פויסט,
עס ברומט דער ווינט און שרייט
און וואָרנט מיך און זאָגט מיר אָן: —
— עס קומען־אום אַזויפיל קינדער פאַר דער צייט
און נישט געבוירענע נפשות אין עמבריאָז,
וואָס האָבן קיינמאָל נישט געזען פון ליכט דעם בלענד,
און דו
ווילסט איינהאַלטן די רו,
שפּיזסט־דורך מיט חלום־בליק, און טרוימיקן היפּנאָז,
דעם הימל־בלוי,
אָט שטרעקסטו דיינע הענט
צום פעלד

און גלעטסט
באַגינענדיקע פייכטקייט פונם גראָז
מיט אייפער און באַגער,—
דו שפּילסט זיך מיט אַ טרער —
אַ טרער איז יעדער טראָפּן טוי — — —

און איך, — וואָס גרויס איך זיך אַזוי
מיט יאָרן מיינע שטיין געבליבענע אין מיט פון זיין
און וואַרט
סטאַטוע־הארט,
אַפּאָלאָ־יונג?
ווען ס׳רייסט זיך פון מיין קעל
און צאַפּלט אויף מיין צונג
אַ קללהדיק געשריי
צו וועלט פון מיאוסקייט און שאַנד,
צו מענשלעכער געוואלט? — —

מיין בילד, וואָס הענגט ביי מיר אויף וואַנט,
עלטערט זיך, ווערט אַלט,
אויף קאָפּ פון בילד בליט ווינטער — שניי,
די בליקען — שטאַרער צין,
אויף פּנים האָט די צייט — אַ פייל —
אזויפיל קנייטשן אויסגעפיילט — —

און איך, — ווי האָפּערדיק און יונג געבליבן בין —
איך שפּאַן אַריבער מיינע יאָרן און איך גיי,
ווי דאָריאַן גריי
ביי אָסקאַר ווײַלד — — —

# אַ פרוי פון נעכטן

אַ שלאַנקע פרוי איז פאַר מיין פענסטער איצט פארבייגעגאנגען
מיט שוועבנדיקע לייכטע טריט, מיט שוואונג פון ווייסע
שוואנען — —
און טיף אין האַרץ מיר האָבן אָפּגעקלונגען ווייטע קלאַנגען,
ווען ס׳איז מיין גליק — אַ חלום — איר פון הינטן נאָכגעגאנגען,
נאָך אויסגעטרוימטע העלדין פון צוועלף־טייליקע ראָמאנען...

אַ פרוי, וואָס שוועבט פאַרביי מיט קאָפּ געהויבן אַראָגאַנטיק,
וואָס טראָגט ניט קיין קאסמעטיק אויפ׳ן לענגלעך־פרישן פּנים;

און איצט, ווען אין איין טאָג עס קרייצן מענשן דעם אַטלאַנטיק,
ווי קומט אַ פרוי אַזאַ פון בלויע צייטן פון ראָמאַנטיק
אַ ווייטן חלום מיר, אַ לאַנג־פארגאנגענעם, דערמאָנען? — — —

אַ פרוי, — און איך באַטראַכט איר שטילן גאַנג אַזוי פארוואונדערט;
און אירס אַ בליק, מיר דאַכט זיך, פון אַן אַלטן ווייַן דער שוים
איז — —
ווען ס'האָט די פרומע שטילקייט פון דער וועלט זיך אָפּגעזונדערט
אין רויטע שטורעם־צייטן פונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
ווי קומט אַ פרוי אַזאַ דערוועקן אין מייַן האַרץ חלומות? — — —

## אויבן אויפן שלאַכטפעלד

לויפן־אַן די כמאַרעס, רינגלען טאָג דעם העלן אין אַ פסאטקע, — אַ בלאָקאַדע,
רגעס זיך פארפעסטיקן ביי ראנדן פונם האָריזאָנט — די באריקאַדע.

בליצן — שפיזן, — שטעכן וואָלקנס — זעלנער, ווייטער אָפּקלאַנג ס'רוישן
פון אַוויאָנען,
קראכן איבער הימל־שלאַכטפעלד דונער־קנאַלן, ווי די שאָסן פון קאַ־
נאָנען — —

שלאַכט גייט־אָן מיט אימפעט און עס הערט זיך דאָס געוואָי פון ווינטן —
די באפעלן,
כליאפעט רעגן — טרערן פון מיליאָנען אויגן, ס'פאלן האָגלען — די
שראפנעלן, —

ס'רוקט זיך די ארמיי אַלץ ווייטער, ווייטע ציטערדיקע דונערס — פולע־
מיאָטן —
פאַלן רגעס — בראַווע זעלנער — אונטער גרויע כמאַרעס — טענקס —
צעקוועטשט, צעטראָטן — —

קומט דער אָוונט — די מפּלה, — בלוט אויף הימל־פעלדער נאָך די גרויסע
שלאַכטן — —
צו דער פינצטערער אָקאָפּע — נאַכט — עס לויפט באהאלטן זיך די זון —
דער פּחדן — — — — — — — — — — — — — — —

סוף פון קריג, ס'איז שלום אינדערהייך, — דער חושך ער הייבט אָן אראפּ־
צופאלן — —
הימל — גאָטס מונדיר — באהאָנגען ווערט מיט שטערן און לבנה — די
מעדאלן — — —

## כ׳בין ווידער היינט געווען פארטיפט
## אין ביטערע רעיונות

כ׳בין ווידער היינט געווען פארטיפט אין ביטערע רעיונות,
מיט אויגן ווייט פארקוקט זיך אין דער פינצטערניש דער שווערער,
דער חשך האָט אַראָפּגענידערט טיפער אַלץ און מערער, —
פארשוואונדן איז דער דיל און דער סופיט פון אויבן, — שוין איז
געוואָרן מיין אַרומיקייט אַלץ ליידיקער און לערער — —

די נאכט צעלייגט זיך און זיך וויקלט, וויקלט־איין מיין שאָטן,
די ווענט צעפאַלן און עס ווערט אַ גאַס נאָך אַ גאַס פאַרשוואונדן
און שטאָט נאָך שטאָט ווערט נעלם ביז צום האָריזאָנט דעם רונדן
און כ׳פיל, אַז מיינע אברים זיי ווערן אויך צעשאָטן
און יעדעס גליד ווערט גרינג און לויז, ווי קנופּן אויפגעבונדן — —

און הענט און פיס און אויגן, פינגער, צונג און קאָפּ און גומען —
אַיעדער פאַר אַן אנדער זאַך געוואָרן איז באַרופן, —
עס האָט מיט צער מיין צונג ביים נאָמען עמיצן גערופן,
די ערד ווי אַן אויפגעשאַרפטער בויך זי האָט גלייך צוגענומען
און מיינע אויגן האָבן שטיל געטרערט אויף קופּעס גופן.

און אנגעהויבן האָבן מיינע פיס באַזונדער שפּאַנען
אויף חרוב־לאַנד, אויף לענדער אַלע מיט׳ן זעלבן נאָמען,
און אומעטום זיי האָבן דורכגעשפּרייזט די בערג און תהומען,
ביי יעדן שפּרייז און טראָט אַן אייגן קבר איז פאַראַנען,
אויף יעדן שטיין — אַ פלעק, — איז אָפּגעשטעמפּעלט — שפיכת
דמים — —

די הענט אין תפילה־פלי צום הימל — צו דעם שווארצן פעכער,
און ס׳האָט די חשך־רו אַרודכגעפּלייצט דורך מיינע ברעמען,
מיין קאָפּ געוואַלגערט זיך אין לענדער מיט די זעלבע נעמען — —
אין יעדן בויך צעריסענעם פון ערד, אין אַלע לעכער,
גענישטערט האָבן מיינע פינגער און געזוכט דאָרט ווענען — — —

## אינם לאַנד פון שטאַרבן

אויף דער וואונדן־פלאַך פון ערד איז אַ לאַנד פאַראַנען,
האָט דאָס לאַנד אַ האָריזאָנט — אַן אייטערדיקע ראַנע — —

ס'האָט אַ בייזע שווארצע האַנט ס'ליכט פון זון פאַרלאָשען —
ווייל די ערד דאָרט תפילה טאָן — האָט זי נישט קיין לשון — — —

שטאַרט דער בליק פון יעדן מענש און פאַרמאַכט דאָס מויל איז —
ווייל דער טאָג צעשרייען זיך — האָט ער נישט קיין קולות.

ווייל דער ווינט צערעוועט זיך, יאָמערן און זשומען,
נאָר פארגליווערט איז דער ווינט, קען ער מער נישט ברומען.

הימל־לייוונט לעכערט זיך, יעדעס לאָך — אַ שטערן —
און די שטערן ציטערן, ציטערן אַן טרערן — —

ווייל דער הימל יאָמערן, נאָר ס'געוויין און קלאָגן
האָט איין שווארצן זאַק די נאַכט ערגעצוואו פאַרטראָגן

פון דעם חלל אויסגעשיט, ווי פון שווארצן שארבן,
אויף דעם גרויסן גסיסה־פעלד אינם לאַנד פון שטאַרבן — —

ליגט דאָס לאַנד — אַ גוסס־גוף — וואונדן אויף זיין נאַקן, —
קראָען, נעסטיקן אויף אים, קראַקען זיי און קראַקען — —

און דער קייסער אויפן טראָן איז דער מלאך המות,
און יועצים — קיניקס לייט — זיינען דאָרט די סאָוועס — —

וויינען זיי און יאָמערן מיט דעם הימלס טרערן,
נאָר דאָס יאָמערלעך געוויין קען ניט קיינער הערן — —

טרער מיט בלוט ווערט אויסגעמישט אויפן קאלטן באָדן
און דער טויט זיך דרייט און טאַנצט שווארצע קאַראַהאָדן — —

נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט, נישט קיין ליכט און פארבן, —
ס'האָט די צייט זיך אָפגעשטעלט אינם לאַנד פון שטאַרבן — —

האָט דאָס לאַנד אַ האָריזאָנט — אָן אייטערדיקע ראַנע — —
אויף דער וואונדן־פלאָך פון ערד איז דאָס לאַנד פאַראַנען — — —

## מען קען נישט גלאַט אַזוי

מען קאָן נישט גלאַט אַזוי,
פאַר גאָרנישט
און אפילו פאר קיין רמז פון אַ זינד,

זיך לאָזן טראָגן פונם ווינט,
ווי שטיקלעך אויסגעטריקנטע שטרוי.

מען קען נישט גלאַט אַזוי,
פאַר גאָרנישט און פאַר ניט,
פאַרלירן אונטער זיך די טריט — —
און הימל — ער זאָל אַלץ נאָך בלייבן בלוי,
און זון זאָל אַלץ נאָך לייכטן אינדערמיט — —

מען קען נישט גלאַט אַזוי,
אָן משפּט און אָן דין,
פאַלן צו דער ערד, ווי טראָפּנס טוי,
און טריקענען מיט ערשטן אויפשפּראָץ פון באַגין.

מען קען נישט, אָט אַזוי־אַ גלאַט,
פאַלן צו דעם באָדן, ווי אַ האַרבסטיק בלאַט,
און אַ ליאַדע ווינטל זאָל דיך וואַרפן ווי עס וויל —
אַהין,
אַהער,
אַרויף דיך טון אַ הויב
אַ וואָרף, צעריבן שוין, אויף קאַלטן שטיין,
און נאָכדעם זיך באַהעפטן מיטן שטויב
און פאַרגיין — —

מען קען אויך נישט, גלאַט אַזוי,
אומזיסט,
אַנטלויפן צו דער בראשיתדיקער וויסט
און ווי אין אורוואַלד, קדמונדיק און רוי,
באַהאַלט דאָרט דעם גוף,
אַריינפּאַסן דעם קאָפּ
אין פלאָנטער־ראַם פון בוים און צווייג,
ווי ס'האָט געטאָן דער עלטער־עלטער־זיידע — אַף
און טון אַזאַ געשריי צום בלוט־געפילדער פון דער וועלט, — שווייג!
און טון צו גאָט אַ מאָנענדיקן רוף, — שטעל־אָפּ! —
שטעל אָפּ דעם אָטעם פון באַשאַף!

## צו וואָס האָסטו געדאַרפט? . . .

גאָט מיינער,
אויב דו האָסט די וועלט געשאָנקען

פאַר אַלעמען אין גלייכער מאָס,
פאַר מענטשן עלנטע, וואָס בלאָנקען,
פאַר אַנדערע, וואָס דינען, אין היפנאָז,
צום וואוילטאָג־געץ —
צום עגל גאָלדענעם זיך בוקן — —

גאָט מיינער — איך ווייס —
אַז געגעבן האָסטו אויך דעם ווינט —
דעם אומזעבאַרן כח פון געלאָף
אַן אייביקע מתנה —
ער זאָל קענען פליען איבער דיין באַשאַף,
איבער שפּע־פעלדער פון פאַרזיי,
איבער שטעט און לענדער פון סכנה — —

דעם טיפסטן ברום,
דעם שרעקלעכסטן געשריי
דעם ביטערן געוויין
ברענגט צו מיר דער ווינט —
זיין דורכזיכטיקער רוקן
איז צו קליין,
צו קליין
צו טראָגן
אַזויפיל צער און וויי,
אַזויפיל בלוטיקן געוויין
און אַזויפיל זינד — — —
— — — — — — — — — — —
גאָט —
איך שטיי פאַר דיר איצט, ווי אַן ערשט געבוירן קינד —
ווי קען איך אין דיין זון דער ליכטיקער איצט קוקן? —
קוק איך אויף דער וועלט דיינער פאַרגאַפט —
און וואונדער זיך און פרעג, —
צו וואָס אַזויפיל יאָמערדיקע נעכט און טעג? —
צו וואָס דיין גאַנצער בלוטיקער באַשאַף? — — —

# איך וועט צאָלן!

אויפן לוח פעלט אַ בלעטל —
נאָך אַ טאָג אויף וועלט איז גולד — —
נאָך אַ שטאָט און נאָך אַ שטעטל
אויסגערויבט און אויסגעקוילעט — —

נאָך אַ שעה וואָס רייסט זיך קריעה
איז אין אייביקייט פארגאנגען — —
נאָך אַ בוים און נאָך אַ תליה, —
נאָך אַ מענטש איז אויפגעהאנגען — — —
טאָג, גייט־אויס אין קרעכצן שטילע,
צאַפּלט זיך אין גסיסה־גרוילן — —
נאָך אַ זיפץ און נאָך אַ תפילה
קלאַפּן־אָן אין הימל הוילן...

יאָגן זיך די וועלט־געפארן
מיט די רגעס לויפן, לויפן — —
בלאַט נאָך בלאט פון קאלענדארן
ווערט פארברענט אויף שייטערהויפן — —

פיינען טליען, פאקלען צינדן
אונטער ווייען און יללות —
אַש פארקוילטע זיי פארשווינדן
אויף צייטס פינצטערע עגלות — — —

ס׳ברענט דער הימל מיט די שטערן — —
אונזער גוף — אין אַלע פלאמען! — —
וואו פאַרשווינדן אַלע טרערן? —
אונזער טרער — אין אַלע ימען.

איבער חשך־וועגן קרומע
ווער קען סוף פון נאַכט דערגרייכן?
מיטן בלוט פון אונזער אומה
ווערן אָנגעפילט די טייכן.

שלעפּט די צייט אונז אויף איר וואָגן,
פירט אונז אומעטום דורך שטורעם.
זעט אָן אוצר מיר פארמאָגן, —
קברים, קברים, קברים, קברים — — —

אויפן ערדגוף מיר פארקריצן
אָט דעם בייזן קין־צייכן — —
אונזער, האַס, אויף שארף פון בליצן,
וועט דורך נאַכט באַגין דערגרייכן.

אונזער האַרץ איז פול נקמה,
אונזער רחמים — אויף שטויב צעמאָלן — —
פאר יעדן זיפץ, פאר יעדן יאָמער
וועט איר, קינס, צאָלן, צאָלן! — — —

# איך בין נישט מוחל!

און נישט נאָר וואַרשע — די קדושים־שטאָט — די קרוין די בלוטיקע
פון פוילן, —
לובלין און לאָדזש און גראָדנע, ביאַליסטאָק און קראָקע, לעמבערג, ווילנע
אויכעט —
דורך יעדן שטרויכל־שטעג און וועג פון אונזער היים האָט דורכגעשפּרייזט
דער שוחט
מיט שווערד צעפּאַכעט אין רציחה און ער האָט נישט אויפגעהערט צו
קוילן — —

די לעצטע קולות—אינדערהייך אַרויף—זיך אָנגעקלאַפּט אין הימל הוילן,
צוריק אַראָפּגעפאַלן און זיך אָנגעצונדן — בלוטיקע מנורות — —
און נישט נאָר וואַרשע האָט געחתמעט די קדושה פון דעם שם פאַר דורות—
פון אַלע גלידער פון אייראָפּעס לייב זיך רייסן־אויף די וואונדן־קנוילן.

כ׳וועל נישט פאַרקרימען אין פאַרגעבונג־שמייכל מיין פאַרהאַרטעוועטן
פּנים,
כ׳וועל אייביק כאָוּוען די נקמה אין זיך און מיט לאַגלען האָס זי שפּייזן, —
די לעצטע גסיסה־בליקן, פון די קינדער און פון פאַרמעטענע גרייזן,
זיי וועלן שטענדיק אין מיינע אויגן קוקן און זיי וועלן מאָנען — —

פאַר וואַרשע און פאַר לאָדזש, פאַר יעדער שטאָט, פאַר יעדן פּיין און גרויל
און שטרויכל
כ׳וועל חתמענען אין זיך אַ שבועה אַזאַ האַרטע שווייגנדיקע־שטומע,
אַז איך — אין פרעמד־געבליבענער, געראַטעוועטער יחוס פון מיין אומה —
איך בין נישט מוחל! — איך בין נישט מוחל! — — —

# אַזוי זאָל ברענען יעדע דייטשע שטאָט

און גאַרב נאָך גאַרב
געבונדן שוין ביי וועלטס צעראַצטע פיס
ליגט אונזער פּיין.

עס איז נקמה אַזוי האַרב
און זיס,
ווי אויסגעשטאַנענער און גוטער ווייַן.

אַזאַ ליבע שיכרות נעמט אַרום מיך אַלעמאָל,
ווען כ׳זע

ווי שוואַרצע צלם־פייגל שפייען־אויס
פון הימלדיקער ברייטער גרויס
מיט פייער און מיט שטאָל
אויף שונאס שטאָט — —

הייב־איך־אויף מיין בליק צום פירמאמענט
און שיק
אַ לויב
צו גאָט — —
עס קרישלט זיך, אין רויך, אין פלאַם, דעם שונאס שטאָט,
ס׳צעפאלן מויערן און ווענט, —
אַ דאַנק דיר גאָט —
פאַר חשבון און פאַר דין —
עס ברענט
בערלין,
עס ברענט
בערלין — — —

אויף וואָגשאָל פונם לעבן האָט אַראָפּגעשווערט אין אפגרונט טיף
ס׳געוויין פון יאָרנטויזנטער און ס׳יאָמערלעך געקלאָג
אין ים פון צער עס וואָגלט אונזער שיף, —
מיר קומען־אום, אין דורותדיקן וואנדערדיקן לויף,
מיט טויזנט טויטן טויזנט מאָל אַ טאָג — —

נאָך יעדן טויט
מיר שטייען ווידער אויף
און לאָזן זיך אַרויס אין גאנג
דורך שטרויכלענדיקע וועגן אָט אַזוי פון אייביק אָן
און עד היום
פון לאַנד צו לאַנד,
פון ברעג צו ברעג,
פון תהום צו תהום,
פון אָרט צו אָרט,
מיט וואונדיק־ווייטערדיקע טריט,
און ס׳האָט בטחון אין דערלייזונג אונזער קיום אויפבאַוואָרט,
אויפגעהיט — — —

און אונזער וואָרט
איז איצט
אַ צייך־געקריץ,

אַ קאָכעדיקער לאַווע־שטראָם,
נקמה־אויסגעשריי — — —

אל קנא — אלהים —
פארנעם מיין רופנדיקע שטים! —
— זאָל זיין מיט זיי
ווי ס׳איז געווען מיט סדום! — —

און יעדע שטאָט פון שונאס לאַנד —
פארוואנדלען זאָל זיך אין חרובער רואין
און יעדער טאָג — אין נאַכט — —
אַ לויב דיר אב הרחמים וואָס דער אָנהויב איז געמאַכט, —
עס
ברענט
בערלין
עס
ברענט
בערלין — — —
אַ דאנק דיר גאָט! —
אַזוי זאָל ברענען יעדע דייטשע שטאָט — — —

## דער מענטש — דער געבויגענער לאַמעד

שטייט אַ מענטש — אַ געבויגענער לאַמעד —
אויסגעשטרעקט זיינע הענט צו די הויכן — —
הענגט דער הימל — בלוי־טונקעלער סאַמעט —
אויף פריינאכטיקע פעלדער וואָס בלייכן...

די זון האָט פון לאנג שוין גענידערט
אין רונד־האָריזאנטישע שפאלטן — —
געבויגענער מענטש, אַזאַ מידער,
קען טרויער אין האַרץ נישט באַהאַלטן — —

אַ תפילה אַ שטומע אָן ווערטער — —
די הענט זיינע פרעגן, — ביז וואנעט? — —
אַ שטיק פון דער פינצטערניש ווערט ער
דער מענטש — דער געבויגענער לאַמעד — — —

* *
*

## ב. אלקוויט

# מאטיוון פון אמאל אין ניו יארק

### I

אבא לאַפּידוס איז געווען פון די מענטשן, וואָס אז זיי גייען אוועק לאָזן זיי איבער הינטער זיך א שטילקייט און א זיכערקייט, אז נאָכאַלעמען איז נישט אזוי שלעכט. פאַרקערט. א מענטש א טונקעלער, אין די מיטעלע יאָרן פון מיטעלן וואוקס, מיט א ברייטן שטעל און ברייטע סימפּאַטיעס, האָט מען געקאָנט אָנווייזן: אָט דאָ איז ער געשטאַנען און גערעדט מיט פייערלעכן יראת־הכבוד וועגן דעם אָדער יענעם גרויסן יידישן שרייבער; דאָרט איז ער געזעסן און זיך געקאַטשעט פון געלעכטער אימיטירנדיק דעם אָדער יענעם יידישן אקטיאָר.

אזוי נאָך א היימישן באזוך, ווען לאַפּידוס האָט פאַרבראַכט אין הויז פון א פּרייַוואַט. אין קאַפע, ווידער, צווישן טוער, שרייבער און אקטיאָרן, איז אויך אזוי געווען, נאָר אביסל פאַרקערט. אלע האָבן געזען, ווען ער איז אריינגעקומען — נישט נאָר צוליב זיין ברייטן שטעל און דעם קוק אַרום זיך, וואָס האָט געוויזן, אַז ער האָט זיך באַפרייט פון א גרויסער פאַרנומענקייט. אויך צוליב דעם וועטער, ריכטיקער: צוליב די גרויסן פון וועטער, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון דרויסן.

ווינטער איז קיינער נישט אריינגעקומען מיט אזעלכע פאַרלאָפענע גלעזער, קיינער האָט נישט געווישט די ברילן מיט אַזאַ פאַרנעם און געשמאַק. מ'האָט געקאָנט זען, אז אין דרויסן שטייט א פראָסט, וואָס סמאַליעט די אויערן. שוין לאַנג אזא פראָסט נישט געווען. זומער איז עס געווען די היץ. קיינער האָט אזוי נישט געשוויצט ווי לאַפּידוס. נישט, חלילה, ווייל ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן קיין צו הויכע טעמפּעראַטור. אדרבא. ווארימקייט איז געווען זיין לעבן. און הגם מ'האָט געקאָנט מיינען, אז ער איז א מענטש פון עקסטרעמען — א מענטש, הייסט עס, וואָס גיט אים נאָר פרעסט אָדער היצן — האָט לאַפּידוס שוין אין די ערשטע מילדע טעג פון א ווינטיקן מערץ גערעדט וועגן פרילינג, וועגן די ערשטע שפּראָצונגען פון אַפּריל, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרפעלט צו זען און ס'האָט אים ווי געטאָן, האַרציק ווי געטאָן, ווען א גאָס רעגן האָט מיטאמאָל, ווי אַ קאַלטער וואַנדאַל אין מיטן דער נאַכט, אַראָפּגע־

וואַשן דאָס גאַנצע בלייעכץ פון די ביימער אין ברוקלין, וואו ער האָט געוואוינט, אין דער בראָנקס, וואו ער האָט געהאַט אזוי פיל פריינט, און אין גרעמערסי פּאַרק — אין דעם פאַרגליווערטן שטיק אמאָליקייט אין האַרץ פון ניו יאָרק, אויף איין בלאָק צווישן מאָנסטערישע ווענט, ווי א סוד אין אויער, א היפּנאָטיזירטע דערמאָנונג פון אַלטע לייט, וואָס געדענקען נאָך די געשעעניש פון אכצן זיבן און ניין, נאָ, ניין און פּו, פּי, האָ, האָ־האָ! דאָ פלעגט ער אָפט פאַרבייגיין. דאָ איז לאַפּידוס געגאַנגען פּאַמעלעכער, זיך פאַרקוקט אויף דעם אָפּגעוואַשענעם בלייעכץ, וואָס האָט זיך געוואַלגערט ווי א סך ברוינע ווערימלעך אונטער די פיס. ער האָט געכאַפּט א בליק אויף דעם גרינלעכן האַמלעט מאָנומענט פון עדווין בוט, וואָס האָט אים דערמאָנט, אז אויך טאָמאַשעווסקי האָט אמאָל געשפּילט האַמלעט. לאַפּידוס האָט זיך צעשמייכלט:

ביי אונדז איז אַלץ מעגלעך. ס'איז מעגלעך, אז א ייד א בן־שישים, א ייד מיט אַזאַ־אַ בויך, זאָל שפּילן האַמלעט — "דהי טאוזנד נעטשורעל שאָקס דהי באָדי איז עיר טו — — טו גראַנט ענד סוועט אנדער עי ווירי לאַיף". ער האָט געכאַפּט נאָך א קוק אויף דעם גרינלעכן עדווין בוט. דאָס איז נישט דאָס גרין פון זומער, האָט לאַפּידוס אַ טראַכט געטאָן אויפן וועג צום קאַפע. ס'איז דאָס גרין פון אייביקייט.

אנדערש איז געווען ווען ער איז אוועקגעגאַנגען. מ'האָט עס נישט באַמערקט. ס'איז נישט געבליבן קיין ליידיק אָרט. מ'האָט געוואוסט, אפילו ווען קיינער האָט נישט געטראַכט וועגן דעם, אז אויב לאַפּידוס איז נישטאָ, וועט ער מסתמא באַלד קומען, און אויב ער איז נאָך אַלץ נישטאָ, איז ער אודאי ערגעץ אנדערש. וואָס דאָס מיינט דאָך אויך, אז ער איז דאָ. וואָס איז די נפקא־מינה וואו ער איז אין דעם איצטיקן מאָמענט? אבי ער איז דאָ.

נאָר מיטאמאָל איז אָט די זיכערקייט וואָס לאַפּידוס האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך, צעטרייסלט געוואָרן ווי פון א אומגעריכטן שווערן טראַק, וואָס טראָגט זיך פאַרביי אזוי, אז ס'קלינגען אזש די פענצטער. ס'איז נישט געווען קיין געוויינלעכער טראַק מיט שטאָבעס אייזן אָדער מילך קאַנען וואָס האָט אזוי געטראַסקעט. ס'איז געווען אַן עלעקשאָן־נאַכט. "די בעסטע האָבן געוואונען", ווי אַלעמאָל בא אונדז אין אמעריקע. אין דעם טראַק זיינען געווען מענטשן, יונגע — און עלטערע, וואָס זיינען אויך יונג — די אַמעריקאַנער יוגנט אין אַן עלעקשאָן נאַכט.

די מענטשן האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן מיט פאַקלען און געשרייען, מיט טרובעס און יוקעליילים — הוהא און האהא: "אי טאָלד יו סאָ," די בעסטע האָבן געוואונען!

איז צווישן זיי געווען לאַפּידוס? האָט עמיץ אויף דעם טראַק געזען לאַפּידוסן?

ניין, ער איז דאָ נישט געווען. ס'איז דאָך געווען א טריאומף טראַק פון דער יידישער איסט סאַיד.

לאַפּידוס איז אוועק צו די גויים.

די נייעס איז אין פלוג אויפגענומען געוואָרן ווי א שטיק ליצנות. דער וואָס האָט עס דער ערשטער דערציילט, איז אָפּגעשטעלט געוואָרן מיט דער פראַגע:

— און דער פויפסט האָט זיך מגייר געווען?

— דערווייל נאָך נישט, אָבער לאַפּידוס איז אוועק צו די גויים.

— וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט די נאַכט און יענע נאַכט און אַ גאַנץ גייענדיק יאָר זאָל אויסגיין צו — אָבער מיט וואָס, מיט וואָס איז ער אוועק צו די גויים?

לאַפּידוס איז דאָך נישט געווען קיין יידישער שרייבער, אַקטיאָר אָדער דראַמאַטורג. ער איז דאָך בלויז געווען זייערס א פאַרערער. מיט וואָס איז ער אוועק צו די גויים? האָט מען געפרעגט און געלאַכט און בא א סך האָט דאָס געלעכטער זיך געענדיקט מיט אן אומעטיקער פאַר־קלערטקייט:

מיט וואָס איז ער אוועק?

און פאַרוואָס?

פאַרוואָס?

II

אין אטלאַנטיק, אין פאַסיפיק זיינען דאָ קליינע, אומבאַקאַנטע אינדזלען, איזאָלירטע גאָטס-וואונדער אין אָקעאַנישער איינזאַמקייט. נאָך לאַנגע טעג און נעכט פון הימל און וואַסער און וואַסער און הימל, גיבן זיי אָפּ א גרוס פון באָדן, פון ערד און גראָז און ביימער. און ס'טרעפט אַז אַ קאַפּיטאַן קומט אהיים און דערציילט, אז אן אינדזל איז פאַרשוואונדן. דער ים האָט עס איינגעשלונגען. דאָס ווערט פאַרצייכנט צווישן די קוריאָזן אין דער נאַטור, פאַרצייכנט און פאַרגעסן. אָבער דער קאַפּיטאַן געדענקט דאָס אינדזל מיט בענקשאַפט, צומאָל מיט שווייגנדיקן טרויער. ער האָט פאַרלוירן א פריינט, אן אינדזל פריינט אין אָקעאַנישער איינזאַמקייט.

אבא לאַפּידוס איז געווען באַקאַנט און באַפריינט מיט אַלע אונד־זערע קאַפּיטאַנען און מאַטראָזן — דיכטער, נאָוועליסטן, אַקטיאָרן, קול־טוריסטן, און מיט טייל פון זיי איז ער אפילו געווען אויף דו.

פאַרשטייט זיך, אז נישט מיט יעדן האָט דאָס דוצן געהאַט דעמ־זעלביקן מיין. אין קיין פאַל אָבער האָט עס נישט געמיינט קיין גרינגשע־צונג. אדרבא, אויב ס'איז געווען איינער פון די עלטערע, מיט א באַ־וואוסטן נאָמען, האָט עס לאַפּידוס געוואוסט ווי אָפּצושאַצן. וואָלט זיין טעכטערל, זיין איינציק קינד, שוין געווען א דערוואַקסענער מענטש, וואָס קאָן פאַרשטיין אַזעלכע זאַכן, וואָלט ער זי אהער געבראַכט שוין צוליב דעם אליין: זאָל זי זען און הערן ווער עס דוצט אים.

פאַר א יונגן אָנפאַנגער, ווידער, איז געדוצט צו ווערן פון לאַפּידוסן געווען א סימן פון אנערקענונג. אזוי, למשל, פלעגט איינער הנאה האָבן צו דערציילן, אז ער ווייסט גענוי, ווען ער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע פון אן אנערקענטן פּאָעט. ס'איז געווען, האָט ער געזאָגט, אין יענעם אָוונט, ווען לאַפּידוס האָט אים געפרעגט: „וואָס מאַכסטו?"

גענוי ווען לאַפּידוס האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע, איז נישט באַקאַנט. ס'איז ווי מיט יעדן אָנהייב — שווער צו זאָגן וואו און ווען ער הייבט זיך אָן. ווי אַזוי ער איז געקומען צו די באַקאַנטשאַפטן און זיך איינגעהיימישט אין דעם קרייז מענטשן, וואָס ער האָט פאַרערט, מיט א היימישקייט וואָס האָט אים לסוף געגעבן דעם מוט אונטערצונעמען אַן אַקציע פון גאָר גרויסן באַדייט פאַר דער יידישער קולטור אין אַמעריקע— אַן אַקציע, וואָס האָט אים שיער געמאַכט פאַר א היסטאָרישער פיגור— וואָלט מען געדאַרפט צוריקגיין צו דער צייט פון טעאַטער פּאַטריאָטן, צו יענער "שטורם און דראַנג" צייט פון יידישן טעאַטער, ווען פאַרערער פון אַקטיאָרן האָבן מיט זייערע דעבאַטעס, מחלוקות און געשלעגן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָלע אַרום טעאַטער, ווי די שוישפּילערס אויף דער בינע.

לאַפּידוס איז נישט געווען איינער פון יענע פּאַטריאָטן. ער איז נאָרוואָס געהאַט געקומען קיין אַמעריקע, א בחור'ל פון דער אייביקער יידישער אָרימקייט, און ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט די פיזישע אָריענטאַציע צו ווערן א טעאַטער פּאַטריאָט — ס'הייסט, עס האָט אים פּשוט געפעלט דער מוט און ס'איז נישט געווען פאַר זיינע כחות. אָבער די פאַרזאַמלונגען, וואָס די קעמפערישע פאַרערער פון יידישע סטאַרס און דראַמאַטורגן האָבן אָפּגעהאַלטן אַרום די טעאַטערס, זיינען געווען א טייל פון אַמעריקעס פרייהייט, און ווייל די פרייהייט האָט אים אויסגעזען ווי די לופט־באַן אויף דער דעמאָלטיקער יידישער טעאַטער גאַס — נישט אַזוי לופטיק — און ווייל לאַפּידוס האָט זיך קוים געקאָנט פאַנאַנדערקלייבן וואָס ס'איז סאָלידער, וואָס בראַזגענדיקער — די פרייהייט צי די לופט־באַן — איז ער געוואָרן א ליבהאָבער פון טעאַטער און א שטענדיקער באַאָבאַכטער פון די פּאַטריאָטן מחלוקות, וואָס האָבן ווי אַב. קאַהאַן האָט געשריבן, "אָנגענומען אַזעלכע ווילדע פאָרמען ווי די יידישע דראַמאַטישע ליטעראַטור פון יענער צייט."

די פּאַטריאָטן האָבן פון זיך אַרויסגעגעבן אַקטיאָרן און דירעקטאָרן, מאָריס שוואַרץ און מאָריס געסט, און דער באַאָבאַכטער פון זייערע מחלוקות, אַבאַ לאַפּידוס, איז לאַנג נאָכדעם — איבער געדרייטע אומוועגן — צוריקגעבראַכט פון דער בענקשאַפט צו יענע יאָרן — געוואָרן דער אָנגעזעענסטער פאַרערער פון יידישע ליטעראַטן אין די קריטישע יאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

און די אַקציע, וואָס ער האָט אונטערגענומען איז געווען פון הערקולעסישן פאַרנעם. גאַנצע אָרגאַניזאַציעס האָבן דאָס פּרובירט און מיד געוואָרן, און זיך צעפאַלן. לאַפּידוס האָט אויף זיך גענומען די אויפגאַבע — מיט אייגענע כחות און דער צייט, וואָס ער האָט געקאָנט אָפּשפּאָרן פון דעם אַגענטעווען פאַר אַן אינשורענס קאָמפּאַניע צוליב פּרנסה — צו שאַפן, פריער א דערנענטערונג צווישן יידישן שרייבער און דעם יידיש לעזער, נאָכדעם — א לעבעדיקן קאָנטאַקט פון דער יידיש שעפערישער וועלט מיט דער ענגלישער.

ס'איז זיך שווער פאָרצושטעלן ווי איין מענטש אליין זאָל גאָר טראַכטן פון נעמען אויף זיך אזא אויפגאבע. און לאפּידוס האָט טאַקע נישט געטראַכט. זיין אַקציע איז, קאָן מען זאָגן, אויסגעוואַקסן פון זיך אליין, פון א נאָרמאַלן צושטאַנד. ס'איז געשען ווי ס'געשעט אָפט אין דער געשעפטס־וועלט. א מענטש קאָן "גיין אין ביזנעס" נישט טראַכטנדיק אז "ער גייט." מ'דאַרף חיונה, מ'דאַרף עפּעס טאָן, טוט מען און דאָס געשעפט צעוואַקסט זיך, וואַקסט אים אריבער, ווערט זעלבסטשטענדיק— א פירמע, וואָס בויטיקט זיך שוין אפילו נישט אין זיין נאָמען. און עס טרעפט, מיטאַמאָל הערט מען, די צייטונגען ברענגען די ידיעה, אז דער און דער, דזשיימס פּ. הויכשטייגער, דזשוניאָר, גרינדער און לאַנג־יאָרי־קער הויפּט פון דער פירמע "פינף גרויסע מציאות", איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

וואָס איז געשען?

אויב עמיץ האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט אַ יידישן גדול, האָט ער בלויז געדאַרפט אריינקומען אין קאַפע און זיך צוזעצן לעבן לאפּידוסן. מיט אים אליין האָט מען נישט געדאַרפט זיין באַקאַנט. זיין אויפגאבע איז געווען אייך צו באַקענען, אייך צו דערנענטערן צו דער יידישער ליטעראַטור — דורך א פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט יידישע ליטעראַטן. זיצנדיק מיט אים ביי א טישל האָט מען בלויז געדאַרפט אָנווייזן מיט א פינגער:

— און ווער איז ער?

— ער? וואָס זשע, איר קענט נישט אונדזער גרויסן, אונדזער באַ־רימטן, אונדזער שעפער פון —

און ער האָט גענומען זיין גלאָז טיי אין דער האַנט, דעם לעזער ביי דער זייט, און זיך אוועקגעלאָזט צום טישל, וואו ס'איז געזעסן אונד־זער גרויסער, אונדזער באַרימטער, אונדזער שעפער פון — און מיט גרויס פייערלעכקייט פאָרגעשטעלט דעם לעזער און אים געבעטן זיך פילן היימיש מיט אונדזער גרויסן, אונדזער באַרימטן, אונדזער שעפער פון —

אזוי איז געשען, אז אין איין צייט האָט ער דאָס באַקענען לעזער מיט שרייבער, פאַרערער מיט אַקטיאָרן, פאַרוואַנדלט ממש אין א באַ־וועגונג, א קאַמפּאַניע צו דערנענטערן די צדדים אין אונדזער קולטור לעבן. און מיט זיין וואַרעמער באַריידעוודיקייט האָט ער דאָס אזוי פאָר־מולירט:

— דער שענקער מוז האָבן זיין טרינקער. די איינציקע רעטונג פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז צו דערנענטערן דעם לעזער צום יידישן ליטעראַט אויף אזוי נאָענט, אז דער קאָנטאַקט זאָל זיין אזא לע־בעדיקער, אזא פּערזענלעכער, ווי צווישן שענקער און טרינקער.

ווער עס האָט געקאַנט לאפּידוסן ווייסט, אז ביי אים האָט דאָס אַלץ גלייכווערטל נישט געקאָנט קלינגען אזוי פּשוט ווי ס'איז. ער איז געווען אַ מענטש מער פון טאָן ווי פון וואָרט. מיט זיין טאָן האָט ער אי דעם

שענקער אי דעם טרינקער דערהויבן צו דער העכערער ספערע פון שריי־
בער און לעזער.

די דאָזיקע קאָמפּאַניע האָט אָנגעהאַלטן לענגער און געהאַט נישט
וויניקער דערפאָלג, ווי טייל אָרגאַניזירטע באַוועגונגען, וואָס פּלעגן אַמאָל
אויסוואַקסן פאַר דעם צוועק. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר,
ווייל זייענדיק אַלײן די באַוועגונג, זיינען ביי לאַפּידוסן נישט מעגלעך
געווען יענע קאָנפליקטן, וואָס פירן סוף־כל סוף צו אַ שפּאַלטונג אויף
רעכטע מיט לינקע. עס וועט אָבער זיין אַ טעות צו מיינען, אַז ביי אים
זיינען גאָר קיין מיינונג פאַרשידנקייטן נישט געווען, אַז ער האָט גאָר
אינגאַנצן נישט געליטן פון קיין ווידערשפּרוכן, צווייפלען, אַנטוישונגען,
וואָס זאָלן אים צווינגען זיך צו פאַרטראַכטן און זען וואו מ'האַלט אין
דער וועלט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט און דערזען די פיינלעכקייט דערפון. ער
האָט אָנגעהויבן צו צווייפלען. און דער צווייפל האָט אים איינגעשפּאַנט
אין דעם יאָכיקן באַוואוסטזיין, אַז ער לעבט אין אַ געטאָ.

דער צווייפל האָט אויך געעפנט טיר און טויער פאַר דער ברייטער,
וועלטלעכער אויסבילדונג, וואָס לאַפּידוס האָט געקראָגן אין דער געטאָ.

## III

ער איז אויפגעשטאַנען פון פרישטיק אַ פולער, אַ רונדיקער, אַ
צעוואַרעמטער און שוויגנדיק געקוקט אויף זיין פרוי, וואָס האָט אומגע־
פאַדעט אַ צעשויבערטע אין קיך.

— האָסט עפּעס געוואָלט זאָגן, אבא?

זאָגן? ניין, מלכה'לע. ער האָט גאָרנישט געוואָלט זאָגן. ער האָט נאָר
געטראַכט וועגן דעם, ווי גוט ס'איז דעם מענטש, וואָס האָט אַ מלאכה,
דעם מענטש, וואָס לעבט פון דער ברכה פון זיינע הענט. ס'האָט אים
דערעסן דאָס אגענטעווען פאַר דער אינשורנס קאָמפּאַניע. ס'האָט אים
פאַרדראָסן אויף זיין פרוי, שטאַרק פאַרדראָסן, נישט אַזוי אויף איר,
ווי אויף איר פּראַקטישקייט, וואָס פאַרבינדט אַלץ מיט דעם אגענטע־
ווען. ער האָט זיך געוואָלט פאַר איר אַנטשולדיקן, וואָס ער איז לעצטע
נאַכט אהיימגעקומען אַזוי שפּעט און, דער עיקר, איר דערציילן פאַרוואָס.
אָבער איידער נאָך ער האָט געעפנט דאָס מויל, האָט זי אים פאַרשטאַנען
און גלייך פאַרגעבן: "מסתמא איז עס נייטיק געווען צוליב ביזנעס." וואָס
זשע זאָל ער איר זאָגן? ווידער דאָס אייגענע, אַז אין דעם קרייז דערמאָנט
ער קיינמאָל נישט דאָס וואָרט אינשורנס? ס'איז אונטער זיין ווירדע,
ס'איז אונטער זייער ווירדע. ס'איז דאָך פּשוט חוזק.

— גיי רעד אינשורנס צו מענטשן, וואָס זיינען אומשטערבלעך! —
האָט ער ארויסגעפּלאַצט.

פאַרוואָס נישט? האָט אים מלכה'לע געוואָלט פרעגן, אָבער זי האָט

אים אָנגעקוקט מיט אירע גרויסע, געטרייע אויגן: בין איך טאקע אזוי נאַריש? לאַפּידוס האָט זיך צעשמייכלט:

— אוי, מלכה'לע, מלכה'לע. זיי האָבן די בעסטע אינשורנס פּאָלי־סיס אין דער וועלט — זייער טאַלאַנט. פאַרשטייסט, זייערע ווערק. און יענע, וואָס זיינען נאָך נישט אינגאנצן אומשטערבלעך, אַרבעטן דערויף טאָג און נאַכט.

אַ צופרידענער, וואָס דער שמועס האָט אים באַפרייט פון פּאַר־דרוס, האָט לאַפּידוס זיך געגומען גרייטן צו גיין. ער האָט איבערגע־קנעפּלט ס'וועסטל, פאַררעכט דעם האַלזבאַנד און זעענדיק אין שפּיגל דאָס איידעלע, בלוי־בלייכע פּנים פון זיין פּרוי הינטער אים, האָט ער זיך אומגעקערט און איר פּרובירט אויפקלערן, וואָס ער האָט פריער גע־מיינט, ווען ער האָט געזאָגט, אז וואויל איז דעם מענטש, וואָס לעבט פון דער ברכה פון זיינע הענט.

— איז עס נישט מערקווירדיק? — האָט ער זי געפרעגט, — די גרעסטע יידישע דיכטער זיינען געווען שניידערס, שוסטערס, קירזש־נערס, פּעיפּער־הענגערס. און גראָד מערסטנס די פּאָעטן—שאַפּ־אַרבע־טער, פּשוט'ע בעלי־מלאכות.

— יעס, אבא, ס'איז מערקווירדיק, — האָט מלכה'לע געזאָגט, — זייער, — האָט זי צוגעגעבן.

ער האָט זיך אָנגעבויגן איר א קוש צו טאָן גודביי, איינגעאָטעמט דעם ליבן ריח פון איר צעשויבערטקייט און אין דער רגע איז אים אזוי גוט געווען, אז לאַפּידוס האָט אַ טראַכט געטאָן, אז מלכה'לע איז נישט אינגאַנצן אומגערעכט: פאַראַן גענוג קינסטלער, וואָס האָבן פּשוטע, אזוי צו זאָגן, שטערבלעכע פּאָליסיס אויך. אָבער דאָס איז דאָך נישט דער עיקר. פאַרשטייט זיך, אז ווען איינער פון זיי זאָל וועלן שרייבן א פּאָ־ליסי, אָדער ווען ער, לאַפּידוס, זאָל וויסן, אז דער אָדער יענער האָלט ביים אַרויסנעמען א פּאָליסי, וואָלט ער זי אים געשריבן אויף די בעסטע באַדינגונגען. נאָכאַלעמען, ער לייקנט דען, אז דאָס איז זיין פּרנסה? און, נאָכאַלעמען, א לעבן דאַרף ער מאכן צי נישט?

נישט וועגן דעם, אָבער, איז דאָך דאָ געווען די רייד. דער עיקר געדאַנק, וואָס ער האָט פאַר איר געוואָלט אַרויסברענגען קומט טאקע פון דעם זעלביקן קוואַל — פון דעם, וואָס ער האָט איר בדעה געהאַט צו דערציילן, ווען ר'האָט זיך געוואָלט אַנטשולדיקן פאַר אַהיימקומען אַזוי שפּעט ביינאַכט און זי האָט אים נישט געגעבן די מעגלעכקייט. נישט אַזוי דערציילן, ווי פרעגן האָט ער זי געוואָלט:

— וואו, קאָנסט מיר אפשר זאָגן, מלכה'לע, איז ערגעץ אין דער וועלט נאָך פאַראַן אַ ליטעראַטור, וואָס ווערט געשאַפן פון אַזעלכע וואונ־דערלעכע אידעאַליסטן? נישט נאָר מאכן זיי דערפון נישט קיין לעבן, אונדזערע פיינסטע שעפּער פון פּאָעזיע און פּראָזע, פון בעלעטריסטיק און נאָוועליסטיק — זיי זיינען זייערע אייגענע פאַרלעגער. צי ווייסטו וואָס דאָס מיינט? זיי אַרבעטן אין שעפּער, אין געשעפטן, אין אינסטיטושאָנס—

דו הערסט? אין אינסטיטושאַנס! און שפּאָרן אָפּ פון די פּארדינסטן, גייען קריע־בליע, שלאָגן זיך קאָפּ אין וואנט, כדי צו קאָנען ארויסגעבן די ווערק, וואָס זיי שאפן. און פאר וועמען?

— פאר וועמען? — האָט מלכה'לע געפרעגט.

— פאר וועמען פרעגסטו? פאר דער ליטעראטור. וואו, פרעג איך דיך, ביי וועלכן פאָלק וואלט דאָס מעגלעך געווען? נישט נאָר האָבן מיר נישט קיין בעסט־סעלערס, מיר האָבן נישט קיין סעלערס, קיין באַיערס, כ'מיין בכלל, און דאָך — מיר האָבן א ליטעראטור.

— אָבער עפּעס מוז דאָך זיין אין דעם, — האָט אים מלכה'לע פּרוּ־בירט זאָגן, וואָס זי טראכט. אָבער ער האָט זי קוים געהערט.

— אַזאַ אידעאליזם, — האָט ער געזאָגט, זיך געכאפּט, אז ס'איז שוין שפּעט, גענומען גיין און זיך אומגעקערט — זיך אזוי פארדרעדט, אז ער האָט פארגעסן צו הערן די לעצטע נייעס איבער דער ראַדיאָ.

לאפּידוס פלעגט געוויינלעך כאפּן די "טאַימז" מיט א ברייטן גוט־מאָרגן פון קאָרנער סטענד. אָבער ער האָט נישט פארפעלט צו הערן די לעצטע נייעס איידער ר'איז אַרויס פון הויז. ער האָט דאָס געטאָן מיט דעם געפיל ווי ער וואָלט נישט געוואָלט זיך ארויסלאָזן בלינד אין דער וועלט אריין. און היינטיקס מאָל איז עס טאַקע געווען ווי ס'האַרץ וואָלט אים געזאָגט.

— מלכה'לע! — האָט ער אויסגעשריגן מיט א געשריי, אז זי איז בלייך געוואָרן.

— וואָס איז געשען?

— ר'איז געפלויגן, טשעמבערלעין איז געפלויגן!

— געפלויגן?

— טשעמבערליין איז געפלויגן קיין בערכטעסגאַדן.

מלכה'לע איז א רגע געשטאַנען אָן לשון. זי האָט געוואָלט פרעגן צי מיינט דאָס, אז ס'וועט כאָטש נישט זיין קיין מלחמה און ווי זיך אליין געענטפערט:

— זאָל ער פליען. זיי האָבן אליין דערפירט דערצו.

— וואָס מיינסטו, זאָל ער פליען? — האָט לאפּידוס איבערגעשריגן די ראדיאָ, — דער פּרעמיער מיניסטער פון ג ר ו י ס בריטאניע איז גע־פלויגן צו היטלערן קיין בערכטעסגאַדן!

— זאָל ער פליען, — האָט זי איבערגעע'חזר'ט, — זאָל ער קניען פאר דעם מערדער, זאָל ער אים בעטן, זאָל ער זיך בעטן ביי אים.

לאפּידוס האָט דערפילט א פּראָסט אין אלע זיינע אברים. ער האָט אָנגעקוקט זיין פרוי, געזען אירע בלייכע ליפּן, רחמנות געהאט אויף איר וואָס זי פארשטייט נישט דעם פולן מיין פון די געשעענישן און נאָכגע־זאָגט אירע ווערטער:

— זאָל ער פליען, זאָל ער קניען.

# IV

יענעם אָוונט האָט פון טישל צו טישל זיך געטראָגן דאָס וואָרט, וואָס לאַפּידוס האָט געזאָגט וועגן טשעמבערלעינס פּלי, גלייך ביי זיין אריינקומען אין קאַפע: זאָל ער פליען, זאָל ער קניען.

איינער האָט אויף אים א קוק געטאָן מיט מערדערישן ביטול, אן אַנדערער שיער־ניט מיט רחמנות, וואָס ער פאַרשטייט נישט דעם פולן מיין פון די געשעענישן, און מיט ביטערקייט נאָכגעזאָגט: זאָל ער פליען, זאָל ער קניען.

דער אַלטער זשורנאַליסט בלאָוויץ, וואָס האָט אַלעמאָל גערעדט אזוי ווי די צונג וואָלט ביי אים געפּיבערט, האָט דאָס איבערגע׳חזרט עטלעכע מאָל און זיך צעפּלאַטערט:

— כ׳מוז זיך מודה זיין, — האָט ער געזאָגט, — כ׳מוז זיך מודה זיין, — האָט ער א פּאָר געטאָן מיט ביידע הענט איבערן טיש, — כ׳בין אַן אַפּיזער. פון היינט אָן וועל איך עס זאָגן אָפן. און איר מעגט עס שוין אויך זאָגן. שעמט אייך נישט. מיר זיינען אַלע אַפּיזערס.

שמואלזאָן האָט זיך צו אים א קער געטאָן פון דערבייאיקן טישל:

— אַלע?

— ניין? — האָט אים בלאָוויץ געפרעגט, — ניין? — האָט ער גע־פרעגט די אַנדערעביים טיש, — ניין? זאָל היטלער ארויסקומען מיט א גוט וואָרט, זאָל ער זיך אָפּזאָגן פון זיין מערדערישן אידנהאַס, זאָל ער כאָטש ארויסקומען דערקלערן, אז יעדער דייטש מעג זיך זיין אן אַנטיסע־מיט, מעג, דאַרף, נאָר ס׳איז זיין פּריוואַט זאַך, אזוי צו זאָגן, פּריוואַט זאַך, ס׳איז מער נישט די פּאָליטיק פון דער רעגירונג — אַנטיסעמיטיזם, יאָ, אָבער אָפּגעטיילט פון דער רעגירונג, ווי די קירך, אָפּגעטיילט, וואָלטן מיר נישט —

— טאַנצן אין די גאַסן פון שמחה? — איז אים שמואלזאָן אריינגע־פאַלן אין די רייד. ער האָט זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן ביז בלאָוויץ וועט קומען צו א פּונקט ער זאָל אים ווייזן, וואָס דאָס מיינט: א רעפאָר־מירטער היטלעריזם, — פאַשיזם, אַלרייט, באָט אָף דהיי רעקאָרד — דאָס מיינט איר?

— נאָ, נאָ, — האָט בלאָוויץ זיך א ריס געטאָן פון אָרט, — נאָ, איר זענט א קרומער קאָפּ! מיר וואָלטן געטאַנצט, ווייל מיר וואָלטן געוואָרן גלייכבארעכטיקטע קעמפער קעגן פאַשיזם. דאָס האָב איך געמיינט. דאָס.

— גלייכבארעכטיקטע קעמפער קעגן פאַשיזם, — האָט זיך אָנגע־רופן זלאָטין ביי זיין זייט, — אָבער, — אָבער בלאָוויץ האָט אים נישט געלאָזט רעדן און שמואלזאָן האָט זיי ביידע נישט געהערט. א רויטקייט האָט זיך צעבליט אויף זיין שטערן, זיינע גרויע אויגן זיינען גרויער, שאַרפער געוואָרן. אומזין, האָט ער געטראַכט. משוגעת, האָט ער געוואָלט אויסשרייען, בעת די צונג פון דעם אַלטן זשורנאַליסט האָט ווייטער גע־פּיבערט:

— גלייכבאַרעכטיקטע קעמפער קעגן פאַשיזם. דאָס האָב איך גע־מיינט און, צווייטנס, — האָט ער געזאָגט אָן אָטעם, — צווייטנס בין איך אַן אַפּיזער, ווייל כ׳ווייס, אַז ס׳וועט אין ערגעץ נישט פירן, ס׳וועט יאָ פירן — אין דער שאול־תחתיה אַריין. סיי ווי סיי, אין דער שאול־תחתיה אַריין. אָבער ווייל כ׳ווייס דאָס, בין איך אַן אַפּיזער. ס׳גיט מיר דעם מאָ־ראַלישן כוח, וואָס כ׳האָב אין זיך געפילט, ווען כ׳האָב אין די פריערדיקע יאָרן געזאָגט, אַז כ׳בין אַ פּאַסיפיסט. ווען כ׳האָב דאָס געזאָגט איז מיין גע־וויסן נישט ריין געווען. איך האָב געקעמפט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. איצט גייט זיין אַ צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס קעגן איר וועט די ערשטע זיין אַ פּרימיטיווע מערדעריי. מ׳וועט זיך שלאָגן נישט נאָר אויף שלאַכטפעלדער. ס׳וועלן זיין שלאַכט־שטעט. לאַפּידוס איז גערעכט. דאָס וואָס מיר זאָגן איצט דאַרף פאַרשריבן ווערן לדורות. זאָל דאָס געדענקט ווערן ווען מענטשלעך בלוט וועט זיך גיסן. מיר האָבן דאָס נישט געוואָלט. די וועלט האָט זיך ביי אונדז קיינמאָל נישט אָנגעפרעגט וואָס מיר האָבן געוואָלט. אָבער לאָמיר נישט ווערן קיין מאָראַלישע שותפים פון דעם וואָס קומט און מוז קומען.

— געוויס, — האָט זלאָטין געזאָגט, — איר אָבער פאַרגעסט, ווי קאָנט איר פאַרגעסן, אַז דאָס אַפּיזן —

— איך פאַרגעס גאָרנישט, — האָט אים בלאָוויץ אַ שליידער געטאָן אין בלייכן פּנים אַריין, — טשעמבערלעין איז אַ קרעמער, אַן אַמברעלאַ מיניסטער. ער דינט אַפּיזערישע אינטערעסן, וואָס זיינען נישט אונדזערע אינטערעסן. מעג זיין פליען קיין בערכטעסגאַדן האָבן אַנדערע מיינען. פאַר מיר פירט ער דורך אַ גרויסע אחריות, אַ שליחות פון דעם וואָס מ׳רופט וועלט־געוויסן. ער נעמט אַראָפּ פון זיך, פון ענגלאַנד, פון דער דעמאָק־ראַטישער וועלט נעמט ער אַראָפּ דאָס אחריות פאַר דעם בלוט וואָס וועט זיך גיסן. זאָל ער פליען, זאָל ער קניען.

לאַפּידוס האָט געהערט מיט אַ פייכטקייט אין די אויגן. ער האָט דערפילט אַ קליסקע אין האַלז, וואָס ר׳האָט נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען. דאָס אַלץ וואָס בלאָוויץ האָט געזאָגט, האָט ער דאָך געמיינט. נישט מער, זיין מיינען איז געווען מטושטש און, דערהויפּט, ער האָט דאָס נישט גע־וואָגט צו זאָגן. אָבער מ׳קאָן נישט זאָגן, אַז ער האָט גאָר קיין מוט נישט געהאַט. פאַרקערט, האָט ער דען נישט גלייך ביים אַריינקומען אויסגע־רופן: ״זאָל ער פליען, זאָל ער קניען״? ער האָט נאָר נישט געהאַט די גייסטיקע געוואַגטקייט צו טראַכטן וואָס דאָס מיינט. אויף דעם דאַרף מען זיין אַ בלאָוויץ.

ווען ער האָט דאָס דערציילט זיין מלכה׳לען און געזען ווי פול מיט פאַרוואונדערונג אירע אויגן זיינען געוואָרן, האָט לאַפּידוס ווידער דער־פילט די קליסקע אין האַלז, וואָס ער האָט קוים געקאָנט אַראָפּשלינגען. ער מוז זי באַקענען מיט דעם גרויסן זשורנאַליסט.

— דאַרפסט אים קענען, — האָט ער געזאָגט און דערווייל איר גע־נומען שילדערן ווי בלאָוויץ זעט אויס: ער איז הויך און נידריק — אַ

געבויגענער טורעם. ער איז דין, דאַר, אָבער אָנגעטאָן אין זיבן פּאָלעס און דער קאָפּ, דאָס פּנים מיט דעם לבנה׳דיקן מויל און קרומע ברילן שטענדיק נידריקער פון די אויגן, ווי ער וואָלט זיי נישט געדאַרפט, נאָר טאָמער דאַרף מען — איז אָט האָט איר ברילן. און אזוי די האָר: טאָמער וועט איר זאָגן, אז כ׳בין א פּליך — איז אָט זעט, כ׳האָב האָר אויך. אָבער דאָס זיינען דאָך זייטיקע זאכן, צוליב אָנשטעל אָדער קאָנווענציע. דער עיקר איז דאָך דער שטערן.

— דאַרפסט אָנקוקן א שטערן, מלכה׳לע! אזא זשורנאַליסטישער ריז. ביי די אומות־עולם וואָלט מען נישט נאָר זיך צוגעהערט צו זיין וואָרט, מ׳וואָלט געוואַרט אויף זיין מיינונג: וואָס זאָגט בלאָוויק? וואָלט מען גע־פרעגט און וואָס ער וואָלט געזאָגט, וואָלט געווען געזאָגט.

לאַפּידוס איז מיט אמאָל אנטשוויגן געוואָרן. ס׳איז געווען א שווייגן, וואָס קאָן נישט איבערגעריסן ווערן פון רייד, א שווייגן וואָס איז פאר זיך אליין. דער מענטש רעדט און זיין שווייגן הערט זיך צו צו די גע־דאנקען, וואָס ווידערשפּרעכן זיינע רייד. דאָס זיינען די געדאַנקען פון אומזיכערן צווייפל. דאָס איז די פּיינלעכסטע צייט פון צווייפל. מ׳דאַרף האָבן דעם מוט צו רעדן און רעדנדיק, זיך דעררעדן צו קלאָרקייט, צו לאָגישע שלוסן, צו אן איבערצייגונג, וואָס באפרייט פון דער פּיינלעכקייט.

און לאַפּידוס האָט געהאַט דעם מוט.

ער איז, נעמלעך, געקומען צום שלוס, אַז זיין מי — יעדער מי צו שאפן די נויטיקע דערנענטערונג — איז ווי שעפּן וואַסער מיט אַ קאַן אָן א דנאָ. מ׳קאָן דעם לעזער נישט דערהאַלטן ביי דער יידישער ליטע־ראַטור. ער האָט דאָס שיער נישט אויסגעשריגן ביי א לעקציע פאר א קליי־נעם עולם אין לעיבאָר טעמפּל. דער לעקטאָר האָט, רעדנדיק וועגן ליטע־ראַטור, דערמאָנט דעם "אזוי גערופענעם נאַטירלעכן פּראָצעס" פון קול־טורעלער אסימילאציע, וואָס איז א רעזולטאַט פון דעם שיפלות געפיל ביי דער מערהייט פון דער מינדערהייט. דאָס הייסט, די מערהייט, "די אומקול־טורעלע מאַסע פון יעדער מינדערהייט גרופּע", פּאַסט זיך לייכט צו צו דער הערשנדיקער קולטור און דידאָזיקע צופּאסיקייט איז די קלאָרסטע מאַ־ניפעסטאַציע פון קולטורלאָזיקייט.

— איך בין געווען ביי די גרויסע פּראָטעסט דעמאָנסטראַציעס אין ניו יאָרק, — האָט לאַפּידוס אויסגערופן, ווען דער לעקטאָר איז גרייט געווען צו ענטפערן אויף פראגעס, — איך בין געווען ביי טרויער־פאר־זאמלונגען אין מעדיסאָן סקווער גאַרדען. איך האָב געזען יידישע טרערן ווען מ׳האָט קדיש געזאָגט נאָך די קרבנות, די קדושים אונדזערע אין נאַצי־דייטשלאנד.

דער לעקטאָר, א דינער, שוואַכער מענטש, ביי וועמען ס׳האָט זיך שטאַרק אָנגעזען די צעקנייטשטקייט פון די הויזן, האָט געענטפערט, אַז אויך ער איז געווען, אויך ער האָט געזען יידישע טרערן, אָבער ער פאַר־שטייט נישט וואָס פאר א שייכות דאָס האָט מיט דעם צושטאַנד פון דער יידישער ליטעראַטור אין אמעריקע.

**און לאפּידוסן איז עס געווען פאַרשטענדלעך וואָס ער פאַרשטייט נישט. גאָר פּשוט, האָט ער געטראַכט, מ׳דאַרף די זאַך נעמען טיפער. עפּעס מוז דאָך פאַרט זיין אין דעם ענגלישן בוך, אין א פאַרשטעלונג אויף בראָדוויי, וואָס ציט אזוי דעם יידישן לעזער, דעם יידישן טעאַטער־גייער — אונדז פעלט דער דאָזיקער עפּעס.**

V

מיט דעם געדאנק, אז עפּעס, עפּעס פעלט אונדז, האָט לאָפּידוס זיך צוגעזעצט צו א קאַפּע־טישל און דאָ איז געשען עפּעס, וואָס טרעפט צומאָל צווישן צוויי מענטשן, ווען איינער רעדט און דער אנדערער לאָזט זיך רעדן, ווייל וואָס איר זאָלט ניט זאָגן שטערט עס נישט זיינע אייגענע געדאנקען, אדרבא, ער הערט אייך אויס מיט דער גרעסטער סבלנות. נאָר אָט ווילט איר עפּעס מסביר זיין, אייערע רייד ווערן אינטימער, איר נעמט אָן אייער פריינט ביי אן אָרעם — און איר קריגט אן עלעקטרישן שטויס.

אזא פריינט איז דאָס קאפּע. אזוי געדולדיק איז דאָ דאָס קאָלעקטיווע געמיט.

אויף דעם געדולד פון קאפּע קאָן מען בויען מיט מארמאָר. מ׳דאַרף בלויז וויסן וואָס און ווען צו בויען. דער וואָס ווייסט, קאָן, מיר־נישט דיר־נישט, א קלאַפּ טאָן אין טיש: איך בין נישט מסכּים! און ס׳וועט זיין ווער ס׳זאָל מיט אים איינטענהן, אז פון זיין שטאַנדפּונקט איז ער אפשר גערעכט, אָבער צוריקהאַלטן זיין הסכּמה—איין קלייניקייט: ווייבער גייען צו קינד, פּאָעטן גייען צו נייע לידער, סטרייקערס גייען אויף די פּיקעט־ליינס — דאָס גאַנצע פאָלק איז אויפן ברוכשטול — ער טאָר נישט צו־ריקהאַלטן זיין הסכּמה. באם לאו, אויב, אָבער, ער זאָל ווייטער בלייבן איינגעע׳עקשנט, וועט אן אַנדערער מאַכן הבדלה און ער וועט ווערן אויס שטריימל־מאכער.

נאָר עס טרעפט, אז איינער זאָגט אזא אומשולדיק, גאַרנישט־זאָגנדיק וואָרט ווי ״עפּעס״ און ער קריגט אן עלעקטרישן שטויס.

— וואָס זשע איז דאָס פאַר אן עפּעס? — האָט שולמאַן זיך א קער געטאָן צו לאַפּידוסן מיט אזעלכע פאַר׳חדושטע אויגן, וואָס האָבן אים אָפּגעמאָסטן, פאַנאַנדערגעקנעפּלט און נישט אָפּגעלאָזט — אדרבא, לאָמיר הערן!

אבא לאַפּידוס איז כמעט אויפגעשפּרונגען. ער וואָס האָט עס גע־האַלטן פאַר אַ כבוד זיך צו באַליידיקן פון אַ יידישן שרייבער, האָט גע־זאָגט מיט האַרץ:

— איר, ברוך שולמאַן, פרעגט דאָס ביי מיר? איך דאַרף דאָס אייך דערקלערן? כ׳לעבן, איר מאכט פון מיר חוזק.

שולמאַן האָט געוואָרימט ביידע הענט אָן א ניט־דערטרונקען גלאָז טיי און מיט אינקוויזיטאָרישער רואיקייט אויף זיין קליין מאָגער פּנים

האָט ער געזאָגט:

— איר שטאָלצירט צופיל מיט אייער באשיידנקייט, לאפידוס.

א צעשרויפטער פון דעם קאָמפּלימענט, האָט לאפידוס פּרובירט דערקלערן, אז אפשר איז עס די ברייטקייט, די וועלטלעכקייט פון זייער ליטעראטור. עס קאָן זיין, אז מיר זיינען צו איינגעשלאָסן אין די אייגענע דלד־אמות. וואָס דאָס מיינט, אז מיר זיינען פּראָווינציעל, און אבא לאפּידוס איז נישט דער מענטש, וואָס זאָל זיך שעמען צו זאָגן דעם אמת אין פּנים אריין, אפילו דעם אייגענעם טאטן, עליו־השלום: יאָ, מיר זיינען נישט אוניווערסאַל.

— אָ, אוני־ווערסאַל, — האָט שולמאַן אויסגעצויגן און זיך פאַרנייגט פאר די קאָלעגן אויף ביידע זייטן, — אָט אזוי הערן מיר לשון. אוניווערסאל! וועגן דעם, זעט איר, דארף מען א טראכט טאָן.

— אנטשולדיקט, — האָט לאפּידוס זיך א הייב געטאָן און דערפילט א זינקען אין די קישקעס, — אנטשולדיקט. איך האָב, חלילה, נישט געמיינט צו זאָגן, אז אונדזער ליטעראטור איז נישט אוניווערסאל. מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ, רייזען, ראַבאָי און גלאָטשטיין, איך מיין — האָט ער גלייך פארריכט דעם פעלער פון אריינגעמען אן אינזיכיסט אין דער צווייטער גרופּע קלאַסיקער, ס'איז דאָך אויך כראָנאָלאָגיש נישט ריכטיק, — איך מיין רייזען, אַש און מאַני לייב, — האָט ער געזאָגט פילנדיק, אז אויך די גרופּירונג הינקט אונטער, אָבער מיט מאני לייבן האָט ער געוואָלט קאָמפּענסירן די "יונגע" פאר די אינזיכיסטן, — און אָפּאַ, — האָט ער אויסגערופן, — טאָ־שו, — אַזוי ווי אָפּאַטאָשו אַליין וואָלט געווען א גרופּע פון דריי, — אָדער לייוויק, לעיעלעס און בערגעלסאָן, ווער קאָן זאָגן, אַז זיי זיינען נישט אוניווערסאַל? אָבער אונזערע אינגערע שעפערישע כחות, כ'מיין, פארשטייט זיך נישט אייך, הער שולמאן, אָדער אייך הער זלאָטין, כ'מיין, בכלל גענומען זיינען אונדזערע אינגערע שאפנדיקע כחות מאָדערן, אָבער אומפארשטענדלעך.

— יאָ, — האָט זלאָטין זיך אָנגערופן, — אָבער וואָס איז נאָך אזוי אוניווערסאל ווי אומפארשטענדלעכקייט?

דער טיש איז זיך צעוואָקסן. ס'האָט זיך צוגעזעצט מיט זיין האלבן צוזעץ, ליבער, וועלכער האָט ווי געוויינלעך נישט אויסגעטאָן ס'היטל, ווייל אָט־גייט־ער און ווייל ער האָט אָפּט געהאט דאָס געפיל, אז ווען ער זאָל אויסטאָן ס'היטל וועט ער אויך מוזן אויסטאָן די ברילן — און גיין שלאָפן. סיידן ער רעדט וועגן שלום עליכמ'ען אין אמעריקע, ווען ער, ליבער, איז ביי אים געווען א בן־בית. ליבער'ס היטל רוקט זיך דעמאָלט ארויף פון זיך אליין און מ'זעט זיין בלייכן שטערן. דאָס היטל פארשווינדט און ליבער'ס אויגן זיינען ווי אין אים וואָלט אויפגעגאנגען די מילדקייט פון שלום עליכמ'ס יידישער באריידעוודיקייט, מיט א פונק פון זיין פשוטער חכמה.

ס'איז צוגעקומען ראָוונער, וואָס שולמאן האָט אמאָל געזאָגט וועגן אים, אז ער איז ווי א וואליז פון א וועלט־רייזנדן — באקלעפּט אויף אלע

זייטן מיט טיקעטן פון א סך לענדער. אזוי רעדט ער, אזוי שרייבט ער.

און ס׳האָט זיך געשאפן פלאץ פאר דער בלאָנדער לאהן, פאר איר און אירע געטאָקטע מילכווייסע אָרעמס, וואָס זי האָט געהאַלטן אין איין באהאלטן אין דעם פארביקן שאַל, בעת איר שמייכל האָט געפלאטערט ווי א גאָלדענע פליג פון דעם צו יענעם, פון יענעם צו דעם און געבליבן הענגען פאר די האלב־פארשנורעוועטע אויגן פון דעם יונגן זשורנאליסט ל. אייזנער.

אייזנער האָט אויפגעריסן די רואיקייט פון טיש — אויב מ׳קאָן בכלל רעדן וועגן רואיקייט ארום א טיש, וואו עס זיצן זעקס אכט יידישע שרייבערס. געוואָלט האָט ער שטעלן א פראגע, "ווי א לעזער", האָט ער געזאָגט, א פראגע אין שייכות מיט די נייע שטימונגען אין דער יידישער פּאָעזיע. אָבער די פראגע איז ביי אים געוועזן אזוי איבערגע־לאָדן מיט זיין אייגענעם ענטפער, אַז ער האָט עקספּלאָדירט. אייזנער האָט די שטימונגען געבראנדיקט ווי רעאקציאָנער, זיי אָנגערופן "מאָטיוון פון צעשיידונג" און העפטיק געפּראָטעסטירט קעגן די אָפּגרונטן פון האָס, וואָס די געטאָ־מאָטיוון גראָבן צווישן אונדז און דער וועלט.

לאפּידוס איז איצט געווען פריי. אייזנער האָט אים אויסגעלייזט פון שולמאַנ׳ס סאַרקאַזם. נאָך מער, אין דער דעבאַטע, וואָס האָט זיך צעפלאקערט און צעטיילט דעם טיש אויף צוויי כמעט גלייכע צדדים, איז לאפּידוס געזעסן מיט א געפיל פון שטאָלץ, וואָס זיין אומשולדיקער "עפּעס" האָט דאָס אַלץ אָנגעפאנגען. אמת, ער איז איצט געווען א פאר־געסענער. דערפאר אָבער האָט ער געקאָנט אָנהאלטן א נייטראַלע פּאָזיציע אין סאמע ברען פון דער דעבאטע. אפילו ווען ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און רעאגירט מיט אַלערליי העויות, האָט דאָס נישט געבראָכן זיין נייטראַליטעט, ווייל פאקטיש האָט ער אַליין גאָרנישט געזאָגט. זיינע העויות זיינען געווען די פונקטואַציע: די קאָמאַס, פּונקטן, פרעג־צייכנס און אויס־רוף־צייכנס צו דעם וואָס אנדערע האָבן געזאָגט.

אויף אזא אופן האָט ער אונטערגעשטעלט אין גרויסן אויסרוף־צייכן נאָכן אנדערן, ווען אייזנער האָט גע׳טענהט, אז מיר קאָנען זיך נישט אָפּ־טיילן פון אנדערע פעלקער, מיר קאָנען נישט מאָכן שבת פאר זיך; אַז דאָס איז מאָראַליש פאַלש, פּאָליטיש רעאַקציאָנער און פון אַ לירישן שטאַנדפּונקט—פּשוט סקאנדאַליעז. וואָרים די ליריק פון די פעלקער האָט דורך טויזנטער יאָרן, איבער אַלע אונטערשידן פון שפּראַך, לאנדשאפט און ראַסע, געזונגען דאָס געמיינזאַמע, וואָס פאראייניגט אַלע פעלקער.

נו, וואָס וועט איר זאָגן דערצו? האָט לאפּידוס א קוק געטאָן אויף שולמאַנען מיט א כמעט טריאומפירנדיקער צופרידנקייט, אָבער אויך מיט באַדויערן וואָס אייזנער איז אזוי שאַרף, אזוי מורא׳דיק געגעכט קעגן אים.

און שולמאַן האָט געזאָגט: "וואונדערבאַר!" האָט ער אויסגערופן. די ליריק פון די פעלקער, די פעלקער דורך זייער ליריק, האָבן טויזנטער יאָרן זיך צו אונדז דערקלערט אין ליבע, אין חבר׳שאַפט, אין ברודער־

שאפּט און מיר האָבן מיט זיי געשפּילט א ברוגז־טאַנץ, מיר האָבן זיי געזונגען האַס־לידער, געטרייבערט זייערע אָדערן, געס'מ'ט זייערע ברונימער; מיר האָבן זיי אונטערגעוואָרפן געקוילעטע קינדער און אַריינגעשמוגלט פלעשער בלוט אין זייערע קלויסטערס; מיר, יאָ, מיר, די אויסדערווײלטע פון דער געלער לאַטע — — —

אייזנער'ס אונטערשטע ליפּ, וואָס איז איצט געווען אזוי בלייך ווי זיין פּנים, האָט א ציטער געטאָן. לאה האָט דאָס די ערשטע דערזען און א פּאָר געטאָן מיט דער פּארביקער שאַל, אָפּגעדעקט און צוגעדעקט די מילכווייסע אָרעמס, בעת איר גאָלדענער שמייכל איז פארשוואונדן, זיך ווידער געוויזן און ווי פריער געפלאַטערט פאר אייזנער'ס אויגן. ער האָט זיך באהערשט און געענטפערט ציילנדיק די ווערטער:

— איך בין געבוירן געוואָרן ביי יידישע טאטע מאַמע. אויפן אכטן טאָג איז געווען מיין ברית און דער מוהל האָט אויך איבער מיר געזאָגט בדמיך חיי. דאַרפט איר צו מיר נישט רעדן ווי צו א גר. נאָר מילא. איך וויל אייך אָבער דערמאָנען, אַז עס זיינען נישטאָ קיין אינגאַנצן גוטע פעלקער און נישטאָ קיין אינגאנצן שלעכטע פעלקער. פאראן יידישע פאַשיסטן אויך —

— פאראַן! — האָט אים זלאָטין אָפּגעשניטן, — פאראן און עס זיינען אלעמאָל געווען יידישע מוסרים און משומדים, יידישע סקעבס און גענגסטערס און סיפיליטיקער. קאָן זיין, אז ס'זיינען דאָ צווישן זיי פאַשיסטן אויך. איז וואָס ווילט איר דערמיט באַווייזן?

— אז מיר זיינען נישט בעסער ווי אנדערע.

— דאָס גאָר? נו, מיט אייך וועל איך זיך וועגן דעם נישט שפּארן.

איז עס נישט, האָט אייזנער געוואָלט פרעגן, אביסל צו חוצפה'דיק פאר א מאָדערניסטיש פּאָעטל, וואָס איז געוואָרן א האנט אין רעדאקציע? אָבער געזאָגט האָט ער:

— ביטווין מי ענד יו, הייסט עס, וועט איר זיך נישט שפּארן. איך כאַפּ, וואָס איר מיינט. זענט איר צופרידן?

— איר כאפּט פליגן. ביי מיר האָט איר געפועלט, אז איר און איך זיינען נישט בעסער ווי אַנדערע. אָבער זאָגט עס מיר נאָר נישט איבער די קעפּ פון די באַיקאָטירטע, פּאָגראָמירטע, געברענטע און געשענדטע יידן פון פוילן און רומעניע און דייטשלאַנד.

— און איך מיין, אז מיר זיינען צו ווייט אוועק פון דעם עיקר ענין, — האָט זיך שולמאַן אָנגערופן מיט א קאלט, פארענדערט קול.

לאַפּידוס האָט א מידן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט שוין לאנג געטראכט דערפון. א טרויער איז אים באפאלן. ער האָט עס עמיצן געוואָלט דערציילן, עפענען ס'הארץ, ווייזן ווי ס'איז אָנגעשוואָלן פון ווייטיק. די בעסטע זאַך וואָלט געווען, ווען ער גייט אהיים און ביי א פרישׂ גלאָז טיי מיט זיין מלכה'לען דערציילט ער איר די רייד, וואָס מיר האָבן דאָ גערעדט, און זי טרייסט אים מיט חכמות פונ'ם קינד, וואָס איז אזוי גרין און אַיידל ווי די מאַמע און רעדט א יידיש, הלוואי אויף טייל יידישע

לעזער געזאָגט געוואָרן. אָבער ער האָט געוואָרט אויף לאה׳ן. זי איז דאָך א נוירס, וועט זי אים זאָגן צי זאָל ער עפּעס איינגעמען צוליב דעם קאָפּ־ווייטיק אָדער נעמען א שפּאציר. די נאַכט וועט אים אָפּפרישן און אזוי שפּאצירנדיק וועלן זיי זיך אָפּשטעלן און זי וועט נעמען זיין דופּק, אין מיטן גאס — וואָס א נוירס קאָן! זי וועט האלטן זיין דופּק און אים שמייכלען אין די אויגן אריין און ער וועט איינפלעכטן זיינע פינגער אין אירע. נאָך דעם וועלן זיי אריינגיין אין א טשאַילדס רעסטאָראַן, נאָר נישט אין איינעם פון די אַלטע מיט די ווייסע ווענט און ווייסע טישן, וואָס גיבן איר דאָס געפיל, אז שוין, זי איז שוין צוריקגעקומען אין האָספּיטאל אריין צו דער ארבעט.

זי אָבער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט און ער איז געזעסן ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. ס׳האָט אים געפּעלט לופט, ס׳איז אים געווען ווי ער וואָלט געאָטעמט דעם טרויער פון זיין אייגן הארץ.

ער האָט מיט אמאָל דערפילט, אז אלע ביים טיש זיינען אין אן ענגשאפט, וואָס מ׳קאָן זיך פון איר נישט ארויסרייסן, ווי ווייט מ׳זאָל זיך ניט אָפּרוקן איינער פון אנדערן. ס׳איז געווען ווי אין א חלום, אן ענג־שאַפט, וואָס מ׳קאָן פון איר ארויס נאָר מיט א גרויס געשריי. אָבער ס׳איז נישט קיין חלום. דערפאר איז מען דאָ אזוי טאָקטיש, דערפאר פירט דאָ נישט די ביטערקייט צו אָפענע אויסברוכן פון שנאה, דערפאר פירט דאָ נישט די שנאה צו געשלעגן, ווי צווישן אנדערע מענטשן — ווייל מ׳וועט נישט קענען ארויס פון דער ענגשאפט, מ׳וועט נישט קאָנען אנטלויפן איינער פון אנדערען.

איצט, אָבער, האָט אים ס׳האַרץ געזאָגט, האַלט עס ביי א געשלעג. אין זיין פארטשאדעטן צושטאַנד האָט לאפּידוס נאָר נישט געוואוסט ווער מיט ווער ווערט. און ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען ער האָט געהערט שולמאנ׳ס אנטשלאָסנקייט, אז מיר מוזן זיך אומקערן צום עיקר ענין.

## VI

עס איז געווען, ווי שולמאן האָט געזאָגט, "די דערעסלעכע באַ־הויפּטונג, אז מיר זיינען נישט בעסער ווי אנדערע", וואָס האָט אים צו־ריקגעבראכט צו די געטאָ־מאָטיוון. די דאָזיקע מאָטיוון, האָט ער, פון קלאָרקייט וועגן, דערמאָנט, זיינען ארויסגערופן געוואָרן, אָדער האָבן, לאָמיר זאָגן, געקראָגן דעם ערשטן מוטיקן אויסדרוק דורך יעקב גלאַט־שטיינס ליד "א גוטע נאכט, וועלט."

— ווייל איך אייך זאָגן, קאָלעגע אייזנער, אז איר מאכט א טעות. "א גוטע נאכט, וועלט" איז א לירי̇יש ליד און גלאַטשטיין רופט אייך נישט אין דער געטאָ אריין. אויב איר מיינט, אז יאָ, מעגט איר אים נישט פאָלגן און נישט גיין מיט אים. איר קענט אייך גיין, געזונטערהייט אייער איי־געגעם גאנג, אָדער מיט די לירי̇קער פון די אנדערע פעלקער, וואָס איר האָט פריער דערמאָנט. זיי, אָבער, בין איך זיכער, וואָלטן דאָס אנדערש פארשטאַנען און וועגן זיי האָבן מיר גערעדט. לאָמיר דאָס נישט פאר־געסן.

איז עס נישט צום באַוואונדערן, האָט לאַפּידוס א טראַכט געטאָן, אַז וואָסערע דרייסיק אָדער פערציק קליינע שורה׳לעך זאָלן אַזוי צעררו־דערן די ערנסטע שעפערישע אינטעליגענץ פון א פאָלק? און איזן איז עס, וואָס? א לירישע ליד, בסך הכל! און וועגן דעם האָט מען גערעדט און גע־שריבן אין דער גאַנצער וועלט. ס׳האָבן געשריבן נישט נאָר קריטיקער, ס׳האָבן געשריבן נאָך מער, פּאָליטישע גאָט־זוכערס און בייזע למדנים, וואָס זיינען געוואָרן פּאָליטיקער, און ערלעכע עמר׳צים און גלאַט זשור־נאַליסטן, ביי וועמען פּאָעזיע איז נאָך ״פּאָעזי״ און לידער זיינען ״לידלעך.״ ס׳זיינען דורך דער צייט ארויס ביכער וועגן שווערע וועלט־פּראָבלעמען, גרויסע היסטאָרישע ראָמאַנען ״און מאַינדזש׳יו״, האָט ער זיך געזאָגט, ״די גרעסטע בעסט־סעלערס״. ס׳זיינען דורך דער צייט געשען געשעענישן, כ׳מיין עפּעס. ס׳האָלט ביי מלחמה. ס׳איז שוין מלחמה. נערוועץ־מלחמה. און דאָ, דאָס קליינע לירישע ליד איז אין צענטער פון אַלץ. דער לעזער — פרעגט אים בחרם. אָבער דאָס וואָרט פון זיינע וואָרט־זאָגערס ווערט באַווירקט און געדרייצט און געשטאַרקט און דערצאָרנט דורך פערציק קליינע שורה׳לעך.

אין זיין פאַרטראַגנקייט האָט לאַפּידוס קוים באמערקט ווי שולמאַן האָט דעם געטאָ־מאַטיוו אריינגעבראַכט אין דער ברייטער ליכטיקער וועלט אריין.

— ס׳איז א פערוועלעכער מאַטיוו, — האָט ער געזאָגט, — פון א יידישן פּאָעט, וואָס האָט זיך געריסן אין דער וועלט אַריין, ווי איר, ווי מיר אַלע, ווי דאָס גאַנצע יידישע לעבן. אויב איר ווילט לייענען אַ ליד פון אונדזער וועלטלעכקייט, באמת, לייענט באַכאַמאַל ״א גוטע נאַכט, וועלט״. נאָר איינער, וואָס איז פאַרליבט אין דער וועלט און האָט אליין גע׳חלומט צו ווערן א וועלט־מענטש, קאָן איר אַזוי וואַרפן דעם גט פאַר די פיס. זאָגט, אַז איר האָלט נאָך נישט דערביי, אָבער רופט עס נישט געטאָ מאַטיוו. ״אַ גוטע נאַכט, וועלט״ איז אַ ליד פון יידישן ווידערשטאַנד.

— בראַוואָ! — האָט הערשפעלד אויסגערופן. מ׳האָט קוים געזען ווי ער איז צוגעקומען צום טיש און זיך אוועקגעשטעלט, זייטיק, אָנגע־לענט אויף זיין שטעקן.

— א שאָד, — האָט ער געזאָגט, — א שאָד, וואָס מיר האָבן נישט קיין פּרייז פאַר דעם בעסטן פּשטל פון יאָר. איר, שולמאַן, האָט דעם פּרייז כשר פאַרדינט.

שולמאַן האָט צו אים אויפגעהויבן דאָס קליינע מאָגערע פּנים, וואָס הערשפעלד האָט געהאַלטן מיט זיין קרומען קוק: אנו, זאָגט, וואָס איר ווילט, איך בין גרייט מיט מיין ענטפער.

— מ׳זאָגט יאַקבי, אַז איר, הערשפעלד, זענט א סאָציאַליסט.

— יובעטשי.

— איז דערפאַר, הייסט עס, זענט איר אזוי ביטער אנטוישט אין סטאַליניזם.

— יעס, וועל?

— האָט געדולד. אייער האס צום סטאַליניזם איז ביי אייך געוואָרן א פערזענלעכער האס. איר עסט מיט אים אייער טעגלעך ברויט. איר שלאָפט מיט אים ווי מיט א ווייב. ווען איר וואָלט קיין סאָציאַליסט נישט געווען, וואָלטן אייך די מאָסקווער פּראָצעסן אזוי נישט אָנגעגאנגען, אזוי נישט אויפגעטרייסלט. ווען אפילו יאָ, וואָלט איר דאָס לייכטער געקאָנט פארגעסן און איר וואָלט סטאַלינען מיט דעם סטאַליניזם אזוי נישט פיינט געהאַט, נישט מיט אזא פּערמאנענטער פיינטשאפט.

— איך שטעל מיר פאָר.

— און דאָס איז נישט קיין פשטל?

— וואָס איז דאָס פאר א פארגלייך? — האָט הערשפעלד זיך א הייב געטאָן פון שטעקן, — האָט איר געהערט, אז עמיץ זאָל צוליב סטאַלינען רופן צו רעאַקציע, צוריק צום פעאָדאַליזם, צום פינצטערן מיטל־אַלטער?

— ביין, געוויס נישט, — האָט שלמאן, געענטפערט און מער גאָר נישט געזאָגט.

ער האָט אין הערשפעלדס פראגע דערפילט אן עמר׳צות, וואָס האָט אים טרויעריק געמאכט. ער איז געווען מיד. זיינע הענט קאַלט. ער האָט גערופן דעם קעלנער, געבעטן א הייס גלאָז טיי, זיך גלייכגילטיק צוגע־הערט צום שמועס פון די אנדערע ביים טיש. ער האָט געזען זלאָטינס יונגע שטאַרקע האנט מיטן בלייפעדער, ווי זי האָט געפינטלט, געפּינטלט, גע־צייכנט אזעלכע מאָדנע צייכנונגען, נישט אזוי פשוט ווי זיינע לידער, אָבער אויך אזוי מרה־שחורה׳דיק.

נאָר ווען ער האָט דערזען פאר זיך דאָס הייסע גלאָז טיי, האָט שול־מאן זיך שוין דערפילט אביסל ווארימער און געזאָגט ווי פאר זיך:

— אַז מ׳זאָגט פינצטערער מיטלאַלטער, מיינט מען דאָך נישט דאָס יידישע לעבן אין די דעמאָלטיקע געטאָס. עקאָנאָמיש איז דאָרט געווען געענוג חושך, כאָטש נישט אלעמאָל און נישט אומעטום. אָבער גייסטיק! אפילו סאָציאַל — די איזאָלירטקייט האָט געמיינט, אז יידן זיינען פרעמדע אין דער קריסטלעכער וועלט. אָבער זיי זיינען נישט געווען אינגאנצן רעכטלאָז, הפקר אודאי נישט. זיי האָבן אויך געהאַט פּריווילעגיעס — א באַלוינונג פאר בלייבן אין דער יידנגאַס און נישט קאָנקורירן מיט די קריסטן אין מסחר. און מ׳פארגעסט, אז די געטאָ־ווענט זיינען לכתחילה געשאפן געוואָרן צו שיצן די אָפּגעזונדערטע איינוואוינער געגן איבער־פאַלן פון די דרוסנדיקע כוליגאנעס.

ער האָט זיך אָנגעבויגן, גענומען א שלוק טיי.

— וואו נעמט מען איצט, — האָט ער געזאָגט, — וואו נעמט מען אַזאַ שוץ פאר די יידן פון דייטשלאנד, די יידן פון אייראָפּע, ווי די געטאָ ווענט זיינען געווען פאר די יידן פון פינצטערן מיטלאלטער.

## VII

לאַפּידוס האָט געהאַט פאַרלוירן דעם פאָדעם פון געשפּרעך. אָבער ס'איז נישט געווען קיין מאָלער. ער האָט אפילו געקאָנט אוועקגיין אויף א שעה צוויי אָדער צוריקקומען מאָרגן צי איבערמאָרגן און ס'האָט זיך ביי אים געפּעדימט איין שמועס אין דעם אַנדערן, ווי ביי די מענטשן, וואָס זיינען דאָ געזעסן האָט זיך געפּעדימט איין נאַכט אין דער אַנדערער. די טעג צווישן די נעכט זיינען געווען א מין ווייסע פאַסטריגעס, וואָס מען האָט געקאָנט ארויסשלעפּן און עס זאָל זיך באַקומען איין נאַכט.

ביי געליבטע איז מעגלעך, אז איין נאַכטיקע שעה זאָל ווערן דער תמצית פון א סך נעכט. דאָ, פאַרקערט, געשעט, אַז דער תמצית פון איין שעה ווערט צעגלידערט און צעלייגט אויף טעלערלעך פון א סך נעכט. דאָס איז נישט קיין צעשפּליטערונג. יעדער באַזונדערער חלק האָט זיין מיין און צוזאַמען זיינען זיי איין גרויסע משפּחה — די נעכט פון אונזערע טעג.

פריער איז עס געווען א קליין חלקל אחריות פאַר דעם שעפערישן יידישן וואָרט, וואָס לאַפּידוס האָט אויף זיך גענומען. אָבער די ווייטער־דיקע געשעענישן און זיין באַטראַכטן האָבן דעם חלקל געגעבן מער מיין און געוויכט. ניטאָ ביי אונדז קיין לידער צוליב געזאַנג אליין, האָט ער באַשלאָסן. געזאַנג איז ביי אונדז פאַרבונדן מיט קיום. געזאַנג איז קיום. אונדזערע זינגער פון שיינקייט טאָרן דאָס נישט פאַרגעסן און זייערע פאַרערער מוזן דאָס געדענקען — דאָס איז ביידנס אחריות.

מיט דער דאָזיקער אחריות איז ער געקומען צווישן פריינט, אָפּט אפילו א טאָפּ געטאָן אין גייסטיקן וואָגן ביי אַנדערע אַגענטן פון זיין קאָמפּאַניע און, דער עיקר, ביי די קליינע ביזנעסלייט, לאָיערס און דאָק־טוירים, וועמען ער האָט געשריבן פּאָליסיס. איינער פון זיי, דר. הערי פּליקער, האָט אוועקגעלייגט די מידע פּלייצע אויפן אָנלען פון זיין טיפן שטול, א הייב געטאָן א האַנט צום גלאַנציקן פּליך און די זעקעלאַך אונ־טער די אויגן האָבן זיך צעשטראָלט. ער איז גרייט געווען אזוי אוועקצו־פאָרן צו די אמאָליקע יאָרן.

— איז וואָס, — האָט ער געפרעגט, — וואָס הערט זיך אויף דער אַלטער איסט־סאַיד?

די אַלטע איסט סאַיד, האָט אים לאַפּידוס אינפאָרמירט, שטייט איצט פאַר א נייער און זייער וויכטיקער פראַגע.

— איז דהעטסאָ?

— יעס, ס'הערן זיך שטימען, וואָס רופן צוריק צו דער געטאָ און די פראַגע איז: גיין אָדער נישט גיין.

— איר זענט גערעכט, — האָט אים דר. פּליקער געזאָגט דער־טאַפּנדיק א קליין ווערצעלע אויף איין זייט פון זיין פּליך, — מ'דאַרף זיך אריבערכאַפּן.

לאַפּידוס איז געבליבן זיצן ווי איינער, וואָס איז געקומען צום דאָק־

טאָר מיט אַ זייער קאָמפּליצירט חלאת, וואָס מ׳דאַרף וועגן דעם דער־
ציילן, לאַנג שמועסן, נאָר דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטאָן און געזאָגט:
ס׳איז גאָרנישט, טשיקאַווע אָבער גאָרנישט. מ׳קאָן ליידן דערפון דאָס
גאַנצע לעבן און אפילו נישט וויסן. מענטשן מיט אינטעליגענץ, וואָס
ווייסן יאָ, שטאַרבן נישט דערפון.

ביי אים, הייסט עס, זיינען מיר אין דער געטאָ, וואו מיר זיינען
אַלעמאָל געוועז, און וואָס לאַפּידוס האָט געזאָגט איז געווען אַזאַ אומ־
דענקבאַרער אַבסורד, אַז דר. פליקער האָט עס נאָר געקאָנט אָננעמען
ווי אַן איינלאַדונג זיך אַריבערצוכאַפּן צו דער איסט־סאַיד און פאַרברענ־
גען אַן אָוונט אין דער סביבה פון יידישע טוער, שרייבער און שוישפּילער.

פונדעסטוועגן, ווי אומגעלומפּערט דאָס איז געווען, האָט לאַפּידוס
אין דעם געזען די מעגלעכקייט, אַז אַזעלכע ״פאַרלוירענע יידישע אינ־
טעליגענטן״ זאָלן צוריק דערנענטערט ווערן צום יידישן קולטור לעבן.
מיט דעם געדאַנק האָט ער געזען און באַוואונדערט דעם דאָקטאָרס פּריי־
וואַטע ביבליאָטעק. ס׳איז דאָ, אמת, נישט געווען קיין איין יידיש בוך,
אָבער ער האָט באַמערקט, צווישן טשאָוסער און די לאָרעאַטן, ״פון בען
דזשאָנסאָן ביז אַלפרעד טעניסאָן״ — די שירים פון ח. נ. ביאַליק און
עפּעס אַ העברעאיש יאָרבוך מיט אַן אָפּגעריבן יאָר.

דר. פליקער האָט אים געוויזן זעלטענע אויסגאַבן פון דאַנטע׳ס
געטלעכער קאָמעדיע און פון פּעטראַרקאָ׳ס לידער, וואָס ער האָט אַ בלע־
טער געטאָן און געלייענט אַ שורה: ״איך גיי און רוף: פרידן, פרידן,
פרידן.״

— פרידן, פרידן, פרידן, — האָט לאַפּידוס איבערגע׳חזרט ווי אַ
שטילן שפּרוך, ווי אַ תפילה בלחש.

אַז ער איז אויף מאָרגן געקומען אין קאַפע האָט ער גלייך געפונען
דעם פאָדים פון נעכטיקן געשפּרעך. ס׳האָבן זיך פאַר אים געעפנט נייע
וועלטן, אומבאַקאַנטע אימפּעריעס, וואָס מען געפינט נישט אויף קיין
מאַפּע אָדער אין ביכער — עס איז דאָס וויסן, וואָס גייט פון מויל צו מויל.
ווען דאָס דאָזיקע וויסן ווערט איינגעזאַמלט אין געדרוקטן וואָרט, פאַר־
לירט עס אַזוי אָפט די ווילדע שיינקייט פון דעם מיגדלעכן ווערטער־
וואַלד.

אין דעם וואַלד האָט לאַנג געבלאָנדזשעט, ווי אַ ״בעיב אין דהי
וואודז״, דער געדאַנק, וואָס לאַפּידוס האָט מיט זיך געבראַכט וועגן אַ
דערווייטערטן יידישן אינטעליגענט, אַ דר. פליקער, מיט פאַריתום׳טע
סימנים פון אַמאָליקער יידישקייט אין זיין ביבליאָטעק. קיינער האָט אים
נישט געהערט, וויל ״מ׳האָט שוין געהערט אַזעלכע זאַכן.״ אָבער ער
האָט ווייטער דערציילט און דערמאָנט די שורה, וואָס דער דאָקטאָר האָט
אים פאָרגעלייענט: ״פרידן, פרידן, פרידן״ און דאָ איז ער געפּלעפט און
באַליידיקט געוואָרן פון זלאָטין׳ס חוזק.

— פיס, איטס וואָנדערפול! — האָט זלאָטין אויסגערופן.

אַזאַ סמאַרק, האָט לאַפּידוס געזאָגט אָן ווערטער. קוקץ עס נאָר אָן

דאָס פריי־פּערזיקע טאַלענטל, דאָס איז שוין אויך אַ ציניקער. ס'איז געווען קעגן זיין טבע צו פאַרשווייגן אַ באַליידיגונג. אַזוי ווי אָבער ער האָט אים נישט גלייך אָפּגעשייגעצט, האָט ער דאָס אָפּגעלייגט אויף אַן אַנדער געלעגנהייט.

און ס'איז גוט געווען וואָס ער האָט אַזוי געטאָן, וואָרים ווען ער האָט אַראָפּגעשלונגען דעם פאַרדרוס און געפּרעגט, אַזוי זיך, ווי אים אַרט עס נישט, צו וואָס מ'דאַרף חוזק מאַכן פון "אַזעלכע דיכטער", ווי דאַנטע און פּעטראַרקאַ, האָט זלאַטין גערעדט צו אים ווי צו אַ אײנגערן ברודער און אים אויפגעקלערט, אַז אויך זיי האָבן געהאַט "פּערזענלעכע מאָטיוון".

לאַפּידוס האָט נישט פאַרשטאַנען: וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט "מאָטיוון"? ווי אַזוי זאָל ער דאָס פאַרבינדן מיט אונדזערע "מאָטיוון"? אָבער ער האָט זיך צוגעהערט מיט אײנגעהאַלטענער פאַרוואונדערונג, ווי מ'וואָלט אים דערציילט אַ לאַנג־פאַרגעסענעם משפחה סוד.

מ'רעדט דאָך נישט וועגן דער פּאָעזיע, האָט אים זלאַטין געזאָגט. אַמאָל האָט ער געהערט, אַז די פּאָעזיע פון דער "קאָמעדיע" איז טיף און אומפאַרשטענדלעך. היינט ווייסט ער, אַז אמת'ע פּאָעזיע קאָן מען פאַר־שטיין ניט־פאַרשטייענדיק. אַזאַ פאַרשטיין ניט־פאַרשטייענדיק איז אויך דער פּרוביר־שטיין פאַר דעם לעזער.

— יעס, געוויס, — האָט לאַפּידוס געזאָגט: ער פאַרשטייט, וואָס ער פאַרשטייט נישט.

מ'רעדט וועגן דער מעשה, דער אַלעגאָריע. איז וועמען, מיינט ער, האָט דאַנטע געשיקט אין גיהנום אַריין? זיינע אייגענע, פּערזענלעכע שונאים. אַזוי האָט ער נקמה גענומען אָן די מענטשן, וואָס ער האָט גע־האַסט. און מאָלט אייך, האָט אים זלאַטין געזאָגט, זיי האָבן נאָך אַלע גע־לעבט! ער האָט זיי געגעבן לעגענדאַרישע נעמען און אַרומגערינגלט מיט היסטאָרישע פיגורן, נישט פון שיינקייט וועגן. ער האָט דאָס געטאָן, ערשטנס, ווייל ער האָט געוואָלט זען זיינע לעבעדיקע שונאים צווישן טויטע און, צווייטנס, מסתמא, אַז מ'זאָל אים נישט קאָנען קלאָגן פאַר לאַיבעל.

— היינט שטעלט אייך פאָר, ער קומט אַריין אין גיהנום, ער גייט פאַרביי זיינע שונאים, ער זעט ווי זיי ווערן געברענט און געבראָטן, ווי זיי זינקען אין זומפּן, בעת די קעפּ זייערע ווערן געדרייט אויף הינטער־ווייִלעכטס און ער זינגט זיי: פרידן, פרידן, פרידן.

— דאָס וואָלט געווען סאַדיסטיש! — האָט לאַפּידוס אַרויסגעפּלאַצט,
— דאַנטע וואָלט דאָס נישט געקאָנט. דאַנטע, — האָט ער געדעקלאַמירט,
— דאַנטע איז געווען אַ קינסטלער!

— גערעכט, לאַפּידוס איז גערעכט, — האָט מען באַשטעטיקט ביים דערבייאיקן טישל, — דאַנטע איז געווען אַ קינסטלער.

— היינט שטעלט אייך פאָר, — האָט זלאַטין ווייטער געוואָלט קנעלן, אָבער שולמאַן האָט עס מער נישט געקאָנט הערן, ס'האָט אים

נערווירט, ארויסגעבראכט פון די כלים:

— הערט אויף — האָט ער געזאָגט מיט א חלשות געפיל, — הערט שוין אויף. פרידן, פרידן. אז מיר בעטן זיך, אייביק בעטן מיר, שלאָגט אונדז נישט, שלאָגט אונדז נישט, שלאָגט אונדז נישט — איז עס דען נישט דאָסזעלבע? אז דער דאָקטאָר אייערער, ווי הייסט ער? פליקער. אז דער פליקער האָט אייך געוואָלט — כ'ווייס וואָס ער האָט דאָרט געוואָלט.

— כ'ווייס וואָס, — האָט זיך לאפּידוס אָנגעכאפּט, — איר מיינט כ'האָב אים נישט געפרעגט? — האָט ער געפרעגט, — און וואָס איז דער מער מיט ישעיהן? האָב איך אים געפרעגט.

מיט אזא פייערלעכקייט און צוריקגעהאלטענעם פּאָרוואורף האָט לאַפּידוס געשטעלט די פראַגע, אַז ער האָט קוים געפילט די אַנטוישונג וואָס ער האָט ערשט איצט, אין דער שפּעטער שעה, אָפּגעפייערט זיין טריאומף איבער דעם דאָקטאָר. דערפאר איז דער פּאָרוואורף געווען אן איינגעהאלטענער. ער האָט נישט פארלוירן דעם הויכן רעספּעקט, וואָס דר. פליקער האָט ביי אים ארויסגערופן מיט זיין אינטעליגענטן, אינטעלעקטועלן שמועס ביים ווייזן אים די ביבליאָטעק, נאָך דעם אונטערשרייבן א צען טויזנט דאָלארדיקע פּאליסי. אודאי איז עס אן אָפּגעפרעמדטע אינטעליגענץ, א דערווייטערטע פון יידישן לעבן און ס'איז געווען אי קאָמיש אי פיינלעך צו הערן, אז ער איז שוין לאנג נישט געווען "אין דער געטאָ", מ'דאַרף זיך "אַריבערכאַפּן". אָבער אין אַ געוויסן זין, האָט לאפּידוס באַשלאָסן, איז דאָס א מיספארשטענדעניש, וואָס איז אפשר נישט לעכערליכער ווי ס'זייגען די טענות פון ראָוונערן און אייזנערן. ביי זיי איז רעכט, אז דאָס שעפערישע אומקערן זיך צו טראדיציע מיינט — כ'ווייס וואָס? זיך באזעצן אין די קרומע געסלעך פון טשאַינעטאון, זיך אָנטאָן געלע לאַטעס, אויפשטיין יעדער נאכט צו חצות און זיצנדיק ביי א נאפט־קאַגעניקל, האַסן די וועלט און ברומען א ליד פון צעשיידונג, בעת אין דער אמת'ן בעטן מיר זיך, אייביק בעטן מיר: שלאָגט אונדז נישט, שלאָגט אונדז נישט, שלאָגט אונדז נישט — איז עס דען נישט דאָס זעלבע, וואָס זיי ווילן? און אז א פליקער ווייזט אים א שורה: "פרידן, פרידן", פרעגט אים לאפּידוס — אויב נישט אויפן מאָמענט, פרעגט ער איצט — וואָס איז די נפקא־מינה ווען — לאַפּידוס פרעגט: און וואָס איז דער מער מיט ישעיה'ן?

— אמת, האָט ער צוגעגעבן כלומרשט מיט אן ערנסט פּנים, — אמת, ישעיה האָט נישט געשריבן קיין סאָנעטן, און גלאט ליבע לידער — אויך נישט. אָבער מ'שמועסט יאקבי, אז ער איז געווען א מייסטער פון פרייען פערז.

שולמאַן האָט אָנגעקוקט דעם "נביא'ס פארטיידיקער" מיט אן הנאה, וואָס האָט אים א גרים געטאָן אינעווייניק. פונדעסטוועגן האָט ער עס געוואָלט אביסל פארציען.

— און א סברה, — האָט ער געזאָגט, אז דער אלטער איז געווען

פארליבט אויך. א סימן האָט איר, ער האָט שטאַרק גע׳מוסרט א קעניג פון זיין צייט, הארבע שטראָף־רייד גערעדט צו אים, דערפאר וואָס דער קעניג איז געווען אן אלטער בחור. ישעיה האָט פארזיכערט חזקיה׳ן, אז ער פאר־לירט צוליב דעם ביידע וועלטן. מילא, יענע וועלט, אָבער אזוי ווי ער האָט באדויערט דאָס בחור׳ישע לעבן אויף דער וועלט, באווייזט עס, אז דער אלטער איז געווען פארליבט אין זיין ווייב.

— אָבער זי איז געווען א טאלענטלאָזיקייט, — האָט זיך אָנגערופן גרשון גליקסמאן, אן אָנפאנגער מיט אומרואיקע אויגן אונטער דיקע ברילן.

— וואָאָס? — האָט לאפידוס מיט ביידע הענט א פאטש געטאָן אין טיש אַריין: דער באָי איז משוגע געוואָרן. ער קאָן נישט אַראָפּרייסן ישעיה׳ן, רייסט ער אראָפּ זיין ווייב.

פון דעם געלעכטער, וואָס דאָס האָט ארויסגערופן ביים טיש, איז געבליבן א שמייכלענדיקע פאַרוואונדערונג, נישט אַזוי איבער גרשון גליקסמאן, דעם כבד־פּה, וואָס האָט אַלעמאָל, צווישן יאָ און ניין, אריינ־געוואָרפן דאָס וואָרט ״טאַלענטלאָזיקייט״, ווי איבער דעם, וואָס קיינעם פאַלט נישט איין צו טראַכטן פון דעם נביא ווי פון א ״פארהייראַטן מאַן״. זיין לעבן מיט דער פרוי איז אין דער נבואה, א טייל פון דער נבואה, און אים אליין זעט מען אין מורא׳דיקער איינזאמקייט.

גליקסמאן, אָבער, האָט דאָס געוואָלט וויסן. ״אזוי זיך״, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט א האנט, ווי מ׳טרייבט אָפּ א פליג, און די האנט, א שווערע, א פארמאזאָליעטע, האָט אויסגעזען פרעמד אנטקעגן זיין בלייך פּנים מיט די דיקע ברילן און מיידליש־ווייכע האָר. און ווייל ״אזוי זיך״ האָט ער נישט נאָכגעקוקט און קיינעם נישט געפרעגט, נאָר פון צייט צו צייט א טראכט געטאָן: איז ישעיה געווען א פארהייראטער מאן? ביז דאָ נישט לאנג צוריק. ער איז געווען צו־גאסט ביי א באקאנטן זשורנאליסט, איז צורייד געקומען און יענער, כאָטש א למדן מיט א גוטן זכרון, האָט ארויסגענומען דעם ״אוצר ישראל״ און געפונען, אז יאָ, פארהייראט און געהאט צוויי קינדער. זיין ווייב איז געווען א נביאה.

די צוויי פריינט האָבן צוזאמען ארויסגענומען די פנימ׳ער פון אוצר ישראל און זיך אָנגעקוקט: א נביאה? איר זעט דאָך, א נביאה. ווי זשע האָט זי געהייסן? וואָס האָט מען גאָרנישט געהערט פון איר? האָט גליקסמאן געוואָלט וויסן. אָבער איר נאָמען ווערט נישט אָנגעגעבן. די נעמען פון די קינדער, וואָס קלינגען ווי סימבאָלישע צונעמען — יאָ. אָבער זי, די נביאה, ווערט דערמאָנט אָן א נאָמען.

— איז עס נישט דער בעסטער באוויז, אז זי איז געווען א טאלענט־לאָזיקייט? — האָט גליקסמאן געפרעגט מיט אזא ערנסט, אז לאפידוס האָט ארויסגעלאָזט א קורץ, שפּיציק געלעכטער, וואָס האָט מיט אמאָל געקראָגן איבער אים דעם כוח פון א ציקלאָן.

ער האָט עס געוואָלט איינהאלטן, אָפּשטעלן, אָבער דאָס געלעכטער איז אָנגעדראָלן געוואָרן, ס׳איז זיך צעוואקסן און געוואָרן אזוי גרויס, אז

ס'האָט פון אים ארויסגעפּלאצט און זיך צעפּלייצט ווי א געוויסער מיט טיפע אונטערשטראָמען, וואָס האָבן אים געטרייסלט די קישקעס, געשפּארט דורך די זייטן, ארויסגעשאָסן דורך די נאָזלעכער און איינגאנצן אים צעגטערענצלט, בעת ער האָט זיך געראנגלט, ווי א מענטש, וואָס טרינקט זיך, געפילט אז ר'איז פאַרביי און געהערט א קול, וואָס האָט אים גערופן: "אבא, אבא."

ס'איז געווען לאה'ס קול. זיין געבויגענע פּלייצע האָט געטאנצט אונטער איר מילכווייסן ארעם. זי האָט אים דערלאנגט א שלוק וואַסער, נאָך אַ שלוק און ווען ער האָט גענומען אויסווישן די טרערן פון צעפּארעטן פּנים, איז דער טיש שוין געווען ערגעץ ווייט־ווייט —

אין מערב איירָאָפּע.

## VIII

זיינע אויערן זיינען נאָך געווען האלב טויב פון געלעכטער, ווען לאַפּידוס האָט געהערט:

— און איר דארפט אונדז נישט ארויסשטעלן צו שאַנד און צו שפּאָט פאר דער מערב־וועלט.

ס'האָט אים גענומען עטלעכע רגע'ס צו באַגרייפן אַז דאָס מיינט מען נישט אים מיט זיין געלעכטער, נאָר ראָוונערן מיט זיין פראַגע, וואָס האָט געשווינבלט מיט פראנצויזן און — אין א נאָווינע — האָבן זיי געהאסט? האָבן זיי געזונגען לידער פון צעשיידונג?

אזוי ווי פריער דאָס געלעכטער, אזוי איז געווען דער ערנסט, וואָס האָט איצט מיט אמאָל צענויפגענומען דעם צעטערענצלטן לאַפּידוס, אים אויסגעגלייכט, מיט פרישע כוחות אים געשטעלט אויף די פיס און אַרויסגעבראַכט אין דער גאַס אַריין.

ער האָט פאַרקנעפּלט דעם ראָק אויף אַלע קנעפּ, איינגעקלאמערט דעם שטעקן אין דער האַנט און געגאנגען מיט פאמעלעכע טריט, געפילט א הייסקייט אין קאָפּ, א קעלט אין גאנצן קערפּער. ער האָט געשווידערט, אויסגעגלייכט די פּלייצעס און מיט א פול פּנים געאָטעמט די נאכט, געקילט דעם קאָפּ אין דער נאכט. און ווען ר'איז אָנגעקומען צו פערטער עוועניו, ביי פערצנטער סטריט, איז ער א רגע שטיין געבליבן פאר א גרופּע מענטשן, וואָס האָבן זיך געאמפּערט איבער עפּעס. ער האָט אויפגעכאַפּט איינציקע ווערטער: "רעאַקציע", "האַס", "צעשיידונג", און גענומען גיין גיכער, גיכער. אויף פינפטער עוועניו, ביי זעכצנטער סטריט, א שפּאַצירנדיק פּאָרל. "אָבער וואָס זיינען די מאָטיוון?" האָט זי געפרעגט. לאַפּידוס האָט גענומען גיין נאָך גיכער און שמייכלענדיק געזאָגט: ווייסט נישט, נאַרעלע? די מאָטיוון זיינען געטאָ מאָטיוון.

אויף פינפטער עוועניו קעגן מעדיסאָן סקווער פּארק האָט ער געוואָלט ארונטערגיין צו דער בי־עם־טי סאָבוויי, אהיימפאָרן, און דאָ דערקענט א קרענצל יונגעלייט פון יוניאָן סקווער. זיי האָבן זיך געהיצט, גע־

אַמפּערט, געפּאָכעט מיט די הענט: סטאַליניזם איז נישט, איז יאָ לעניניזם. אויב טראָצקי האָט געזאָגט, טאָ ווי קומט עס וואָס בוכאַרין איז אַרויסגעקו־מען און אין אַ צייט, ווען טוכאַטשעווסקי, פליט טשעמבערלעין, בעת סטאַלין בלייבט פעסט — זאָל נאָר בענעש זיך אנטשליסן. אָבער זיי האָבן מורא פאַר דער רויטער אַרמיי. פּוילן וועט נישט דורכלאָזן, ענגלאַנד וועט שיצן, האַסן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד. אים האָבן זיי נישט גערופן קיין גאָדעס־בערג, ווייל ווען ליטווינאָוו האָט געזאָגט קאָלעקטיווע זיכערקייט — איז ווער געווען אין מינכן? איז בענעש דאָרט געווען? קקט זיי אָן, אָט איז די פּיקטשע, גאַט אייך די "טאַימז" מיט דער פּיקטשע: דאַלאַדיע, טשעמ־בערלעין, היטלער, מוסאָליני — און אַלע מיט פרישע העיר־קאַטס. זיי קומען פון א חתונה. פרישע העיר־קאטס. א כאסענקע, א כאסלערע געווען. דער טאטע ט׳די מאמע גענומען. היטלער דער פיהרער און מוסאָליני דער אונטערפירער. א שעהן דרשה־געשאנק: טשעכאָסלאָוואקיע, און וואָס נעקסט? איז בענעש דאָרט געווען? אַן אמברעלאָ אין — אפּיזמענט. וועמען דאַרף מען אפּיזן, וועמען? איז א ייד פון דייטשלאנד, א ייד פון פוילן — איז א ייד פון דער אלטער פראג דאָרט געווען? דער גולם איז געווען, דער גולם פון ענגלישן אימפעריאליזם. מ׳פייפט אויף אייך. פרעגט אייער טראָצקין. ווער, שאַכטמאַן? שאכטמאן מי־אַיי! און אז דזשאָ קענאָן? הו־דהי העל איז דזשאָ קענאָן? הו־דהי העל אר יו? איר וועט האָבן וועלט־רעוואָ־לוציע—וועלט־מלחמה, דאָס וועט איר האָבן, ווייל זיי האָבן מורא פארן ארבעטער קלאס. זיי ווארפן זיך הין און הער, ס׳ווארפט זיי ס׳קדחת אויס מורא פארן קאָמוניזם. זיי האסן דעם סאָוועטן פארבאנד, וואָס וויל קאָ־לעקטיווע זיכערקייט, בעת זיי, אין זייער האס, ארבעטן מעשים: צעשיי־דונג, צעשיידונג.

דער מעטראָפּאָליטאן טורעם־זייגער האָט געשלאָגן צוועלף. לאפּידוס איז געשטאַנען און ארויפגעקוקט צום זייגער. יעדער שלאָג איז געפאלן אין דער גאס אריין, געפאלן אין דער שווארץ־בלויער נאכט אריין מיט גוואלדיקן ערנסט. צוועלף — קאָלעקטיווע זיכערקייט. האס, האס, האס. אָט זיינען די גרויסע ווייזערס געווען צוזאמען און שוין — צעשיידונג.

האס און צעשיידונג.

וואָס זיינען די מאָטיוון? האָט דאָס מיידל געפרעגט. גע‏טאָ מאָטיוון האָט לאפּידוס געענטפערט.

האָט זי אים געהערט? ווען ער איז שוין געזעסן אין דער סאָבוויי, פאָרנדיק אהיים, האָט ער זיך דערמאָנט, אז דאָס מיידל האָט זיך אומגע־קוקט און איר בחור האָט אים נאָכגעקוקט. ער האָט געקוקט אויף די פּא־סאזשירן. זי האָט מסתמא געמיינט, אז ער איז א שיכור. ער איז מיד־שיכור, טויט־שיכור פון מידקייט און אליין מיט אזוי פיל פּאסאזשירן, וואָס זיינען באזונדער מיט א שווייגן, וואָס צעשיידט און פארמאכט די אויגן און פּאמאהא, הא, מלכה׳לע, וואָס זיינען די מאָטיוון?

די מאַטיוון, אבא, זיינען געטאָ מאַטיוון.
און ס׳קינד, ס׳קינד?
געטאָ מאַטיוון.

## IX

אין דער היים איז היינט געווען, ווי ר׳האָט זיך פריער א סך מאָל פאָרגעשטעלט און ס׳איז נישט געווען. די מינוט, וואָס ער איז אריינגע־קומען, איז מלכה׳לע אויפגעשטאַנען. זי האָט געשמעקט מיט שלאָף אָבער געווען אין גאנצן וואך. ער, אן אָפּגעפרישטער פון דעם דרימל אין דער סאָבוויי, האָט געמאכט פייער אונטערן גרויסן טשייניק אויפן אויוון, זיך נאָכגעפרעגט אויפן קינד ״און דו, שלאָפסט גאָרנישט, מלכה׳לע?״

— ס׳אָלרייט, — האָט זי געזאָגט פאררייכטנדיק די האָר, — זאָגן דיר דעם אמת?

— קאמאן, מיין ווייב, ארויס מיטן אמת. זיי זיך מודה.

— כ׳בין הונגעריק.

— אזוי, הונגעריק! וואָס זשע שווייגסטו? — האָט לאפּידוס א שפאָן געטאָן צום פרידזשידער.

— ששש, — האָט זי אים געוואָרנט מיט א וואונק צום קינדער־צימער.

— ששש, — האָט ער געענטפערט, — זיץ און מאך נישט קיין גע־רודער ווײַל איך זען, וואָס מיר האָבן דאָ, מיט וואָס כ׳קען דיך מכביד־זיין און אין איין וועגס אליין אויך אונטערלײַגן ס׳הארץ.

— זע נאָר, זע, — האָט ער באוואונדערט, — א קאלט שטיקל טשיקן, א פליגעלע, א גערגעלע, און אָט איז א פיינע, רויטע טאָמעיטאָ!

זי האָט געפונען עטלעכע ראש־חודש רעטעכלעך, זיי ארומגעוואשן, אָפּגערייניקט די קעפּלעך, צעשניטן די טאָמעיטאָ. ער האָט ארויסגענומען ס׳ברויט, אוועקגעשטעלט צוויי שאָלן אויף טעצלעך גרייט פאר טיי, און ווען זיי זיינען ביידע געזעסן ביים קיך־טיש און געגעסן פון איין טעלער, האָבן זיי געפילט, אז דאָס איז עס: די קיך, דער קליינער אומגעריכטער מאָלצייט צוזאמען אין שטילקייט פון דער שפּעטער שעה, צווישן דרימל און שלאָף, איז דער חלום אויפן וואָר, וואָס באלוינט פאר אלע זאָרג, אלע ביטערקייטן, האווענישן און פארדרוסן אין די טעג.

ער האָט זיך פארענטפערט פאר אהיימקומען אזוי שפּעט. זי האָט זיך מודה געווען, אז אין אָוונט האָט זי א טראכט געטאָן וועגן קריגן עמיצן אין הויז אריין — און ״קומען אין קאפע?״ ניין, צוגיין צו דער שוועסטער. ער האָט באוואונדערט איר ״אויסגעהאלטענעם קוק״ אויף דער ״קיבי־צאַרניע״. ס׳איז געווען דער קוק פון אַ פיינטלעכן פרעמדן, ״א גאַסט אויף אַ ווייל״, האָט ער געזאָגט, ״וואָס זעט אויף אַ מייל און וויל מער קיינ־מאָל נישט צוריקקומען. איצט האָט ער זי פארשטאַנען. איצט האָט ער איר געגעבן גערעכט.

— קאַניבאַלן, — האָט ער געזאָגט גריזשענדיק און קייענדיק ברעק־לעך פונם גערגעלע, — גייסטיקע קאַניבאַלן. זיי עסן זיך אויף איינס דאָס אַנדערע לעבעדיקערהייט און זיצן צוזאַמען, מאַכן זיך קאָמפּלימענטן. היג־טער די אויגן ביזטו אַ טאַלענטלאָזיקייט, האָסט אַ פּנים פון חוזק, און נאָר דו? אַפילו ישעיה׳ס ווייב ווערט אַרונטערגעריסן. הערסט, מלכה׳לע, אויף מיין וואָרט. גלויבסט נישט? ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקן: ישעיה הנביא׳ס ווייב רייסט מען אויך אַראָפּ.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט פולע שווייגנדיקע אויגן, שווייגנדיק גליק. דאָס אומגלויבלעכע, וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען אַ משל און דער נמשל איז געווען, אַז ער נעמט זיך אָן פאַר איר, דערפאַר, וואָס די קיביצאַרניע רויבט ביי איר זיינע נעכט.

— אָדער גאָר דעם ראָוונער׳ן, — האָט ער געזאָגט, — וואָס מ׳רעדט אויס אויף אים הינטער די אויגן, זאָל עס פאַלן אויף אַלע ווייסטע פעלדער. אָבער אָט קומט ער אַריין, זעצט זיך צו ביי אַ טישל און ער איז אַ בכבוד־יקער טאַלאַנט, אַ ברודער. די פראַנצויזישע מאָדערניסטן, זאָגט ער, רעמבאַ און ווערלען, מאַכט ער. האָבן זיי געהאַסט? האָבן זיי געזונגען מאַטיוון פון צעשיידונג? און ס׳גייט זיי אין לעבן צו ענטפערן, פאַרענטפערן, פאַר־טיידיקן:

אָ, הערט שוין אויף מיט דער צעשיידונג. ווער וויל איך צעשיידן און מיט וועמען? ס׳איז אַן אַבסורד, אַ ווייסטע פאַרלוימדונג. ס׳שלאָגט צום האַרץ. איר האָט געלייענט אַרטור רעמבאָ? צי ווייסט איר פון אייער לייענען אין אַן אַנטאָלאָגיע, אַז רעמבאָ איז געווען דער פאָרלויפער און וועג־ווייזער פון אַלע אונדזערע היינטיקע מאָדערניסטן, אַפילו ווען אַ סך פון זיי ווייסן עס נישט? אָבער איר דאַרפט וויסן, וואָס רעבאָ האָט געזאָגט צו דער מערב־וועלט.

ערגעץ אין דרויסן, אין דער נאַכט, האָט לאַפּידוס איבערגעלאָזט אַ שאָטן, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע גאַס. אַזוי גרויס איז איצט געווען זיין אויטאָריטעט, ווען ער האָט געזאָגט, וואָס ער האָט געהערט, וואָס רעמבאָ האָט געזאָגט וועגן דער מערב־וועלט.

״איר קענט מיך נישט משפטן״, האָט ער געזאָגט, ״איך האָב קיינ־מאָל צו אייך נישט באַלאַנגט; איך בין קיינמאָל קיין קריסט נישט געווען; איך באַלאַנג צו אַ ראַסע, וואָס זינגט אין פּייניגונג . . . יאָ, מיינע אויגן זיינען געשלאָסן פאַר אייער ליכט. איך בין אַ ניגער, אַ חיה. אָבער איך קאָן נאָך געראַטעוועט ווערן. איר זענט פאַלשע ניגערס, ווילדע, גייציקע מאַניאַקעס.״

מיט אַן אײַזערנעם זכרון און האַלטנדיק איין האַנט אויף דער טיי, ווי שולמאַן, האָט לאַפּידוס איבערגערעדט שולמאַנ׳ס רייד, צוזאַמען מיט די ציטאַטן פון רעמבאָ׳ס ״סעזאָן אין גיהנום״:

און ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם פאָלק, פון גאַנץ אייראָפּע, וואָס איז ״אינספּירירט פון פיבער און קאַנסער.״

ס׳האָט אים געצויגן צו דער גזעטאָ פון ד׳ער מענטשלעכער ראַסע.

ער איז אוועק צום מזרח, קיין אפריקע.

מאָל נאָך מאָל איז ער דורך פארשידענע אומגליקן צוריקגעבראכט געוואָרן קיין אייראָפּע — און צוריק אוועקגעוואנדערט, צוריק צום מזרח.

ווען ער איז שוין געלעגן אויפן טויטן־בעט, אין מארסעל, האָט ער געבעטן זיין שוועסטער (וואָס האָט, אגב, נישט געוואוסט אפילו, אז ער איז א פּאָעט) זי זאָל פאר אים ארראנזשירן די רייזע צוריק קיין הארער.

און אפּראָפּאָ אייער "פרידן, פרידן", וואָס פּאָעטן, זאָגט איר, האָבן אלעמאָל געזוכט. צי ווייסט איר, אז זייענדיק א סוחר אין הארער האָט רעמבאָ געהאנדלט מיט וואפן?

רעמבאָ איז געווען א געוואלדיקער קינסטלער, איינער פון די גע־ניאלסטע פּאָעטן, וואָס די וועלט האָט ווען געהאט. אָבער זיין אומגליק איז געווען, וואָס ער האָט געטראָגן זיין חלק רשעות פון דער וועלט מיט אַזאַ רציחה, אז ער איז געוואָרן הילפלאָז. די הפקרות האָט אים נישט באפרייט. ער איז געלאָפן פון דעם אויסוואורף, וואָס ער איז געוואָרן אין זיין אייגענער, פערזענלעכער רעוואָלוציע. ער האָט אויפגעהערט שרייבן. אין אים האָט געברענט אַ גיהנום און ער איז געווען זיין אייגענער שטן.

שפּורן פון דעם גיהנום וועט איר געפינען ביי אלע קינסטלער פון אלע צייטן. ביי איינעם א פונק, ביי אן אנדערן א פלאם. און אלע אנט־לויפן, מער־ווייניקער. אלע אונזערע מעשה'ס הייבן זיך אָן מיט "אמאָל איז געווען" און "ערגעץ וויט־וויט". מיר גייען צוריק מיט בענקשאפט צו די קליינע, פארסמארקעטע אינגלעך און מיידלעך — די קינדער־יאָרן, אונדזערע, ווען מיר זיינען געווען די געצערטלטע און טיראניזירטע קנעכט פון דער דערוואקסענער וועלט. מיר קומען צום ווייב זוכנדיק די מאַמע און מיר געדענקען חלומות, וואָס מיר האָבן מורא צו דערציילן, און אונדזער שרייבן און שרייען און זינגען און זאָגן איז א כסדרדיקער פּראָצעס פון איבערשרייבן, איבערמאָלן און איבערפורעמען זיך אליין. יעדער פון אונדז וויל ווערן זיין אייגענער גאָט.

און די געטעאָ מאָטיוון, אפשר זיינען זיי דער אויסדרוק פון אן אינדיווידועלער פּליטה, וואָס איז געוואָרן א נאציאָנאלע אידייע. אזא אידייע איז נאָר מעגלעך ביי א פאָלק, וואָס זיין טראגעדיע אין דער וועלט — א וועלט אינספּירירט פון פיבער און קאנסער — איז ווי די טראגעדיע פון איין מענטש.

## X

לאפּידוס איז געווען א שוואַם, וואָס האָט אלץ איינגעזאפּט. און נישט געקוקט אויף דעם דרוק פון אומשטענדן, וואָס האָט ארויסגעקוועטשט א היפּש ביסל פון דעם איינגעזאפּטן, איז אים געבליבן גענוג ער זאָל וויסן, אַז ס'איז פיליסטערישער שטות צו מיינען, אַז מיר זיינען נישט או־ניווערסאל.

וואָס זשע פּאָרט איז די סיבה דערפון, וואָס אונדזער וועלטלעכקייט בלייבט איינגעשלאָסן אין די אייגענע דלד־אמות? מילא, דער לעזער און טעאַטער גייער ווערן אוועקגעטראָגן מיטן שטראָם, אָבער אונדזער וועלט־

לעכקייט איז דאָך אַ סוד אין אויער אפילו פאַר דער שאַפנדיקער אמערי־קאַנער אינטעליגענץ. אַלרייט, מיר זיינען וועלטלעך, אָבער מיר האָבן נישט דעם פּרעסטיזש פון וועלטלעכקייט. אזא פּרעסטיזש וואָלט אונדז געהאָלפן איינהאלטן דעם לעזער און דאָס, האָט לאַפּידוס באשלאָסן, וואָלטן מיר געקאָנט דערגרייכן, ווען אונדזערע יידישע ליטעראַטן זאָלן קומען אין שטענדיקן לעבעדיקן קאָנטאַקט מיט זייערע אמעריקאנער קאָלעגן.

אין דעם קאַפע קומען אָפט אריין אמעריקאנער שרייבער און אַק־טיאָרן. אָבער זיי קומען ווי געסט און בלייבן פרעמדע. וועמענס שולד איז עס? ס'קאָן זיין דערפאַר, ווייל די קינסטלער וואָס כאַפּן זיך אריין, מאַכן דעם איינדרוק פון "סלאָמערס." זיי קומען "אראָפּ" אָדער "ארונטער," א קוק טאָן אויף דער איסט־סאיד — די געטאָ, הייסט עס ביי זיי, די שטאָל־צע "אייניקלעך" פון מעלוויל און וויטמאַן. א געטאָ — אין אמעריקע. זיי ווייסן, וואָס א געטאָ איז.

נאָר ס'קאָן זיין, האָט לאַפּידוס א טראַכט געטאָן, אז דאָס רופן זיי אזוי די איסט־סאיד פון "שיינקייט" וועגן, צוליב "לאָקאַלן קאָליר." ער האָט געקראָגן די געלעגנהייט זיך דורכצורעדן מיט אייניעם פון זיי און וואָס ער האָט פון יענעם געהערט, האָט אים פּשוט דערשטוינט. אויף דעם האָט ער זיך נישט געריכט, דאָס האָט ער זיך גאָרנישט געקענט פאָר־שטעלן. ווי יענער האָט אים דערקלערט קומט אויס פּונקט פאַרקערט — אז מיר זיינען די סנאָבס. נישט מער און נישט ווייניקער. מיר, סנאָבס. סטייטש? נאָך דאָס פעלט אונדז, סנאָבס גאָר!

און כדי צו באַווייזן דעם גאַסט, אז ס'קאָן נישט געמאָלט זיין — ער מאַכט א טעות, נישט אנדערש — האָט אים לאַפּידוס גלייך גענומען פאָרשטעלן פאַר יידישע פּאָעטן, נאָוועליסטן, דראַמאַטורגן, זשורנאַליסטן, פון די באַקאַנסטסטע ביז די אינגסטע. אדרבא, זאָל ער זען ווי באשיידן מיר זיינען. און דאָס איז געווען דער אָנהייב.

ער האָט אָנגעהייבן זיין לעצטע ארבעט, וואָס האָט אים געפּירט באַרג ארויף מיט דער שנעלקייט פון באַרג אראָפּ.

מיט באַגייסטער פייערלעכקייט האָט לאַפּידוס זיך גענומען פאָר־שטעלן אונדזערע ליטעראַטן פאַר די געסט פון בראָדוויי, כדי אויף אזא אופן צו העלפן ברענגען די נויטיקע דערנענטערונג, שאַפן דעם לע־בעדיקן קאָנטאַקט צווישן יידישע שרייבער מיט זייערע אמעריקאנער קאָ־לעגן — און דאָס איז געווען דער סוף.

— זייט באַקאַנט, זייט באַקאַנט. דאָס איז אונדזער גרויסער, אונדזער באַרימטער, אונדזער שאַפער פון —

"אונדזער" זיינען איצט שוין געווען אונדזערע געסט, פאַרשטייט זיך, און דאָס כדי זיי זאָלן זען, אז נישט נאָר זיינען מיר באשיידן, אין א געוויסן זין זיינען מיר אפילו שטאָלץ, וואָרים זיי זיינען דאָך אונדזער— זייט באַקאַנט מילט איך היימיש.

האָט געטראָפן, אז אַן אונדזערער, פון די אייגענע אונדזערע, האָט אים צוגעוואָרפן א ביטולדיקן בליק, ווי איינער זאָגט: "ווער איז די

מיטלמעסיקייט?״ איז לאפידוס ביי זיך נישט אראפגעפאלן. ער האט גע־זען, געפילט, זיך זאאיקעט, אבער זיך נישט פארלוירן. ער איז אנגע־גאנגען מיט זיין ארבעט.

— זייט באקאנט מיט אונדזער בארימטן, אונדזער סוקסעספולן שע־פער פון —

איין סוקסעספולער שעפער פון — איז געווען דער שעפער פון א גרויסן בראדוויי סוקסעס ״דאס פארברעכן פון דער געלער קימאנע״, וואס ער האט געשאפן מיט א שותף און זיי ביידע, ס׳הייסט דער יונגערמאן און זיין ״פארברעכן״, זיינען דא נישט געווען קיין פנים חדשות. מיט א צוויי דריי יאר צוריק פלעגט ער אהער ארייננקומען, פון צייט צו צייט, א שעמעוודיקער בחור מיט גלאט־פארקעמטע האר און א פארנייג, וואס איז שווער געווען צו שאצן צי באלאנגט ער אהין אדער אהער — אויף דער זייט פון די שוישפילער צי טאקע דא, צווישן די שרייבער. אזוי איז ער געבליבן א שטיקל צייט, אויף דער גרעניץ, און שפעטער, אז ר׳איז נעלם געווארן, און נאך שפעטער, אז ר׳איז געווארן א סוקסעס אויף בראדוויי, האט מען זיך געוואונדערט וויפיל מענטשן ס׳האבן דא, אין דעם קיינעמס־לאנד פון שרייבער און שוישפילער, געלייענט דאס ווערק פון זיין פאר־ברעכן, וואס האט דעמאלט געהייסן ״די געלע קאפאטע.״

און איצט, אז די ״קאפאטע״ איז געווארן איינע פון די דערפאלג־רייכסטע ״קימאנעס״ אויף בראדוויי, איז ער געווען א גאסט און לאפידוס האט אים גלייך גענומען ברענגען אין לעבעדיקן קאנטאקט מיט יידישע שרייבער:

— זייט באקאנט, פילט אייך היימיש. דאס איז אונדזער גרויסער אונדזער סוקסעספולער שעפער פון דאס פארברעכן פון דער געלער קי־מאנע.

דער גאסט, אין טאקסידא און געשטרייפטע הויזן, איז געזעסן ווי אמאל, מיט א שמייכל, וואס איז געווען אי העפלעך, אי שעמעוודיג. אבער ער האט זיך נישט געדארפט באמיען. איינעם נאכן אנדערן האט לאפידוס געפירט צו אים מענטשן און פארשטייט זיך, נישט אן דיסקרימינאציע. מ׳קאן דאך נישט אלעמען פארשטעלן, נישט מיטאמאל. ער האט זיך אומ־געקוקט, א פריינטלעכן הייב געטאן די האנט — און די האנט איז געבליבן הענגען קעגן א באקאנטן יידישן דראמאטורג, אן אפטן איינגייער אין קאפע:

— קומט, כ׳וועל אייך באקענען מיט דעם דערפאלגרייכן שעפער פון —

דער דראמאטורג האט זיך א קער געטאן, אויפגעשטאנען, ס׳האט אים א הייב געטאן פון ארט, און מיט א מעסערדיקן קוק פון זיינע קלארע גרויע אויגן אויף דעם יידישן פאקטאר, האט ער זיך אוועקגעלאזט אין א שיפער ליניע איבערן קאפע מיט אזא אימפעט, אז הינטער אים האט זיך פארבייגעטראגן א ווינט.

אבא לאפידוס איז שטיין געבליבן מיט דער געהויבענע ליידיקע האנט, ווי ער וואלט געוואלט ארומנעמען אן אייגענעם, א ברודער, אים

פאַרשטעלן פאר א רייכן פעטער און דער ברודער האָט זיך אויפגעהויבן, אנטלאָפן א ברוגזער אָן א פארוואָס.

אין דער דראַמאַטישער פאָזע איז ער געשטאַנען א קורצע ווייל, וואָס איז געווען לאַנג גענוג אונטער די אומשטענדן. ער האָט זיך געוואָלט ערגעץ צוזעצן, זיך געשעמט צו קוקן דעם גאַסט אין פּנים אַריין, זיך קיין אָרט נישט געפונען. ער איז ארויס אין דרויסן, צוריק אריינגעקומען. דער דראַמאַטורג איז שוין געווען צוריק אויף זיין פּלאַץ. מיט א געהויבענעם קאָפּ און מיט דער פייערלעכקייט ווי ער פלעגט פריער פאַרשטעלן לעזער פאר שרייבער, נאָכדעם שרייבער פאר בראָדוויי קאָלעגן, האָט לאַפּידוס אויסגערופן:

— איר האָט מיך באַליידיקט!

— איך אייך? — האָט דער דראמאטורג געפרעגט.

— ווער דען, איך אייך?

— יאָ, איר האָט מיך באַליידיקט.

— איך אייך? — האָט לאַפּידוס זיך גענומען בייגן אין דרייען.

— נו, זאָגט מיר, זאָגט איר אליין כ׳בעט אייך, ווער איז ער, דער יונגערמאַן, וואָס איר האָט מיך געשלעפּט צו אים.

— איך האָב אייך געשלעפּט?

— ס׳הייסט דער, וואָס איר האָט מיך געוואָלט מיט אים צוזאמענ־פירן. ווער איז ער?

— ער איז איינער פון די פארפאסערס פון דעם ״פארברעכן פון דער געלער קימאָנע.״

— אָ! וועל, יעס, אנטשולדיקט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס כ׳פרעג אייך — און ווער בין איך?

— איר זענט אונדזער גרויסער, אונדזער בארימטער, אונדזער שע־פער פון —

— נו, הייסט עס, אז איר זענט יאָ באקאנט מיט יידישע שרייבער — האָט דער דראמאטורג געביטן דעם טאָן — האָט איר אים דאָך געקאָנט צוברענגען דעם, ווי רופט מען אים? דעם יונגנמאן מיט דער קאַפּאָטע אויף בראָדוויי — האָט איר אים דאָך געקאָנט צוברענגען, פאַרשטעלן און אראָפּ פון מארק.

אבא לאַפּידוס האָט זיך געוואָלט פארענטפערן און, דער עיקר, אויפקלערן, אז נישט ״דאָס״ האָט ער געמיינט. אָבער, וואָס ער האָט גע־וואָלט זאָגן איז געווען אזוי קאָמפּליצירט, אז ס׳האָט אים אָפּגענומען ס׳לשון.

## XI

איז ער אזוי געשטאַנען, געפילט א טרוקנקייט אין מויל, די צונג — לעדער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן גלעזערנעם קרוג וואַסער, וואָס איז נאָרוואָס צוגעבראכט געוואָרן צום טיש, פריש וואסער, אייז־וואַסער. א

שטיק אייז איז געלעגן אויף דער אויבערפלאך פון וואסער, און צווישן אים און דעם קרוג — דעם דראמאטורגס פלייצע. "האט איר אים דאך געקאנט צוברעכן, פארשטעלן און אראפ פון מארק." אודאי, אזוי וואלט געווען בעסער. ווארים ווער איז ער? און ווער בין איך? איך, לאפידוס, אין פנים דארף מען מיר אנשפייען און אראפ פון מארק. אבער איך, נאר, וואס האב איך דען געמיינט? כ'האב אייך באליידיקט, האב איך דאך זיך ענטשולדיקט —אנטשולדיקט מיט א פתח. און טאמער האב איך געוואלט נאך עפעס זאגן, גיט איר מיר אייער קרומע פלייצע. ס'איז, כ'מוז צוגעבן, ס'איז אן אינטערעסאנטע פלייצע, יא, אן אינטעלעקטועלע פלייצע. אבער ווען איך וואלט אים צוגעבראכט, פארגעשטעלט און אראפ פון מארק, וואלטן מיר איצט געזעסן זייט ביי זייט, מיר ביידע ווי אנדערע צוויי. מיר וואלטן געטרונקען קאווע, איך וואלט מיר אנגעגאסן א גלאז וואסער פון פרישן קרוג. איך וואלט אייך דערציילט וועגן דעם בראדווייער סוקסעסניק, איר וואלט פון אים חוזק געמאכט, איך וואלט געלאכט, איר וואלט, איר, איר — פאסקודניק! פאסקודניאק, וואס איר זענט — פאסקודניאק.

לאפידוס האט זיך אומגעקוקט. ער איז געווען צופרידן, וואס קיינער האט דאס נישט געהערט. אבער פארוואס זאל מען דאס נישט הערן? ארום איז געוואקסן אן ענגשאפט פון מענטשן, וואס זיינען געקומען פון די טעאטערס. פארוואס זאל מען דאס נישט הערן? איך האב אים געשלעפט — געשלעפט האב איך אים. האט ער מיר געענטפערט מיט א שפיי, א כראק אין פנים אריין, האב איך געכאפט א גלאז וואסער — פלוך. אלע זיינען אויפגעשפרונגען, אלע, און ער, א הייב, א פלי און א פלעם, מיט דער פולער האנט א פליאסק לאפידוסן אין פנים אריין, אז זיין אויער האט זיך צעקלונגען, דאס גאנצע קאפע האט זיך צעקלונגען. הער. ער, ווער. ער, מיט דער פויסט, אין דער מארדע, א קנאק, א פראסק און א טראסק. לאזט, לאזט מיך. לאזט מיך אפ! ער שלאגט און מיך האלט איר, מיך האלט איר ביי די הענט, האט לאפידוס געשריגן, זיך געראנגלט, געקארטשעט אין דרייען, באפרייט די הענט, וואס מ'האט אים פארדרייט אויף הינטן, זיך אויסגעגלייכט און דערזען דאס פארבלוטיגטע פנים אין שפיגל. איר זעט, מר. ברייער, בלוט! דאס האט איר געוואלט. בלוט, א דראמע, מר. ברייער. איר זענט א דראמאטורג, נאט אייך בלוט.

א שרעק איז אים באפאלן: ווי קומט אהער א שפיגל? דא זיינען דאך קיינמאל קיין שפיגלען נישט געווען.

ער האט זיך א טאפ געטאן ביים שטערן. דאס, מר. ברייער, ווען איך גיי פלוצלונג אראפ פון זינען, דאס וואלט געווען נאך דראמאטישער. ווי אנגעמאסטן פאר אייער טאלאנט. טאלענט. און אלץ ווייל איך האב פארגעסן אדער אפשר נישט געוואוסט, אפשר האב איך נישט געוואוסט ווי אזוי מ'דארף אין אזא פאל ארויסווייזן דעם געהעריקן רעספעקט פאר אזא גרויסן, אזא בארימטן, אזא שעפער פון — פון וואס? וואס האט איר געשאפן? איך האב דאס קיינמאל נישט געפרעגט. כ'האב דאס גענומען פאר גרענטעד — פאר גרענטעד, אייך געפעלט נישט דער אנגליציזם, דער

**אמעריקאַניזם. אָבער איך בין אַן אמעריקאַנער ייד. איך בין נישט קיין געטאָ מענטש. איך בין צו שוואַך. איך גיב צו — צו שוואַך. מיך ציט צו מענטשן, צו וועלט, צו מענטשן. איך באַוואונדער אייך, איר זענט שטאַרק.** אַליין זיין, דאַרף מען שטאַרק זיין. אַזוי זאָגט דר. שטאַרקמאַן, דר. שטאָקמאַן. איר קאָנט דאָך אים, מר. ברייער, מר. דראַמאַטורג. איבסען, איבסענס דר. שטאָקמאַן זאָגט: דער איז שטאַרק, וואָס שטייט אַליין. איר שטייט אַליין. מענטשן פון גייסט, שעפערישע מענטשן, יעדער מיט זיין שפּראַך, יעדער אין זיין געטאָ און מיינט מ׳דאַרף אים פאַרשטיין ניט־פאַרשטייענדיק. וואָס איז נאָך אַזוי אוניווערסאַל ווי אומפאַרשטענדלעכקייט? איך האָב פאַרשטאַנען. איך בין מיט אייך געשטאַנען. איך האָב געזען ווי שוואַך, אוי, ווי שוואַך איר זענט אין אייער שטאַרקייט. ש׳טאָ קאַ לעזער, זיי גייען אוועק. ש׳טאָ קאַ טעאַטער־גייער, זיי גייען אוועק. אַן דהי גאָ, אַלע גייען, ס׳גייט אַ גאַנג, מיר גייען אונטער, אינטער, הינטער, הינדער, וואָס איז דער ווינדער, ווייב און קינדער, מער און מינדער, שאָף און רינדער — גראַם שטראַם מאַך מיר אַ לעטניק, מאַך מיר אַ לידעלע, יידעלע מיטן פידעלע, מיטן געטאָ מאָטידעלע. קומט יידן, לאָמיר גיין אין דער געטאָ. מ׳רופט. לאָמיר גיין. ווער רופט? וואוהין גיין? דאָ זיינען מיר דאָך! פרעגט דר. פליקער. פרעגט ווען איר ווילט. אודאי, ס׳איז נישט דער מיטלאַלטער און ס׳איז נישט פוילן, ס׳איז נישט דייטשלאַנד. ס׳איז אמעריקע, געטאָ דע לוקס. מיט עלעקטריק, מיט הייסע קאַלטע וואַסער און אַ פרידזשידער. עפן די טיר און ס׳קומט דיר אַנטקעגן פון כל טוב. אַ קאַלט שטיקל פלייש, אַ שטיקל קעז, אַ פּאָר שרימפּס, אַ ביסל גרינס, אַ הפקר פעטרישקע. אַ הפקר קליין קאַלט יידעלע, אַ פינאַט פנימעל מיט אַ בערדעלע — ווער איז נאָך אַזוי הפקר, ווער איז נאָך אַזוי פריי. אַ יידעלע מיט אַ פידעלע, מיט אַ שמיציקל, אייניקער אַליין. מיט אַ בייטש שטעקעלע אליין אין אַ פוסטער קרעטשמע. אוי, ווי עלנט, עלנט ווי אַ שטיין און דאָס ווייב שילט זיך, אַ טרינק בראַנפן ווילט זיך. אוי, איציק, וואָס שוויגסטו מיטן שמיציק. איציק, פליז, אויף די קלעזמער גיב אַ געשריי. דו ביזט דאָך אונדזער גרויסער, אונדזער באַרימטער, אונדזער שעפער פון — פון וואָס? וואָס האָסטו געשאַפן? איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געפרעגט, כ׳האָב עס גענומען פאַר גרענטעד. באַט, וואַי נאַט? וועל, יו סי. לעצטע וואָך בין איך געווען, כ׳בין זיך מודה, יעס, געווען אין דער אַלגאַנקווין, און דעם שבת — ווידער. וואו מיינט איר האָב איך זיי גענומען, די בראָדוויי סוקסעסן? געכאַפּט אין דער גאַס און אהער געשלעפט? איך בין נישט קיין שלעפער. אפילו די קליידער געשעפטן אויף קאַנעל סטריט האָבן שוין נישט קיין אריינשלעפערס. דאָס מיינט נאָר מר. ברייער, אַז איך האָב אים געשלעפט. אויב יאָ, אויב מ׳קאָן זיך אַזוי אויסדריקן, האָב איך אים, דעם דערפאָלגרייכן פּאַרפאַסער פון דער געלער קימאָנע, געשלעפט, צו דער געלער לאַטע. סאָ וואַט? איז וואָס? איז ער נישט גרויס גענוג? סאָרי. ס׳טוט מיר לייד. אָבער ווער איז גרויס? און ווער זעט אייער גרויסקייט?

די ענגשאַפט אַרום אים איז געוואַקסן. מ׳האָט אים געגריסט. ער האָט שווייגנדיק געענטפערט און זיך צוגעזעצט — דאָ מיט דעם, דאָ מיט יענעם. אַ פרעמדע, ווייטע איינזאַמקייט איז אים באַפאַלן. וואָס ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין איז — וואו זיינען זיי אַהינגעקומען די אַלע, וואָס זיינען אַוועק צו די גוים? ער האָט געמיינט ער וועט זיי טרעפן אין דער אַלגאָנקוויך. דערפאַר האָט ער זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה צי זאָל ער אַריינגיין. ערשט ביים צווייטן אָדער דריטן מאָל האָט ער אָנגעטראָפן איינעם, אַ לאַנג־פאַרגעסענעם — דעם דראַנג, פעלדמאַן, וואָס האָט זיך פאַרלאָזט אַ וואָנצע און רופט זיך פעלטמאַן. ער איז געווען שיכור, לוט, און אים נישט דערקענט.

אָבער לאַפּידוס איז געבליבן זיצן — ווען די ערד וואָלט זיך אונטער אים געעפנט, וואָלט ער איינגעזונקען — גליקסמאַן, דער כבד־פה, מיט אַ מיידל. וואו דאָס שפּאַרט אָן! נאָך גוט וואָס די אויגן זיינע אונטער די דיקע ברילן זיינען אויף אַ רגע נישט אָפּגעטראָטן פונ׳ם מיידל, האָט אים לאַפּידוס נישט דערקענט.

ער איז אויפגעשטאַנען, ס׳האָט זיך אים נאָכאַמאָל געוואָלט אַ קוק טאָן אויף ברייער׳ס קרומער פּלייצע, אָבער דער דראַמאַטורג איז שוין נישט געווען. האָט ער גערופן דעם קעלנער און וואַרטנדיק, זיך געוואָלט צוריק צוזעצן, אָבער זיין פּלאַץ איז שוין נישט געווען. ס׳איז נישט דער טעאַטער עולם, האָט ער געפילט. פריער איז אויך אַזוי געווען. ס׳איז ווי אין אַ חלום, אַן ענגשאַפט, וואָס מ׳קאָן פון איר אַרויס נאָר מיט אַ גרויס געשריי.

אָבער לאַפּידוס איז אַרויס שווייגנדיק.

## XII

דאָס שווייגן איז אין אים געווען ווי אַ וואונד, וואָס מ׳טאָר זיך צו איר נישט צורירן. ער איז געגאַנגען פאַמעלעך. אַזוי האָט ער געוואָלט גיין און גיין און גיין — ביז ס׳וועט אים אָנוואַקסן אַ באָרד. ער וועט זיין אַן אמת׳ער געטאָ ייד.

ער וועט זיין, ער וועט גיין און גיין ביז ער וועט איינגיין און פאַר־שווינדן. ער וועט גיין צו סליחות, ער וועט אויפשטיין אין מיטן דער נאַכט און גיין, אַליין, מיט אַ חלב׳ען ליכטל אין דעם חשכות, אין די זאָקן, מ׳וועט נישט הערן זיינע טריט, מ׳וועט בלויז זען דאָס ליכט ביי אים אין דער האַנט — ער וועט זיין אַ ייד ווי סיגאַלס אַ ליד. י. י. סיגאַל און י. י. זינגער, פון דעם צו יענעם — פאָלג מיך אַ גאַנג. אָבער איז עס טאַקע אַזוי ווייט? ס׳איז אַ מעשה פון צוויי ברידער. דער איז געפאָרן האַנדלען און יענער איז געבליבן אַ געטאָ־ייד. ער שלעפּט זיך אויף וויסטע וועגן און יענער, איבערזעצט אויף ענגליש, וואַנדערט אויף ווינטיקע וועגן, זור־ניקע וועגן, וויטמאַנס וועגן. דאָס איז אַמעריקע. אַ וואַנדערער קאָן קריגן אַ היטש. מ׳איז אַ היטש־האַיקער. מ׳שטעלט זיך אַוועק אויף איינעם פון

די פּאָר קאָרנערס אָדער אויף מעין סטריט, צי לעבן אַ געזאָלין סטעישאָן און אַז ס׳פּאָרט אָן אַ קאַר — אַ פּעקארד, אַ פּאָנטעיק, אַ לימוזין — הייבט מען אויף די האנט, אָט אזוי ווי ער האָט אויפגעהויבן די האַנט צו ברייערן: קומט, איך וועל אייך פאָרשטעלן.

אויף דער אנדערער זייט גאס האָט ער געזען ווי איינער איז ארויס פון א גרויסן, גרויען לימוזין, זיך אומגעקוקט, פארהאקט דאָס טירל און זיך געלאָזט גיין — אַ נידריקער, ברייטפּלייציקער מאַן מיט אַ פלינקן גאנג. איז דאָס דר. פליקער? איז עס מעגלעך, אז ער האָט זיך טאַקע "אַרונטערגעכאַנט?" ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס לאַפּידוס האָט אים געזען אין א קאפּעלוש. אָן דעם פליך האָט ער אים נישט דערקענט, און ווייטער געגאנגען.

און ווי וואָלט געווען ווען גליקסמאַן וואָלט דעמאָלט נישט געווען אזוי פארטיפט אין זיין מיידל? פאראַן מענטשן, וואָס קאָנען זען באַקאַנטע אין דער גאס און זיי נישט דערקענען. טאָמער אָבער זעען זיי איינעם, וואָס איז ענלעך צו זייערס א באַקאַנטן דערקענען זיי גלייך די ענלעכקייט. עפּעס איז דער מער מיט זייער ראיה אָדער מיט זייערע געדאַנקען. אָבער זען אַ מענטש, אים דערקענען און נישט דערקענען — דאָס דאַרף מען קענען.

אָבער ווער עס טוט דאָס לייקנט, אז ער איז ער. ער איז ווי איינער, וואָס האָט פארלוירן דעם זכרון. א מענטש, וואָס פארלירט דעם זכרון הייבט אָן אַ ניי לעבן פון מיטן — אָן קינדהייט, אָן יוגנט. ערשט געבוירן און שוין פארעלטערט, שוין אזוי מיד. אַ אויסגעהוילעטער מענטש מיט ווייטיקן אָן א פארוואָס, מיט טרויער און קלעמענדיקער בענקשאפט — אָן אַ פארוואָס, פאַר ווען און פאַר וועמען.

לאַפּידוס האָט יעדער ווייל געכאַפּט א זייטיקן קוק אויף זיך אין די נאַכטיקע שוי־פענצטער. און ער האָט אָנגעקוואָלן פון דעם געדאַנק ווי גליקסמאַן קומט צוריק אין קאפע און ער איז אויסער זיך:

— כ׳האָב געזען לאַפּידוסן אין אַלגאַנקווין.

טאַקע אין אַלגאַנקווין. וואָס האָט ער געזאָגט?

— גאָרנישט. ער האָט מיך נישט דערקענט.

וואָס הייסט, נישט דערקענט?

— ער האָט זיך פארלאָזט א באָרד.

אזוי גאָר, א באָרד.

— יעס, א קליין, שפּיציק בערדל, וואַן־דאַיק.

און דיך נישט דערקענט?

— אזא טאַלענטלאָזיקייט! ער האָט זיך פארלאָזט א באָרד און מיך דערקענט ער נישט.

* *

*



טאָדרעס געלער — די לובלינער שול

## דאָרע טייטלבוים

# לידער

## מיין מאַמעס הענט

שטילערהייד זיינען מיר געגאנגען צו דער באַן.
שטילערהייד, ווי מען באַגלייט א מת צום הייליק־אָרט.
אויף מיינע הענט — א קלומעקל, א טשעמאָדאַן.
אויף מיין מאמעס — מיינע נעכטנס און א זילב פון א גוט וואָרט.

שווייגנדיק האָט מיין מאמע מיך געפירט,
ווי זי וואָלט מיך קיינמאָל ניט געקענט;
נאָר ווען די טיר האָט זיך פארמאכט און די באַן האָט זיך גערירט,
האָט זי מיטגעשיקט מיר אירע ווייסע ציטערדיקע הענט.

צען יאָר, צען לאַנגע זיינען שוין אַוועק,
פון מיין היים זיינען געבליבן נאָר די זריבן פון די ווענט,
פון מיין שטאָט — אויף דער מאַפּע א קיילעכדיקער פלעק,
נאָר פאר די אויגן צאַפּלען אלץ מיין מאמעס ווייסע הענט.

צוויי ווייסע הענט באַגלייטן מיך פון פרי ביז שפּעט.
צוויי אויסגעשטרעקטע הענט לאָזן מיך ניט אָפּ.
יעדע האנט ווערט א מויל און רעדט.
אויף יעדער האנט וואַקסט ארויף מיין מאמעס בלאָנדער קאָפּ.

צוויי ווייסע, צאַפּלדיקע הענט ציען זיך צו מיר,
וואַקסן אויס אויף מיר און ווערן מיינע גלידער.
כ'שטיי אויף פון שלאָף מיט הענט, מיט צאַפּלדיקע פיר
און גיי מיט זיי קעגן שטורעם און געוויטער.

# אין ליבשאַפט

I

דיינע האָר — אַ סטרונע־וואַלד אין צוקנדיקן ציטער.
מיינע פינגער — אַ מיליאָן שווייגנדיקע סמיקן.
שפּילן זיי פון שטורעם, שפּילן פון געוויטער,
ביז איך אַליין ווער זייער ניגון.

ווייסע טויבן צאַנקן אין דיינע אויגן,
אין שטילן שחיטה׳דיקן צאַפּל.
איך וויל פאַר יעדער טויב אַ שטומע זיך פאַרנויגן
און שטילן זייער דורשט אין ים פון מיין שוואַרצאַפּל.

דיינע רייד — ווייסע פעדים וואָל,
שטריקן זיך אין לויטערן געשטריק.
איך הער מיין פאָלק אין דיין קול.
איך זע די וועלט אין דיין בליק.

אזויפיל לענדער אויף דיין פּנים,
אזויפיל ליידן פון מיין דור —
איך קוק אויף אים און ס׳דאכט זיך, אז איך קאָן אים
צען טויזנט יאָר.

II

אין דיינע אויגן ברענען אַלע טויבן.
אויף די פלאמען טאנצט א ווילדע מכשפה.
איך וויל אויסהאקן פון דיין בליק די שויבן
און זען פון וואַנען קומט אהין די שׂרפה.

איך וויל אויפשניידן אין דיין מויל דעם גומען,
אויף דיין פידל אָנרירן די סטרונעס
און זען פון וואנען אַלע טענער קומען,
טענער, וואָס שלעפּן מיך אראָפּ, ווי טיפע ברונעמס.

אין דיינע אויגן שווימען ברענענדיקע שיפן
מיט רויטע פלאמענדיקע נעצן.
עס ציט מיך צו דיינע טיפסטע טיפן.
איך וויל זיך אויף די ברעגן, אויף די ברענעדיקע זעצן.

דו ביסט א שטורעמדיקער ים,
דײַנע כוואַליעס גיסן זיך אַריבער.
איך — א בעריאָזקע מיט א דינעם שטאם
וואַרט זאָלסט פאַרשלינגען מיך, מײַן ליבער.

III

דײַנע אָרעמס — א ווייכע וויג
מיט שטילן, וואַלדיקן געזאַנג,
איך ווער א קינד אין זיי צוריק,
איך שטיי אויפסניי ביים אָנפאַנג.

איבער מײַן קאָפּ — א שירעם יאָרן
פלאַטערן, ווי יאַנטעוודיקע ליכט.
איך האָב דעם שליסל פון דער צײַט פאַרלאָרן,
נאָר זײַן שאָטן ליגט אויף מײַן געזיכט.

כ׳האָב אַלץ פאַרגעסן, וואָס כ׳האָב געלערנט
דורך לאַנגע יאָרן שולערײַ.
איך בין דאָס צאַנקען פון די שטערן,
איך ווער געבאָרן אויפדאָסנײַ.

זײַ אַ גיבור, זײַ אַ חכם, זײַ אַ האַר,
רעד פון פרויעדן, פון שפּינאָזען און פון היינען,
איך וועל זײַן א קינד, א נאַר
און דיך פרעגן ווער זיי זײַנען.

דײַנע אָרעמס — א ווייכע וויג,
פאַרוויגן מיך ביז טיפן שלאָף.
ווייש אָפּ די וועלט פון מײַן בליק
און וועק ניט אויף ביז סאַמע סוף.

## דאָס לעבן

דאָס לעבן איז א צווילינג
פון א האַרבסט מיט א פרילינג.
איינער טראָגט דעם צווייטנס זאָמען,
איינער לעבט אין צווייטנס נאָמען.

עס פאַלן טעג, ווי געלע בלעטער,
נאָר קיינער ווייסט ניט ווען ס׳איז האַרבסט.

ווער עס לעבט, קעמפט און קלעטערט
זעט ניט ווען א רגע שטאַרבט.

ס'איז יעדער יאָר — א בוים א גרינער,
מיט וואָרצלען פון אָדמ'ן הראשון.
פליק איך טעג, ווי מיין מאמע פעדערן פון הינער
און גרייט ווי זי, פאר קינדס קינדער די קישנס.

איך רייס פון לעבן־בוים די רגעס,
ווי אַמאָל אין פריץ'ס סאָד די באַרן.
איך בינד מיט טעג די וויטסטע שטרעקעס,
איך טראָג די יאָרן, ווי א שווערד קעגן געפאַרן.

דאָס לעבן איז א צווילינג
פון א הארבסט מיט א פרילינג,
נאָר קיינער ווייסט ניט ווען ס'איז הארבסט
קיינער זעט ניט ווען א רגע שטאַרבט.

## ווי לאַנג סיוועט לעבן אויף דער וועלט איין ייד

עס טרעפט אמאָל אין אומעטיקע שעה'ען,
איך שפרייז אין גאסן ווי א פרעמדע.
איך קוק מיט גלייכגילט אויפן הימל, אויפן בלאָען
און דריי זיך צווישן עולם א פארשעמטע.

ס'האָט קיינער מיך אהערצו ניט פארבעטן,
ס'האָט קיינער ניט געשיקט מיר קיין בילעט;
ס'קוקן אויגן מיט קאַלטקייט פון פאָרטרעטן —
ווער דארף פון זיי אַ יידישן פּאָעט?

אנטלויף איך פון דער שטאָט מיט מיין געמיט,
אנטלויף איך פון דעם שטאָטישן געלאַף...
אין האלדז שטיקט מיר שוין א שורה פון א ליד
און בעט זיך שוין בא מיר: "באשאף!"

כ'ווייס ניט — זאָל איך עפענען מיין טאש,
פון דאָרט ארויסשלעפּן מיין הונגעריקע פען
און שיקן מיין ליד, ווי אַ סיגנאַל פון אַ זינקענדיקער שיף,
פאַרחתמעט אין אַ פלאַש
אפשר וועט זי ערגעץ וואו א ברעג א ליכטיקן דערזען?

די שטאָט פאַרגייט אין מיין אומעטיקן גאַנג.
אַ בוים שפּרייט אויס אינמיטן וועג פאַר מיר זיין שאָטן.
א פויגל באַגריסט מיך מיט געזאַנג.
אָ, וועלט, פאַרוואָס בין איך ניט אין זיי געראָטן?

טראַכט אַמאָל אַ בוים דערפון
פאַרוואָס ער וואַקסט, פאַרוואָס ער בליט?
טראַכט אַמאָל די העלע זון
פאַרוואָס זי נעמט ניט, נאָר זי גיט?

טראַכט אַמאָל אַ גרינגער גראָז,
אינמיטן גאַס, אויף הוילן שטיין,
פאַר וועמען און פאַרוואָס
עס גרינט דאָרט איינער אַליין?

פרעגט אַמאָל אַ שטילע שוואַן
פאַרוואָס זי קומט, פאַרוואָס זי פליט?
פרעגט דער שטורעמדיקער ים
ווער עס דאַרף זיין ברויזיק ליד?

איך ליג פאַרטראַכט אין גרינער וויג,
איך מעסט די ברייטקייט פון וועלטס פאַרנעם;
עס זינקט די אומעט אין די זומפּן פון מיין בליק,
איך קוק אויפן אַרום — באַליידיקט און פאַרשעמט.

איך — א מענטש, מיין האַרץ — א ליכטיקער עקראַן
מיט דער וועלטס ווייטיק אָנגעפילט.
וויפיל דראַמעס עס זיינען אין לעבן־בוך פאַראַן
האָבן אויף מיין האַרץ, אויף מיין צאַפּלדיקס געשפּילט.

עס טראָגט מיין לייב א יעדן קאַרב׳ א יעדן שניט
פון אַלע שונאים, פון אַלע פינצטערע פאַררעטער.
איך זינג צום מענטש מיין יידיש ליד —
צום גאָט פון אַלע געטער.

איך הויב זיך אויף און לויף אהיים מיט גיכע טריט,
איך לויף א פריילעכע צום שרייב טיש ווידער...
ווי לאַנג ס׳וועט לעבן אויף דער וועלט איין ייד,
וועל איך ניט אויפהערן צו שרייבן לידער.

# מיין ביכער־שאַנק

מיין ביכער־שאַנק — א תבה
מיט העלדן פון יעדן דור, פון יעדן מין.
זי פירט די וועלט פון מענטשנס ערשטן שבט
ביז דעם לעצטן לץ פון בערלין.

עס פאָרט אן אָפּענע געשיכטע
אויף די רעלסן פון שניי־ווייסן פּאפּיר —
העלדן, מערדער, ריכטער
שטעקן די קעפּ ארויס צו מיר.

אַלטער דור האָט נייעם דור ארומגענומען;
ערשטער יאָרהונדערט האָט דעם צוואנציקסטן דעריאָגט;
אדם הראשון איז קיין אמעריקע געקומען
און וואוינט מיט מיר אויפן צענטן שטאָק.

פּושקין, וויטמאַן, שעקספּיר און טאגאָר
זיינען זאיצט געוואָרן שכנים —
איך, א קינד פון נייעם דור,
וואוין מיט זיי אינאיינעם.

איך קוק פאַרוואונדערט אויף מיין טייווע,
איך גלעט די העלדן פון אוראלט,
איך וועק אויף פון שלאָף יהודה הלוי
און שפּרייז מיט אים אין ביכער־וואלד.

אָט זיצן דאָ דעם זיידנס פּאסאזשירן
באַ דעם אלטן בערגעלסאָנס וואקאזל;
קיינער וויל זיך מער ניט רירן
יעדער ווייסט שוין זיין שיקזאַל.

עס פאָרן דורות צווישן בלעטער,
עס לעבט א וועלט אין מיינע ווענט.
און איך איבער יאָהונדערטן איבער מידע קלעטער
און גיב מיט העלדן זיך די הענט.

*      *
*

שלום שטערן

# תהילים זאָגער

## א

דער פרימאָרגן בלייכט אויף מיינע שויבן.
איך זינג דעם פּאסטוך דודס לידער פון לויבן.
די ווערטער מורמלען טרייסט און גלויבן.
גאָט, הויב מיך אויף פון די שטויבן.
תפילה׳דיקע געזאַנגען אין פינצטערן גלות
מיט אונדז מיטגעגאנגען.
פרום, געלייטערט אין אַנגעוויייטיקטע הערצער אויפגעגאנגען.
אין גאָטס־פּאַרכטיקע, יידישע שטעטלעך אין פּוילן:
חצות, די שטערן ברענען
איבער שרעקעדיקע, זינקענדיקע שטיבלעך.
יידן זאָגן תהילים.
אַלע איין האַרץ, איין געבעט:
גאָט, שיק די הילף נישט צו שפּעט.
און אויך איך גיס אויס אין שטראָמען־טרערן מיין תפילה,
פאַר מיין פאַראומערט געמיט, פאַר מיין פאָטערס הויזגעזינד,
פאַר דער גאַנצער, דערשראָקענער, הייליקער קהילה.
אָ, מאין יבא עזרי? וואוהין זיך ווענדן און קערן?
גאָט דערבאַרעמדיקער פון די רוענדיקע הימלען טו דערהערן.
די שטערן זינגען.
אן עדה יידן שרייען אַפּ גזרן,
שטרעקן די הענט פון די פייער־צונגען...

## ב

אין אַלע טרויערן, אין אַלע צערן, אין אַלע בראָכן,
ביסטו בעטנדיקער תהילים אליין צום רבונו של עולם געלאָפן.
אַלע פּחדים זיינען אין שאָטן־טאָל אַנטלאָפן.
קיינער האָט דאָס בטחונדיקע, יידישע האַרץ
נישט געקענט ברעכן.

אונדזער תהילים האָט דעם קאַלטן, פאַרשלאָסענעם הימל
דורכגעבראָכן.
כביכול אַליין האָט די ווערטער, דעם בעטנדיקן ניגון
אין טרערן־לאַגל אריינגעטראָגן.
דוד המלך, אָן א שווערד, אָן א קרוין,
אָן אלטער, וואַלגלענדיקער ייד כליפּעט איבערן תהילים,
אין טרויעריקן פאַרנאַכט, אויפן ברענענדיקן פלוין.
ווארום, עס האָט גערמאַניע אונדז געטראָפן
שלאַבריק, צעביילט און דערשלאָגן
אויף אונדזער אַנטרינענדיקן, וואַנדער־וועג.
דער מערדער, דער לאָקערנדיקער שכן
האָט אונדז פאַרצוקט אין דורם, אין צפון.
און אלע תהילים־זינגער הינטער די ציטערדיקע פליגל
פון דער שכינה נאָך נקמה רופן — — —

ג

אָ, טרערנדיקער תהילים, טרייסטנדיק און הייליק,
פון אלע געבראָכענע, יידישע הערצער דאָס לויטערסטע געוויין,
מילדער מיין טרויער, און דורך יסורים מיין האַרץ רייניק.
אָ, תהילים, דיינע אַלטע בלעטער פליסטערן אין צער,
די אותיות וואַשן זיך אין ימען טרערן:
יאָ, מאין יבא עזרי? וואוהין זאל איך זיך טון
ווענדן און קערן
אָט זע איך זיי די זינגער, די זאָגער, די שטילע מורמלער:
שמערל באַלעגאַלע, אפרים שוסטער, איטשקע קאַוואַל און גדליה שינדלער.
גאָט, דיין פּנים נישט פאַרשטעל!
די טרערנדיקע ווערטער פון די פּראָסטע, פרומע שטאָמלער פאַרנעם!
לייבטשע בלעכער קלאַפּט אויס א בלעך,
אפרים שוסטער מאכט אין דער פּאָדעשווע סקריפּקע־שטעך.
דער הימל איבער זיי — אָ טיפער, בלויענדיקער בעכער.
דערפרישנדיקער ווינט — א צעעפנטער פעכער.
עס זינגען תהילים די קוימענס און די דעכער — — —

ד

שבתדיקע אינדערפריען.
די גערטנער, די סעדער בליען.
ליכטיקע שלוה אויף שויבן פאַרצויגן.

דער טאַטע ביים אָפענעם פענצטער
טייטשט אין אומעטיקן ניגון יעדן מזמור.
דאָס בעטנדיקע ליד ציטערט

אויף די וויינענדיקע סטרונעס פון פאסטוך דודס כנור.
קינדערישע, ווארעמע טרערן אין פרימאָרגן־דעמער.
טויאיק־זילבערן די בלעטער־שאָל.
דער זינגער דוד אין בית־לחם־טאָל.
אויפן גאָלדענעם זאמדן־ברעג פייכטן.
די פרישע טריט פון אָנגעטרונקענע לעמער.

אָ, תהילים, טרייסטנדיק און הייליק,
ווייל כל ישראל האָט אין דיר א חלק!

## דאָס ליבע־ליד

1

פרימאָרגן־זון צינדט די שויבן.
אין פעדלערס האנט ציטערט דאָס הענגל־טרויבן.
פארליבטע, יידישע ווערטער פלאַטערן:
אוי, פייגעלע מיין הארץ
פארוואָס טוסטו מיך מיט דיין ליבע מאַטערן?
פענצטער עפענען זיך,
עס ריגלען זיך אויף טירן.
בלישטשענדיקע טויען
אויף די גראָזן פרירן.
און דאָס שטילע, הארצעדיקע ליד
טוט איטלעכס האַרץ רירן:
מיין טייער יינגעלע, וואָס קען איך דיר זאָגן?
די מאַמע וויינט, דער טאַטע טוט מיך שלאָגן.
צוליב דער ליבע, וויל ער מיך פון הויז אַרויסיאָגן.
הער מיך אויס, דבורה׳לע מיין קרוין,
לאָמיר פון דערהיים אנטלויפן שוין.
איך וועל ארבעטן,
דיר דאָס שענסטע קויפן.
מיין שענצטע רויז, ביסט שיין
איך וויל דיך היינט מקדש־זיין.

2

ווי אַזוי האָט פאַרוואָגלט
צו מאָנטרעאַלער יידישע שוועלן
דאָס ליבע־ליד פון בלינדן בעטלער?
שטרעקט דען דער באָרוויסער זינגער די האנט
באַ געוועלבן און שטעלן?

זינגט דען אצינד אזוי פארבענקט דאָס ליד
אויף די גאַסן פון וואַרשע, זאמאָשטש און לובלין?
אפשר וואָגלט דאָ א פארבלאָנדזשעטער, זינגענדיקער בעטלער
פון מיין היימשטעטל, פון היימיש־הארציקן וואָלין?

נישט אין מיין היימשטעטל
גיסט דער בלינדער זינגער אויס אצינד זיין בענקשאַפט־וויי׳
די ליבע אין זיין הארץ קלאָר און ריין, ווי דער ווייסער שניי.
עס ווייגען מערנישט די בעטנדיקע מעלאָדיעס
אין די טרויעריקע לידער פון וואנדערערס און בעטלערס.
עס קלאָגן מערנישט די פידלען
אין די הענט פון די כלי־זמרים,
טויטן־גריבער, גליענדיקע אויוונס,
און אַלטע, גראָבנדיקע רידלען.

דער פעדלער קלאָגט אויף דער ליבע,
און אויף דער שיינער, אָפגעגנארטער דבורה,
וואָס האָט מיט א פלעשעלע קארבאָליק
פארשרפהט זיין צורה.

דער פעדלער שלעפט קוישן אויף טרעפּ.
דורך די אָפענע פענצטער
שטרעקן זיך מיידלעשע קעפּ.
באַנאַנעס, באַרן, עפּל און אַפּעלסינען!
מיידלעך, ווייבלעך, איר קענט א גילדערן רינגל
אין מיין וואָגן נאָך געפינען...

דער ווייטיק אין מיין האַרצן טוט ברענען.
די טרערן אויף מיין פּנים רינען.
פאַרוויסט האָט די בלוטיקע לאווע.
די גאָלדענע פאווע איז דורכגעפלויגן
מיט אויסגעשטאָכענע אויגן.
דאָס מיידעלע פארשפּאָט,

דערוואָרגן ליגט מיט זשאווער־דראָט,
דאָס יינגעלע א געשאָכטענער
אויף דער קאַלטער ערד ליגט אויסגעצויגן.

נישט אין היימישן, הארציקן וואָלין,
נישט אין טישעוויץ, זאמאָשטש און לובלין,
גיסט דער בלינדער זינגער אויס אָצינד זיין בענקשאַפט־ווײ.
די בענקשאפט אין זיין הארץ קלאָר און ריין, ווי דער ווייסער שניי.
די ליבע פלאָטערט מיט פאַרבלוטיקע פליגל
אין גאָלדענעם זונפאַרגאַנג, איבערן צעשטראַלטן, טייכיקן־שפיגל.
דאָס ליד כליפּעט איבערן פאַרליבטן פּאָרל אין מדינת פּוילן,
וואָס ליגט צלעכערט פון פייער־קוילן — — —

## פּ י י ו ו י ש

### א

פּייוויש באָלשעוויק גראָבט דעם אקער איין.
די פערד גייען נאָך דעם בייטן־שניט אליין.
פרימאָרגן־זון בריט.
פּייוויש ציילט די טריט.
ער חזרט מיט אונדז אויפסניי:
אַ יושרדיקע וועלט איז דער עיקר.
אזוי לערנט אונדז מארקס דער טיפסטער דענקער,
דער גרעסטער חוקר.

מיט יעדן טאָג ווערט פּייוויש קאָמוניסטיש־פרומער.
אין פרימאָרגן־דעמער שאָקלט ער זיך פארטיפט
איבער מארקס "קאפּיטאַל."
ער ברומט איבער דער שווערער עברי
מיט טרויעריקע גמרא־טענער.
נאָך דער סאָציאַלע רעוואָלוציע,
ווען אַרבעטער־היימען זיין פראכטפולע זאלן.
סעודות וועט מען פראווען מיט כלערליי מאכלים,
ווי אויף רוישנדיקע באַלן.
אָבער די גלוסטנדיקע שפּייז וועט זיין
א שטאַפּל העכער צו דער פאָלקס־קולטור.
דער מענטש — דער בחיר היצירה,
וועט שפּינען די דורות'דיקע, ליכטיקע שנור.

פּיוויש באָלשעוויק איז תּמיד פאַרדמיונט,
שטענדיק אין איילעניש, שטענדיק געפלויגן:
ווארום די בורזשויען טוען, ווי פּיאַווקעס
דאָס בלוט פון די ארבעטער זויגן.
ווי זיין טאַטע — דער הוסאַטינער חסיד,
רעדט ער מילד, באַטעמט און פּשוט:
גרויס און טיף זיינען די פאָלקס־נויטן,
ווי מעג מען גאָר איבזינען האָבן
צו צערטלען די אייגענע הויטן?

ב

סליחות־צייט, זיין פאָטער דער לאַנגער ביינוש
שפּרייזט שטיל־פאַרפרומט אין שטיבל.
שלייכט זיך פּיוויש דורך די הינטערגאַסן,
אין אים פאַרהוילט סוד פון אלע געהיימע שליסלען.
די לאַנגע צויטן פון זיין צעריסענעם כאַלאַט
ווישן די שטויבן, קערן די קויטן.
די מאַמע ביינע ברעכט די הענט:
ביינוש, וואָס לאָזסטו אים אַרומלויפן
ווי אַ הפקרדיקער ווינט?
עס טשאַטעווען דאָך אים נאָך
די זשאַנדערמעריע־הינט!
חוץ מזה, איז עס דאָך אין די פּאָרכטיקע טעג,
דער יונג דאַרף דאָך שוין וויסן,
וואָס מען טאָרנישט און וואָס מען מעג?
ביינוש הויבט די אַקסלען,
זיינע ליפּן מורמלען:
אַז דער יונג צו אַלדי רוחות,
לאַכט פון אַלץ, אַפילו פון סליחות.
מען רעדט אויף אים, אַז ער גייט שפּאַצירן
מיט שניידער־מיידלעך געאָרעמט,
און קעגן מלכות רק ער שטורעמט.
ער אַליין גייט אין צעריסענע מכנסים
איז ער נישט מתרעם.
די וועלט, ליאָרעמט ער, פירט זיך נישט כּהגון,
אָן יושר האָט זי נישט קיין טעם.
גיי האָב טענות צו אַזאַ תּם?...

העשעט די באָבע פּעשע:
ביינוש, דיין פּיוויש איז אַ זערלעך קינד,

אלא דאָס וואָס ער ברייעט עפּעס פון מאַרקסן דעם חוקר,
איז דאָך עס וואָר די וועלט איז פול מיט שקר.
און פּייוויש שפּרייזט אזוי אין דעם צעלעכערטן, לאנגן כאַלאַט
אין חמימהדיקן תמוז, אין פּראָסטיקן שבת.
דער שמש קלאַפּט, וועקט צו סליחות,
און פּייוויש פּויקט דריי מאָל אויף א לאָדן.
די נאַכט מיט סכנה איז אָנגעלאָדן,
ער שאָטנט זיך אריין אין שלום קאָניוכס שטאָל.
א דרינגענדיקע פאַרזאַמלונג היינט:
קאַמפּסגרופּן און א דיסקוסיע וועגן רעוואָלוציע און אידעאַל. —

ג

אַ חלבן ליכטל צאַפּלט,
מלכהלע שלום קאָניוכס טאָכטער
איינגעהילט אין דער מאַמעס געבלימלטער שאַל
שפּיצט אָן די אויערן צו פרעמדע לאָקערנדיקע טריט.
פּייוויש פון אייגענע ווערטער דערהיצט,
רעדט וועגן לעקערט, באָטווין און ברוך שולמאַן.
דאָס גאַנצע שטעטל — איין אָרימאַן.
דאָס בלוט פון ייד, אַרבעטער און פּויער
געגאָסן, ווי אַז אָקסן־קאָן.
העלדנמוט חברים, פאָרויס אין קאַמפּף!
פריי מוז ווערן יעדער ערדן־שפּאַן!

דאָס ליכטל צאַפּלט אויף, ווערט פאַרלאָשן.
אַלע ווערן מיט פינצטערניש פאַרגאָסן.
איינציקווייז שאַרט מען זיך אין קילן דרויסן אַרויס.
פּייוויש שפּרייזט צו דער הוסאַטינער קלויז.
ער וויל הערן דעם טאַטן סליחות־זאָגן.
אויך דער טאַטע אויף צרות־הכלל טוט קלאָגן.

ד

דער באַגין בלאָסט אויף די שויבן.
קילער אַלולדיקער אינדערפרי הויכט
אויף קרומע דעכער, אויף געהאַרבעטע שטובן.
צום לאַנגן ביינוש ביים עמוד,
גרייכט פּייווישס קול פון צווישן

גרויסן, בעטנדיקן עולם.
אצינדערט זינגט זיך אים,
כליפּעט זיך אים געשמאקער,
די תפילות רייסן זיך זיך פון די טיפן
אין זיין זונס אָנגעווייטיקט, איידל האַרץ
טוען זיי רופן.
גרויס דערבארעמדיקייט ווארעמט
זיין פּאָטערלעך, צעבראָכן געמיט:
אב הרחמן, פארגיב די זינד,
ווארום רעכטפארטיק און אויסדערווײלט
איז יעדער אײנציקער ייד —

פייוויש געדענקט, רעליגיע איז אָפּיום פארן פאָלק.
וואָר, מען דארף אין מח פון פשוטן מאסע־מענטש
וועגן דער דאָזיקער פראגע מאכן א טאָלק.
פונדעסטוועגן פילט ער, אז ער זינדיקט נישט
קעגן דער רעוואָלוציע און דעם פּראָלעטאריאט,
ווען ער וויינט בא יעדן טרויעריקן פאַרטרערטן בלאַט.
וואָרום אויך א שטיין קען דאָך צעגאָסן ווערן פון געוויין,
ווען מען ווייסט פון די באצערטע ווערטער דעם מאָנענדיקן פשט,
דערצו פילט ער, אַז ער טאָר זיין טאַטן נישט מצער־זיין.
דער טאַטע א פארהאָרעוועטער, דורכגעליטענער ייד.
אויף די אלטע, אויסגעטראָטענע דרכים גייט ער ערלעך, ריין.
תמיד איז ער טרויעריק, פארטראכט, גוט און פרום,
פון זיינע נשמהדיקע, וואָרהאפטיקע מעשים,
שטראַלט דער מענטש אין העלער, רחמימדיקער שיין.
אויך ער וויל מתקן־זיין די וועלט,
וואָס איז פאַלש, גזלניש און קרום. —

די מאַמע ברײנע אין דער ווייבערישער שול,
הויבט אָן פון פרייד הויך צו העשען.
מיט פארטרערטן בליק ווארעמט זי פייווישס געזיכט,
אויפגעהייטערט פינטלט זי צו דער באָבע פעשען.

ה

אהיים גייען אלע צוזאמען.
פייוויש טרעט שווער, פארטראכט אין קילן באגין.
עס טרערן די אויגן בא דער מאמען.
דער טאַטע טענהט צו אים פאַרטרוילעך, באַהאַרצט:

דער מקור פון דער פילאָסאָפיע איז יאוש.
דרום בלאָנדזשעט אצינדערט אָן אמונה אַרום
דער משכיל חיים־הערש.
און כאָטש דער חוקר משה מענדעלסאָן
איז לפנים געווען פרום,
האָט ער געהאַט אַ גוף און אַ נשמה פון אַ הויקער.
ער — אַלע בערלינטשיקעס זיינען שמד און טמא.
דער ייד וואָס גלויבט, רייניקט זיך אין יסורים,
האָפט און וואַרט.
פאַרוואָר, עס איז דאָך קלאָר:
די וועלט איז פאַרפלייצט
מיט זינד און מאָרד, ווי סדום.
און כאָטש משיח איז נאָך אַלץ א בעטלער
באַ די אריינגאַנגס־טויערן פון רוים,
קען ער קומען די רגע, יעדן טאָג, דאָס יאָר,
און אויב חלילה נישט — איז איבעראַיאָר...

די באָבע פעשע זיפצט, שעפטשעט פרום
אין ר' מאיר־בעל־הנס־פושקע
איר פאַרזשאַווערטער דרייער
קלינגט קופּערדיק, הויך:
אוי מעכעלע שוסטער איז נעבעך אָרעם, ווי די נאַכט,
מען דאַרף אים אַוועקטראָגן
א פערטעלע עופ, א טעלערל יויך. —

פייוויש טרעט טרויעריק, פאַרטראַכט אין שטילן באַגין.
גלעטנדיקע פינגער — די ערשטע, וואַרעמע שטראַלן.
ווייטיקדיק ברענט דאָס גאָלדיקע דאָרן־געשפּין
באַ אויסגעהוילטע פלויטן, באַ קילע, מאָכיקע שטאַלן.
פייוויש פיינלעך פאַרקלערט:
משיח, רעוואָלוציע — אָט גאָר נאָענט!
אָט אָפּגעשטויסן, ווייט.
איינמאָל איז לעניך געקומען
צו דער רעכטער צייט —

און די באָבע פעשע זיפצט, שעפטשעט פרום
ווי תמיד, מיט א געבעט זי טרעט אריבער די שוועל:
גאָטעניו, פרייליכקייט זאָל הערשן אין דעם דאָזיקן הויז,
אין נחת, אין פרידן זאָל דיך דינען מיין זעל. —

איבערן שול־דאַך,
די זון שטייט פלאַמיק, הויך.

אויף אן אָפּגעבלעטערטן בוים
אַ וואראָנע שרייט.
פּיווויש פּיינלעך־פּאַרקלערט:
אין לעצטן שטרייט,
וועט א לעניין קומען
צו דער רעכטער צייט? — — —

ו

גלעקער קלינגען אויפן קלויסטער־טורעם
די ברוינע רוצחים דאָס שטעטל באצווינגען.
די זון רויכערט הינטער וואָלקן־שירעם.
בא דער פלייצנדיקער שליוזשע סמאליעט די וואסער־מיל.
געהאָנגענע יידן קאָרטשען זיך אויף באַטשוועקעטע דרענגען,
די ערד איז קלעפּיק, ווייך—א פארבלוטיקטער דיל.
גרינענדיקע לאָנקעס, בליענדיקע סעדער
אין פּיין, אין שרעק שרייען.
איןליידיקע שטיבער, אין אויפגעפראַלטע שטאַלן
פלאקערדיקע ווינטן וואָיען.
בלוטיקע שטראָמען אין טיפע, טונקעלע ברונעמס,
אין לויטערע, קילע קוואלן.
און פּיווויש באַלשעוויק מיט די פארטיזאנען אין וואלד:
חברים, דער נאצי־וואָלף פארצוקט און ווערט נישט זאט.
דאָס שטיטל־יידן פירט מען גאַנצפרי צו דער שחיטה אַרויס
אַרום אַלטן בית־מדרש, בא דער הוסאטינער קלויז:
עמעצער מוז מיט דער עדה זיין.
עמעצער מוז אינאיינעם מיט זיי אקעגן טויט שטיין.
עס איז אַ זכיה לעצטע טרייסט צו טראָגן.
דעריבער חברים, כ׳בעט, באַשטימט מיך מיט דער עדה צו גיין.
טריפן טרערן אויף זייערע הענט.
הייליקער צאָרן, אין זייערע אויגן ברענט — — —

ז

אין טויאיקן באגין,
אין יאָמערדיקן געדרענג,
פּיווויש רופט צווישן צוואָלגערטע בענק:
ברידער יידן, זייט שטאַרק!
דער נאצי־וואָלף — דער מאוסער שפּין,

חרובט, שיסט, הענגט!
אָבער דו טייער פאָלק מיינס,
דעם רוצח אייביק געדענק!
ביזן צענטן דור
אונדזער בלוט גישט שענק!

דער נאַצי ברילט.
ווי אויף אַ ברעט
ער טרעט אויף דער מאַמע בריינעס
קליינעם, צאַפּלדיקן גוף.
בליצנדיקער זון־שטראַל
שפּילט שאַרף און שפּיציק...
אַנגסט־געשריי שווידערט אין אימהדיקן סוף,
און דער לאַנגער ביינוש ציט זיך אויס,
מיט זיין גאַנצער, ביינערדיקער גרויס,
אויף אים האָגלט די געקנופּטע קנוט.
פון זיין מויל פליסט דאָס וואַרעמע בלוט.
אַ צונויפגעקאָרטשעטער, מיט איבערגעבראָכענע ריפּן
שעפּטשען פרום זיינע פאַרלאָפענע ליפּן:
אהיה אשר אהיה שטייט.
אין יעדן גלות איז גאָט
מיט אונדז געווען.
אונדזער פיין געזען.
ישראל עולה תמימה —
צו דער עקדה אַלעמאָל אָנגעברייט.

דונערט פּייוויש אויף די שול־טרעפּ:
יידן, דורך די ליים־גרובן אַנטלויפט!
ציטערט דער אָפענער, פאַרקלערטער סטעפּ:
יידן, ראַטעוועט זיך!
רייסט אַרויס דאָס כלי־זין
פון די גזלנים!
באַ די פּאַרטיזאַנען
פלאַטערן רויטע, נקמה׳דיקע פאַנען!

לויפן יידן דורך די לאָנקעס,
פויזען צווישן בלעזלדיקע קוואַלן.
יידן ראַנגלען זיך, שטרויכלען,
הויבן זיך אויף און פאַלן.
טרויעריק שאָטענען די וואַלד־טיפן,
די ביימער אין שרעק אַנטלויפן...

אויף די שטיין־שוועלן די וואסערן רוישן.
די פרייע קינדער פון ישראל —
נאָכגעיאָגטע קנעכט פון לאנד גושן — — — —

ז

א נאצי צילט!
פייוויש א באגאָסענער מיט בלוט
וואקלט, פאלט.
בא זיין צוקאָפּנס די נאכט קניט.
דאָס שטעטל זינקט
אין יאָמערדיקן גוואלד.
דער קלויסטער־גלאָק
אימהדיק קלינגט — — —

פייוויש עפנט די פיבערדיקע אויגן.
דער מאמעס פנים בלייכט.
דעם פאָטערס בלוט מישט זיך
מיט אירן אויס.
אין דער פינצטערניש א שאָטן שלייכט.
עמעצער פויזעט מיט אים צווישן רויכיקע זיילן.
קילע וואַסער־קוואלן קוועלן.
אנטפלעקט ווערן פארהוילענע, וואלדיקע היילן.
און די ביימער רוישן, שאַלן — — —

* *
*

י ע ק ב   ג ל א נ ץ

# דאס יידישע ליד צווישן צוויי מלחמות

א.

## דאס ליד אונטער וואפן

די הויפּט־טענה פון דער טעמע וועגן ליטעראַטור־פּראַגן גראַד איצט, ווען אַ סך אַנדערע, אפשר מער וויכטיקע פראַגן שטייען אויפן סדר־היום פון יידישן לעבן, — איז אין תוך: ווי אַזוי איז מעגלעך צו „זינגען" בעת אונטערגאַנג; ווי אַזוי קאָן געמאָלט זיין, אַז קינסטלער זאָלן נאָך קאָנען געפינען באַגייסטערונג אויפן גרענעץ פון יענער זייט לעבן.

און בכדי קלערער צו מאַכן די טעמע, וועלן מיר זיך מוזן ווענדן צו דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און רעוואָלוציע, וואָס האָבן איבערגעקערט מיט די געדערים אין דרויסן דאָס יידישע (ווי ניט דאָס יידישע) לעבן, און פון אָט דעם כאַאָס האָט מען עס געדאַרפט שאַפן — פאָעזיע.

מיר וועלן זיך דאָ נישט אַריינלאָזן אין די כאַריקירידיקע חקירות וועגן דעם צי אַ קינסטלער קען און דאַרף רעאַגירן אויף דעם לויפנדיקן לעבן; צי מעג ער, דער קינסטלער גאָר „באַזינגען" זיין ברענענדיקע צייט, צי ער דאַרף אויסוואַרטן ביז די צייט וועט זיך אָפּקילן אין שטיקער לאַוועס און נאָכדעם ערשט פון אָט דער לאַווע־שטיין אויסהאַקן זיינע קינסטלערישע פיגורן.

דער אמת איז, אַז קינסטלער גייען אַריבער אָט די אַלע לאַוון; זיי לויפן זיי אַריבער, ווי איינער לויפט פאַרביי אַ ליכט־צייכן, בשעת אַ ראַשיקער האַלבטאַגיקער שטאָטישער טראַפיק; זיי ראַטעווען זיך, די דאָזיקע קינסטלער, ווי דער שטאָט־גייער, און זיי נעמען מיט־זיך־מיט זייערע הייסע איבערלעבונגען אין דער קינסטלערישער לאַבאָראַטאָריע צו פורעמען פון זיי ווערק.

דער אמתער קינסטלער איז ווייט נישט קיין מן־הצד־קוקער און גלאַט אַבזערווירער פון לעבנס־דערשיינונגען, נאָר ער איז אַ טייל פון

דער דערשיינונג; ער איז דער פאַרשפּיצטער נערוו ביז ווייטאָק פון זיין אפילו שרייענדיקסטער צייט אין וועלכער ער לעבט; ווייל אַנדערש וועט ער נישט קענען ווירקן; ער וועט מוזן זיך געפינען ערגעץ־וואו אַ טורעמל, וואו זיך אַריבערפּעקלען מיט זיינע פּאַראיכטע און פאַראַליינ־זאַמטע איבערלעבענישן — און זיי מורמלען פאַר זיך אין דער שטיל, אַז קיינער זאָל זיי נישט הערן און זיי וועלן אויך קיינעם נישט אָנגיין.

״יעדע שיין־ליטעראַרישע שאַפונג, ווי אפשר יעדעס קונסט־ווערק בכלל — איז נישט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ שטיק ווירקלעך לעבן, אַריינ־געשטראַלט אין אַ קינסטלערס געמיט און אַרויסגעשטראַלט אַן אָפּגע־שאַצטער אין געפיל״; — האָט אַמאָל דר. חיים זשיטלאָווסקי פאָרמולירט דעם עצם וועזן פון ליטעראַטור.

דערצו וואָלט מען נאָך געדאַרפט צוגעבן דעם באַזונדערן אופן פון יעדן קינסטלער ווי אַזוי ער ברענגט אַרויס דאָס אַריינגעשטראַלטע און אַרויסגעשטראַלטע לעבן. און וועגן דעם גייט אַן אַ פּלוגתא אין אַלע ליטעראַטורן פון דער וועלט; ביי אונדז האָט די פאָרמעלע קריטיק זיך נישט פאַרנומען מיט פאָרמעלע קונסט־פּראָבלעמען, און געזוכט מער עטישע ווי עסטעטישע ווערטן. בלייבט לכן דער עקזאַמען פון דער יידי־שער פּאָעזיע ביי דער יידישער קריטיק אַן איינזייטיקער און ער פירט צו פאַלשע דיאַגנאָזן. און הגם איך בין נישט קיין אָנהענגער פון קונסט לשם קונסט, וועל איך מיר קיינמאָל נישט דערלויבן אָפּטיילן דעם אינ־האַלט פון פאָרעם און פאַרקערט; ווען דער דאָזיקער גליקלעכער זיווג איז נישט פאַראַן ביים קינסטלער, שטעל איך אונטער אַ פרעג־צייכן דאָס ווערק. אייניקע קינסטלער קומען פון אינהאַלט צום אופן ווי אים אַרויס־צוברענגען און געשטאַלטן, און אַנדערע פורעמען זייערע אידייען דורך דער ספּעציפישער פאָרם, וואָס זיי געפינען אויס, וואָס איז אייגנטלעך אַן אינעווייניקסטע פון דעם קינסטלערס וועזן, און וואָס איז נאָענט צו דער קלאַסישער פאָרמולע פון סטיל און נשמה.

דער קינסטלער גייט צום שוועל פון ערשטן עיקר, צום איין וואָס רופט זיך אויס, צו דעם ״צוריק און (דעם) צוריקקער, און גייט פאָראוי־סער ווי פאָראויס״, ווי אהרן צייטלין האָט אַמאָל דעם קינסטלער־וועג כאַראַקטעריזירט. דער זעלבער אהרן צייטלין פייניקט זיך מיט טענות למאי ער ״דיכטעט״ גאָר איצטערט־אָ אין דער ביטערסטער וואָר אונ־דזערער, און דאָך זוכט ער — און געפינט — ווערטער און גראַמען צו פיקסירן דאָס וואָס קאָן גאָרנישט ווערן פיקסירט, ווייל עס בלייבט צו ווערטערדיק לגבי דעם געלעבטן לעבעדיקן לעבן. און דער מקונן פון אונדזער בראָך און אומקום, דער ליריש־צאַרטער און ווייטאָקלעכער פאַר־צייכענער פון דעם בייעם ״יון מצולה״, ז. סעגאַלאָוויטש, האַלט זיך אויך אין איין קלאָגן אויף דער פּאָעזיע, וואָס זי דאַרף דינען צו אַזעלכע שווי־דערלעכע כראָניקעס, און ער האַלט אין איין זוכן פאַרגעבונג און פאַר־ענטפערונג פאַרוואָס ער קען נאָך געפינען פּאָעטישע פאַרגלייכן און וואוילקלינגענדיקע ווערטער פאַר דער טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק,

—און ער וויינט (מע קאָן דאָ נישט באַנוצן דאָס וואָרט זינגען, כאָטש ער "באַזינגט" דעם יידישן טרויער) אַזוי מין פּירשורותדיק געפּאַסט, אַזוי מין ריטמיש־געמאָסטן און געריימט דעם יידישן טיפן, אויפריכ־טיקען צער און בראָך. און ער גראַמט אפילו די שוידערלעכסטע באַטייטן פון ווערטער און געפילן.

אַזוי שפירן היינט יידישע דיכטער — און דאָך, לאָז זיין מיט גוואַלד, זיי שרייבן, פאַרצייכענען אויף דער אייגענער הויט ס׳אידישע אומגליק, די אויסגאַנגסלאָזיקייט פון אונדזער זיין און פיין. און — דאָס אויסטערלישסטע איז, וואָס מע זינגט; לידער זינגט מען וועגן די יאָרן תש״א—תש״ה, וואָס זיינען שווערער, טראַגישער פון די יאָרן ת״ח ות״ט. לייוויק זינגט:

"בערל שפּילט אויפן פידל
שמערל — אויפן באַס.
און יידל גראָבט מיט אַ רידל
קברים אויפן מיטס גאַס.

קומט אַלע, אַלע אַהער
באַוואונדערן די קאַפּעליע,
קומט טאַנצן אונדזער אַלטן שער,
און זיך האָפּקען ביז דער סטעליע".

וויפל טראַגיזם איז דאָ אין אַזאַ מין־אַ זינגען און טאַנצן, אין אַזאַ מין "פויקן, אַז די פויק זאָל פּלאַצן!"

אָבער — מע זינגט.

און ווי האָט זיך אַנטפּלעקט צו ליעסינען דאָס יידישע לשון, גע־דענקט איר; די טרויעריקע יידישע שפּראַך זאָגט צום דיכטער:

"איך קום צו דיר, קינד מיינס, פון גלותן שטומע,
פון געטאָס פאַרפּאַקטע, פאַרהאַקטע אין קלעם.
איך האָב נאָך די חנען פון תחינות פון פרומע,
איך האָב נאָך די שיינקייט פון קדוש־השם".

געטאָס און אומגליק האָבן אונדזער יידיש לשון געבוירן און זיין דאָליע איז ווי פרוג האָט געזונגען, — די דאָליע פון אַ שקלאַף און דער דאָרשט צו פרייהייט.

צווישן די דאָזיקע צוויי באַגריפן, צווישן גוטס און שלעכטס, צווישן אומקום און בטחון, זינגט דאָס יידישע ליד.

„אַז דאָס פאָלק האָט אויפגעהערט צו זינגען,
וועט אונדזער ליד אויך ווערן מיד".

**קלאָגט זיך י. י. סיגאַל, דער אומדערשעפּלעכער קוואַל פון יידישן געזאַנג, פון אונדזער בטחונדיקער באַיאָונג פון לעבן.**
**און ער פרעגט און ענטפערט:**

„איז אונדזער ליד דאָ פרי געוואָרן אַלט?
ניין, ברידער מיינע טייערע, פּאָעטן.
אונדזער ליד איז יונג און שטאַרק — נאָר קאַלט
פאַר איר די וועלט דאָ, נישט אַרויסצוטרעטן”.

**און עס פרעגט און ענטפערט זיך אַליין — דער דינער שיינקייט־באַזינגער — מאַני לייב.**

אויפגעבן דאָס געזאַנג, — אַזאַ לוקסוס קענען מיר זיך
נישט דערלויבן!
”...אָבער וואו איז זי,
די שיינקייט פון דער וועלט? — די שווערד האָט זי
אין מיסטן
פאַרשאַרט, אין בלוט, אין אונדזער בלוט אין וויסטן”.

**צווישן שיינקייט און מיסט זינגט איר טראַגישן געזאַנג די יידישע מוזע. און געגליכן איז זי די מוזע אונדזערע צו אַ יונגפרוי, וואָס פודערט צו פונדעסטוועגן די נאָז אויף אַ לויה, אַז ס'זאָל בשעתן וויינען נישט קענטיק זיין איר צופריאיקע פאַרוועלטקייט; יידישע פּאָעטן וואַרגן זיך מיט דער שיינקייט פון וואָרט ווי פרושים, וואָס ווילן נישט הנאה האָבן בכיוון פון גאָטס פראַכטיקייטן, פון עולם־הזה.**

”דער בלינדער פידל־שפּילער גייט צוריק.
אים פירט אַ קינד.
געענדיקט די מוזיק.
ווי שטיל דער ווינט!
דער בלינדער פידל־שפּילער גייט צוריק.”

**וואוהין גייט ער, דער בלינדער פידל־שפּילער, דער יידישער זינ־גער פון זיין טרויער? ער גייט ”צום שלאָף, צום סוף”. אים פירט דאָס קינד.**

”דער בלינדער טראָגט די אויגן טיף אין זיך:
ער קוקט און זעט דעם טויט.
פון מערב ווינקט צום קינד אַ וואָלקן סאַמע גאָלד —
צאַרט ציטערט זיין צויט.
פון מערב ווינקט צום קינד אַ וואָלקן סאַמע גאָלד”.

אַזוי גיט איבער דאָס יידישע געזאַנג אהרן צייטלין: דער בלינ־דער פידלער שטאַרבט, אים פירט אַ קינד, און צום קינד — ווינקט דער מערב, וואוהין דער בלינדער מוזיקאַנט איז אַוועק שטאַרבן מיט וואָלקנס גאָלד.

ניי־לעבן, גאָלדענע האָפנונגען גייען אויף מיטן און דורך דעם אונטערגאַנג.

און אַ יידיש אינגל פון געטאָ אין וואַרשע, האָט געשריבן:

„כ'האָב נישט פאַרלוירן קיין שום טרער
אויף אייער אומגליק, אייערע גרוילן.
ווי קומען איצט די הינט אַהער,
צו שאַרן זיך צו מיינע זוילן?"

(לידער פון אַ יידיש אינגל — מ. י. —
איבערזעצט פון א. לעיעלעס).

ווען אין אַנגעזיכט פון טויט קען אַ אינגל שרייבן מיט אַזויפיל בטחון און מענטשנווירדע און גדלות פון קדוש־השם — ווערט דאָס ליד אונדזערס נישט אויפהערן זינגען אַפילו ביים אָפּגרונט.

גם כי אלך בגיא צלמות . . . אפילו אין די טאָלן פון טויט, זינגט דאָס יידישע ליד און אַלע פּלוגתאָ'ס ווערן דאָ אָן זייער ממשות.

אָט זעט איר דאָך ווי פּאָעטן זינגען אונטער האַגל פון טויט און אומקום. דאָס איז דאָס פידעלע וואָס ביים קעניג דוד פלעגט עס שפּילן דורך דער באַרירונג פון ווינט, און וואָס עס גייט נאָך מיט ווירטואָזיטעט דעם יידישן לעבן און שפּילט אויס די שענסטע מאָטיוון און ניגונים פון יידישן קיום אין אַלע שפּראַכן פון דער וועלט.

פּרץ מאַרקיש באַזינגט אויך דאָס יידישע פידעלע, דעם סימבאָל פון יידישן געזאַנג ביים אומקום, אין זיין העראָאישער פּאָעמע וועגן דעם דאָקטאָר קאָגאַן, וועלכער איז געגאַנגען צום טויט געטריבן פון די נאַצי־הענקער, אין דער באַגלייטונג פון זיין אינגעלע, דעם וואונדערקינד, וואָס טראָגט זיין פידעלע — צום טויט.

דער דאָקטאָר, דער פּאָטער פון קינד, זוכט מיט אַלע מעגלעכ־קייטן צו באַשיצן זיין זון מיטן פידעלע ביזן לעצטן מאָמענט, ווייל ער וויל בפירוש באַווייזן די חיות, אַז שיינקייט, געזאַנג פון לעבן, קען נישט פאַרשטילן דעם טויט.

און פאַרן טויט, ווען די הענקער שטייען שוין גרייט מיט די אַוו־טאָמאַטן קעגן זייערע קרבנות, —

„האָט דאָס קינד אַ פרעג געטאָן ביים טאַטן — שוין?
און ס'האָט דאָס קינד אַ וויין געגעבן — טאַטע! . . .
— נאָך ניט! — האָט געטאָן דער פידלער אַ פאַרהיל
מיט זיינע הוילע הענט און אַ פאַרשטעל אים פון די חיות:
— דו דאַרפסט נאָך שפּילן, קינד מיינס, — שפּיל!
פאַר די וואָס וועלן קומען אונדז באַפרייען!"

און פּרץ מאַרקיש, דער וואונדערלעכער באַזינגער פון העראָאיזם און ווילן פון טויט ביים יידישן מענטשן, פאַרענדיקט זיין פּאָעמע:

„אויב ס׳וועט אפילו בלייבן איין ייד אויף דער ערד
וועט זיין אַ יידיש פאָלק און עס וועט אייביק לעבן!
שפּיל, קינד מיינס, — געמונטערט אים האָט ער,
ביזביידע האָבן זיי אין גרוב אַ פאַל געגעבן . . .״

ביז ס׳וועט בלייבן איין ייד אויף דער ערד, וועט דאָס יידישע ליד נישט איינגעשטילט ווערן; עס וועט זינגען ביי די ראַנדן אפילו פון אומקום פון אַן אויפגייענדיקן יידישן לעבן און פון אחרית־הימים אויף דער וועלט.

ב.

## כאַאָטיש לעבן — כאַאָטיש געזאַנג

„ווען ס׳קריצן ציין צונויפגעפּרעסטע,
ווען ס׳בליצן פונקען פון די אויגן,
ווער קאָן מיר עצהן מעסטן,
ווער קאָן מיך פרעגן:
האָסטו אָפּגעוואויגן?״

אַזוי האָט דוד האָפשטיין, דער באַזינגער פון די אָנקומענדיקע נייע טעג אויף דער וועלט און די געבראַכטע האָפנונגען דורך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, געזונגען אומגעפער אין די יאָרן 1919־20. און דאָס דאָזיקע נישט־פרעגן איז געוואָרן דער מאָטאָ פון דערפּאָעזיע פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט; דער ווילן איז געווען „אַ שפּאַן טאָן מיטן ברייטן נאָך נישט געמאָסטענעם טראָט״ אין „די פאַרנטיקע רייען פון דער שפּאַנענדיקער מענטשהייט״ (דוד האָפשטיין).

און עס האָבן זיך איבערגערופן מיט האָפשטיינען די דיכטער יידישע פון אַלע עקן קאַנטן, עס איז געווען אַ הפקרדיקער גאַנג מיט ברייטע, נישט געמאָסטענע טריט אין ראַשיקע פּראָצעסיעס, און פון פאַרנט, — אין פאַראויס פון די צעיאַכמערטע און צעכראַסטעטע גייער האָט די אַלטע, פאַרלאַטעטע פאַן אַלץ געפלאַטערט און געפלאַטערט, און שטעקעלעך וועקנדיקע האָבן שרויט געשאָטן אויף שטייפע פייקלען. ווער האָט געקענט גאָר חלומען פון אַזאַ פרייד, ווי אין דעם באַפרייטן רוסלאַנד? — איך שרייב די דאָזיקע שורות און יוגנט־לאַנדשאַפטן שפּרייטן זיך פאַר די אויגן און רופן ווידער זיך איבערגעבן זייער רחבות, זייער

גערוף צו גאָך נישט באַטראַטענע שליאַכן און וועגן — צו דער גרוי־סער, ברייטער וועלט! און ווי פּאַטעטיש האָט דעמלט געזונגען דער פּאָעטער פון דער יונג־אוקראַינער פּאָעזיע אָשר שוואַרצמאַן:

"... פאַר דעם וואָס קילט מיט אַש
דעם ווי פון זיינע ליידן,
וואָס זאָל איך ריידן?"

און דעם ווי און מוט האָט מען טאַקע נישט געקאָנט צעטיילן, אַזאַ איבערפלוס איז געווען פון וויטאָק און מוט און הבטחות פון אַ יונג אָנקומענדיקן לעבן. די האָפערדיקייט און ווילן צו לעבן און שטאַרבן פאַר דעם אויפגייענדיקן טאָג, האָט אויסגעדריקט מער ווי עמיצער אַנ־דערש דעמלט אשר שוואַרצמאַן, ער האָט מונטער און מוטיק געזונגען אין טאָן פון דער נייער פּאָעזיע, וואָס איז געוואָרן דער קוואַר־שניט פון יידישן ליד ביז אָט דער נייער צייט, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך די נייע לידער.

"מיט איינעם קלייד אויף מיינע לענדן —
מיט קאָפּ אַנטבלויזט,
מיט בלוט וואָס אין מיין האַרצן ברויזט,
וועל איך צו וויסטעניש זיך ווענדן ..."

און צו וואָס רואיקייט, און היים צו וואָס, און — פרידנדיקע שטיל־קייט, — ציי ווי מע פלעגט דעמסטמאָל רופן "קליינבירגערלעך גליק", — אַז "די הייל קען זיין די וואוינונג פון ביינאַכט און ווירבל־ווינט און מדבר־זאַמד דער חבר פון בייטאָג". און ער האָט געגעבן זיך אַ נדר, שוואַרצמאַן, זיך צוריק נישט קערן — "ביז וואַנען כ'וועל דאָס אויסלייז וואָרט דאָס פולע נישט דערהערן". ער האָט זיך נישט אומגעקערט. — דאָס פולע אויסלייז־וואָרט איז אויך נישט געקומען. דאָס איז געווען אין די יאָרן 1919־1920.

"ווען כ'זאָל וויסן, וואו פאַרשוואומען
איז דיין ליכטיקער געביין, —
צו דיין קבר כ'וואָלט געקומען,
ווי אַ ברודער קומט צוגיין".

האָט אין 1942 — מיט צוויי צענדליק יאָר שפּעטער — געזונגען אַ דיכטער, שוואַרצמאַנס אַ מיטצייטלער, וועלכן איז באַשערט געווען אי־בערצולעבן ביידע וועלט־מלחמות און זיך אייגזאַמלען מיטן ליכטיקן געביין פון שוואַרצמאַנען ווער ווייסט־וואו.

„ערגעץ דאָרטן, לעבן קאָרסון,
אויף דיין אויסגעפּרואווטן פערד
האָסטו זיך אין שלאַכט געוואָרפן
און צוריק זיך ניט געקערט".

און אויך ש. ראָסין, דער זינגער פון אָט די שורות, וואָס דער־מאָנט און רופט אַרויס די שוואַרצמאַן־געשטאַלט, האָט זיך נישט אומ־געקערט; דאָס איז געווען מיט צוויי דעקאַדן שפּעטער. געפאַלן פאַר דער זעלבער זאַך, באַפרייען דעם מענטשן.

„איר זייט דורכגעפלויגן בלענדיק
און פאַרשוואונדן ווי אַ בליץ,
איך געדענקט אייך ברידער שטענדיק,
שטענדיק לעבט איר אין מיין ליד".

און אין אונדזער זכרון, זאָגן מיר נאָך ווי אָמן מיט ראָסינען, וואָס איז געפאַלן אין דעם גרעסטן קאַמף, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט דעם גרעסטן שונא פון אונדזער פאָלק זייט דורות, מיט דער היטלער חיה; בעת שוואַרצמאַן אָבער איז געגאַנגען אויף זיך נישט אומצוקערן איז נאָך די רשעות נישט געווען אַזוי פאַרפלאַנצט אויף גאָטס ערד און יידן האָבן נאָך געקאָנט אָטעמען, און — ווען ש. ראָסין איז געגאַנגען אויף זיך נישט אומצוקערן — איז שוין שווער געווען, זייער שווער צו אָטעמען; ראָסין איז ווי שוואַרצמאַן, — זיין שלאַכט ברודער און זיין ברודער פון ליד. — געפאַלן אין אָט דעם קאַמף צוזאַמען מיטן ברודער גוי, — אָבער איג־זינען האָט ער געהאַט צו באַפרייען זיין ברודער ייד אפשר מערער, ווייל ער איז געטראָגן געוואָרן מערער מיט די מגושמדיקע לאַפּעס פון דער חיה, וואָס האָט זיך נאָך נעכטן געררופן מיטן איידעלן נאָמען מענטש. און ווי טראַגיש־רירנד זיינען ש. ראָסינס שורות:

„ווען די שטורעם־שעה וועט שלאָגן
איז מיין איינציקער באַגער:
כ'זאָל ווי דו זיך, אָשר, שלאָגן
מיט דעם ליד און מיטן שווערד".

צייטן, ווען ליד מיטן שווערד שליסן אַ בונד אויף לעבן און טויט.

ביי אַנרי באַרביסן איז פאַראַן אַ קליינע דערציילונג; אַ געשיכטע פון אַן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט. ער פאַרט אין אורלויב און ער באַזוכט דאָס האַרץ פון אַ פּרעכטיק מיידל. ער מוז אָבער צוריק באַלד פאַרן אויפן שלאַכטפעלד און ער דאַרף אַריין אין די אָקאָפּעס אין די ערשטע רייען. ער איז פאַרליבט. ס'איז אים גוט אויפן האַרצן; ער קען זיין פרייד נישט איינהאַלטן, זי גייט אַריבער די ברעגן, עס ווילט זיך אים

זינגען — און ער זינגט. זיין געזאַנג קען אָבער איבערגעגעבן ווערן דעם שונא, יעדער קלאַנג באַטייט — טויט. זאָגט דער אָפיציר צו זיין אַדיו־טאַנט: "מאַך ער זאָל אַנטשוויגן ווערן!" אויף מאָרגן איז דער אַדיו־טאַנט געקומען, און, ווי געוויינלעך, געמאָלדן: "עס פעלט איינער!" און דאָס איז די געשיכטע פון געזאַנג און טויט. זי איז געוויינלעך, ווי דאָס לעבן אַליין, ווי דער קאַמף צווישן מענטש און מענטשן, צווישן ליכט און פינצטערנישן אויף די שלאַכטפעלדער פון גוטס און שלעכטס.

און אָט ווי קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, די היינטיקע מקונגן, האָט גע־זונגען דעמלט אין פריילינג פון יונגע טעג:

"איך וועל קומען,
וועל אַ ריר טון דעם בית־עולם,
וועל אַ לויף טאָן
און דעם קברן איבערקערן,
אויסלאַכן די בני־לויה
און מיט מיינע פיס
די גרוב פאַרשיטן און פאַרטאַנצן
און צוריק צו גראָז און שנייען
און צוריק צו ווינט און פלאַקער".

איז דאָס מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל איבערלעבן אַזאַ צייט־שטרעקע, וואָס זאָל זיין פאַרזייט מיט אַזויפיל בית־עולמס — און נאָך אַלץ זינ־גען? ביי דער השגחה איז אַלץ מעגלעך, אפנים. אָבער וואָס איז גע־וואָרן פון אָט דעם האָפערדיקן געיעג צו ווינט און פלאַקער? מע האָט זיך אָפּגעבריט די פיס און מע האָט פאַרוואונדערטערהייט נישט געקאָנט ווייטער לויפן. — וויפל קען לויפן אַ פאַרוואונדעטער אפילו אַ ריז? — מע איז געפאַלן, אָפּגערוט, פאַרבאַנדאַזשירט די וואונדן, — און ווייטער געלאָפן. אַ טראַגישער געלאָף פון אַ דור; אונדזער דור צווישן צוויי וועלט־מלחמות. צווישן די רעדער פון די מוראדיקסטע וועלט־אי־בערקערענישן, אין קלעם פון די ווילדסטע קאַטאַקליזמען.

עס איז נישטאָ מער לאַמעד שאַפּיראָס יונגערמאַנטשיק, דער באַ־ברילטער און פאַראיידלטער, וואָס לויפט נאָך אַ פאַגראָמשטשיק, דער־שיסט אים, — און באַגייט נאָכדעם אַליין זעלבסטמאָרד, ווייל זיין גע־וויסן פאָדערט עס פון אים, ער האַלט, אַז דער רוצח איז נישט מער געווען ווי אַן אינסטרומענט פון אַ בלינדן כח, וואָס האָט אים געטריבן צו זיין טויט. צעבראָכנקייט און חשבון הנפש. די רעוואָלוציע פון 1917, האָט די צעבראָכנקייט, די פליגלמאַנטשינע אויסגעהיילט, און געבוירן איז געוואָרן שטאָט איר אַ הפקרדיקע באַציאונג צום לעבן און צום טויט. אַ נעאָ־ראָמאַנטיק פון העראָאיזם ווערט געבוירן ביים יידישן מענטשן, צוזאַמען מיט דעם נישט יידישן, וואָס האָט פאַר זיך דערזען פלוצים אַ באַ־פרייטע וועלט. נאָר צו וואָס האָט די דאָזיקע הערואישע ראָמאַנטיק גע־

פּירט? מיר ווייסן גוט אירע זיגזאַגיקע וועגן און פאַרוואַנדלענישן פון וועלכע די ליטעראַטור אונדזערע איז אַן עד־ראיה. נישטאָ נאָך אַזאַ זאַרגפעלטיקע היטערן און פאַרהיטערן פון פאַרלוירענער פאָלקס־ענער־גיע ווי די ליטעראַטור איז, יעדע ליטעראַטור פון אַ פאָלק. נישט מער וואָס גרעסער אין איכות אַ ליטעראַטור איז אַלץ ווייטער שפּרייט זי אַרי־בער די אייגענע געאָגראַפישע גרענעצן און שפּרייזט אַריבער די פאַר־באַטענע געביטן פון דער אומצייטלעכקייט.

אַפילו די ליידנס־מאָטיוון און מאָטיוון פון גאולה, וואָס זיינען אייגנטימלעך אַמיינסטן אונדזער יידישער ליטעראַטור — זיינען אוני־ווערסאַל, אויב איר ווילט, צוליב דעם אַלגעמיינעם הומאַנעם ווייגעשריי און בענקשאַפט נאָך דערלייזונג, וואָס שרייען אַרויס פון אַט די מאָטיוון. לייוויקס גולם, כאָטש אַ מיטאָלאָגיש־יידישע געשטאַלט, איז אוניווער־סאַל מיט דעם, וואָס עס גיט איבער די טאַמלעניש נאָך דערלייזונג בכלל. און אויך די מרידה פונעם מהר״ל קעגן גאָט ברוך־הוא באַשטייט אין דעם, וואָס דעם מענטשן ווערט נימאס צו וואַרטן אויף אויבער־מענטשלעכע דערלייזער, — און ער פאַרמעסט זיך מיט דעם רבונו של עולם אַליין אין באַשאַף: — צו אויסקנעטן פון ליים אַן אייגענעם נקמה־נעמער און פיזישן אויסלייזער פון יידיש בלוט. עס איז באו מיים עד נפש; נישטאָ ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר באַליידיקטע יידישע לעבנס, ווער עס זאָל באַצאָלן אַ צאָן פאַר אַ צאָן, — דערטראַכט זיך דער פּראַגער זקן צו באַשאַפן אַ מענטש בצלם־מענטש, ער זאָל מיט פיזישער גבורה אויסקויפן דאָס בלוט פון געפּייניקטן פאָלק; דאָס איז אַן אוניווערסאַלע אידייע.

די וואַנדלענישן פון באַריישאָס גייער זיינען נישט נאָר דווקא יידי־שע וואַנדלענישן, אויך די זוכענישן פון אַ גאַנצן דור נישט יידישע מענטשן, וואָס האָבן געזוכט דעם וועג צו גאָט און צו מענטש. דער אנהאַלט איז אַ יידישער, דער אינהאַלט — אַן אוניווערסאַלער; דער אופן פון טראַכטן און נאָכטראַכטן אין די וועגן פון דער השגחה; אין דעם פאַר־שטיין סאָציאַלן יושר און צדק איז אַ יידישער ביי מנחמן, אָבער די אי־דייע — אַן אוניווערסאַלע.

פּרצעס שלמה איז אַ מין איבסענשער בראַנד; נישט מער ער איז אָנגעטאָן אין יידישן לבוש. דאָס איז דער יחיד, וואָס וויל מיטן כח פון זיין אידעאַליזם ברענגען די גאולה. ער וויל דוחק־הקץ זיין — און נאָר דערפאַר ווייל אַלץ איז אויסגאַנגסלאָז; ער פּרוווט זיך שלמה ווי בראַנד ביי איבסענען מיט זיין גייסטיקן כח און אַוטאָריטעט ברענ־גען וועלכע ס'איז פאַרלייכטערונג פאַר זיינע מיטמענטשן; ביי שלמהן איז עס דער ייד, ביי בראַנדן — דער נאָרוועגער — אין סך הכל איז דאָס דער מענטש.

אין דעם פּעריאָד פון כאַאָס און זוכעניש נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די ליטעראַטור געזוכט אַפילו אויסדרוק נייעם, נישט נאָר נייע אידייען און דאָס איז געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג נישט דווקא

אַ יידישע. עס איז געווען אַ פרשת־דרכים נישט נאָר אַ ליטעראַרישער, נאָר אויך אַ אידייאישער. יעסענין און מאיאקאָווסקי, פּאַסטערנאַק און בלאָק האָבן געזוכט פאָרם און נייעם וואָרט פאַר דער נייער טאָט און רויער וואָר, פּונקט ווי עס האָבן באַגלייך מיט זיי געזוכט נייע אימאַזשן און אויסדרוק־מיטלען דוד האָפשטיין, פּרץ מאַרקיש, עזרא פינינבערג און ל. קוויטקאָ אין רוסלאַנד; מלך ראַוויטש, אורי צבי גרינבערג און ישראל שטערן, צי אהרן צייטלין און משה קולבאק אין פּוילן, אָדער ליטע. ה. לייוויק, א. לעיעלעס, יעקב גלאַטשטיין און מנחם באָריישא, משה לייב און מאַני לייב אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, צי ערגעץ־וואו אויף־גייענדיקע נייע דיכטער פון די אַמעריקעס, אָדער אין די אַנדערע לענ־דער פון מזרח אייראָפּע, אָדער אויף די באַלקאַנען, האָבן געזוכט נייע אויסדרוק־מיטלען און פאָרמען. די דייטשע ליטעראַטור האָט דעמלט געזוכט; די איטאַליענישע און די פראַנצויזישע און די אַמעריקאַנישע — און וועלכע ניט? — עס איז געווען אָבער אַ שווערע אויפגאַבע פון דעם כאַאָס פורעמען פאַרענדיקטע קינסטלערישע ווערק. און געווען איז עס אַ ליטעראַטור פון הימנען, אַ ליטעראַטור פון לויב־געזאַנגען צו דער נייער צייט. אין סאַמע ברען פון שטורמישע געשעענישן אויף דער וועלט, האָבן זיך אויסגעאַרבעט צוויי סאָרטן צוגאַנגען צו דער אויפ־גערוישטערווירקלעכקייט. די קינסטלער וואָס האָבן אַליין אַריבערגע־טראָגען די רעוואָלוציעס און מלחמה־יאָרן אין אייראָפּע, האָבן גע־שטורעמט די נאָך־וואו איבערגעבליבענע ווענט פון דער אַלטע וועלט; מע האָט זיך אַזויפיל אַריינגעטאָן אין שטורעמדיקן ליד, אַז מע האָט פאַר־געסן אין אַלץ מיט אַן אַנדער, פּונקט ווי מע וואָלט טאַקע דורך ליד און לייד אַליין נאָר געקענט ברענגען די פולע דערלייזונג פון מענטש.

דערציילט אַלעקסאַנדער בלאָק אין זיינע פאַרצייכענונגען פון די יאָרן 1920-1919, ווי אַ יונגערמאַן איז צו אים איין מאָל פלוצים צוגע־קומען און גענומען רעציטירן לידער פון זיינע קאָנטעמפּאָראַרן. — דאָס זיינען געווען לידער פול מיט איכישער בענקשאַפט נאָך אַ וועלט וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אויף נישט קומען מער צוריק.

אַ שטאַרקער ווינט האָט געבלאָזן, דער פראָסט האָט געברענט, דערציילט בלאָק, קיין איינציקער פאָנאַר איז נישט געווען אויף דער גאַס. בלאָק האָט פאַרשנעלערט זיין טראָט און דער יונגטלעכער האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו דעקלאַמירן זיינע לידער.

— איז מעגלעך, דערציילט בלאָק, האָט ער געפרעגט דעם יונגט־לעכן, אַז אייך אינטערעסירט מער גאָרנישט ווי לידער?

— גאָרנישט מער, האָט דער יונגטלעכער געענטפערט, און צוגע־געבן: "איך האָב היינט נישט וואו איבערצונעכטיקן אַ נאַכט".

— ער האָט צום ערשטן מאָל געזאָגט "איך" אנשטאָט "מיר" דער יונגטלעכער, באַמערקט בלאָק און ער האָט זיך דערמאָנט, דערציילט ער, אַז ער האָט אין דער היים אַ גרויסן פאַל אַ וואָרעם אויוועלע אין זיין

צימער. נאָר ער האָט נישט געפילט אים איינצולאַדן, אַז דעם יוגנט־לעכן, ער זאָל איבערשלאָפן מיט אים אַ נאַכט.

—איך האָב נאָכדעם אוודאי חרטה געהאַט, אָבער שטעלט אייך פאָר, זאָגט בלאָק, איך האָב געהאַט אויף מאָרגן אַזויפיל צו טאָן, אַזוי־פיל באַשעפטיקונגען, אַזויפיל נייע אידייען, אַז עס האָט מיך פראָסט־פּשוט געשראָקן אַריינצוקוקן טיפער אין דעם שמאָלן און שרעקלעכן ברונעם פון דעם יוגנטלעכנס דענדיזם. דער יוגנטלעכער, גיט איבער בלאָק, האָט אָבער זייער שנעל רעאַגירט אויף דעם דיכטערס נישט אַנטשלאָסנ־קייט און האָט אויסגערופן:

— איר זיינט שולדיק פאַרוואָס מיר זיינען אַזוי.

— ווער מיר? — האָט בלאָק געפרעגט.

— איר, די מאָדערנע פּאָעטן, איר האָט אונדז פאַרסמט, מיר האָבן ביי אייך ברויט געבעטן, און איר האָט אונדז געגעבן שטיינער.

מער האָט ער שוין נישט געקאָנט זיך פאַרטיידיקן, פאַרענדיקט בלאָק זיין טרויעריקן דיאַלאָג צווישן אים און דעם יוגנטלעכן. "מיר האָבן זיך געשיידט אַזוי פרעמד ווי מיר האָבן זיך באַגעגנט".

אַלעקסאַנדער בלאָק האָט זיך שוין דעמלט געהאַט אַ קער געטאָן צום לעבן, אַקצעפּטירט די רעוואָלוציע און געזען אין איר די סימ־באָלן, וואָס זיינען געווען נאָענט צו זיין גאָט־זוכערישן געמיט. ער האָט געזען די אַרמעייר אין געשטאַלט פון די צוועלף אַפּאָסטאָלן און אַז פון פאָרנט גייט די דערלייזונג פון מענטש און וועלט, — די רעוואָלוציע, אין געשטאַלט פון יעזוס־קריסט.

אים האָט געשראָקן דער איבערגעשפּיצטער אינדיווידואַליזם, די אין זיך אַנטלויפנדיקע פּערזענלעכקייט; אים האָט דעם יוגנטלעכנס צע־בראָכנקייט געשראָקן.

"ברומט אַזוי אָן אויפהער און בייז און עס קראַכט
הינטער פענצטער דער שטורעם. —
גייען פאַראויס אַלץ די כמאַרעס אין נאַכט
און ווייטאָקלעך וואָיעט דער ווינט אין מיין טורעם".

(איבערזעצט י. ג.)

ביי אים אין טורעם איז וואַרעם, עס ברענט דער קאַמין, ווי עס פלעגן עס ליב האָבן צו שילדערן די "יונגע" אין אַמעריקע. און ווי גוט איז אים געווען, דעם דינעם און בלאַסן זינגער, איבערצוחזרן איין מאָל און נאָך אַמאָל, זיך וויגנדיק אויף דעם טשעסלאָן:

"מיין קעניגרייך איז נישט פון דיזער וועלט".

אין זיין עסיי וועגן זישאַ לאַנדוי, ברענגט א. טאַבאַטשניק ווי אַ גוואַלטיקע מעלה לאַנדויס פאַרוואָס אים איז נישט אָנגעגאַנגען די

מלחמה, ווי דאָס מלחמה־ליד. אויב לאַנדויס אויפגאַבע איז טאַקע געווען נאָר אַריינצוברענגען אין צאָרן די פּאַציפיסטן מיט זיין "בלוט־דורשטיקן מיליטאַריזם", ווי טאַבאַטשניק איראָניזירט, איז ער געווען אין זיין אמפּלוא, בפרט נאָך, אַז ער האָט געהאַט אַזאַ גוואַלדאָוונע אויפגאַבע דאַמאָלסט — אַריינצוברענגען אין דער יידישער פּאָעזיע "די טראַדיציע פון מאַן פון ליד", — דעם טרובאַדור. די דאָזיקע טרובאַדורישקייט זאָל האָבן געווען דעמלט די בענקשאַפט ביי אַ צאָל דיכטער פון אַמעריקע און אייראָפּע, אַריינגערעכנט אפילו רוסלאַנד; — דאָס ליד "וואָס בלענדט און שאַלט מיט דעם רומפּולן פּאָעטישן קריגער־האָרן". ער פאַררופט זיך דאָ טאַבאַטשניק אויף בלאָקס באַרימט ליד: "מיט רום פון קריג האָט דער האָרן זיך צעזונגען". און ער פאַרגעסט בשעת־מעשה, אַז ביי בלאָקן, צי ביי גומיליאָוון זיינען חוץ דער דאָזיקער אויפגאַבע, (אויב זיי האָבן בכלל געהאַט בדעה צו שלעפּן פאַר די אויערן דעם פאַרגעסענעם טרובאַדור אין דער פילקלאַנגיקער רוסישער פּאָעזיע) אויך געווען אַנדערע, מער וויכטיקע; עס זיינען געווען ביי זיי פּאַטריאָטישע געפילן אין שייכות צו זייער פאָטערלאַנד, אָדער ווי מע וואָלט עס היינט אָנגערופן, אין סטיל פון צווייטן וועלט־קריג, פאָטערלענדישער מלחמה; און חוץ לזה האָט מען שוין ביי די סאַמע אינטעליגענטסטע שאַרף־יחידישע פּאָעטן רוסישע געקענט מערקן אַ בולטע דערנענטערונג צום נייעם אויפגייענדיקן לעבן. אַזאַ שפּילעוודיקע זאָרגלאָזיקייט אָבער ביי אַ יידישן דיכטער, ווי קלוג און ראַפינירט ער זאָל נישט האָבן געווען אויף אַלע מעגלעכע פּאָעטישע זשאָנגלירונגען אַזאַ עקסטעמפּאָראַלע באַציאונג צו זיין וואָרט־שליחות, אין אַ צייט פון אַזויפיל יוירונגען, איז עס שוין געווען אַביסל צופיל.

נאָר צו וואָס דווקא לאַנדוי, ווען די גאַנצע גרופּע פון יונג־אַמעריקע איז געווען לגמרי סאָציאַל אינדיפערענט און געזוכט מיט אַלע מיטלען זיך אויסטאָן פון דערווירקלעכקייט.

"מיר האָבן מער פון אַלץ נישט געוואָלט, שרייבט ראובן אייזלאַנד אין זיינע זכרונות ("טאָג" פון 30טן אַפּריל, 1939), אַז דאָס ליד זאָל לעבן אין זכות פון וועלכער עס איז זייטיקער אידייע און זייטיקן אידעאַל, נאָר אין זיין אייגענעם זכות"; אין זכות פון וואָרט גופא, הייסט עס, האָט געדאַרפט לעבן דאָס ליד.

"די פאַרשטייער פון די יונגע, באַמערקט פרץ הירשביין אין זיינע זכרונות, זיינע געווען אַלע יונג אין יאָרן, און מער פון אַלץ יונג מיט זייער שטרעבן צו פאַרשענערן די אויסערלעכע פאָרמע פון דער יידישער ליטעראַטור".

לייקענען מיר נישט די דאָזיקע פאַרדינסטן זייערע; זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער יידישער פּאָעזיע פון יענער צייט, — וואָס האָט נאָך געגליווערט ערגעץ אין די אַלטעשטעטלעך, נישט נאָר טעמאַטיש, נאָר אויך פאָרמעל זיך נאָכגעשלעפּט פּרוגס נאָכלעסיקייטן און שלאַבערדיקייטן פון וואָרט, וועלטלעכקייט; פּאָעטישע פּרעציזקייט, ריטם און נייע

בילדלעכקייט, וואָס האָט געגעבן אַ שטויס דאָס יידישע פּאָעטישע לעק־סיק אויף דעקאַדן פּאַראויס. שאַפנדיק, אָבער, נייע פאָרמען, האָבן זיי פאַרגעסן אָן דער לעבעדיקער וועלט מיט אירע פיינען און טרויער, די יידיש־טראַגישע ראַנגלעענישן אין אָט דער וועלט, — און זיי האָבן אין זיך אויסגעאַרבעט אַזאַ מין סאָרט אימוניטעט קעגן די מחלות פון דער צייט; אין זייערע שיינע, באַהעמישע לידער, וואָס האָבן שוין געוואוסט דעם סוד־הצמצום פון פּאָעזיע, האָט געפעלט דער לעבנס־עליקסיר, וואָס האַלט אויף אַ געזונטע בלוט־צירקולאַציע. מיט די רוסישע סימבאָליסטן, למשל, איז אויך פאָרגעקומען אַן ענלעכע דערשיינונג. נעמט די רייך־גזעטק סימבאָליסטן פון אַ וויאַטשעסלאַוו איוואַנאָוו צי אַן אינאָקענטי אַנענסקי־שניט, דיכטער וואָס האָבן באַאיינפלוסט מיט זייערע פּאָעטישע אינאָוואַציעס באַדייטנדיקע פּאָעטן פון זייער דור, פונדעסטוועגן זייגען זיי פאַרבליבן קוריאָזע דערשיינונגען אין דער רוסישער ליטעראַטור; זייערע פאַרדינסטן זיינען באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן אָנגערעגט צו באַנייאונג און רעפאָרמען אין דער פּאָעטיק. אַ פּאָר נאָר פון אָט דער גרופּע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען, ווי עס האָט אויך פּאַסירט מיט אונדזערע אַמעריקאַנער יונגע, און דאָס זיינען געווען, ווערביגראַסיא, אַלעקסאַנדער בלאָק, וואַלערי בריוסאָוו, טיילווייז גומיליאָוו, אָרעשין און קליויאָוו, וואָס האָבן זיך געשטעלט נאָכדעם מיטן פּנים צום לעבן. די מערסטע אָבער פון די אַמעריקאַנער יידישע יונגע האָבן אין גיכן נאָך פאָרמען און כסדרדיקער ציעניש צו דער גרויסער פרעמדער וועלט פאַר־זען צוליב די בוימער דעם וואַלד. זיי האָבן פאַרזען דעם וואַלד, וואו עס האָבן, ווי פאַרוואונדעטע הערשן, זיך געטראַמפּלט אין דער פינצטער די יידישע וואַנדערער. און עס זיינען געווען דעמלט, דאַרף מען נישט פאַר־געסן, יאָרן פון גרויסע יידישע וואַנדערונגען צו די ברעגן פון אַמעריקע, פון וואַנען עס האָט אַזוי ליבלעך געשמייכלט צו די נע־ונדניקעס די יונגפרוי פון פרייהייט.

מאָריס ראָזנפעלד, אַ פּאָעט פון פריערדיקן דור, האָט אין פלאַם פון זיין פּראָלעטאַרישן כעסן זיך, דווקא יאָ געהאַט אַ וואָרט פאַר די מידע וואַנדערער אויפן ״בוזעם פון ים״ און ער האָט אויף זיין צעכוואַ־ליעטן שטייגער, אין אַ פּאַטעטישער שפּראַך, איבערגעגעבן דעם טרויער און בענקשאַפט פון די וואַגלענדיקע יידן, זוכנדיק אַ מקלט דורך די שטור־רעמס פון ימען, — און די שפּעטערדיקע פּאָעטן, וואָס האָבן שוין געהאַט אַזויפיל אָנגעוואָקסענעם לעבנס־מאַטעריאַל פאַר די אויגן, אין אָנגעזיכט פון אַ נייעם אויפגייענדיקן לעבן, האָבן קיין ווערטער נישט געהאַט פאַר דער נייער ענדערונג אין דער יידישער געשיכטע דורך דער מאַסן־אי־מיגראַציע פון יידן אין די אַמעריקעס. נאָר דאָ אויך ווי אומעטום גילטן נישט קיין גענעראַליזאַציעס; עס זיינען געווען גליקלעכערווייז אויס־נאַמען, וואָס האָבן נישט אַלעמאָל באַשטעטיקט דעם כלל.

מיר וועלן דאָ בלויז אין עטלעכע שטריכן, לשם אילוסטראַציע נאָר, אַ לויף טאָן איבער דעם אופן און מעטאָדיק פון אָט דער גרופּע יידישע

מאָדערניסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעקערט פון דעם אַרום און פאַרקראָכן אין די אייגענע דלד אמות צו שניצן שיינע וואָר־שניצערייען פון עלפנביין.

און אָט איז אַ כאַראַקטעריסטיש ליד דילאָנס, וואָס גיט איבער די שטימונג פון די מערסטע יונגע דעמלט:

״מיך כישופן די ווייטסטע שטערן,
כאָטש איך בין געבויגן צו דער ערד,
די ערד איז פול מיט אומגליקן און טרערן,
נישט איינמאָל האָט זי זיך אַליין צעשטערט.

נאָר עס ווייט אַזוי פיל פרייד פון יעדן פלאַנץ און בלימל,
און פון יעדן ווערימל, וואָס אָטעמט קוים,
עס איז ברייט די ערד, אומענדלעך איז דער הימל, —
נאָר איך בין אומענדלעכער מיט מיין וואונדער מיט מיין טרוים״.

דער צאַרטער, וואוילקלינגענדיקער טאָן אין דעם ליד, איז געווען טאַקע דעמלט אַ נייעס אין דער יידישער פּאָעזיע, און ער האָט דערמאָנט אָן דעם געטאָקטן און געשליפענעם פערז פון די רוסישע און דייטשישע ליריקער, נאָר אַלס הינטערגרונט צו דעם דאָזיקן ליד, האָט זיך געבעטן ממש איגאָר סעווועריאַנינס צוועלף־גאָרנדיקער שלאָס מיט אַ פּרינצעסין אויף יעדן גאָרן. מיטן אונטערשייד וואָס סעווועריאַנינס דעקאַדענץ־שטימונג איז געקומען פון דער זאַטער, מיט פולער רייפקייט אָנגעגאָסענער רוסישער פּאָעזיע, און ביי אונדז איז עס געווען, ציגנ דער מאָדע, מאַניעריזם. אין דעם דאָזיקן ליד פון אברהם משה דילאָן זעען מיר ווי די פּאָעטן פון דער גרופּע האָבן אינגאַנצן נישט אויפגענומען די ערד מיט אירע אומגליקן און טרערן, די וועלט מיט אירע צרות און פּיין, און אַזוי לאַנג זיך איינגעלעבט אין זייערע פּערזענלעכע שטימונגען ביז זיי האָבן זיך פולשטענדיק אָפּגעטרייסלט פון דערווירקלעכקייט, אַוועקלאָזנדיק זיך אין אַ חלום־עקיפּאַזש פּאַזע ברייטן וועג פון מיט לעבן ווימלענדיקן לעבן. אין זייער יחידישקייט, אין זייער איך־שפּליטער, אין זייער אָפּגעזונדערטער זייטיקייט פון דעם לעבנס־רויש, איז זיי שווער געווען פּשוט נאָכצוגיין, ווי אייבער וואָס איז געוואוינט זיך צו לעבןביים ים־פלאַך און אים קומט פלוצלינג אויס צו בייטן די וואוינונג אויף באַרג־געגנטן, וואו די לופט איז שיטערער און עס איז שווער צו אָטעמען. דער הויכער בלוט־דרוק פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע אין די יאָרן פון ״שטורם און דראַנג״ אין אייראָפּע, האָט גורם געווען, אַז אייד ער אונדזער יידישע דיכטונג זאָל באַווייזן נאָך רייף ווערן, ערשט ווערן בר־מצווה, זאָל זי שוין אַריינפאַלן אין דעקאַדענץ, וואָס דאָס האָט בשום אופן נישט געקאָנט און נישט געטאָרט נאַטירלעכערווייז געשען; אַ ביישפּיל וואָלט מען געקענט ברענגען פון דער יידישער פּראָזע גופא, וואָס איז געגאַנגען איר בהדרגהדיקן גאַנג־אַרויף. די יידישע פּאָעזיע,

וואָס האָט שוין געהאַט איינגענומען די וועלט־ליטעראַטור פֿאָרמעל, איז נאָך אינהאַלטלעך און אידייאיש געווען פֿאַרשטעקט צווישן די סאַמע דעקאַדענטע ריכטונגען פֿון דער וועלט־פּאָעזיע, וואָס האָט גראַד דורכגעלעבט אַ קריזיס, מחמת איבער עשירות און יאָרן־זאַטקייט פֿון פֿאָרמען און פּאָעטישער "טשוואַנסטווע". האָט עס געמוזט פּלאַצן! די וואַקסענע פֿליגעלעך, וואָס ס'האָבן זיך צוגעקלעפּט טייל פֿון די דיכטער פֿון דער־אַ גרופּע, און האָבן זיך אַוועקגעלאָזט מיט זיי אין די אויסגעחלומטע הויכן, האָבן געמוזט ביים ערשטן זון־באַריר צעגיין, און זיי האָבן פּלוצים דערשפּירט, אַז זיי האָבן אַפֿילו נישט קיין פּאַראַשוט, זיך אַראָפּצולאָזן אויף דער בלאָטיקער און בלוטיקער ערד. און ווען די־אָ פּאָעטן, שוין צוגעוואוינטע צו אַן אירדעאַלער דיעטע, פֿלעגן זיך פֿון צייט צו צייט יאָ אַמאָל נעמען צו אַ צייט־טעמע, פֿלעגן זיי זי שוין נישט קענען פֿאַרדייען.

זיי זיינען געווען אין דער בחינה פֿון נישט דערפֿאַרענע און נישט דערפֿאָרענע דעקאַדענטן גאָר נישט קיין יידישע, אָט ווי עס פֿירן זיך היינט, לאָמיר זאָגן, אין געוויינלעכן לעבן, די "נאָוואָ־רישעס", די אויפֿגעקומענע מלחמה־גבירים, באַנוצנדיק זיך מיט זילבערן געשיר צו עסן הערינג מיט קאַרטאָפֿל אין די פּעלצלעך. און האָבן זיי זיך צוגעריירט צו אַ ספּעציפֿישער יידישער טעמע איז עס געווען, אין בעסטן פֿאַל, אַן אויסגעליענער אויף פּראָקאַט יידישלעכער רעקוויזיט צו באַקליידן זייער אַ יידישן פֿאַרשוין. און "אַז מע טוט אָן אַ געבלימעלטן שאַלטוך אַ קורטיזאַנקע ווערט זי נאָך נישט אַ שרה־בת־טובים", זאָגט־וואו י. אָפּאַטאָשו וועגן זישאַ לאַנדוין. און ווען "מע שרייבט, אַ שטייגער, אַ ליד וועגן ישראל בעל שם טוב, פּאָלעמיזירט ש. ניגער מיט ראובן אייזלאַנדן, מוז אין תוך פֿון ליד זיין עפּעס וואָס איז שייך צום בעש"ט אין זיין גלייכן". נישט אין לבוש גייט עס אייגנטלעך, נאָר אין תוכן.

דער נאַציאָנאַלער יידישער נוסח אויף וויפֿל ער איז שוין דאָ ווי אַן אָפּגעשלאָסענע זאַך, איז מכמה יאָרן געווען מער אין דער אידייע ווי אין דער פֿאָרם. און דינען צוויי געטער מיט איין מאָל איז אוממעגלעך. וויל מען דינען דער גראַציעזער קונסט־געטין, דאַרף מען זיך אָפּגעבן מיט איר אינגאַנצן, זיך בוקן פֿאַר איר, זי ליב האָבן; וויל מען דינען דער אידיי, איר לעבנסזין, איר לעבנסטראַגיק אַרויסברענגען דורך דעם פּאָעטישן וואָרט, מוז מען זייער אָפּט פֿאַרבויגן אויף דער ציטערדיקער צאַרטקייט, אויף די עקזאַלטירטע געפֿילן צו דער שענהייט, דער גראַציעזער געטין פֿון דער קונסט — און אַראָפּנידערן פֿון באַרג אָלימפּ אויף דר'ערד; קיין אַנדער ברירה איז נישטאָ. און ווי די יידישע פּאָעטן איבערהויפּט זאָלן זיך נישט וועלן פֿאַרפּאַנצערן פֿון דערווירקלעכקייט, פֿאַרבאַהאַלטן זיך אַפֿילו אונטער אַ טשערעפּאַכע־שאָלעכץ, זיך לאָזן איינשפּריצן די גרעסטע דאָזעס פֿון אימוניטעט צו קענעןביישטיין דעם נסיון פֿון דער ביטערער, מיט ריטער שניידנדיקער וואָר, — וועט עס זיי נישט העלפֿן. די יידישע גורלדיקייט צו זיין תמיד דער געלאַסטערטער וועג פֿאַר דער ראָד פֿון דער געשיכטע, — וועט דעם יידישן קינסטלער סיוּוי

נאָכגיין אין אַלע זיינע באַהעלטענישן און ווינקעלעך פון לעבן און וועט פון איר גאַליקן כוס אים געבן טראָפּנווייז צו טרינקען צער און פּיין ביזקל עס וועט אים שוין פאַרביטערן דעם טעם פון שיינקייט לשם שיינקייט.

און דער געדאַנק פון פערזענלעכער פאַרלוירנקייט, וועט דורך דעם אפשר פאַרט קריגן אַ תיקון אין דעם סאָציאַלן אַרום, וואָס מוז געבן דעם קינסטלער אין דער זעלבער מאָס ווי זיינע אייגענע, יחידישע אי־בערלעבונגען. און כאָטש דער כאַראַקטעריסטישער דיכטער פון דער קונסט לשם קונסט פאַעזיע פון די אַמעריקאַנער יונגע, זישא לאַנדוי, האָט געוואָלט זיך און יענעם איינריידן, אַז דאָס איינציקע וואָס ער ווייסט, איז — אַז ער איז אַ פאַרפאַלענער אויף אייביק, — האָט ער פונ־דעסטוועגן אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן זיך גענומען צו זינגען וועגן „אונדזער באַלאָדענער שווער־אָטעמדיקער ערד מיט האַס און ליבע” און האָט ענדלעך זיך דערטראַכט צו דעם, אַז אַזוי „ווי דער ים, אַזוי האָט אויך די ערד אַ אָפּפלוס און אַ צופלוס”. און אַזוי איז אויך אין דער קונסט.

אויך די יונגע אין אַמעריקע און זייערע בני־הדור די אינזיכיסטן (איך ווייס ניט ווי זיי אָנצורופן: ווייטער־גייער צי מיטגייער) האָבן נישט געקאָנט מער שטילן זייער סאָציאַלן אומרו נאָר מיט פורעמען די פּאָעטישע פאָרמע, ווי אינטערעסאַנט און נוצלעך עס זאָלן האָבן געווען די דאָזיקע עובדא זייערע, פאַר דער יידישער ליטעראַטור, — זיי האָבן זיך פאַמעלעכל דערנענטערט צו די נייע לידער פון דער נייער צייט. זיי האָבן לאַנגזאַם אַראָפּגענידערט פון די בערג אָלימפּ און פאַרנאַס און געביטן דעם מאַרשרוט צום העכסטן באַרג פון דער וועלט — צום סני פון יידישע ליידן.

ד.

## באַהעפטונג צו באָדן און וואָרצל־זוכענישן

די אַמעריקאַנער יידישע פּאָעטן האָבן דעוויל זיך גענומען צו אַקלי־מאַטיזירן אין דער נייער וועלט, נישט אָן בענקשאַפט צו דער אַלטער היים, פאַרשטענדלעך, און מע האָט אַ קער געטאָן די אויגן צום אייגע־נעם גורל אויף דער נייער ערד, מאַכנדיק פּרואוון די דאָזיקע נייע גורל־דיקייט צום באַזינגען; אין דעם פּרט האָט די פּאָעזיע געהאַט ווייניקער מזל ווי די פּראָזע, לאָמיר זאָגן די דערציילונגען פון אַ קאָברין, ראַבאָי און שפּעטער אָפּאַטאָשו. אָבער אויך די פּאָעזיע האָט אויסער היים־ווי געוואָלט אַריינגעמען אין דעם פּאָעטישן אינווענטאַר די נייע פאַרוואַנד־לונגען פון דעם יידישן אימיגראַנט אין דער פרייער אַמעריקע:

י. י. שוואַרץ, צום ביישפּיל, נעמט זיך מיושבדיק און רואיק, מיט אַ גרויסער פאַרוואַנדשאַפט צו די קלאַסיקער, איבערצוגעבן אין אַן אפּאָ־פּייע דעם יידישן ווילן זיך איינצוואָרצלען אין לאַנד פון גרויסע מעג־לעכקייטן, און ער האָט געשאַפן זיין הערויִשע פּאָעמע „קענטאָקי”.

משה לייב האַלפּערן האָט זיך אינמיטנדערינען צעכליפּעט מענע־ריש אויף דער פרעמדקייט פון סביבה, וואָס די יידישע אימיגראַנטן האָבן געפונען אין דער רייכער אַמעריקע, און ער האָט אַנגעשריבן זיין פּאָעמע ״אין דער פרעמד״, ווי ער וואָלט וועלן ממשיך זיין דעם צאָרנדיקן פּאַטאָס פון זיין פאָרגייער מאָריס ראָזענפעלד.

״פּאַרטרייבט מען אַ מענטש אין די יאָרן פון היימלאַנד,
ווערט איבערגעריסן זיין לעבן אויף צוויי:
איין העלפט גייט אַרום אין דער פרעמד, און די צווייטע
בענקט שטענדיק אַהיים, און גאָר טיף איז איר וויי.
(משה לייב האלפערין)

משה נאַדיר, דער לאַנדסמאַן האַלפּערינס, האָט די דעמלסטיקע אַמעריקע דערזען גאָר אין די שפּיגלען פון סאַטירע און הומאָר, און ער האָט דעם שגעונדיקן געיעג פון די אָקאָרשט־איינגעוואַנדערטע יידישע מאַסן, מיט אַלע זייערע טראַגי־קאָמיזמען, דורכגעלאָזן דורך אַ חוזק־שמייכלע, קלאַפּנדיק, ווי זיין אומרואיקער ברודער האלפערן, אין דער פּויק ביז זי וועט פּלאַצן.

דורך דעם האָט אי האַלפּערן אי משה נאַדיר געפונען פאַר זיך אַליין אַן אַנטרינונגס־רער פאַר דעם צאָרן, וואָס האָט זיך געזאַמלט אין זיי צום אויפפּלאַצן — און זיי האָבן ביטער געלאַכט מיט יאַשטשערקעס.

ראובן אייזלאַנד האָט אין אייניקע לידער זיינע אַריינגענומען אין אַ בכיוונדיקער פּראָזע דאָס פּשוט־וואָכעדיקע פון דעם יידישן מענטשן אין זיין טאָג־טעגלעכער אויסקומעניש מיט זיינע גראָע זאָרגן, און עס איז געווען אין זיינע לידער קלאָרער געשליפענער אומעט.

זישא לאַנדוי נאָר און אברהם משה דילאָן האָבן נישט אויפגעהערט צו פאַרשפּיצן זייער וואָרט צו די סאַמע דינסטע ניואַנסן, וואָס דאָס איז געווען אַלץ אַ מער ווייטערערער שריט אין דעם פערז־בוי פון דער יידי־שער פּאָעטיק, קנאַפּ האָבנדיק אַ שייכות אָבער מיטן לעבעדיקן אַרום. און אָט ווי ער האָט דעמלט כאַראַקטעריזירט, לאַנדוי, זיין באַציאונג צום גאַנצן אמביענט אין אָט די שורות פון זיינעם אַ פּראַכטיקן ליד:

״איך בין אין גאַס געגאַנגען
און גאָרנישט ניט געזען,
ווי ס׳וואָלטן מיינע אויגן
גרויעס וואַנט געווען . . .״

דאָס איז געווען אַ טראַגישער גיין. טראַגיש דערפאַר, ווייל ער האָט אין ערגעץ נישט געפירט. און ווי ער האָט זיך נישט צוגערירט צו באָדן זישא לאַנדוי, איז ער פון אים אָפּגעשפּרונגען ווי אַ פּרוזשינע; ער האָט אין זיין איינזאַמקייט געצאַנקט אָן קיין שום איינשלוס מיט דער

רופנדיקער און רייפנדיקער וואַר, וואָס האָט אים סוף כּל סוף אַריינגע־שלעפּט אין איר כּישוף־קרייז, וואו ער האָט שוין נאָכדעם זיינע לעצט ביסל יאָרן זיך געגומען אַרויסדרייען, אָנכאַפּנדיק וואו פאַרט די זיך נאָכ־שלעפּנדיקע צויטן פון דער ווירקלעכקייט.

מאַני לייב, אַ צווייטער ליריקער, דער באַלמאַנט פון דער יידי־שער פּאָעזיע, מיט אַ מער מעלאַנכאָלישער שטים, האָט גישט אויפגעהערט צו טרינקען, אין דעם סאַמע טומל פון דער שטאָט ניו יאָרק, פון די קלאָרע און דורכזיכטיקע קוואַלן פון זיין אוקראַינער קינדהייט; שפּע־טער האָט ער זיך פאַרכלינעט מיטן סלאַווישן פאָלקלאָר; ער איז בכלל אַ פּראָדוקט פון דער רוסישער ליריק, אין טאָן, אין קלאַנג, אין דער עקזאַקטקייט פון זיין פּאָעטיש וואָרט און אין זיין צוגאַנג צו דער טעמע פון ליד.

זיין אַוועקגיין, אָבער, מאַני לייבס, צו דער קינדהייט איז געווען אַ דיכטערישער דראַנג צו עכטקייט; און וואָס קאָן זיין עכטער ווי די דורכ־געלעבטע און דורכגעלויטערטע קינדהייט! דער אייביקער קוואַל פון דיכטערישער אינספּיראַציע פון אַלע צייטן!

מיט אַן ענלעכן קול, אויף אַן אַנדער אינסטרומענט, אָט ווי מע שפּילט אַן אָוונט־ליד אויף אַ באַנדזשאָ, האָט זיך יחידותדיק געזונגען איינטאָניק וועגן היימישער דאָרפישקייט פון זיין אַמאָליקער היים — יוסף ראָלניק. פּונקט ווי ער וואָלט אין ראָש פון די ניו־יאָרקער אָוונטן נאָך אַלץ געזעסן ערגעץ־וואו אויפן גראָז פון זיין דאָרפישער לאָנקע, לעבן דעם שטיל זיך פּליעסקענדיקן טייכל, אונטערהערנדיק זיך אַזוי־מין־אידיליש דעם בנעימותדיקן, מאָנאָטאָנעם רויש פון זיין טאַטנס וואַ־סער־מיל. און ערגעץ וואו האָט נאָך די זון זיך געלאָשן, אָפּשלאָגנדיק אַ טרויעריקן שיין אויף זיין וועזן, אויף זיין געמיט, אויף זיין שטיל און עכטן ליד.

אין אַ וועלט פון לויטער חלומות, ווי אַ בלינדער פרילינג־פויגל זינגט אויסגעוויניק די דערוואַכונג פון דער נאַטור אַרום אים, שפּירנדיק אינסטינקטיוו זון־אויפגאַנג; שטיל אָבער אין־זיך קלאָגן אויף דעם, "וואָס די זון וועט שוין אַלעמאָל פאַרגיין", — האָט מאָדנע־אויסטער־ליש געכליפּעט אויפן קול — יצחק משה דילאָן. ער האָט אָבער געהאָט אין זיך יעדעס מאָל דאָס געפיל, ביי יעדן אָנגעהויבענעם קורץ אָטעמ־דיקן ליד זיינעם, ווי די וועלט וואָלט זיך אָקאָרשט אויסגעשיילט פון איר איי־שאָלעכץ — איטלעך מאָל מיט אַ באַזונדערער באַגייסטערונג.

מע וואָלט דאָ לגבי דעם סאָרט דיכטער יידישן געווען געדאַרפט אָנווענדן דעם פּסיכאָ־אַנאַליז; ווי אַזוי האָט דאָס געקענט גאָר פּאַסירן, אַז די מיט גוואַלט־שרייענדיקע וואָר, וואָס האָט זיך געטראָגן מיט סכנה־סיגנאַלן פון יענער זייט ים אויף אַהער אויף דער נאָך נישט אויפגעריר־טער העמיספּער, זאָל אַבסאָלוט נישט דערהערט ווערן? דער אמת, גלויב איך, איז דאָ אין דעם וואָס די דאָזיקע שיין־גייסט פּאָעטן האָבן זיך געטראָגן אויף זייערע פלום־עקיפּאַזשן פּאַזע די ברייטע וועגן פון לעבן

בכיוון — און זיי האָבן קונציק זייערע עכטע שפּירונגען פאַרשלייערט מיט שיין־שטראַלנדיקע ריידערייען. און ערגעץ האָט די ערד זיך גע־קרעמפּט און פאַנאַנדערגעעפנט דעם וויסטן בית־עלמינשן מויל פון יידישן אומגליק. און דעם דאָזיקן אומגליק יידישן האָבן נאָר די דיכ־טער פון יענער זייט געשפּירט און אַרויסגעכריפּעט, ווען זינגען איז גע־ווען אוממעגלעך; דאָס איז געווען די גרופּע יונגע דיכטער פון אייראָפּע:

די דאָזיקע גרופּע דיכטער האָט געפּראוווט נאָכגיין די שפּורן פון די ניי־אויפגעקומענע ריכטונגען פון דער נאָך מלחמהדיקער וועלט. נו, וואָס די נאָך מלחמה־וועלט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט, ווייסן מיר: כאַאָס — און מער גאָרנישט; אַ כאַאָס אָבער פון וועלכן עס האָט גע־דאַרפט אַרויסקומען אַ נייע וועלט; ווי איבער דעם בראשיתדיקן חושך, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבער דעם פּנים פון וואַסערן און יבשות באַלד נאָך גאָטס יצירה, האָט געמוזט זיך אויסשפּרייטן סוף כל סוף גאָטס ליכט.

און עס האָט געדויערט און געדויערט ביזקל אַ פּאַסיקל ליכט האָט זיך אָנגעהויבן צו בווייזן אין דעם חושך־מצרים פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה; עס איז געווען "דער סטיל פון בלוט" (איך וואָלט שווערן, אַז דעם דאָזיקן אויסדרוק האָב איך וואו באַגעגנט אין אַ ליד, מיר דוכט, ביי מאָטעס דייטשן), און דאָס איז די סאַמע ריכטיקסטע דעפיניציע פאַר דער דיכטונג פון יענער מבולבלער און בלוטיקער צייט. טראַכטן מיר זיך אָבער אַריין טיפער אין אָט דער תקופה פון אונדזער ליטעראַטור, איז זי אין לעצטן סך־הכל, — בפרט נאָך ווען מיר באַטראַכטן זי היינט, — געווען אַ שעפּערישע. און אַ שעפּערישע דערפאַר, מחמת קינסטלער האָבן געזוכט, עקספּערימענטירט און פּאַר אַזאַ פּאָעזיע ווי אונדזערע, וואָס איז ערשט אַרויס פון איר קינדער־עלטער, — איז עס געווען אַ גוואַל־טיקע מעלה.

"צום ערגסטן איז מיט דער קונסט, ווען ס'זיינען נישט פאַראַן קיין עקספּערימענטן, צי עס זיינען ראַדיקאַלע אָדער פון אַן אַנדער מין, מחמת דאַן סטאַגנירט זי", — האָט אַמאָל סטאַניסלאַווסקי געזאָגט טעאָדאָר דריי־זערן, ווען ער האָט באַזוכט סאָוועט־רוסלאַנד און געזוכט די דאָרטיקע קינסטלערישע דערגרייכונגען. — און דאָס איז געווען אין סאַמע צווייט פון די סאָוועטיש־קינסטלערישע דערגרייכונגען, נישט נאָר אין טעאַ־טער, נאָר אויך אין פּאָעזיע, אין דער מוזיק (נאָר נישט אין דער מאָלע־רייַ). און ריידנדיק וועגן סאָוועט־רוסלאַנד באַדאַרף מען אומבאַדינגט אונטערשטרייכן, אַז די יידישע פּאָעזיע אויך פון פּוילן און גאַליציע, און די טיילווייזע פּאָעטן פון די אַנדערע מזרח און מערב אייראָפּייאישע לענדער, האָבן זייער קאָמערטאָן אָנגעשטעלט אויף דער סאָוועטישער פּאָעזיע, וואָס איז געווען ניי אין איר פּאָעטישן אויסדרוק און ניי אין קאָנצעפּציע. — און היות די וועלט איז בכלל אָוועק לינקס, איז שוין אויך די דיכטערישע אָריענטאַציע געווען אַ לינקע און אַן אויפגעברויזט־רע־וואָלוציאָנער־הפקרדיקע.

די פּאָעטן האָבן געהאַלטן אין איין זוכן די פּאַסיקע ראָם אַריינצו־

פאַסן אין איר דעם נייעם געשוואָלענעם אינהאַלט, וואָס די רעוואָלוציע האָט מיט זיך געבראַכט. און עס האָט זיך געשאַפן אַ מין מורדים־שטי־מונג צום גאָרן אָרום, ווי מאַרקיש, איינער פון די סאַמע טאַלענטירסטע (נישט צו באַנוצן קיין שטאַרקערע סופּערלאַטיוון) פּאָעטן פון אָט דער תקופה, האָט זיך דעמלט אויסגעדריקט פּאָעטיש־צעכראַסטעט, ווי ער קען:

„איך וועל נישט קומען מער אַראָפּטרייבן די ציג פון זיידנס קבר!
וואָס קראַצט פון אומעט זיך די באָרד אָן זיין מצבה".

און ס'האָט קיינער מער נישט אויפגעוועקט „דעם האָנס פאַרשפּע־טיקטער געשריי", וואָרן אַ גאַנץ לאַנד האָט זיך דענסטמאָל געשלעפט אין פאַרלייזיקטע, ברודיקע טעפּלושקעס. עס איז געווען אַ מין טאַפּן אין דער פינצטער אין דעם וואָגן פון דער רעוואָלוציע.

מע האָט שוין באַשיינפּערלעך געשפּירט דאָס נייע, דאָס אָנקומענ־דיקע, אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי דיכטערישע „אָנטאַפּונג", אָנונג; די אָנונג אָבער איז געווען אוממעגלעך איבערצוגעבן אין אַ קינסטלערישן לשון, מע האָט געזוכט די צוגעפּאַסטע פאָרמע און ס'האָט געפעלט דער פורעם דערצו. דאָס זיינען געווען די פּאָעטן שליחי־ציבור פון אַ דור, וואָס איז אַרומגעגאַנגען ווי די נישט דערקוילעטע קאַטשקע אין פּרץ הירשביינס זכרונות: וואָס די קאַטשקע האָט נישט אַריינגענו־מען אין מויל, נעבעך, איז עס איר אויסגערונען פון איר נישט דערקוי־לעטן האַלדז. עפּעס ענלעכעס איז געווען מיט אָט דעם נישט דערקוי־לעטן דור פון נאָך דעם ערשטן וועלט־קריג, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אין אַן עולם־התוהו, ווייל ווער ס'איז ניצול געוואָרן פון טויט, איז אָבער נישט ניצול געוואָרן פון דעם שרעק, וואָס דער טויט ברענגט מיט זיך, מע האָט זיך עפּעס ווי געשראָקן פאַר דעם אייגענעם שאָטן.

„עס קוקן נאָך קרעטשמעלעך און בערגעלעך פון קברים,
זיי מאָנען קיינעם גאָרנישט, — נאָר טעג באַגלייטן עלנטע . . ."
(פּרץ מאַרקיש).

אָט דאָס איז געווען די ריכטיקע שטימונג! — און דער זעלבער צעיאַכמערטער און זיך הפקרדיק־יאָגנדיקער מאַרקיש מיט אַ פולן מויל רייד, האָט פונדעסטוועגן מיט זיך אויך געטראָגן דאָס אָפּגעזעצטע טרויער פון דעם דור, וואָס האָט זיך געטראָגן ווילד דורך „ביינאַכטיקע בייזוואונ־דערס" צו דעם „אויפגייענדיקן וועקנדיקן איינס" פון אַ נייער צייט.

און צי איז דער איינס געווען דער מאָניסטישער אחד און צי איז ער געווען דער ערשטער ציפער פון אַ נייער ערע, — דאָס האָט מען נישט געוואוסט; מע איז אָבער אינסטינקטיוו געלאָפן צו אים; געגאַנגען פאַ־וואָליע איז קיינער נישט. — און טאָמער איז ווער געגאַנגען, איז מיטן קאָפּ אַראָפּ; געדענקט איר מאַרק שאַגאַלס יידן פון אָט דער עפּאָכע?

שוין נישט איבער דעכער, נאָר מיטן קאָפּ אַראָפּ גייען זיי די יידן זיינע איצטער; און איבערגעבנדיק דעם צער דעם יידישן, לייגט ער אַוועק אַ יידן פּאַפּעראַק, שאַגאַל, אין אַ צלם מיט אַ מצבה, וואָס אומעטיקט מיט איר נאַקעטן מגן־דוד צו די ליידיקע הימלען; אַנטקעגנאיבערדיקער יידישער דאַך פון אַ חורבן הויז שרייט אַרונטער מיט צעפּאַלונג — און אַ קינד שפּילט זיך אויף זיין ראַנד, ווייל וואָס ווייסט אַ קינד, עס שפּילט זיך . . . עס איז געווען וואָס אומפאַרשטענדלעכעס אין אָט דער צייט און אין איר פּאָעזיע; פון איין זייט די רעוואָלוציע מיט אירע גרויסע האָפענונגען און נייע פּערספּעקטיוון, און פון דער צווייטער זייט דער גרויסער גייסטיקער אומרו, די פאַרגעפילן פון שרעק און די ווייטע פאַרנעפּלטע הימלען, ווי אַ וואָלקן־אויפברוך. וואָס די יידישע פּאָעטן פון אַמעריקע האָבן געזען "מיט זייער פאַרשטאַנד" פון דער ווייטער צייט, האָבן די ברידער זייערע (מעבר לים) שוין פאַרשטאַנען לאַנג אין דער "פריערדיקער צייט" און —

"דעריבער קוקן מיינע ברידערס אויגן
מיט איינגעהאַלטענעם און קאַלטן קוק,
און זיי נעמען אָן באהבה — פאַלן, זיך אַנידערלייגן
וואו עס מאַכט זיך: אין דער טיף פון וואַלד, צי אויפן שטיין
פון ברוק".

אַזוי האָט דעמלט ליוויק אויפגענומען "יענע זייט" מיט פאַרשטאַנד און דמיון כוח, און ער האָט געקאָנט לכן זינגען געלייטערט, קאַלט און מעדיטאַטיוו; אָבער — דאָרטן גופא האָבן די יידישע פּאָעטן אויסער חורבן גאַרנישט געזען, האָט זיך דער חורבן באַזעצט אין דער נשמה, און געבוירן — שגעון. און אויך דערפאַר איז דער וועג פון די פּאָעטן פון דעם דור געווען אַ ריכטונגסלאָזער; די פּאָעטישע לעקסיק — אַן אומקלאָרע; דער אָטעם — אַ הייסער, ווי אַנגעגאָסן מיט פייער, און דער טאָן: אַ הפקרדיקער.

להיפוך צו די "יונגע" אין אַמעריקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעשלאָסן אין צו להכעיס־טורעמלעך און אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַרונע צו דעם אַנקומענדיקן אָוונט, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך אומעט און מעלאַנכאָליע, — האָט דער אייראָפּייאיש־יידישער יונגער פּאָעט זיך געלאָזט אויף ריזיקאַלישע נסיעות. עס זיינען געווען אויפגעהיצטע בלוטן אויפגעהייצט אין די קאַלכאויוונס פון דער זיך איבערברענענדיקער און איבערגלייענדיקער געשיכטלעכער אַטמאָספער. און אַז עס האָבן "די גלעקער געקלונגען, זיינען אַרויס די בראַנזענע יונגע" (קולבאק), וואוילע יונגעריש זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען, מיט אַ פייפל אין מויל, צו באַגעגענען די "נייע צייט".

דאָס איז געווען די "פריילעך־צעזונגענע כאַליאַסטרע", וואָס איז געגאַנגען "אין אומבאַוואוסטן וועג, אין טיפע מרה־שחורהדיקע וועגן", אין

נעכט פון שרעק, — "פער אספערא אד אסטרא" (מ. בראָדערזאָן).

". . . און אַז ס'איז אַ מבול אין קאָפּ און ס'איז שקיעה אין בלוט"; און אַז "די פינצטערע ערד איז אַ בלינדער פּלאַנעט", און "אַז ווי איז צו איר, וואָס זי ליגט אַזוי שוואַרץ אונטער הייזער און פיס", — האָט זיך אימאזשיניסטיש-עקספּרעסיוו אויסגעטענהט מיט זיין מאַמען, אורי צבי גרינבערג; דער דעמלטיקער יידישער פּאָעט, וואָס האָט שפּעטער געזונגען אויפן באָדן פון זיין אייגענער מאַמע-ערד, אַז משיח הענגט אין מיטן דער וועלט ("משיח תלוי באמצע העולם"); שוין אין העברעאיש, אָפּלאַכנדיק פון זיין שוין צעבראָכענעם יידישן אינסטרומענט, וואָס אויף אים האָט ער אַרויסגעזונגען זיינע שענסטע מאָטיוון פון "פאַרנאַכטגאָלד", און אויך דאָס דאַרף מען צושרייבן צו דער מבולבלדיקייט און וואָלוול-דיקייט פון דער "נייער" צייט.

פּרץ מאַרקיש, זיין כאַליאַסטרע-ברודער, האָט די דאָזיקע "געזאַנגען אָנגערופן מיטן ריכטיקן נאָמען אין זיינעם אַן עסיי: "אַקאָרדן פון וואַנזין, שווידערלעכע ווייגעשרייען פון אָפּגעריסענע בערגיקע לאַ-ווינעס, וואָס טראָגן זיך אין אָפּגרונט"; און אין דעם מאַניפעסט פון "זייער" אַזוי גערופענער "שולע", האָט מאַרקיש דעקלאַמירט:

"אונדזער מאָס איז נישט שיינקייט — נאָר שווידערלעכקייט".

דאָס איז געווען, ווי די אייראָפּייאיש-יידישע פּאָעטן וואָלטן זיך געוואָלט דאָ בכיוון אַ רייץ טאָן מיט די "יונגע" נאָר שענקייט-זוכנדיקע דיכטער פון אַמעריקע. און מע דאַרף דאָ אומבאַדינגט באַמערקן, אַז די דאָזיקע צוויי טעריטאָריעס פון יידישן ליד, זיינען געווען אַבסאָלוט אַווטאָנאָם איינער פון דער צווייטער; מע האָט נישט געהאַט קיינע פאַר-בינדונגען פריער, שפּעטער ערשט, מיט יאָרן שפּעטער, ווען די רע-וואָלוציע האָט שוין גענומען אַריינגיין אין אירע, פון איר אַליין צעאַ-קערטע און דורכגעשווענקטע ברעגעס; ווען זי האָט זיך גענומען איינ-שטילן און איינשטעלן, איז ערשט געקומען דער געענדערטער קאָנטאַקט. — אין אוקראַינע, געדענק איך דעמלט, האָט צירקולירט צווישן יידישע שרייבער אין קיעוו, יעקאַטערינאָסלאַוו, מאָסקווע און אָדעס, אַ קליינע זאַמלונגל פּאָעטישע מוסטערן פון די "יונגע" אין אַמעריקע, וואָס נחמן מייזיל, דער געטרייער היטער און אָפּהיטער, פּאָפּולאַריזאַטאָר פון יידישן וואָרט, האָט דעמלט צונויפגעשטעלט; און די דאָזיקע זאַמלונגל איז אַבי-סעלע שפּעטער באַגלייט געוואָרן, ווי אַ דערגאַנצונג צום בילד, פון דעם היינט פאַרשוויגענעם (און פאַרשריגענעם) נח שטיינבערג; זיין בוך פאַרטרעטן "יונג אַמעריקע", וואָס איז אָנגעקומען מיט די "אַרא"-פּעק-לעך אויסגעפּעקט פון קאַקאָאָ און זאַמדצוקער. און עס האָבן אָנגע-הויבן ביסלעכווייז צוצוקומען נאָך מוסטערן פּאָעטישע פון "יענער זייט", וואָס דער רייכער פעטער פלעגט פלוצהאַלבן צולייגן צו זיינע מתנה-"פּאַסילקעס" דעם פאַראָרעמטן "יוראָפּשן" פלימעניק! ביכלעך פּאָעזיע

פון מאַני לייבן, זישא לאַנדוי, משה לייבן, לייוויקן און אַנדערע. אַזוי אַרום, אַז דער איינפלוס האָט געקאָנט קומען לאַגישערווייז אַ סך שפּעטער, בעת ער איז שוין פּאַקטיש געווען, נישט געקוקט אויף דעם וואָס טייל פון די דעמלסטיקע "יונגע" אין אַמעריקע, האָבן זיך נאָך אַלץ פאַרנומען מיט וואָרט־שניצערייען; די צייט אָבער האָט אויך דאָרטן אָוועקגעלייגט איר חותם, און טענער פון "געלן וואַנזין" אָדער "רויטן שגעון", האָט מען שוין געקאָנט אויך אין אַמעריקע דערהערן, אין די לידער פון אַ לעיעלעס, ביי דעם יונגינטשקן יעקב גלאַטשטיין, צווישן זיינע מטושטשע, פאַרשפּיצטע וואָרט־זשאַנגלערייען דעמלסט; ביי האַלפּערינען אין זיין פּאָעמע "אַ נאַכט", צום ביישפּיל; אָפּגערעדט ביי לייוויקן, וועלכער האָט זיך אויסגעטיילט פון דער גאַנצער גרופּע, און ווי ער וואָלט געווען צוגעלייגט זיין אויער צו דער ערד און דערהערט דעם זיך קייקלענדיקן בלוט־געשריי דעם יידישן פון יענער זייט ים.

בולטער ערשט האָט מען דערזען די דאָזיקע ענלעכקייט אין מאָטיוון, אין שטימונג, דער עיקר ביי די־אַ פּאָעטן פון די ביידע קעגנגעזעצטע פּאָליוסן, ווען די אייראָפּעאישע פּאָעטן האָבן ביסלעכווייז גענומען אַריינבעמען אין זייערע פּאָעטישע אויסגאַבעס אויך מוסטערן פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּאָעזיע, — די גוואַלטיקע ענלעכקייט צווישנאַנאַנד אַן ענלעכקייט פון אַ ברודער־צווילינג, ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט. און דאָס איז געווען אַזאַ מין גייסטיקע קאָאַליציע, וואָלט איך זאָגן, אַ באַוואוסטזיניקע באַהעפטונג, אַ ווילן צו לאָזן דערקענען זיך ווי יוסף צו זיינע ברידער נאָך אַזאַ צייט בענקעניש און ציען זיך איינער צום צווייטן. אויך די אַמעריקאַנער דיכטער האָבן אַריינגענומען אין זייערע זאַמלטנגען פּאָעטישע מוסטערן פון זייערע אייראָפּייער־צייט־קאָלעגן.

אַזאַ פּאַרמיסטישער דיכטער, ווי א. לעיעלעס, אַ שטייגער, איינער פון די באַגרינדער פון דער אינטראָספּעקטיווער ריכטונג אין דער אַמעריקאַנען יידישער פּאָעזיע, וואָס האָט נאָך געהאַלטן אין זינגען אין צייט פון מלחמה און רעוואָלוציע וועגן "ווייטער כינאָס שטיל־פאַרבענקטע וואזן" און דעם "טאָא־דיכטערס לויטערע עקסטאַזן", — האָט פּלוצים זיך געגעבן אַ האַסטיקן קער אָפּ פון זיין "בענקשאַפט צום אַל־אַבסאָלוט", און האָט, באַגנוגנדיק זיך נאָר מיט איין איינציקן מאָמענט פון דעם מאָמענטאַלן לויף פון צייט, אַנגעשריבן זיין "ליד פון גאָלן וואַנזין" ווייל ער, דער געלער וואנזין, האָט "אונטערגעבייטשט":

"מיט סטראַשענדע אויגן, —
מיט הענט צום הימל געשטייפטע ווי תליות,
מיט קרעכצן פון מאַמעס און טאַטעס,
מיט שלוכצן פון יונגפרויען,
מיט ימערן פון קינדער . . ."

דער אָפּהילך פון קרעכצן און יאָמער־געשרייען פון יענער־זייט־

ים וואָס דער אַלייניקסטער דיכטער אפילו האָט דערהערט פון "דאָרטן", און געזוכט דערפאַר אויסדרוק אויף זיין שטייגער און אופן.

און דאָך זיינען די טענדענצן פון אָט די צוויי גרויסע דיכטערישע צענטערס פאַרבליבן לגמרי אַנדערע:

די אַמעריקאַנער "יונגע" זיינען לאַנג נאָך געבליבן (ווי מיר האָבן עס נאָך אויבן געזען) ביי דעם ראָמאַנטיש־אָפּגייענדיקן נאָך אַלעמען (אַ שטימונג וואָס האָט נאָך אָנגעהאַלטן אפילו ביי אַ טייל אוקראַינער יידישע יונגע דיכטער, — בערגעלסאָנס תלמידים): — די ירושה פון די רוסישע סימבאָליסטן פון די "אַמאָליקע גוטע צייטן"; די "איינזיכסטיך" זיינען געשטאַנען אונטערן איינפלוס פון די פּאַרמיסטן און אַלע אַנדערע נייע ריכטונגען — אונטער דער אַמעריקאַנער און ענגלישער נאָך־מלחמה־פּאָעזיע, — און די וויכטיקערע פאָרשטייער פון די רוסיש־יידישע פּאָעטן, הויפּטזעכלעך פון דער קיעווער גרופּע, די טאָן־געבער פון דער אָנקומענדיקער, ערשט אויסבילדנדיקער יידישער דיכטונג אין סאָוועטנרוסלאַנד, — זיינען געווען אונטער דער השפּעה פון דעם כאַאָטישן נאָך־מלחמה עקספּרעסיאָניזם און פוטוריזם. און אייניקע האָבן זיך נאָך פאַרכלינעט מיט דעם מרבה־דברימדיקן, צעשויבערטן אימאַזשיניזם, וואָס האָט זיך גענומען איינבירגערן אין דער וועלט־דיכטונג. די אַלע, אָבער, איינפלוסן האָבן, רעטראָספּעקטיוו גענומען, קיין טיפע וואָרצלען נישט געשלאָגן; זיי האָבן נאָר פאַרמעל געענדערט דאָס יידישע ליד און זי וואָס מער באַהעפט צו דער וועלט־פּאָעזיע אין אופן פון אויסדרוק, אין פּאָעטישע מאַנירן.

אין תוך — האָט זיך די יידישע פּאָעזיע געראַנגלט צווישן די נייע באַגריפן פון די צווישן זיך קעמפנדיקע וועלטן: — דעם שטאַרקן אייראָפּייאיש־אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם (באַנוצנדיק אַזאַ שאַרף־עקזאַקטן האָרט), און דער אָרעמאַנסקער "נייער ערא" (באַנוצנדיק אַן אייגענעם באַגריף פון אַ ליד), וואָס איז אויפגעגאַנגען אין דער יונגער רעוואָלוציאָנערער רוסלאַנד. און דערצו, ביי אייניקע ווי אַן אַפּענדיקס, און ביי אייניקע נאַטירלעכערווייז, האָט אַרויסגעשטאַרצט דער נישט פאַרהיילטער יידישער בראָך, וואָס איז פּערמאַנענט אין אַלע צייטן, דאַנקען גאָט! (אָ, דער יידישער צער, ער איז דער וואונדערלעכסטער מאָטיוו פון יידישער שאַפונג פון תמיד אָן, ביי די פּאָעטן און ביי די שטראָפער, ביי די פּיטנים און גערעכטיקייט־מאָנער, — און קיינער קען זיך מיט אונדז נישט פאַרגלייכן; מיט אונדז די "גליקלעכע" יידישע טרויער זינגער; ס'איז אונדז גוט, מיר זיינען יתומים! . . .")

די סאָוועטיש־יידישע פּאָעטן, וואָס ריכטיקער וואָלט געווען, די אוקראַינער און גרויס־רוסישע, — באַנוצנדיק אַ געאָגראַפישן באַגריף, — האָבן זיך גאָר אַרומגעפּלאָנטערט נישט ווייסנדיק וואו און וואו אַהין; זיי האָבן אַרומגעבלאָנקעט נישט קיין דעצידירטע, נישט אויף דער זייט און נישט אויף יענער; די נייע צייט האָט זיי געגעבן ווי אַ כמאַליע איבערן קאָפּ און זיי פאַרטשמעליעט און פאַרשיכורט.

פון איין זייט, דוכט זיך, אַזאַ רחבותדיקע פרייהייט־פּערספּעק־טיוו, און פון דער אַנדער זייט אָבער אַ שמאָלע און קרומע יידישע געטאָ־געסל, מיט איר באַזונדערער פאָרם און געשיכטלעכן טרויער; — ווי־דער דער יידישער מאָטיוו! און מע האָט פון זיך נישט געקאָנט אַנט־לויפן! די רעוואָלוציע האָט מען טאַקע אַקצעפּטירט, — אָבער נישט איר מידתהדין.

איז מען אַוועק זוכן די רחמימדיקע זייט פון דער מטבעה; ווער צו זיך אין די אייגענע נשמה־טיפן, און ווער בפועל־ממש. עס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אַפריכטן גלות אַזעלכע וויכטיקע יידישע פאָרשטייער פון נייעם וואָרט, ווי דער ניסתר, בערגעלסאָן, קוויטקאָ, פּרץ מאַרקיש; זיי אַלע אין אייראָפּע, — מאַרקיש — אין סאָמע קאָך פון יידישן לעבן און שאַפן, אין וואַרשע; און דוד האָפשטיין — אַזש צו די ברעגן פון ירדן (הגם ער האָט אַזוי שיין ערשט־דאָ געזונגען, אַז "פון וואָלגא ביז ירדן איז פאָלג מיר אַ גאַנג!") די טראַעקטאָריע פון זייערע וואַנדערנישן איז געווען אָבער אַ קורצע. מע איז געגאַנגען הין און צוריק, ווי "פּאָקוט־ניקעס" (בעלי־תשובה); צעשראָקענע און פאַרלוירענע, ביז מע איז אָנגעקומען — אין "קיינעמס לאַנד". דער נייער מאָטיוו האָט געלאָקט פונדעסטוועגן נישט נאָר די תושבים־דיכטער פון דעם לאַנד פון דער רעוואָלוציע אַליין, אַ קליינינקייט די רעוואָלוציע! זי האָט אַריינגעצויגן אַלעמען אין איר כישוף־קרייז. די טעמאַטיק איז געוואָרן כמעט אַ יידיש־אוניווערסאַלע ביי די מיינסטע יידישע פּאָעטן; אַלע האָבן זיך געוואָלט אין דער רויטער פאָן פון דער רעוואָלוציע איינוויקלען, ווי אַמאָל אין דעם תכלת־טלית. און נישט אָנרופנדיק דעם קינד ביים נאָמען, האָט ה. לייוויק, וועמען די רעוואָלוציע האָט באַגייסטערט, גערופן אין "קיינעמס לאַנד", וואָס איז אויך דאָס לאַנד פון אַלעמען. ווײַלע קיינעמס!

"פון דעם גאַסיקן געשריי
קום מיט מיר אין קיינעמס לאַנד,
ווייט פאַר איינעם, נאָנט פאַר צוויי,
איז דער וועג צו קיינעמס לאַנד".

און די גרייטקייט אויף אַלץ איז געלעגן אַ וואַרטנדיקע, אַ רופנ־דיקע; אַנצוואווערן איז דאָך נישט געווען וואָס:

"מיר געקומענע נאָך פרייד
אין פאַרלוירענעם פאַרשטאַנד,
גייען מיר צו אַלץ געגרייט
טראָט נאָך טראָט אין קיינעמס לאַנד".

אין אָט דעם זעלבן קיינעמס לאַנד האָט עס אַזוי פריש און ריזלשיק געשטראָמט דער נייער שטראָם פון לעבן, ווי אשר שוואַרצמאַן, האָט אים

צום ערשטן דערהערט מיט די סאַמע שאַרפסטע פּאָעטישע חושים. אָט־דער נייער, פרישער, ריזלדיקער שטראָם, וואָס האָט חוץ מיט פרייד, אויך געשטראָמט מיט — בלוט.

די פאַרבריִדערונג פון קריסט און ייד אויף דער נייער ערד, איז געווען די התחלה פון דער נייער עראַ, וואָס האָט אַ סך האָפענונג און אַ סך קאָפּ־ווייטאָג פאַרשאַפט; און יידן, גלייכבאַרעכטיקטע, מיט ברייט־צעאָטעמטע לונגען אויף דער רחבותדיקער ברייט פון ראַסיי, האָבן טאָקע דערשפּירט באָדן אונטער די פיס.

און, אויסגוצנדיק דעם דאָזיקן "נייטראַל"־אוניווערסאַלן באָדן, האָבן אייניקלעך פון די נביאים געקאָנט אַרויסדונערן זייער וואָרט פון יושר און צדק, צו די אויערן פון דער גאַנצער וועלט; אַ פּראַקטיקע טעמאַטיק; איין קלייניקייט! —

דער סאָציאַלער שטח האָט זיך פאַנאַנדערגעעפנט מיט גרויסע און ברייטע מעגלעכקייטן פאַר דער יידישער קולטור און לעבן; אַי וואָס דער שטח האָט נאָכדעם אַלץ מער און מער געצויגן, ווי אין יענעם מעשהלע — ביז צו אין די הענט פון דער געטין, וואָס האָט אָפּגעגט די אוניווער־סאַלע יידן פון זייער שטאָם אינגאַנצן, — איז עס אַן אַנדער זאַך! דער־ווייל אָבער האָט מען זיך געלאָזט רופן פון דעם מיט זונשיין און מיט פרילינג־פרייד זיך שפּרייטנדיקן שטח . . . און פּאָעטן האָבן געזונגען, — און נאָך ווי!

"האָב איך צו וועגט זיך געווענדט,
צעגייט זיך!
אוים דעכער, אוים דילן,
באַפרייט מיך די רוימען אַהער!"

האָט אהרן קושניראָוו, דער יונגערער ברודער האָפּשטיינס, געפּאָ־דערט פאַר זיך, און במילא פאַרן יידישן ליד, מער רוים, מער שטח, און בילדעריש־לירישער שפּעטער־צו, שוין אַ קאָפּעטשקע רייפער און ראַ־פינירטער:

"צעמאָלט מיך, צעמאָלט מיך אַ קערנדל,
מילשטיינער פון אַלע זייטן, —
אויב דורך דעם וועט ווערן נאָר
דער מאָרגנשטערן ווי אַן עפּל צייטיק".

און די צייט האָט געטאָן אירס, זי האָט געמאָלן ווי קערנדלעך צווישן די מילשטיינער אירע, — און דער מאָרגנשטערן האַלט נאָך אַלץ אין צייטיקן . . .

און דער אונקלאָרער, אין סימבאָלישע הייטלען אַ פאַרוויקלטער,

עזרא פינינבערג, האָט אין חשבון־הנפש מיט־זיך, ווי אַ ייד און מענטש, געפרעגט ביי זיך אַליין:

„ווער דרייט צו מיר אויס דאָרט
צווי גליענדע אַפּלען,
ס'איז איך דאָרט, ס'איז איך דאָרט
אין אַפּריס פון דורות . . .״

און וויפל יידישער און אַלמענטשלעכער ווייטאָק איז געווען אין אָט די מטושטשע שורות פינינבערגס! די אייגענע צעשפּאָלטנקייט אין אַפּריס פון דורות!

אין אונדזער אייגענער סביבה איז עס געווען אַ מין געזעגענען זיך מיטן שטעטל; מיט דער פאַרוואָרצלטער יידישער היימישקייט; טראַדיציע און אַ שטיקעלע ,אויב איר ווילט, גלות־בענקשאַפט:

„אַ טאָג — אַ פור, אַ טאָג אַ פור פאַרלאָזט אַ בערגעלע מיט מיסט
אויף גאַס פאַרמשפּטער פון די טמא־וואָכן . . .״

שפּראַכלעך נאָך פאַרוואָרצלט אין די אַלטע, אָפּגעלעבטע באַגריפן פון דער היימישער, זאַפטיק־טראַדיציאָנעלער יידישקייט, אָבער אין אינהאַלט — אַנהאַלטסלאָז; צעבראָכן און צעווייטאָקט; אַ טרויער איז פאַראַן אין פאַרלאָזן דאָס היימישע בערגעלע מיסט, אַ ביטול צו אַלץ וואָס איז אייגנס געווען. — אַ מין שפּייען אין אייגענעם ברונען פון וואַנען מע האָט געטרונקען קוואַלנדיקן מיים־חיים.

אַ טאָג — אַ פור האָט זיך געשלעפּט, לאַנגזאַם און אומזיכער, אויף די פרידיקע ווי טראַקטן צו דעם דרך־המלך פון די ערגעץ־אָנקומענדיקע פרילינגס. און אויף אָט דעם פורל זיינען געפאָרן פאַרברידערטע — דער ייד און ברודער־גוי (לויט דער קוויטקאָ־שווארצמאַן־טערמינילאָגיע), און איין גאָט ווייס דעם אמת, וואָס דער גוי האָט געטראָגן ביי זיך אין האַרצן צו זיין ברודער־ייד; עס איז דאָך געווען אַ צו גיכע ליבע! (מע דאַרף זען, וואָס די ברידער־גויים האָבן געטאָן שפּעטער מיט אַ פערטליאָרהונדערט מיט זייערע ברידער־יידן אין מאַידאַנעק!)

דער טראַגישער ויתרוצצו פון דער רעוואָלוציע.

איך רעד וועגן אים ברייטער — און איך וואָלט געקאָנט שרייבן אַ גאַנצן בוך וועגן דעם; ווייל דאָס אייגנטלעך איז דאָך געווען דער גאָרער טראַגישער גאַנג אויך פון יידישן וואָרט אין דעם צייט־אָפּשניט צווישן די צוויי מלחמות.

און אָט איז דער טראַגישער אונטערבאַוואוסטזיניקער אמת, וואָס כאַפּט זיך אַרויס (איך זאָג: „כאַפּט זיך אַרויס״ און פאַרכאַפּ זיך; אייגנטלעך איז עכטע פּאָעזיע, נאָר דאָס אונטערבאַוואוסטזיניקע ביים דיכטער; דאָס שלומערדיקע וואָס דערוואַכט אַלע ווייל ווייל פונסניי — צום ווידער־

געבורט) אַמאָל ביי אַ דיכטער אפילו אין די סאַמע עקסטאַטישסטע מאָ־מענטן:

„און ווער וועט יענעם ווי צוווייען
און וואָס קאָן שטילן מיין געפּיל,
פאַר ווילדן זאָט פון זיינע שנייען,
וואָס האָט מיין מזרח־בלוט געקילט? . . ."

פונדעסטוועגן איז דער פּאָעט אויף דעם רוף פון דעם לאַנד „מיט ווילדן זאָט פון שנייען" געגאַנגען (צוויי מאָל געגאַנגען, אויך איצטער אין דער פּאַטערלענדישער מלחמה):

„אויף העלן רוף פון דיינע פּאַנען
האָב איך מיט לייב און האַרץ געוואַגט,
נאָר ס׳האָט געצלמט מיין עקשנות
מיט צאַרטע פינגער פון אַ האַק . . ."

דאָס איז אהרן קושניראָוו מיט זיין חשבון־הנפש! און ווען זיינען די שורות געשריבן? — די און די אַלע אַנדערע פריער ציטירטע פערזן, געהערן צו דער עפּאָכע פון די ערשטע זעקס־זיבן יאָרן פון דער רעוואָ־לוציע; יאָרן אָבער וואָס האָבן אָנגעצייכנט דעם וויטערדיקן גאַנג פון דער וועלט — ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און אויך דער „וויאַ־קרוסיס" פון יידישן וואָרט איז דער זעלבער וועג געוועזן. בשעת אפילו דער אויפגעוואַכטער מאַסע־מענטש — ייד און גוי, דאַכט זיך צוזאַמען! (און מע גייט דאָך צוזאַמען בויען אַ וועלט אויף גלייכע יסודות) הויבט זיך נאָך אַלץ אויף, כמעט אינסטינקטיוו־אַטאַוויסטיש אפשר, ווי מיט צאַרטע פינגער די גלעטנדיקע האַק, אוי די האַק! . . . האָט זיך נאָך אין יענע יאָרן דער פּולבלוטיקער יידישער דיכטער, ווי האָפשטיין, גע־קלאָגט:

אַז „ווי און מוט איצט קאָן איך נישט צעטיילן! . . ."

און ליפּע רעזניק, אַ צווייטער טאַלאַנטירטער פּאָעט פון יענער גרו־פּע, האָט ליריש־דין אונטערגעברומקעט:

„פאַרנעמט מיין אויער פון דער וויט
דאָס סקריפּען פון אַ וועלט,
וואָס דרייט זיך אום
פון זייט אויף זייט
און טוט אַן עפן אַן אויג
און כאַפּט אַ קוק

ווי הימל העלט
און רודערט זיך דערנאָך
די גאַנצע צייט
ביז גרויסן טאָג . . .״

דער אומעטיקער געבורט פון אַ נייער וועלט, וואָס דרייט זיך נאָך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, ווי אַ חולה אין פיבער. און קרעכצט און קרעכצט . . . און ווי ביי יעדער ״נייער״ וועלט־געבוריט (אַזאַ טבע האָט זי, די וועלט, ווי דער רבונו־של־עולם אַליין ; ער בויט וועלטן און צע־שטערט זיי . . . די וועלט אַליין אויך אַזוי, אַלע ווילע ווערט זי פונסניי געבוירן . . .) ״טויזנטער נשרפים שוואַרצע ווי ווילדגראָז״ אויפן וועג דאַרטן זיך שאַרן. און ווער זיינען די דאָזיקע נשרפים ? יידן ! ווער דען, נישט יידן ? — און —

״פאַר זיי וועט אויסוועג זיך נישט מיען,
און ווייסע טישטעכער נישט דעקן,
אַזוי מיט רעשטלעך רויך אויף וויעס,
וועט גראָבן איינציקווייז זיי מעקן . . .״

אַזוי איינפאַך, אָבער נביאיש־כמעט און יידיש־גורלדיק, האָט גע־זונגען אַן אַנדער דיכטער דעמלט, אפשר היינט אַן אומבאַקאַנטער, מ. שאַפּירא.

און דער ראָמאַנטיקער, דער וואָס קאָן נישט בשום אופן זיך זע־געגען מיטן אַמאָל, און איצטער האָט ער ווי אָפּגעלעבט, ש. האַלקין, קלאָגט אויף דעם וואָס ס׳איז געווען . . .

״געווען אַ טרוים אַן אַלטער אַ פאַרעקשנטער,
האָט וואָר ביז סוף אים היינט צעוויקלט . . .״

און די וועלט איז אַלץ איינגעטיילט אין צוויי זיך באַקעמפנדיקע בערג. ״צוויי בערג : דער באַרג גריזים און דער באַרג עבל. אויף איין באַרג ווערט געבענטשט, אויפן אַנטערן געשאָלטן . . . און געבענטשט ווערט דער, וואָס היט גאָטס וועגן און פאַרשאָלטן ווערט דער אָפּטרינ־קער ! האָט אַזוי י. ל. פרץ אַמאָל כאַראַקטעריזירט די מענטשן־קאַמפן, די וועלט־איינטיילונג.

און איצטער זעען מיר ווי דער פאַרעקשנטער אַלטער טרוים ביזן סוף אַ צעוויקלטער, ווייל בשום אופן נ״שט פאַרלעשן זיך, בשום אופן נישט ! און א. לעיעלעס פון היינט, פון 1944, טייטשט איין פונסניי דאָס געוויין פון די פעלקער, — אָט די געחלומטע גוי־און ייד־פאַרברידערונג :

״דאָס געוויין פון די פעלקער — עס מערט זיך און מערט!
מיט דעם אומעטן פון אומות די אייביקע ערד ווערט גענערט״.

**און דער טרויעריקער, וואָר־שניידנדיקער אמת איז דערביי, אַז —**

״דאָס געוויין פון די פעלקער איז יידיש געוויין.
אונדז באקאנט איז די טרער, וואָס רינט ביטער, אַליין,
און ווערט שטיין״.

**אָבער — איין איינציקע טרייסט, די טרייסט פון דעם שוואַכן, אומ־באַהאָלפענעם:**

״אונדזער טרויער איז קליגער, געניטער שוין איצט.
אויף די הערצער ביי אונדז האָט דער גורל געשפּיצט
און געקריצט —
די לעגענדע פון טויט, וואָס באַפרייעריש קומט,
פון דעם אָרעם וואָס פאַלט, פון דעם גאָרגל וואָס שרומפּט
און פאַרשטומט״.
(א. לעיעלעס, ״דאָס געוויין פון דע פעלקער״)

**אונדזער טרויער איז קליגער, אוודאי קליגער איז ער און פאַר־שפּיצטער און ער האָט זיך דערקליבן צו דעם אמת, אַז ער נאָר איז באַ־פרייעריש אין אַ וועלט פון כולו רשעות.**

ה.

# דער ווידער־אָנבינד צום אָנהייב

**דער גאַקאַראַגוער דיכטער רובען דאריאָ, דער סופער־ראַפּיניר־טער, וועלכער האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר דער גאַנצער** מאָדערנער **באַוועגונג פון דער שפּאַנישער פּאָעזיע, אָט דער דינער, יחידישער לי־ריקער, האָט וועגן זיך געזאָגט אין זיינע לעצטע יאָרן: ״איך בין נישט קיין פּאָעט פון המונים, איך ווייס אָבער אַז איך מוז גיין צו זיי״. — ער האָט דערשפּירט מיט זיין גרויסן, איינגעבוירענעם פאָלקס־אינסטינקט, אַז די קונסט מוז זיך ערגעץ־וואו אָנשפּאַרן, ווי שיין, און אפשר אויך, וויכ־טיק זי קען זיין פאַר זיך גופא.**

**דאָס איז ביי די אומות העולם: אַ פּשיטא שוין ביי אונדז. און נישט דערפאַר, ווייל דער פאַרבאַט זיך נישט אָפּצושטעלן ביי אַ שיינעם בוים אין פעלד איז באַוואונדערן, איז נאָך גילטיק; ניין, נישט דער־פאַר; דער ״לא תעשה לך פסל״ איז שוין נישט גילטיק ביי אונדז, ניי־ערט דאָס יידישע לעבן איז אַזוי צעבויפגעשטעלט, אַזוי באַזונדער אין דעם זיגזאַגישן גאַנג זיינעם; אין דעם טראַגישן גאַנג זיינעם, אַז נישט דערזען דאָס לעבן האָבן אונדזערע פּאָעטן נישט געקאָנט — און די וואָס**

האָבן זיך אָפּגעטיילט און אַוועק אויף זייטיקע דרכים, — זיינען גע־שטראָפט געוואָרן מיט דער קללה פון אומפאַרשטענדלעכקייט, פון אָפּ־געפרעמדקייט פון פאָלק; דאָס פאָלק האָט זיי פּראָסט פשוט נישט אויפ־גענומען און נישט אנערקענט.

און אין דעם פאַל פון דעם ניי־אויפגעקומענעם סאָוועטישן יידנ־טום: אַ ניי פאָלק, ווייל אַן אויסגעגלייכטער רוקן, און אַ נייער צוגאַנג צום סאָציאַלן אַרום; נייע לעבנס־פאָרמען און אַ נייער קוק אויף זאַכן און געשעענישן, אפילו יידישע זאַכן און יידישע געשעענישן, האָבן גע־מוזט ענדערן זיין פּנים און דעם פּנים פון דער דאָרטיקער יידישער לי־טעראַטור, — אפילו דאָרטן האָט דאָס יידישע וואָרט געמוזט זיך ענדערן אין לויף פון דער צייט; און אויב אין די יאָרן פון דער רעוואָלוציע און בירגער־קריג האָבן די פּאָעטן געזונגען הימנען צום וואונדער פון אָק־טאָבער וואָס ער איז נאָך געווען בבחינת נס, — האָבן זיי שפּעטער גע־מוזט אויך דערשפּירן דאָס איבעריקע יידישע לעבן מחוץ די גרענעצן פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד.

און ווער שמועסט נאָך, ווען דער גרויסער אומגליק האָט זיך אויס־געשפּרייט איבערן יידישן פאָלק, מיט דער אַלץ מער וואָרנענדיקער סכנה פון פולשטענדיקן אומקום; דעמלט האָט די איזאָלאַציע שוין נישט גע־קענט גילטן, דער ווייגעשריי איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער, דער וואָלף האָט זיך דערנענטערט צו דער גאַנצער סטאַדע פון ישראל. און אויב איציק פעפער האָט אַמאָל געשריבן מעשה־קרבן, אַז "ווייט, ווייט, אין פּאַריז, אין לאָנדאָן, זיינען דאָ אַזוינע מענטשן ווי מיר: מיט הערצער וואַרעמע און בלאָנדע, פּונקט אַזוינע מענטשן ווי מיר"; און אַז אַ וואַנט שטייט צווישן דאָ און דאָרטן; "אַ וואַנט אַן אַ שוועל און אָן אַ טיר", — איז די וואַנט איינגעפאַלן, און זיינע וואונטשן פעפערס זיינען מקוים גע־וואָרן. ער האָט פאַרענדיקט דאָס דאָזיקע ליד מיט דעם סטראָף:

> "און איך ווייס אויף געוויס ווען געשען
> איבער גאַנצער וועלטישער ברייט —
> יענע מענטשן וועלן פאַרשטיין
> אונדזערע פּראָסטע רייד . . ."

און אַז עס איז געקומען דערצו, אַז איציק פעפער, דער סאָוועטי־שער שבסאָוועטישער יידישער פּאָעט מיט דעם גאַנצן דאָרטיקן אופן פון באַנעמען זאַכן און פּאַסירונגען, — האָט אויסגעזונגען פּלוצים גאָר דעם טרויער פון די "שלייכנדיקע שאָטנס פון וואַרשעווער געטאָ", וועלכע האָבן אים, אין מאָסקווע, אונדז אין די אַמעריקעס, נישט געלאָזט אָטעמען, ווייל ס'איז געקומען די עפּאָכע פון אומקום פאַר אונדז; פון אונטערגאַנג, וואָס קאָן גאָרנישט פּיקסירט ווערן אין ליטעראַרישע שטאַמפּן; עס איז פּונקט ווי אַ שטראָמיקער טייך, בעת אַ געוויסער און זיין איינגעזעסענער בעט איז צו ענג פאַר אים, דאָס בעט, וואָס איז דורכגעגראָבן געוואָרן

במשך פון דורות. — אַלע פאָרמען פּאָעטישע זיינען בטול געוואָרן; אַלע ווערטער אָפּגעריבן און בלאָס קעגן דעם גרויסן צער, וואָס זיי דאַרפן אין זיך איינזאַפּן, — דעם צער און טרויער פון אַ פאָלק אויף די ראַנדן פון פאַרגיין.

דאָס ליד אונטער וואָפן ביי אונדז איז איינגאַנצן אַנדערש ווי ביי זיי, פונקט ווי דייער אַ העלד איז נישט געגליכן צו אונדזערן אַ העלד פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד; אונדזער העלד האָט זיך איינגעוויקלט אין דעם טלית פון יידישער האָפנונגסלאָזיקייט פאַרן טויט און געאָטעמט מיטן מאָדערנעם נישט־דאָאיקן אָטעם פון בטחון, און זיי האָבן געאָטעמט אין זייערע סאַמע העלדישסטע מאָמענטן מיט די ריחות פון לאַנד און פעלד, אייגן באָדן און אייגענער, ממשותדיקער, מיט די הענט אָנטאַפּנדיקער „אייביקייט"; נישט די אַבסטראַקטע יידישע לעתיד־לבוא׳דיקייט, אָדער דער קלאַסיש־יידישער „אחרית הימים".

און דערפאַר איז אונדזער ליד אונטער „ארמא" אַן אַנדערש; דער אויסוואַל פון אונדזער טעמע איז אַ ברייטערער, דער קוואַל פון אונדזער דיכטערישער „אינספּיראַציע" — אַ טיפערער; און ווי זאָגט לייוויק: דאָ זאָגט ער שוין און נישט ער זינגט, — און ער זאָגט מיט אַזאַ חלף־שניידנדיקער איראָניע, וואָס טריפט מיט ביטערן גאַל:

„אין דעם שויפענצטער פון דער שיינער וועלט
שטייען אויסגעשטעלט סופן אַלערלייאיקע,
וואָס זי, די שיינע וועלט,
האָט צוגעטראַכט פאַרן פאָלק ישראל,
דעם אין־סופיקן פאָלק ישראל —
זיין גלוסטונג צו רייצן,
זיין אויג צו פאַרכאַפּן
מיט די שיינקייטן פון די סופן . . ."

זיי זיינען אויסגעשטעלט פאַר אונדז, ווי לייוויק מאָלט עס אַזוי איינ־פאַך־מייסטעריש, אַזוי גאַקעט און אָפן, זעט, אדרבא, און באַוואונדערט:

„פאַגראָמען פרילנגדיקע,
גאַז־קאַמערן נייאינקע,
פייער־אויוונס פלאַמיקע,
און מיתות בנשיקה
מכל המינים . . ."

און דער פאַרכישופטער ישראל פון דער שיינקייט פון די סופן, טאַנצט אַזש אַריין אין די צוגעגרייטע פאַר אים גאַז־אויוונס און טויט־וואַגאָנען און אָפענע קברים, אַליין פון אים אויסגעגראָבענע, אַז עס זאָל זיין באַקוועמער, אָנגענעמער צו שטאַרבן; געאָרעמט מיט ווייב און קינ־

**דער, פאָרט נישט אַליין עלנט און יתומדיק; שטאַרבן צוזאַמען שטאַרבט זיך גאַר בעסער... און וואָס טוט די וועלט? די וועלט, אַי די וועלט!...**

"און די וועלט שטייט דערביי
מיט אַן אַפּאַראַט אין דער האַנט
און פאָטאָגראַפירט דאָס וואונדער־בילד אַראָפּ —
דאָס בילד פון דעם פלאַקער־פייער,
דאָס בילד פון ישראלס קליידער
און פון ישראלס שיך,
וואָס זיי ליגן דערביי מיט נעזלעך אַרויף
און זאָגן הלל צו דער שיינער וועלט".

**נאָר פּונקט ווי אונדזערע קדושים האָבן אויסגעזונגען פאַרן טויט אַלע מעגלעכסטע וואַריאַציעס פון "שמע" און "אחד" און "מי כעמך ישראל" און "לא ינם ויישן" און ענלעכע געזאַנגען פון דער קאַטעגאָריע "אייבי־קייט", — אַזוי זינגען מיר נאָך די דאָזיגע ניגונים: — "מיר טאַנצנדי־קע, זינגענדיקע, מיר שבת יומטובדיקע"־זינגער פון ישראלס אונטער־גאַנג...**

**און דער לעצטער פּאָעט פון געטאָ, יצחק קאַצענעלסאָן, זינגט זיך אַראָפּ פון האַרצן:**

"זינג, זינג אַ לעצטן מאָל נאָר דאָ אויף דר'ערד, פאַרוואַרף
דיין קאָפּ אַהינטער, פאַרגלייז די אויגן אין אים שווער,
און זינג אַ לעצטן מאָל אים, שפּיל אויס אים אויף זיין האַרף:
נישטאָ שוין מער קיין יידן! אויסגעהרגעט און ניטאָ זיי מער!"

**און ווייטער צעזינגט זיך איצחק קאצענעלסאן נאך שענער, אט ווי אַ שוואַן פאַרן טויט, איינציק און אָריגינעל, זיס און ציקלדיק, אַ מחיה צו הערן:**

"זינג, זינג, הויב אויף צו הימלען הויך און בלינד דיין בליק,
ווי ס'וואָלט געווען אַ גאָט דאָרט אין די הימלען... ווינק
אים, ווינק! —
ווי ס'וואָלט געשיינט, געלויכטן אונדז נאָך דאָרט אַ גרויס גליק!
זיץ אויף די חורבות פון דעם אויסגעהרגעטן פאָלק און זינג!"

**און אהרן צייטלין זוכט אומזיסט אַן ענטפער, ווי היינריך היינעס וואַנזיניקער ביי די כוואַליעס פון ים:**

"אַ גאַנצן טאָג אַן ענטפער געזוכט
ביי קרעציקער ערד, ביי אַשיקע הימלען.

געזוכט אַ צוזאַמענקלאַנג צווישן צוויי גימלען:
גאַזקאַמער — און גאָט".

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי בעט זיך ביים רבונו־של־עולם ער זאָל אויס־קלייבן אַן אַנדער פאָלק. "מיר האָבן נישט קיין בלוט מער אויף צו זיין אַ קרבן".

און ראובן אייזלאַנד אַפּעלירט צום אַלטן יידישן סימבאָל פון הירש:

"אָ, פלינקער הירש, לאָז הערן דיינע טלויען,
און אייל מיט הילף דעם איבערבלייב צו רעטן.
און זאָלן דיינע שלאַנקע פיס באַטרעטן
דיין לאַנד, דיין אַרב, צו בענטשן אים מיט טויען".

אַזאַ לויטער געזאַנג, "ווען דער יעגער איז מיט וועלף אַרויסגע־ריטן", — אָבער אָפּשטעלן דאָס געזאַנג וועלן מיר נישט!

און דער סאַמע שטילסטער און איינזאַמסטער בעל־מקונן, ז. סע־גאַלאָוויטש, ענטפערט אַזוי־מין אויסגאַנגסלאָז און אַזוי־מין ציטערדיק־צאַרט:

"מאידאַנעק. — אַש האָט אַלץ פאַרשאָטן,
פאַרדעקט מיין גאַנצן לעבנס־קרייז.
מאידאַנעק־אַש איז איינגעקנאָטן
אין מיין געמיט און אין מיין שפייז.
אַ לעסטער איז מיר יעדע סעודה
און פרעך זעט אויס דער וויין אין פלאַש . . .
נישטאָ קיין שוועסטער און קיין ברודער,
בלויז אַש און אַש . . . מאידאַנעק־אַש".

אָבער קיין פונקט וועט דאָ דאָס יידישע וואָרט נישט שטעלן, ווייל אויך זיי, די זינגער ביי די שוועלן טויט, האָבן קיין פונקט נישט געשטעלט! די אַנאָנימע יידישע דיכטערין פון געטאָ גופא, וואָס האָט "באַזונגען" דעם געטאָ־שלאַכט, האָט געפרעגט זיך אַליין, און כאָטש נישט געענט־פערט, איז געווען אין איר פראַגע שוין דער ענטפער, אַז ס'קאָן נישט זיין דער סוף — אָט דער איינציקער סוף ביים אונטערגאַנג פון געטאָ:

שוין זשע מיינט איר איז דער סוף,
ווען פלאַמען פרעסן שטיינער?
ווען רויכן וויקלען מוראנאָוו,
און פרעגלען יונגע ביינער".

קיין ענטפער האָט זי נישט געגעבן די יונגע, אומבאקאנטע, איינע

פון מיליאָנען אומבאַקאַנטע הייליקע, אָבער דער בטחון, ווי באַלזאַם, האָט זי געשטאַרקט אין אירע לעצטע רגעס, פונקט ווי ער האָט נישט אָפּגעלאָזן אין די לעצטע מינוטן די מיליאָנען פאַלנדיק מיטן פּנים אַראָפּ אויף די קאַלטע שטיינער פון דער מענטשלעכער גלייכגילטיקייט און רשעות.

„וואָרשע מיט פאַרווייניטן פּנים,
מיט די קברים אויף די ראָגן . . .
וועסט נאָך איבערלעבן שונאים,
וועסט נאָך זען די ליכט פון טאָגן . . .״

נישט קיין פּאָעטישע קוואַליטעט ווילן מיר, און דאַרפן זוכן ביי אָט דער אַנאָנימער אַרויסשרייערן פון יידישן ווייטאָק און אומקום, נאָר דעם גלויבן, אַז אויך אין דער טראַגישסטער שעה איז פאַראַן דאָס געפיל פון וויטערן זיין, פון דעם שטענדיקן קומענדיקן נייעם טאָג, דעם לעצטן פון די טעג . . . פאַר וועלכן עס איז ווערט צו שטאַרבן . . .

און נאָך אַלעמען איז נאָך פאַראַן אַ גלויבן, אַז פון אַש וועט אויפגיין צוריק אַ פייערל, וואָס דער ווינט וועט צעבלאָזן, און פון דעם פייערל — אַ פלאַם, וואָס וועט אַ ניי לעבן פאַנאַנדערפלאַקערן, ווי דער לעגענדאַרישער דאָרן, וואָס האָט געברענט און נישט געוואָרן פאַרברענט. און —

„דער חשבון איז נאָך אַלץ מיט דיר, באַשעפער,
אַפילו ווען קיין מאַנער איז שוין נישט פאַראַן. —
אַ בערגל אַש אָבער זאָגט קלאָרן עדות
אויף איינעם אַ פאַרשוואָרענעם עקדה־מאַן,
אַז פון דעם באַרג מוריה ביז מאידאַנעק
איז אַלץ נישט מער ווי אַ יצחק־שפּאַן. —
דער משפּט איז נאָך אַלץ מיט דיר, באַשעפער!״

צו דעם־אָ פּועל יוצא קומט לייוויק, ווי ער קומט אויך צו דער מסקנא, אַז קדוש־השם איז אויך פאַראַן אין בויען, אין דעם ממשיך זיין דאָס לעבן אויף יעדן פּרייז. דאָס איז דער מאָטיוו פון דעם יידישן ליד צווישן די צוויי מלחמות; דער מאָטיוו פון אייביקן גיין צו אָפּגרונטן און אין קאַלכאויוונס, אויף עקדות און עשאַפאָטן, און ווי אברהם אונדזער פאָטער, אַרויסגיין צוריק לעבעדיק . . . און די ליניע פון דער יידישער פּאָעזיע — איז נישט נאָר פון צווישן די צוויי וועלט־מלחמות, וואָס האָבן אַריינגעשריבן אַזעלכע בלוטיקע בלעטער אין די אַנאַלן פון דער מענטשלעכער געשיכטע, — נאָר דאָס יידישע ליד האָט געוויינט און געזונגען מיט טויזנטער יאָרן צוריק אויף דער זעלבער טעמע, די אייביקע יידישע טעמאַטיק.

# ז ע ל י ק   ה ע ל ל ע ר

# אין קעניגרייך פון דורות

## פראָעם

אין מיין יוגנט נאָך האָב איך דערפילט אין זיך א הויך פון אייער הויך,
און שפּעטער — שטאַפּלווייז געקלעטערט, טריט באַ טריט,
דערגרייכט צום שוועל פון אָרט, אָט דאָרט וואו אייער גייסט און חכמה בליט,
אַ דורשטיקער געטרונקען פון די קוואַלן אייערע פול מיט זין, פול מיט
שפע־תוך.

און ווי אַ בין צווישן בלומען ווערט מיין דורשט געשטילט פון אייער זאַפט,
כ׳האָב איינגעזאַפּט אין זיך אַ ניצוץ פון אייער חיות׳דיקן קוואַל.
איז תמיד שוועב איך אום א פריידיקער, א ליכטיקער ווי זונען־שטראַל
און וואַרעם זיך אין אייער וואָרט, לעב אין זכות פון אייערער יצירה־שאפט.

געבענטשט איז מיר דאָס יאָר, דער חודש, און פון דעם טאָג—די רייפע שעה,
ווען כ׳האָב צום ערשטן מאָל דערזען דאָס ליכט וואָס שטראַלט פון אייך:
דערהערט דעם פייערדיקן פרייהייטס וואָרט פון שעללי, דערפילט דעם
טרויער פון א פּאָו,
דעם חכמה׳דיקן מאמר פון מאָנטען, היינעס לירישער געזאנג און צוגלייך
דעם רעזערוואַר פון שעפערישע כחות וואָס שטראַלן אינם דור, נאָך דאָ,—
רינגען און געקייטלטדיקן קיום פונם "דורות׳דיקן קעניגרייך."

## היינריך היינע

### א

עס זיינען דאָ צייטן וואָס פירן דעם דיכטער ווייט־וואו אוועק פון אייגענעם
ווינקל,
פארכשופט ער ווערט פון א קלויסטרשן קלאנג, אים מאַגיעט און ציט
צו וועלט־פרעמדער־שוועל.

שעה׳ן אזעלכע פון יאוש און ספקות, באזיגט אין איר ראנגלעניש—
שלימערט די זעל,

זי ליגט א פארשטומטע אין חלל פון תוהו־ובוהו, ביז ערגעץ אין דמיון—
א ליכט גיט א פינקל.

געפענטעט אין גורל־געוועבן פון ספקות־געראנגל, פארפלאָנטערט אין
סתירה און סודות,
בלאָנדזשענדע דרכים אין לעבן פון מענטשן, א דיכטערשער וועג אָט
ווי דיינער — בפרט.
און אפשר אזוי איז געווען דיין נוסח: א שפוך־חמתך, א צאָרנדער
תוכחה־פשט
וואָס דונערט ארויס פון דיין יידישער־זעל, דער גאליקער־שטראָם
פון אייביקן ברוגז.

און אפשר האָסטו אין די טענער פון טיפלה דערהערט דאָס געוויין פון
געקרייציקטן קרוב,
פארשלעפט דאָרט, אין שאול־תחתיה, פון א ווילד־פרעמד־ברוטאליקע
האנט;
נאָר אונדזערע גרוילן פארטויבן זיין תפילה, פארמשפט צו טראָגן פון
רוצחים — די שאנד,

צו טראָגן אין וועלט — פון פארפייניקטע ברידער, די חובות. פאר
קדושים־בלוט ווערן דער ערב?
אָ, יעזוסשער פאָלק! סוועט אייביק דעם וועג צו די הימלען פארצאמען
דאָס מורא׳דיק קול,
קול פון די קברים פון דיינע קרבנות וועט דיר דערמאָנען און מאָנען:
באצאָל דיינע שולדן, באצאָל!

ב

געבענטשט איז דער דיכטער וואָס וואָרצלט זיך תמיד אין אייגענעם
גייסטיקן־שטאָם,
אייגענער פלאָם ברענט ליכטיקער, העלער, ווער פילט עס דען
שטאַרקער ווי שאפער אליין.
און רייסט זיך אמאָל א נשמה אין פרעמדן, הערט זיך דער ציטער פון
דורות, זייער געוויין,
קול פון די דורות לאָזט ניט פארצערט זיין פון קלויסטערשן גדר וואָס
רויכערט מיט סם.

נשמה־געראנגל אין קנויל פון נסיונות, איינג ווערט דאָס אייגענע ווינקל
— אמאָל,
פאַרגעסט דאָן א דיכטער שטח און רוימען, עקשנות׳דיק ברעכט ער דעם
תקיעת־כף־צאָם,
ווייטקייטן רייצן אים, קול פון דער פרעמד, ווי שמעטערלינג ציט ער זיך
נענטער צום פלאַם,
פאַרפירט אים פון אייגענעם גבול — דער נסיון, עס כשופט אים לאָרעליי׳ס
רייצנדער קול.

אמאָל קערט זיך אום אזא איינער פון גאָרטן פון פרעמדן, סם איז געוועזן
פאַר אים די גלוסטנדע בלום,
ער קומט אויף דעם באָדן דעם אַלטן צוריק ווי א בירגער, קומט צו זיין
פאָלק מיט מער זיכערע טריט!
ער קומט מיט א גלויבן א יום־טוב פאַרזייען און אייגענער גאָרטן ווערט
פרוכטבאַר צעבליט —

ס׳בליט די ירושה פון צענדליקער דורות, ער זינגט זייער ניגון, פון שבת
די גלאָרייכע רום,
אזוי קערט זיך אום א פאַרבלאָנדזשעטער פרינץ־זון, א פלאַמיקער זינגער,
אָ, הייגע, ווי דו!
ווערן דאָן וועלטן—מלא־בכבודו, דו, דיכטער, ווערסט שותף צו
גאָט־ברוך־הוא!

ג

אָ, הייבריך היינע! ס׳האָט קיינער ניט אַזוי ווי דו מיט לעבן־פלאַמען מיין
נשמה אָנגעגליט:
כ׳האָב אויף די בלעטער פון דיין ספר אויסגעטאנצט מיין זין פון זיין —
א כשוף־טאַנץ.
ניגון פון דיין ליד — חלומות און באגערן, חלום פון א באנדלאזע פלאנץ
וואָס בענקט צום וואָרצל פון איר שטאַם, צום מקור וואו זי האָט אַמאָל,
אמאָל געבליט.

ס׳האָט קיינער ניט אזוי ווי דו, געפורעמט אלע מיינע יאָרן, גאמא פון
מיין לעבנס זין,
ווער האָט מער זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון ווי דיין ליכטיק־בולט׳ע
געשטאַלט?
דורך די וועגן אַלע מיינע האָט איין־איינציק ליכט אַ גע׳כפל׳טע זיך העל
צעשטראַלט
און געלייכטיקט מיך צום וועג, צום אייביק סודות׳פולן, ניט דערגרייכבארן
— אהין.

דיכטער מיינער, ווער ווי דו, האָט מיין נשמה איינגעוויגט אין שויס
פון חלום־רו?
האָסט זי איינגעשלעפערט מיט א ליד און ווי מיט פאָטערליכער האנט
געגלעט.
אויף פליגל פון געזאנג איר אויפגעהויבן, צו ווייטע ספערן, צו די
הויכע־הויכן צו.

ס׳האָט דיין ליד געליכטיקט אַלע מיינע וועגן, אין די אַלע צייטן,
פרי און שפּעט,
און קיינער האָט מיך ניט אזוי באצוואונגען און אזוי דערהויבן —
אָט ווי דו,
דיכטער מיינער, היינריך היינע, דו אלכעמיקער פון וואָרט,
אומפארגלייכבארער פּאָעט!

ד

״בוך דער לידער״ — זעלטענע קארעלן; פון דייטשלאנד׳ס לירישע
פּאָעטן — דו דער בחיר;
אָ, דיין גורל־ליד פון ״אזרא״, בלייך און בלייכער ווערט דער אייביקער
פארליבטער נאר.
דער אייביקער בעל־חלום — טריאומפירענדער רעוואנש פון חומר׳דיקן
גזר,
ביסט ניט געווען פארשטענדליך פאר דעם פעטער דיינעם, אָט דעם
האמבורגער באנקיר.

דער פעטער דיינער האָט אריינגעבליקט אין לעבן דורך א גאָלד־
געגלאנצטער בריל,
און געוואָלט פארוואנדלען אין א סוחר דיך, דעם ״דאַפלגענגער״ פון
א דאָן־קיכאָט.
דיך געלאָקט האָבן אומבאגרענעצטע פארלאנגען: אדלער־פלאטער,
ריזן־טראָט,
האָסטו אויסגעביטן וועקסלען פונם האנדל פאר א קאָלאָסאלן ווערטער־
שפּיל.

האָסט דיין פעטערס רייכע שטוב געמוזט פארלאָזן, אין הארץ געפּיבערט
האָט א וואונד:
איינגעליבט זיך אין אמאליען און זי — אַ טאָכטער פון אַ טאַטן, אַ באַנקיר —
אזוי ווערט א פייער אָנגעצונדן און פארברענט אמאָל די זעל ביזן סאמע
גרונט.

נשמה — א געפאנגענע אין קלעם פון צער, אין געוועב פון פּיינליכן
וואמפּיר,

ווארפט זי זיך אין תהום פון אונטערגאנג און פארגייט אין נאכט אריין
אָן א זייַ־געזונט,
אזוי פארגייען הארץ און ליד צעזאמען און מיט זיי — א ליכט צעבליצטער
דיכטער־גרענאדיר.

ה

ביסט בשלום דורכגעגאנגען דעם סכנה׳דיקן וועג פון ״יונגע ליידן״ און
זיך אומגעקערט צו דיין היים:
״מיין קינד, וויר וואַרן קינדער״ — א קינדהייט־ליד פאר דיין עלטער
אָנגעגרייט.
אין דיכטערס לעבן פארגייען קיינמאָל ניט די קינדער־יאָרן, בליען,
גליען שטילערהייט,
זייַן זכרון, ווי אין בית־התפילה — אַ נר־תמיד, אין זיין האַרץ — ברענט
דער פלאם געהיים.

נאָר תמיד איז דער אומרו גובר די נשמה און עס יאָגט דעם דיכטער צו
נסיונות און געפאר,
ביסטו אוועק צום ים־ברעג זוכן רו; הארץ און ים, ניין, זיי וויסן קיינמאָל
ניט די רואיקייט פון רו.
הארץ און ים—ווער שליידערט זיי אין אָפּגרונט פון געראנגל, ווער אָ,
הייַנע, ווייסט ווי דו,
דעם רעטזלהאפטן כשוף־סוד וואָס ציט און מאָניעט צו דעם לעבן א
פאַרקלאָמערטער אין צער.

אדלער־פליגל האָבן דיך געהויבן צו די הימלען, דאָך ווען אין נידער
האָט א בליץ געטאָן
א שטראל פון בשורה צו א ליכטיקן באגינען, א וואָרט — מעוברת׳דיק
מיט טאט,
האָסטו באלד פארנומען דעם גערייצטן רוף צום קאמף און געהאָלפן טראָגן
הויך — זיין פאָן!

האָסט אויסגעלייזט דיין ליד פון זאטן, אָנגעשריבן אין דיין ספר א הייליק
ליכטיק בלאט:
״לעבעט וואָל, איר גלאטע הערן, גלאטע פראוען און די פוסטקייט
פון סאלאָן —
״שווארצע רעק, מאנזשעטן ווייסע, האָניק־רייד, אך, וואָלטן זיי א הארץ
געהאט.״

ו

אָ, היינריך היינע, דיכטער מיינער, טרוים־באַזעלטער, צום לעבן
איינגעקלאַמערטער פּאָעט,
איראָניש־האָלדיקער לשון, ווירטואָז פון וואָרט־געפלעכט און אַמאָל —
מורא׳דיקער אָרגאַן.
ריז — אומבאַזיגבאַרער אין ספערן וואו וואָר און חלום שמעלצן זיך
צוזאַמען, האַלטן זיך אין שפּאַן,
קאַסמאַסדיקער טאָן פון חוזק, וועלט־שמערץ־יאָמער, אַנטערטעניקייט
און שטורם־געבעט.

פּאַראַדאָקס: א גאָט און טייפל; פאַנטאַסיסט און געצן־דינער, כלומרשט
גריך און קלויזניק־ייד,
ביסט קיינמאָל ניט דערגאַנגען צו אַ ציל, קיינמאָל ניט אַריבער אויף דער
אַנדער זייט פון שוועל;
האָסט אין אומקום־תהום אַראָפּגעשליידערט הפקר׳דיק דיין גוף און
דערנאָך — דיין זעל
א פאַרשאָלטענער פאַרבליבן אין דער סתירה, אויף "מאַטראַצן־קבר"—
חוזק־אינוואַליד.

אויף "מאַטראַצן־קבר" — האַלב־בלינדער, ערב ווידוי, האָסטו נאָך
גע׳לצעוועט פון זיך און גאָט,
און דיין שאַרפן וויצן־פייל געוואָרפן דיינע שונאים טיף אין האַרץ אַריין,
דיין וואָרט — אַ שפּיז, אַ פּאָך פון אַ באַזיגער, וואָפן דיינע —
גאַרגאַנטואַ־שפּאָט.

יאָ, האָסט אויסגעטרונקן ביז צום דנאָ דעם אָנגעפילטן בעכער ביזן ראַנד
מיט צער און פּיין,
פאַרגאַנגען זיינען דיינע לעצטע שעה׳ן אין אַ ספקות׳דיקן אין־סוף־
קאַראַהאַד:
"קיינע מעססע ווירד מאַן זינגען" ווען איך וועל דאָ מער ניט זיין.

ז

"קיינען קאַדאש ווירד מאַן זאַגן" — רב און פּריסטער האָבן דיך צו
קבורה ניט באַגלייט,
האָסט פאַרלאָזט דיין דורות׳דיקן גלויבן און אַפילו ניט געשטאָרבן
ווי אַ פרומער קריסט.
אַ קול פון מאָנונג האָט דיר ניט געלאָזט איינגאַנצן צו אַנטלויפן; אַ זיי
געגריסט

דו, שטים פון דורות, ביסט פון גאָט דער זיגל, לאָזט אפילו ניט דורך טומאה זיין צעשיידט.

ביסט אין א שעה א פינצטערער־פון אונדז אנטלאָפן, בא זיי — א פרעמדער, א ניט אָנגעלייגטער גאסט,
האָט דער חלום פון דיין אומה דיר אנטפלעקט דיינע שפעטערדיקע אויפגעהעלטע טעג.
האָט דיין וואָרט זיך וואונדערליך צעבליצט אין א בלענענדיקער וויזיע אויף דיין גורל־וועג
און דיך איינגעוואָרצלט ווידער אין דיין שטאם, האָסט געהאָלפן טראָגן אים, אין זיין גלות־גאנג, דעם לאסט.

האָסט דאן זיך אדלערדיק דערהויבן און פון די הויכן אויסגעזונגען אים דיין "שבת־ליד."
האָסט דערגרייכט צום קוואל פון טרערן וואָס דיין יהודה בן הלוי האָט אים פול געמאכט;
און ווי דער ריטער פון דיין "דאָנא־קלארא־ליד" אויסגעשריען פאר דער וועלט, דו ביסט, ווי ער, א איד!

אָ וועלכע איינהייט בינדט צענויף אונדזער אומה־בענקשאפט צו איין חלום און צו איין געטראכט?
אָ, וועלכער צופאל טיילט איין מחנה צו מיט גלויבן און א צווייטע בלייבט אין וועג אין מיטן — מיד,
און צעבלאָזן זיך ווי שטויב אויף פרעמדע באָדנס, ווי שאָטנס אין א חושך׳דיקער נאכט?

ח

אין דיסעלדאָרף, אויף דייטשלאנדס ערד איז דיין וויגעלע געשטאַנען און דאָרט, צום ערשטן מאָל,
האָט וואָרט פארטרויט זיך אין דיין זעל: ביסט געוואָרן וועלט בארימטער לירישער פאָעט.
ליד דיינס — אויסגעחלומטער געוועב פון צער און פרייד, דורך דיר האָט "יונג־דייטשלאַנד" צו דער וועלט גערעדט,
און אלט־דייטשלאנד האָט מיט שוים אויף ליפ געצאָרנט הערנדיק די רייד פון בער — "אטא־טראָל."

פאר מיר ביסטו געווען דער ערשטער קול־מבשר, דער לויכטנדיקער זייל, דער פירמאַמענט,
אנטפלעקער צו די ווייטע האָריזאָנטן, די געהיימע האנט וואָס האָט געוויזן מיר א וועג.

סהאָט קיינער ניט אזוי געזעטיקט מיינע הונגערדיקע איבערלעבענישן
אין לאנגע נעכט און גרויע טעג
פון צווייפל, אומרו, א גערייצטער פון פארלאנגען, בענקשאפטן —
עראָטיש אויפגעבלענדט.

דיין ליד האָט מיר דערפירט צום וואונדער פון נצחון, מיין זעל פון
פלאָנטער אויסגעלייזט,
אריינגעוועבט פריידיקע חלומות, מיין געמיט געלויטערט אין דער
אומעטיקער אָוונט־שעה.
זכרונות, בילדער, שטראַלנדע קאנטורן ערב פון באַגינען מיינעם רייך
צעבליט, אנטבלויזט —

לעבן אויף פאר מיר, נאָך איצטער, אויף די ברעגן פון די לעצטע טעג
פון מיינע — דאָ.
ס'איז דער אייביק־וואונדערבארער נס פון וואָרט און פאר אן איינזאמן
ווי איך, א טרייסט,
ווען דאָס לעצטע ליכט נעמט צאנקען אינם ערב פון פארגיין — צום
אומבאוואוסטן דנאָ.

ט

דיין היימלאנד האָט דיך פון איר ערד פארטריבן, געבליבן דאָרטן איז
דיין "לארעליי",
נאָר איר ניגון איז ניט מער דער רייץ צו תאוה, זי זינגט דער וועלט
א טרויעריק געזאנג:
סאיז דייטשלאנד איצט געוואָרן א בית־עולם און מתים שלעפן זיי צום
אונטערגאנג, —
קברים האָט זי אויסגעגראָבן אָט פאר די, וואָס האָבן איר אמאָל געהאָלפן
ווערן פריי.

דיין נאָמען, היינע, האָט זי אויסגעמעקט אינגאנצן און דיין ספר האָט
פארצערט זייער סדום'עדיקער פלאַם,
בלאָנדזשעט אום דיין וואָרט, פאר'יתום'ט, א פארשעמטס און זוכט אין
שאָטנס פון מצבות—רו.
אָ, דאָס אש פון דיין פארברענטן ספר ווערן וועט סימבאָל פון
דייטשלאנדס שאנד, און דו,
דו ביסט א זייל א ליכטיקער פאר אונטערדריקטע און פאר טיראנען—
שד און מות־סם!

דאָס לעבן מיט זיין רשעות האָט דיין גוף פארפייניקט, רעדוצירט
צו א סקעלעט,

דיסלדאָרף און האמבורג, לאָנדאָן און פאריז — אייביק־וואנדערער,
אָן אַן אָרט.
האָסט געזאָגט: "אומעטום איז דאָ א הימל, אומעטום — דערזעלבער
קבר־בעט."

און וואו עס רוט דער גייסט וואָס רופט און וועקט, בליט די פרייהייט זיך
פאנאנדער דאָרט!
אָ, היינריך היינע, דיכטער מיינער, פאר מיר ביסטו דער
אומפארגלייכבארסטער פּאָעט,
פאר מיר ביסטו א נביא, פון חלומות א פארזייער, מיך דערהויבט דיין
וואונדערלייכער וואָרט

י

איך האָב נאָך אין מיין יוגנט אָנגעשפּארט זיך אויף די פּלייצעס דיינע
און איצט ווידער
דרעמל איין איך און איך חלום פון דיין צויבער־מעשה'לע—"די לארעליי."
איצטער, אין מיין עלטער ווערט מיין יוגנט חלום ווי מחדש, ווערט פאר
מיר ווי ניי, —
און מערער נאָך ווי פריער כשופט מיך דער צויבער פון דיין
"בוך דער לידער."

ווי די זון אין שעה פון שקיעה אזוי טובל איך זיך תמיד אין דיין שאָטן,
דו, אנטרונענער אין טומאה און פארבליבן דאָרט א שמע־ישראל'דיקער
ייד!
איך ווער געפאנגען פון דיין וואָרט־שפּיל, קלאמער איין זיך אין דיין ליד—
הלוואי וואָלטן מיינע שורות, דיכטער מיינער, אין דיינע זיין געראָטן.

דיינע שורות ליכטיקן מיין לעבן מיט מיליאסן פלייצנדיקע ליכטער,
האָסט מיך אויפגעהויבן צו די הויכן אויף די אדלער־פליגל דיינע
פון געזאנג;
טובל איך זיך תמיד אין די שטראַלן פון זוניקער געשטאַלט־געזיכטער, —

וואָס מיט זייער וואָרט באפרייען זיי דעם מענטש פון תאוה־פלאָנטער
און פון חומר'דיקן גאנג.
כ'האָב נאָך אין מיין יוגנט אָנגעשפּארט זיך אויף די פלייצעס דיינע,
גרויסער דיכטער,
און איצטער, אין מיין עלטער, כשופט מיר נאָך מער דיין ליד, פארחלומט
מיר נאָך מער זיין קלאנג.

# פערסי בייסע שעללי

העכער פליען פונם אָדלער קען נאָר דער געדאַנק פון מענטש־בעל־שכל,
און העכער פון געדאַנק קען פליען די נשמה, אַ געלייטערטע אין קדושה
פון געפיל...
נשמה איז די קרוין, דער עמוד־האש, די בחירה פונם עתיק־יומים
אין זיין אוצר־היכל,
פון יצירה זיין כוונה און זיין העכסטער ציל...

און געווען איז דיין האָרץ אַ מקום־קדוש וואו פלעגסט מתפלל זיין ביחידות,
און אין סודותפולע רגע׳ס זיך גע׳טובה׳ט אינ׳ם פרדס פון אַ העלער
ליכטיקייט...
כלו־זכאי איז געווען דיין קורצעס לעבן... ס׳האָט געשפיגלט זיך עניוות
אין די שטראַלן פון דיין אמת, פון דיין ערלעכקייט...

ביסט געווען איינער אָט פון יענע אויסדערוויילטע וועלכע זיינען אויף
דער וועלט געקומען
ווי אַ שליח פונם הימל מיט אַ שטערן וואו אָפגעשטעמפלט איז געווען
דער קוש פון גאָט!...
איז דיין וואָרט אַמאָל נאָך שטורמדיקער פונם דונער מורא׳דיקער פון
אַ לייב אין ווילדן ברומען,
און אַמאָל, נאָך שטילער פונם שטילסטן סוד...

געבענטשט זאָל זיין די שעה ווען מענטש וועט ווערן אויסגעלייזט, באַפרייט,
דעמלט וועט דיין ליד זיך אָנצינדן מיט שכינה־ליכט פון אייביקייט!...

דעמלט וועט זיך מענטש מיט מענטש באַהעפטן, אַלע וועגן וועלן פירן
צו דער אהבה,
צו דעם קוואַל פון אויסגעלייזטן אמת, פריי פון אַלע שאָטנס וועלכע
האָבן אים פאַרשטעלט...
דעמלט וועט זיך ערד און הימל אין אַ שותפותדיקער פרייד צעגליען,
באַהעלט
מיט פונקען הייליקע פון קעמפער בראַווע...

האָסט דעם צוגעשמידטן פראָמעטעאוס אָפּגעבונדן זיינע תפיסה־קייטן,
לעבט נאָך אָבער דער נקמה׳דיקער צעאוס, דער אייביק־פינסטערער
טיראַן...
אויף פלייצעס זיינע טראָגט דער "אָפּגעבונדענער" דעם צער פון
וועלט־גייסט, אויף יעדן שפּאַן
קומען ספקות אים באַגלייטן...

פאַרוואָס מוז תמיד זיין דער וועג צו דער באַפרייאונג פאַרפלייצט מיט
בלוט און טרערן?
פאַרוואָס מוז דווקא אַ געקרייציקטער דער קרבן זיין און צאָלן פאַר אַ
פרעמדנס זינד?
און מי פון דורות, זריעה פונם וואָרט פאַרזייטן זאָל ווי דעם שטויב
צעבלאָזן עס אַ ווינט,
עס זאָל אינגאַנצן הפקר ווערן?...

און איז דער זין פון "זיין" אַ קאַמף אַן אייביקער צו טובל'ן זיך אין
בלוט און טרערן־טאָל?
ניין, אָ, מענטש־קינד — ענטפערט אָפּ אַ קול...

ניין! ענטפערט אָפּ פון ערגעץ וואו אַ קול: פון אַ מום ווערט ניט אַלץ־
אינגאַנצן טמא,
און פאַלט אַ מענטש אַראָפּ אין אָפּגרונט, גיט ער אויף פון דאָרט צום
הימל זיך אַ הייב!...
האַרץ, אין זיינע סודותפולע צעלן טראָגט יענעם אייביקן באַפעל: האָף
און גלייב!
כרובים צוויי פון דער מענטשלעכער נשמה...

האָף און גלייב — דער הייליקער צעמענט וואָס פלאַסטערט די
מאַרטירער וועגן,
די וויזיע פונם נביא און די פליגל פון אַ דיכטער אָט ווי דו, אָ, שעללי,
ביסט געווען;
און אַ וואָרט אַזאַ ווי דיינער וואָס שרפ'עט וועלטן מיט זיין כשופדיקן
ברען,—
וועט ווי דער סנה אָנקומען אַנטקעגן...

די בייזע כוואַליעס פונם ים האָבן חוצפהדיק דיין יונגן גוף פאַרשלונגען,
געבליבן איז דיין דונערדיקער קול און די שניידנדיקע ליכט פון בליץ—
וואָס וועט אייביק ליכטיקן דעם גייסט... האָסט ווי דיינע דיכטער־ברידער:
בייראָן, קיטס,
דאָס ליד פון קאַמף און שיינקייט אויסגעזונגען...

האָסט ביידנס גורל אין דיין זעל פאַרנומען, איז געוואָרן איינס — זייערס
מיט דיין ליד,
"דריי־איינקייט" פון גרויס בריטאַניע — איר שענסטער בליט...

דאָס ליד פון קאַמף און שיינקייט האָסטו אויסגעזונגען, דיין חלום לעבט
מיט אונדז, אָ, שעללי,

דיין וואָרט ער וועקט און רופט און לאָזט ניט איינדרעמלען דעם זאַטן,
פאַר אים איז סם דיין טרוים...
אַ, גרויסער דיכטער! דיין ליכט פון פרייהייט זי האָט אָנגעצונדן מיט איר
פלאַם דעם רוים,
זי ברענגט די בשורה פון אַ צייט אַ העלע...

דיין פרייהייט־גייסט — אַ וואַכנדיקער שומר, ער וועט אויף אייביק צומאכן
די טיר פון נעכטן
פאַר דעם קומענדן באַגינען, אַ, געטובלטער אין קוואַל פון דער נבואה,
ביסט מיט נביא־גלות געוועזן באַזעלט!
עס צינדן אָן די שורות דיינע ליכטיקע פאקעלן, פלאַמענדער פאָעט פון א
באַנייטער וועלט, —
דיין אויסדערוויילטער וועג, דעם ריכטיקן, גערעכטן...

בייראָן, קיטס און דו — "דריי־אייניקייט" פון גרויס בריטאַניע, ביסט
אַ ברענענדיקער דאָרן,
פאָנען־טרעגער פון אָן אויסגעלייזטן עתיד, אייביק וועט דיין נאָמען
שטראַלן אין דיכטערשן באַסיין;
ביסט אָן עדות פון אַ גאָט־געבענטשטער שליחות, דיין האָפט וועט
קיינמאָל ניט פאַרגיין,—
בחנם וועט ניט זיין דיין מי, ביסט אונדז ליב געוואָרן...

געבענטשט זאָל זיין די שעה ווען מענטש וועט ווערן אויסגעלייזט, באַפרייט,
דעמלט וועט דיין ליד זיך אָנצינדן מיט שכינה־ליכט פון אייביקייט!...

## וואָלט וויטמאַן

מאטעס דייטש׳ן דעם דיכטער, איבערזעצער און
מפורש פון וואָלט וויטמאַנ׳ס שירים—אין יידיש
— אַ מתנה.

**א.**

האָסט ליד דיינס נישט געהאמערט, נישט געשליפן, ס׳איז א פעלז—מעכטיק,
קאָלאָסאַל,
אומבאגרענעצדיקער ווערטער־שטראָם האָט דורכגעבראָכן אלע צאמען
פון דיין פרייען פערז.
ס׳האָט "קונסט פאַר קונסט" זיך קיינמאָל ניט געוואָרצלט אין דיין ליד־
רשות, רוימליך ווי דער אוניווערז
זיינען דיינע שורות, אומענדיך און מאָביל ווי קאָסמאָסדיקער ריטם־שוואונג
ווי אייביקייט פון אַל.

ביזט געוועזן דאָס "הארץ פון הערצער", קוואַל פון תמימות, רעזאָנאַנסן
פון דיין צאפלדיקער זעל
האָבן זיך, ווי תמיד ברויזנדיקע ימים כוואַליעס, נצחונדיק געכוואַליעט
אינם לעבן־שוים.

האָסט מיט התלהבות אויסגעזונגען דעם אַל־לעבעדיקן קיום־טעמפּאָ און
פאַרכשופט אין א טרוים
גאָלד־אָטעמדיקע מידע־יעגער—בלינד־פאַרקנעכטע צו א ליידנשאַפטלעך
עקזיסטענץ באַפעל.

איז דיין ליד געוואָרן יחוס־הימנע פונעם מענטש; האָסט אים אָנגעטאָן
פון "האָמאָ־סום" — די קרוין,
צויבערט זיך אין צויבערלאַכן וועלט־באַשאַף אָדם־קינד, ווי א בן־יחיד,
ער, יצירה׳ס ווירטואָז!
פון אַלע אַטריבוטן — דער גראַנדיעזסטער! עס שטראַלט אַרויס זיין
אייגנאַרטיק עגאָ־חן.

מענטש—קאָמפּאַס פון אַל, דער קדשי־קדשים און דער עיקר, א
מרכז־רוחני אין קאָסמאָס,
זיווג׳דיקער שותף אין דעם אייביקן מהות—מיט גאָט; דער אַלץ און אויך
דער אָן א שיעור—אַליין,
צו אים, וואָלט וויטמאַן, האָסטו אויסגעזונגען דיין געזאַנג אין די
"בלעטלאָך־גראָז."

ב.

האָסט אויסגעזונגען אין די "בלעטלאָך־גראָז" — שייכות׳ן פון מענטש
צו מענטש אין צער און פרייד,
ביסט געווען א חסיד פונעם לעבן, האָסט אָנגעוואָרעמט מיט דיין הויך:
תוך פון דאָ׳איקן יסוד;
ליד דיינס איז מחדש די געזאַנגען פון די דורות; נעכטן, היינט און עתיד—
גאַנצער קיום־קאַראַהאָד
פליִיצט און פליסט פון פאַר בראשית צום אין־סוף, אין א תהום׳לאָזיקן
אויפליִיז—אָן באַשייד.

האָסט דיין וואָרט געטראָגן צו דעם פאָלקס־מענטש, צום יחוס־לאָזן פּעבל
אין זיין עלנט־קלעם,
איז ספר דיינער—אָן עוואַנגעליום, א בשורה, אַז ליכט פון לעבן ליכטיקט
יעדן גלייך!
ביסט איינער פון די זיילן, איינער פון די אויסדערוויילטע אינם דורות׳דיקן
קעניגרייך,
אָן איקאָנאָקלאַסט ווי בודהא, בייראָן, שעלי און באַ אונדז—א לוי יצחק
און אַ בעל־שם.

האָסט ניי־אַמעריקע פאַרכשופט מיט דיין פּאָרמענלאָזן פערז־געבוי,
זיכער ווי א דעמבן־בוים,

לידער דיינע — פריי ווי פויגל, ברייט ווי פרעיריס און ווי מיסיסיפי׳ס
טייך — דער פלוס.
הימנען צו דעם גוף און זיינע דראנגען, א ניי—אני מאמין פון א
צוקונפט־טרוים!

סאלוט צו דיר, וואָלט וויטמאן! דו, אש־להבה׳דיקער דיכטער פון א
קוואַליקן מהות,
ס׳האָט זריעה דיינע זיך צעבליט אפילו אינם שטאָל פון הימל־קראצערס
און אין היים
פון ווייט פארוואָרפענע ישובים: אומעטום שטראָמט פריי אריין דיין
זוניקער געגרוס!

ג.

אומעטום שטראָמט פריי אריין פון דיינע ״בלעטלאך־גראָז״ דער
תענוג׳דיקער אַראָמאַט,
ביסט געוועזן פריינט און חבר מיט איעדן, וועמען לעבן האָט באַ־עוולה׳ט
און ניט גלייך גע׳חלק׳ט.
האָסט די באָדנלאָזע און די הפקר׳דיקע מיט דיין ברוינזנדיקער לאַוואַ־ליד
— געהייליקט,
חסד פאר דעם גאנצן וועלט־באשאף: יעדער ווילן איז פאר דיר געוועזן אן
עדות אויף א טאָט.

יעדע האנדלונג שטראָמט ארויס פון געהיימניספולע סיבות, פועל־יוצא
פון א געטליכן גענאָד,
האָסט ווי, שפינאָזא, זיך פאַר׳קנס׳ט צום אמת, צו די אייביקע אַקסיאָמען:
ליבע, טוגנט,
צו פאַלקאָמענדיקער אחדות, שלימות, דעטערמינירענדער געזעץ פון
פערנאמענטער יוגנט. —
דאָס מחדש זיין זיך יעדער רגע, נס פון עולם ומלואו, פונם זיין —
דער טיפער סוד.

ס׳איז דיין ליד א גלגול פון דעם אייביקן געדראנג: צו זיין! פון דער
געקייטלטער קאנטינואיטעט,
האָסט מיט פאָטערליכער צערטליכקייט ארומגענומען ״אדם׳ס קינדער״—
מענטש פון אלע שטאַמען,
און באַפרייט זיין גוף און זיין נשמה, אים באַהויכט מיט חלום, מיט
הארמאָנישער סאָלידאריטעט!

פלייצט דיין וואָרט א דורך ארטעריען פונם גייסט, רעגנבויגנדיק און
שיין ווי פעדערן פון די פאזאנען,

רייך ווי זייער וואונדערליכער פארב־קאָליר; ביסט העראָלד, מיט א שליחות
אויפן ערד־פּלאַנעט —
העל־זעענדער פּאָעט, וואָלט וויטמאַן! האָסט אין וועלט גע׳חבר׳ט מענטש
מיט מענטש צוזאמען!

ד.

סאלוט צו דיר, וואָלט וויטמאַן! האָסט פּראָקלאמירט אין דרייסט
גראנדיעזן פּערז:
מענטש — איינציקארטיקער און וואונדערליכסטער זייל פון סודותפולן
אל־יסוד;
בחיר פון אלע ברואים און א שותף צו דער אייביקער יצירה— גלייך
מיט גאָט!
ביידע גלייך — סימבאָלן פונם קיום, כחות צוויי וואָס גיסן זיך צונויף
אינם אוניווערז.

האָסט געזונגען: מענטש איז תמיד—מענטש! שטאַם צי ראַסע ענדערט
ניט זיין ווערט;
זון וואַרפט אירע שטראַלן אויף א יעדן יחיד, אָן שום רעכט־הקדמות,—
גאַנץ און גלייך;
גאַסן־פרוי, און וואגאבונד, דער בעל־מלאכה און אָט דער וואָס בויט זיך
אויס א קעניגרייך,
זיינען אלע פאַר דער זון — יחסנים גלייכע און קערן אום זיך באַקעטע צו
דער מאַמע־ערד.

סאלוט צו דיר, וואָלט וויטמאַן! הארץ דיינס איז געווען ווי פּרעירי—
ווייט און ברייט,
עגאָ דיינער — ווי דער וועלט גייסט אייביק און אומענדליך ווי גאָט און
צייט און רוים,
א פלוס פון עלעמנטן וועלכע ריזלען זיך צווישן וואָר און חלום, וועג —
פון לעבן און פון טויט.

טויט איז בלויז א טויער, א טיר—פון גרויער וואָר צו דער אייביקייט
פון טרוים,
צום "לאַנד פון ריינעם אמת" וואו די "בלעטלאַך־גראָזן" דיינע בליען
און זיי ווערן ניי באַטויט
מיט נייעם זיין, וואו עס ווערן מנצח אלע סתירות פונם דאָאיקן פּאַטאלן
תהום.

## עמיליע דיקנסאָן

דער דיכטערין נחמה קרופּ

היינט נאָך מערער ווי אמאָל באוואונדער איך די עמערסאָנישע מאמרים,
און "וואָלדן" פון טהאָראָ איז ווי אַ וואַסערל אַ קלאָרס—אין מיין זכרון;
קאנקארדס וואונדערליכע בליטן ווערן ניט פארוועלקט פון ... ארן,
קאנקארד רעדט צו ניי־אמעריקע אפילו פון די קברים.

אָ, מען קען זיך ניט באפרייען פונם צויבער וואָס פארבליבן איז פון פּאָע'ן,
פון וואָלט וויטמאַנ'ס הויך־נביאיש, תהלים'דיקע "בלעטלאך־גראָזן";
דער גייסט דער אייביקער — ער וועט א וועלט צו הפקר ניט דערלאָזן,
זיין געוויסן וועט דער מענטש פארנעמען אין יתרה'דיקע שעה'ן.

עס זיינען עמערסאָן און וויטמאַן ווי אין רוים — די זוניקע פּלאַנעטן,
און דו, עמיליע, — די לבנה; דיינע לידער — הימלס פינקלדיקע שטערן;
דיינע סטראָפן—שטראַלנדע געוועבן פון אמונה, אָ, דו, צארטפולע פּאָעטין!

ביסט שוועסטער־דיכטערין פון אדא נעגרי, מיט זעלבע אויסגעחלומטע
באגערן,
איז אייער ליד געוואָרן ווי א שטילע תפילה, ווי א פרומער בעטן:
אויסצעלייזן מענטש פון צער, פרייד און וועלט זאָל אָנגעצונדן ווערן!...

## יצחק לייבוש פרץ

### א

דו ביסט צו אונדז געקומען "אויפן אַלטן מארק"—באַלאָדן מיט אן אוצר'דיק
פארמעג,
מיר האָבן דיך ארומגערינגלט ווי חסידים זייער רבי'ן און ארייגענומען
אין דער מיט.
עס האָט דער "זיידע" מיט זיין "קליאַטשע" תמיד אונדז די טריט געבריט,
ביזטו געקומען—און אויסגעלאָדן גאָלדענע חלומות פון די קומענדיקע טעג.

געבראַכט האָסטו א וואָרט א יום־טוב'דיקס אין וואָך פון אונדזער גרויער
עקזיסטענץ,
פון שטויב אונדז אויפגעהויבן און ווי מאָנומענט געשטעלט אויף הויכן
פּעדעסטאַל;
האָסט אויפגעדעקט אין פאָלקס־נשמה—חסידות'דיקן מדת־רחמים־קוואַל—

האָבן אונדזערע געצעלטן זיך צע׳יובל׳ט—ווי בן עמרם׳ס—מיט אז־ישיר
טענץ!

נאָר יאָרן זעגלען זיך אוועק נאָך איידער ס׳גיט א בליאסק פון נייעם טאָג—
די פרייד,
און עתיד איז פאַרנעפּלט ווי די אייביקע מיסטעריע: יאָ צי ניט—דער זיין...
עס שפּרייט זיך פּיצטערגיש אין גבול פון אונדזער קיום און מיר
בלאָנדזשען אָן באשייד —

אַרומגערינגלט מיט סיגנאַלן פון סכנה; ספקות־ווערים קריכן טיף אין האַרץ
אריין.
דאָך גיט א בליץ פן הויך—א ליכט־שטראַל פון נבואה דיינער און עס
גלאנצט די קייט
די גאָלדענע! מיר שפּאנען ווייטער אויף דעם דורות׳דיקן וועג פון צער—
צום מאָרגנשיין!

ב

און וואו עס וועט נאָר זיין א ישוב מיט א יידיש־לשון וועט דיין נאָמען
דאָרט זיך ליכטן,
און וואו בלעטער פון א ספר וועט מען מישן, וועט דיין וואָרט—א שטראַל
טאָן מיט זיין תוך,
און וואו א ייד וועט ראנגלען זיך אין קלעם פון צער און וועט אויף פּלייצעס
זיינע טראָגן גלות־יאָך,
וועט ער טרייסט געפינען אין דיין ליד, אין די פּסוקים דיינע פון ״פאָלקס־
טימליכע געשיכטן״!

אנדערש פון דעם ״זיידנ׳ס איז דיין תרופה, און ביסט ניט געווען ווי ער—
איראָניש,
ער, דער ״זיידע״ האָט געשליידערט פיילן פון זיין אמת, געשניטן מיט
א מעסער־שאַרף;
ביסטו געקומען ווי א רופא און געהיילט, ביסטו געקומען מיט א נייעם
ניגון, און דיין הארף
האָט אויסגעשפּילט א חלום! פארגומען האָבן מיר דיין שליחות און
די בענקשאפט פון א ״מאָניש.״

און ווען עס ווערט דער בעכער ביזן ראנד א פולער פון די טרערן, און עס
לויערן אויף אונדז סכנות
פון א קומענדיקער כמארע און די שאָטנס זיינע פאלן טיף אריין אין
אונדזער יידיש־זעל,

און שוועך ווי בלײַ ווערן הענט ווען זיי האָבן זיך צום הימל פאַר גאָטס־
גנאָד — רחמנות!

דאַן גיט אַ בליץ דער קול־מבשר פון דײַן וויזיע, דאַן גיט דײַן ליכטיק־
וואָרט אַ העל, —
און ווי אויף פליגל פון אַ ווינט ווערן מיר געטראָגן: זכות פון דײַנע
"דרײַ מתנות,"
זכות פון "נעמיראָווער רבי", זכות — "די קייט די גאָלדענע", דאָס
ברענגט אונדז צו דײַן שוועל!

ג

דאָס ברענגט אונדז צו דײַן שוועל, יצחק לייבוש פּרץ! ביסט געוואָרן
אונדזער "שליח־ציבור",
דו שטייסט באַם עמוד אינעם מקום־קדוש פון אַ נײַעם וואָרט אין רײַכן
יידישן באַסיין.
דײַנע יורשים וועלן טראָגן די ירושה פון דײַן ניגון, זיי וועלן אויף די
זעלבע וועגן גיין —
און בענטשן וועלן מיר די גייער, די וואָס קומען צו דײַן הויז און גייען אויף
די שוועל אַריבער!

ס'האָט דײַן שאַרפע אויג אַרײַנגעבליקט אין יידיש־לעבן און פאַרקניפּט
דעם עבר מיטן עתיד,
אַלטע דורות, הייליקע געשטאַלטן! ס'האָט זייער גייסט באַפּרוכפּערט
דײַנע אַלע ווערק.
שבת־יום־טוב'דיקע יידן! נשמה יתירה'דיקע! דער קוואַל דער לעבעדיקער
פון "צווי בערג",
דער רב דער בריסקער און דער ביאַלער רבי, חקירה פון מתנגד און דער
פלאַם פון חסיד!

יצחק לייבוש פּרץ! ביסט געקומען צו דײַן פאָלק מיט דײַן עשירות און
געהייליקט לשון־יידיש,
האָסט אַנטפּלעקט די שענקייט פון אַ טויזנט־יאָריקער ירושה אויף די וועגן
פונעם גלות־שפּאַן,
האָסט צעזייט חלומות־בלומען אין אונדזער שעה פון יאוש, דערשלאָגענע
פון פחד און ירידות, —

דער עול פון ניט פאַרדינטן גזר, קללה וועלכע יאָגט אונדז תמיד ווי אַ
ווילדער אורגאַן;

נאַר מיר, — מיר זיינען מנצח אלע בייזע כוחות, אלע צאמען, מיר טוב'לען
זיך אין קוואל פון חסידות
און דערהויבן זיך איבער אלע גזירות און גורלות פונם פינצטערן טומאַן!

ד

נעם אונדז אונטער דיינע פליגל, דיכטער! זאָל דיין ליכט זיך צינדן קעגן
שקיעות,
קעגן וואָלקנס פינצטערע וואָס לויערן ווי שרעק־געשפענסטער אין אַ
שטורעמדיקער נאכט!
קלאַפּ אָן אין טיר פון אלע זיבן הימלען! דיין וואָרט דו האָסט אונדז
געבראכט
האָבן מיר פארנומען און גע'כפל'ט איז די ברכה פון דיין ליכטיקע נביאות!

יצחק לייבוש! האָסט מיט דיין עכטן ברען אָנגעצונדן יעדן יידיש־ישוב,
ווי אַ שמעון בן יוחאי, מיט דעם זעלבן פלאַם, אַ וועלט געליכטיקט פאר
גאָט ברוך הוא!
האָסט אין ליד דיינס איינגעוועבט פעדים פון בעל־שם־טוב'ס התלהבות,
און דו, —
ביסט ווי איינס מיט זיי געוואָרן און אויך אונדז געפאנגען אינם צויבערליכן
כשוף!

דו ביסט צו אונדז געקומען "אויפן אַלטן מאַרק"—מיט אַן אוצרדיק פאַרמעג
באַלאָדן,
מיר האָבן דיך ארומגערינגלט ווי חסידים זייער רבי'ן און ארייננעגנומען
אין דער מיט.
האָסט אויסגעלאָדן גאָלדענע חלומות פון די קומענדיקע טעג און אונדזער
באָדן —

האָט זיך ווי אַ נס, מיט טיפער בענקשאַפט צו אַ געטליכער
הארמאָניע, רייך צעבליט!
אַ ליכט־שטראַל פון נבואה דיינער אויף דעם דורות'דיקן וועג פון צער
פאר די נע־ונד'ן,
אַ פונק פון פלאַם פון קאָסמישן: דיין "קייט די גאָלדענע", דיין
כתר־מלכות־ליד!

## שלום אַש

א

ווען ס'איז מענדעלע ארייננעפאָרן אינם יידיש־לאַגער מיט זיין "קליאַטשע"
האָט נאכט געערוט אין גבול,

א געמיש פון אן אור־אַלט־לעבנס שטייגער, א הייפל שאָטנס, שטאָמען
אײנזאמע אין א מדברדיק מיראזש.
ברעקלאך פון א חלום׳לאָזן תכלית, וואָכעדיק, קאָלירלאָזע געשטאלטן,
אן אָרימער באגאזש,
נאָר שעפערישער קינסטלער ווי דער "זיידע" האָט א בנין אויסגעפורעמט
פון א נול.

מענדעלע האָט אויפגעפענט צוגעמאכטע לאָדנס, פונם דרויסן האָט א
בליצגעטאָן א ליכטיקייט
אין אלע חשך׳דיקע ווינקלען וואס איז תמיד פון דער זון געווען פאר זיי
פארשטעלט; —
האָט דער שטאָם אַ הויב געטאָן זיך און דערנענט געוואָרן צו זיין אור־
קוואַליקן געצעלט,
אומגעקערט א "פרינץ" צוריק צום אייגן היכל פון א בלאָנדזשנדיקן וועג,
פון ווייט.

דער "פרינץ" האָט שפעטער, אין א יום־טוב׳דיקער שעה, הויך א לאַך־
געטאָן, אויף א קול,
"שלום עליכם" האָט זיך אויפן "זיידנס" שוועל באוויזן מיט זיין ליכטיקן
הומאָר.
דורות האָבן זיך אין טרערן־קוואל גע׳טובלט, פארמשפטע פון גורל טראָגן
שטיל דעם גלות־עול, —

האָט געלעכטער זיינער יונג געמאכט דעם גוף דעם אלטן, גאלאָפירט זיין
וואָרט פון דור צו דור.
און דער דריטער — יצחק לייבוש פרץ האָט אויסגעבויט אַ צויבער־בריק
צו דעם אמאָל,
אָנגעטאָן די אבות־קרוין דעם "פרינץ" אים אויפן קאָפּ און מיט זיין וואָרט
אים אויסגעלייזט פון גרויער וואָר.

ב

מענדעלע, שלום עליכם און יצחק לייבוש פרץ, די אבות דריי פון
אונדזער יידיש־לשון,
כהנים גדולים אינם משכון פון א גלות׳דיקן לעבן — זיינע שטראָפער און
אויך זיינע טרייסטער.
און דו, שלום אש, ביסט געוואָרן זייער יורש, ס׳ליכטיקט זיך דיין נאָמען
אינם זעלבן רייסטער,
ברענט גלייך מיט אַלע גרויסע ליכטער, דורות׳דיקע אייביקייט—עס ווערט
קיינמאָל ניט פארלאָשן!

איז ווער ווי דו איצט זוכה צו דער שמירה און ווער ווי דו האָט רייך
פארטאָפּלט די ירושה?

זייר געהערט די סמיכה פון די "אבות" און מלבוש זייערן צו טראָגן ווי עס
פּאַסט אַ כּהן.
טראָגסט ווי זיי פּאַר גאָט און וועלט דעם בעכער אונדזערן פול מיט פּיינען
און מיט ווייען, —
מארטירער־טרערן וועלכע פליסן יתום׳דיק ארייין אין ים פון קדושה.

אונדזער איינגעפונדעוועטער בנין ווערט צעפאלן, מיר אליין רייסן אָפּ
פון אים אַ ברעטל נאָך אַ ברעטל,
און די בויער לויפן און אנטלויפן, זוכן אין דער פרעמד אַ זיכערקייט,
אַ פעסטן באָדן.
אָ, ווער וועט שפּעטער זינגען אונדזער אייגן ליד, אַז קלענער ווערט
דאָס דיכטער־צעטל?

ווער וועט היטן אונדזער וועקסל, ווער וועט מאָנען פון דער וועלט דעם
חוב פון אונדזער שאָדן?
אָפּגעשטאָרבן איז "ר׳ שלמה נגיד" און פארגעסן, ווער דערמאָנט אים
היינט אין "שטעדטל?"
און זיין גרויסע שטוב פון "מכניס־אורח" שטייט אַ ליידיקע מיט
צוגעמאכטע לאָדן.

ג

ווי אַ פלוצימדיקער שטורעם, ווי מיט בליץ און דונער האָט אזוי אַ שטראָם
געטאָן דיין שטאָלצער וואָרט,
פונקען פייערדיקע האָבן זיך צעשפּריצט אין אַ שעמערירנדיקן, טרוים־
פאנטאסטישן ראקעט.
האָסט אָנגעצונדן ליכטער־טורעמס אויף די שטעטלדיקע וועגן, געזאנגען
פון אַ עפּאָפּעאישן פּאָעט,
האָבן זיך ווי גלאָקן־קלאנגען העל צעקלונגען און אויפגעצויבערט יעדן
יידיש־ישוב־אָרט.

ווי אַ טויב אַ ווייסע האָסטו אָנגעקלאַפּט אין אונדזער פענצטער און געבראַכט
פון עבר—אַ גערוס,
אויסגעלייזט פון דער פארגעסנהייט—פאָלקס־לעגנדן, טיר און טויער
אויפגעעפנט צו דעם אַלטן דורות׳דיקן קוואַל;
הייליקער מארטיראָלאָגיע! דו האָסט צו זיי דעם לאנג־פארגליווערטדיקן
גורל פון צייטן־אונטערוואל
מיט פלאמנדיקער בענקשאפט דיינער אָנגעגליט, מיט זונען־שטראַלן פון
דיין טרוים־רשות.

האָט הימל אונדזערער געשפּיגלט זיך אין פאַרבן אַלערליי פון דיין
רעגנבויגנדיקער ליד,
יידיש בענקענדע ניגונים צאַפּלען זיך אין די ספרים דיינע, חלומות פון
נשמות אויף אַ יעדעס בלאַט;
אות׳יעלאַך, ווי שטערן גאָלדענע אויפן הימלישן געוועלב, פינקלען ווי
דער נאַכט־טוי אויפן בליט.

דו, שלום אַש, ביסט אויף אונדזער באָדן אָנגעקומען אַדלער־דרייסט, ווי
אַ יום־טוב׳דיקער קאַוואַלקאַד,
דו, דער ״אייניקל״ — ירושה טרעגער פון די ״אבות״־דריי, שטייסטו ווי
אַ ליבלינג־קינד אין זייער מיט, —
אָ, אַזעלכע אויסגעפורעמטע געשטאַלטן האָט נאָך אונדזער יידיש־לשון,
ביז דיין קומען, ניט געהאַט!

*  *
*

## אַלטער עסעלין

# לידער

### אויף די ראַנדן פון תנ״ך

נאַכט, איך און מיין שאָטן.
ביים האַנט אַ פּען און טינט.
אַ גריל זומט ווי אויף גאָטן.
אין דרויסן אַלולט ווינט.

אויפן טיש דאָס הייליקע בוך,
זאַט און זאַט שוין מיט יאָרן;
איך לייען, לערן און זוך
נעמען פון די אַוטאָרן.

ווער האָט געשריבן האזינו?
און נחמו נחמו — ווער האָט?
אַ זעאונג גייט אויף אין מיין זינען:
דיכטונג גענענט צו גאָט.

בלוט אין יעטוועדן אות,
צער — תהומיקע טיפן,
ווערטער פּשוט ווי גראָז
רוישן ווי וועלדער אין סיון.

געזאַנגען פון דוד און שלמהן,
די וועלט צעגיסט זיך אין לידער,
ווער עס וועט בענקען און טרוימען
וועט זינגען זיי ווידער.

ווינט וויינט ווי אויף פידלען,
מיין שאָטן ווערט גרעסער און העכער;
עס גייען מיט בערד און קיטלען
אַ רייע לא אמות כי אחיה׳ער.

נביאים, נזירים, המונים,
ווי פון אונטערן פענזל פון מאָלער.
עס שלאָגט פון מיין יחוס דעם שיינעם
דופט אָריענטאַלער.

איך שפיר דעם עראטישן אָטעם
פון שמשון, דעם האַריקן גבור;
אפילו דלילה וואָס האָט אים
פאַראַטן, ווערט אויך מיר ליבער.

ראָמאַנס פון עקזאַטישער רות׳ן,
ביזאַרער יום טוב אין מיטוואָך;
הויכמוט, שלאַכטפעלד־גרויסן;
פאַר׳נדר׳טע טאָכטער פון יפתח.

גלאָריע — אויך חורבן און פּלוך,
ווי נעכטן, היינט און ווי מאָרגן,
וואַרהאַפטיקע ווערטער פון בוך
וויברירן ווי אָרגלען.

דעם שונא׳ס האַנט איז ווי אייזן,
דער נביא — ערשט שטאַמלער, שטומער,
נאָר אַז בלוט אויף דער ערד נעמט זיך ווייזן
ברעכט אויס אין זיין גאָרגל דער דונער.

דער דונער איז שטאַרקער פון טראָנען,
ווי יושר איז שטאַרקער פון שווערד.
טויט שוין דער נביא — זיין מאָנען
שרייט אַלץ פון דער האַרץ פון דער ערד.

•

און וויפיל דו לייענסט פון דאָרט
קאָנסטו אַלץ ניט דערשעפּן:
פאַרשכורט פון שיינקייט פון וואָרט
נעמען די אויגן דיר קלעפּן.

דיין האַנט בלייבט אויפן בלאַט,
דיין קאָפּ פאַלט מיד אויפן קישן.
ביזט רוהיק און קלוג ווי סאָקראַט
און אַלט ווי אדם הראשון.

# פון אַ בריוו צום אינגל

1

צו זײַן אַלײן איז ניט קײן חסד
פון דעם וואָס טײלט די גאָב פון לײד,
ס'איז קאַליע װײן װאָס בריט װי עסיג,
פאַרעד עס ניט מיט זיסע רײד.

איך װאַרף צוריק די פרומע פראַזע:
אַלײן, אַלײן איז רײַן די זעל.
ביזט ניט קײן צאַרטע בלום אין װאָזע,
יונג, דײַן קאָרק דאַרף האַרטע פעל.

פאַר יאָך, טאַט און לעבנס־עובדא,
קײן סאָבסטיטוט־ניטאָ, ניטאָ.
ביז דער װאָרים װעט אַ רוף טאָן
לעב כאָטש פול די חיי שעה.

עפן ברײט די טיר פאַר יעדן,
טראַקטיר זײ מיט דײַן ביר און ברױט;
דײַן שמחה זאָל פילשטימיק רײדן
און — פאַר דעם לומפּ זײַ אײכעט גרײט.

דעם טכויר אין מענטשן קאָן איך אויך.
פאַר אים אַביסל סם צעמיש —
אויב דײַן פויסט און װאָרט איז װײך
און ליב איז דיר דײַן יום טוב־טיש.

ניט פאַל אַראָפּ פאַר דעם "אַלץ־קענער",
דעם סוף פון אים װײסט יעדער נאַר;
ביזט דאָ װי איך, װי דער און יענער:
בלעטלאַך אויף אַ קאַלענדאַר.

רעד װאָס װײניקער פון טויטע,
ביכער ניט מיט קאַנט און קיטס;
די שײנע װײזהײט ליגט אַ גרײטע
אין תמימות פון אַ קינדערװויץ.

מאַך נוץ פון זייף און קלייד זיך ציכטיק,
וואו דו קומסט העל אויף מיט ליכט;
און דאָרטן, וואו דו ביזט ניט וויכטיק —
היט טאַקט און גלייכגעוויכט...

צווישן פרויען זיי אַ צערטלער
נאָר מיט טויזנט אויגן וואַך,
דו זאָלסט ניט ענדיקן ווי „וועַרטער"
מיט אַ קויל און בלומענשפּראַך.

צוים די תאוה, ברעך געבאָטן,
דיין לעבן זאָל ניט גיין אומזיסט,
ווי אַ דינער וואָלקנשאָטן
אויף אַ בערגל מויזנמיסט.

2

לערן זיך דיין סוד ניט צו אנטפּלעקן,
אויף די פינגער צייל די וואָס מאָגן וויסן.
געדענק: דיר קאָן אַמאָל אַ וואָרט פאַרדריסן,
מיט טויזנט שלייערן זאָלסטו דיין צער פאַרדעקן.

פאַרבאָרג, דערשטיק אין האַרצן דיינע ווייען,
זיי שטענדיק גרייט אַ „שמייכעלע צו קרימען";
דו וועסט אַמאָל אַליין מיט דעם זיך רימען,
דו וועסט אַמאָל אַ שטאָלצער זיך דערפרייען.

צייט, די היילערן, וועט דיינע וואונדן היילן,
דיין "פריינט" קאָן מאָרגן דיר אַ שונא ווערן.
אַזוי, אַזוי — וועסטו זיך שמייכלען, קלערן:
פאַר וועמען כ'האָב מיין סוד געוואָלט דערציילן.

## לייענענדיק אַ בוך

עמאַ באָאַוואַרי האָט געשטעלט אין קאָן
מער פיל מאַריאַ מאַגדאַלענאַ האָט פאַרמאָגט.
אין אַ שכורער שעה האָט זי אַלץ פאַרשפּילט:
דעם גאָלדענעם לייטער צום ליכטיקן הערמיטאַזש
ביז סערוועטקע פון טיש, לינען פון בעט,
און אַז די שולד האָט זיך צוגאָסן ווי אַ פלייצנדיקער טייך

און געוויסן האָט געפּיקט דריבנע, גיך,
האָט זי זיך געזעצט פאַרן שפּיגל — דעם הויכגעריכט
און רוהיק אויסגעהערט דעם ווערדיקט: צאָל.
און זי האָט געצאָלט דרייסט און קוראַנט
מיט פּאָסן לייב, שטיקער זעל.
אַ הונט וואָלט אַפילו אַ לעק טאָן ניט געוואָלט.

אין די טונקעלע אַלייען פון אירע ראַנדעוואוס
בין איך איר נאָכגעגאַנגען ווי אַ שטן — ליכט,
ביזן לעצטן בלאָט האָב איך איר אָטעם געפילט —
דעם אַראָמאָט פון איר הויכמוטיק האַרץ
ווי אַן עקאַליפּטוס צעשפּאָלטן פון דונער.
און ווען זי האָט געשלונגען דעם געלן סם
האָב איך געבלייכט און געבראָכן גרינעם גאַל.
מיט ציטערדיקע הענט האָב איך דעם בוך פאַרמאַכט
און ווי אַ קינד געוויינט נאָך איר.

## וואָס מיזעט אין דער לבנה

צום ווייפילטן מאָל דערקען איך אין דער לבנה
געזיכטער באַקאַנטע,
ערשט נעכטן געזען אַ שאַרפן פּראָפיל פון דאַנטע
אין אַ ראַם פון נעבולע, באַזוימט ווי אַ קירכנאיקאָנע.
ניט איינמאָל געזען אין פאַרביקע וואָלקנס מאָסיווע,
ביי אַן אָפענעם סופר, דעם מופלג רבי עקיבא. —
דעם לייוונט בלייכן שפּיגאָזע
אין גאָר זיין עלנט — זיין גלאָרי־פּאָזע...
איך האָב אין די וואָלקנס געזען אַזוי ווי מזעט אויף אַ פילם
מיין זיידן אין טלית און תפילין:
ש־ש־ איך מפסיקין,
ברוך הו ברוך שמו. —
איך וואַרט אויף אַ נאַכט ווען דער הימל איז בלוי
שטערן־קרישטאָלענע שויבן,
לבנה פלאַקערט דורך עמבער
און איך וועל דערזען אין פראַק און צילינדער
דעם לאָרד משה לייבן:
„— אָהאי אָהא אַ מענטש איז דאָ"
וואָס מאַכט מען אין לאַנד פון לידער?
— ניט שלעכט, משה לייב, וועל איך זאָגן.

ניטאָ זיך אויף וואָס צו באַקלאָגן,
משרייבט, וואָדען, מעט ניט שרייבן קיין לידער?
מווערט בלויז אַביסעלע מידער.

כבין לאַנג ניט געווען אויף דעם ווערטער־יאַריד
און כווייס ניט ווי הויך, צי נידעריק
דער קורס פון דער ניקערבאָקער גילדע האַלט,
נאָר אין שטעטל אַדאָ בין איך שוין באַלד
דער לעצטער און איבעריק.
אַז פאַר לידער אַ פּאַק וואָס איך שרייב אין אַ מאָנאַט
קלעקט ניט אפילו אויף קאַפּי מיט דאָנאַט.
אַז אַרום און ארום זענען מיינע פאַרערער —
אַ טוצן „דזשואיש רידער"
און ווערן ניט מערער.
באַלד און אויך זיי וועלן פאַרן,
צו אַלדע גוטע יאָרן —
פאַר וועמען לידער?

# אַ תפלה פון אַן אויפגערעגטן

פאַריכט די וועלט, גאָט.
לאָז צו רו דעם טכויר, די שלאַנג און דעם האָטענטאָט,
עכט זענען זיי געדולדיק און צאַרט
און שיין איז די ערד, דער הימל מיט זון באַפּאַרבסט
נאָר קאַליע און אומריין אזוי ווי א פּאַרך
איז דער ראַציאָ־מענטש מיט אַרישן מאַרך.
פאַריכט אים גאָט, פאַרריכט.
ווייז אַ זשעסט כאָטש פון דיין געטערפליכט,
אַז דו ביזט ניט קיין אויסגעשניצטע טשוטשעלע פון האָלץ
פון איינעם וואָס קען פאַרבן אויך און רעט אביסל שטאָלץ,
נאָר מיט דער צייט — א בערגל מיסט
בלייבט פון בילד און פון ארטיסט;
ווייז אז דו ביזט דאָ
ווי אונדזער בראָך און שאנד איז דאָ,
ווי אונדזער מיליאָנענדיקער בר־מינן איז דאָ
ברייט צעשפּרייט, דערבארימען
זאָלסטו זיך אויף די וואָס לעבן נאָך.

פאַריכט די וועלט, גאָט.
הייב אָן אָט דעם רעמאָנט.

טו ווי איך, ווי איך ווען כוואָלט געקאַנט
שטיין פאַר דיר ביים יום הדין;
וואַש כאָטש אויס מיט הייסן טערפּענטין
די סופער פליי אין פאָטערלאַנד
פון באַך און קאַנט.

## אַ מאָדנע זאַך ......

אַ מאָדנע זאַך, איך קען ניט פאַרשטיין עס,
כזאָל אפילו פאַרמאָגן אַ פלאַטאָס גאונות.
קען עס אַ גאָט וואָס איז פול מיט אידיליע
און האָט מיטלייד אויף ווערים אפילו,
נעמען אַ דיכטער פון פיינעם קאַליבער
וואָס שלינגט ווי בראָנפן מיזערע־לידער,
ווייל ער פילט ווי מוואָלט אים יעדן טאָג לינטשן
און זעט זיך אין שפּיגל ווי שמשון ווען בלינד שוין;
ווי אַ שפּענדל אין ווינט פאַרוואָרפן אין אַ העק אים:
אַדאָ וועסטו שרייבן וואָס כראַנאָס ווערט מעקן...
אַדאָ וועסטו שפּירן, פילן און אַנען,
אַז דאָס וואָס ווילסט איז גאָר ניט פאַראַנען.
דערצו נאָך לאַנגע יאָרן געגעבן
און וויל ער זאָל קלינגען מיט פרייד פון לעבן.

## העלדנטאַט

כהאָב זיך אויסגעלערנט זאַכן
וואָס כהאָב קיינמאָל ניט געקענט,
מיט די אויגן כלומרשט לאַכן
ווען אין האַרצן שענדונג ברענט.

אין טיפן בראָך קען איך זיך ווערן.
קענסטו אַזאַ העלדנטאַט?
אויגן רויטע, פול מיט טרערן,
שמייכלען זיס ווי שאָקאָלאַד.

## (לעסטער גאָט און שטאַרב — איוב ב.)

גלויב אין גאָט און היט דעם תהלים,
גיי אין שול און פאַסט תעניתים,

ווען צאָרן שרייט ניט איינצושטילן
און ארום דיר א ים מיט מתים.

זיי סופער פרום און גלאָץ די אויגן,
מאַך פאר יעדן לומפּ אַ וואָרע.
און דו — אַ פליג אין קעסעלפּויקן
צו א וואגנערישער פאָנפארע...

פארלאָז א באָרד זיך פון א רבין
פרעפל שורות פון ישעיהן,
פריידיק אָפּ דיין גאַנצן לעבן —
יושר זאָל די וועלט באפרייען.

פאר דיין לעצטער תפלה־זכה
מאָל דיר אויס א גאָט־געוויסן;
טו זיבן מאָל אויף דעם אַ כראַקע
און שטאַרב אַ פולן טויט אַ זיסן.

## וואָס דאַרפט איר אים האָבן?

כבעט אייך, פארשעמט ניט מיין שכן, טוביהן,
און לאַדט אים ניט איין צו אייער באנקעט.
ער איז אַן ערלעכער מענטש נאָר אַ טאקטלאָזער אביון
און איז ערשט אַראָפּ פון קראַנקנבעט.
וואָס דארפט איר אים האָבן?

זיין ראָק איז אלט, די הויזן גלאַנצן,
און אונטער די נעגל — שווארץ ווי זיין באָרד,
ניט ער קען זינגען, ניט ער קען טאַנצן
און ווייסט ניט אפילו קיין צורת קאָרט.
וואָס דארפט איר אים האָבן?

ווי אַ בופלאָקס באשטאָכן מיט פיילן
שלאָגט פון זיין פּנים אַ פּיינפולער גרים;
און אונדזערע דאַמען אין זיידנס און ניילאָן
וועלן זיצן פארקרימטע און קוקן אויף אים.
דארפט איר אים האָבן?

זינט איך קאָן אים — א שיין ביסל יאָרן,
ליגט ער באַגראָבן אַזוי ווי אַ קראָט.

חלומט אַ חלום, רייסט זיך פֿאָרן.
אז ער ווייכט פֿון אונז און האָט פֿיינט אונדזער שטאָט.
וואָס דאַרפֿט איר אים האָבן?

ער איז ניט אַזאַ שוטה ווי איינעם קען דאַכטן.
אַ שווייגער, אַ באַלאָדענער טיפּ.
ער קען אַמאָל זאָגן אַ שאַרפֿס און אַ לאַך טאָן —
טוט עס אַ שניט אין דער זיבעטער ריפּ.
וואָס דאַרפֿט איר אים האָבן?

ער איז ניט אַזאַ שלעכטער, אָט בעט אים, גיט ער
דעם ביסן פֿון מויל און רעט זיך ניט אָן;
נאָר ווי רויך אין די אויגן ווערט ער ביטער
ווען ער דערהערט אַ חניפֿה־טאָן.
וואָס דאַרפֿט איר אים האָבן?

אַז מ׳וועט זיך צעלאָזן מיט היפּערבאָל
אַז איר זענט אַ צדיק, אַ פֿילאַנטראָפּ,
קאַוויר איך ניט, ער קען נאָך באַפֿאַלן
און וואַרפֿן דעם רעדנער אַ טעלער אין קאָפּ.
וואָס דאַרפֿט איר אים האָבן?

## צו אַ מיידל

וויין ניט, מיידל, מטאָר ניט וויינען,
סוווערן פֿון דעם די אויגן קאַליע.
דיין ליבסטער וועט קומען אַהיים פֿון איטאַליע
מיט גרויסע מעדאַלן
מיט טראָלדן, קרייצן און שטרייפֿן,
ווי דער האַרבסט—ווען בלעטער פֿאַלן
און ווינטן פֿייפֿן...

וויין ניט, מיידל, מטאָר ניט וויינען.
אַזאַ ווי דו דאַרף שטענדיק מיינען
אַז אפֿילו טויט איז פֿון קנאַפּער באַדייטונג;
דיין ליבסטער וועט קומען — אָט שטייט אין צייטונג
אַז ער איז נעכטן אַרויף אויפֿן שיף שוין,
אַז מגרייט מיט פּאַראַדן צו ערן
דיין ליבסטן, דיין חתן — דעם שמשון.
טאָ וויין ניט, מיידל, שאָין די טרערן.

דיין ליבסטער וועט ברייגגען א סך סואווענירן —
סעקרעטן פון אונטער פארשלאָסענע טירן,
אזוינס וואָס מקען ניט אין וואולוואָרטס קויפן:
אַ חלף פון וואַרשע, אַ גאַז־טיוב פון דאַכאַו.
און ווייסע שטיקער פון מענטשן־פעטס זייפן.
ער וועט ריידן, דערציילן און זיך אפשר צעלאכן
פון זיך, פון דיר, פון גורל פון מענטשן
און אפילו פון חכם בארימטן וואָס רעט שיין.
נאָר ווען ער וועט אויסטאָן די שיך און דעם מאנטל
און דעם שמייכל פון פנים — ריסן אויף פּארמעט,
פארקוק זיך ערגעץ, מאך זיך דיך ארט ניט
די גומענע פוס, דער ניקלנער האנט־הוק,
וואָס פינקלט ווי די זון אין אטלאנטיק.

זאָל זיך דיר דאכטן דו זיצט אין טעאטער
(אויך איך האָב דאָרטן נעכט גע׳פּטר׳ט)
פאר א מיזערע־סצענע געשפּילט פון באַיערן,
ארויס — און פאַרגעסן. (וואויל דעם פארגעסער)
טאָ וויין ניט, מיידל, שאָין די טרערן,
סאיז בעסער, סאיז בעסער.

* *
*

מ. גיציס

# לבנה־ליכט אין בלוט

דאָס וואַרשיינליכע איז ניט
אימער דער אמת און דער אמת
מוז ניט אימער זיין וואַרשיינ־
לעך.

זיגמונד פרויד

שילאָן איז אויפגעשטאַנען אין אַ גוטער שטימונג. דורך דעם גלע־זערנעם דאַך פון זיין סטודיאָ, וואָס האָט זיך געפונען אויף דעם אויבערשטן שטאָק פון אַ הימלקראַצער, האָט זיך דורכגעזיפּט די ליכט פון אויפגייענ־דיקן פאַרטאָג. דאָ און דאָרט, זיינען נאָך אין די ווינקלען געלעגן שטילע שאָטנס און די קאָלירפולע בילדער און די אומבאַוועגלעכע סטאַטועס האָבן ווי מיט טריבער און מיט שטילער פאַרשטענדעניש געוואַרט אויף דעם ליכט, וואָס וועט זיי אויפלעבן אין די אויגן פון מענטשן, זייער באַשאַפער.

שילאָן האָט ליב געהאַט אויפצושטיין פאַרטאָג, אין די פאַרטאָגיקע שטונדן האָט זיך געאַרבעט אַמבעסטן. דער אויפגייענדיקער טאָג האָט סימ־באָליזירט מיט זיך דאָס אויפוואַכנדיקע לעבן און אין זיינע פופציק יאָר האָט ער באַגריסט יעדן אנקומענדיקן טאָג מיט באַנייטן גלויבן און ליבע צום לעבן, צו דער שעפערישקייט פון לעבן.

דורך אַן אָפענעם פענצטער אין דער סטעליע האָט געבלאָזן אַ פריש ווינטל. שילאָן איז געשטאַנען אין דעם ווינקעל פון דער סטודיאָ בא אַ גרויסן שפיגל, וואָס האָט רעפלעקטירט זיין הויכע נאַקעטע פיגור. ער האָט זיך געפרייט מיט זיין שטאַרקן מוסקוליסטן קערפּער, ווי ער האָט זיך געפרייט מיט די אויסגעהאַקטע פון מאַרבל סטאַטועס און מיט אויפוואַכנ־דיקע בילדער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אַרום אים מיט אַ באַזונדערער גראָטעסק־פאַנטאַסטישער גרופּירונג.

ער האָט געקוקט אויף זיך און געשמייכלט. דער שמייכל אויף זיין באַבערדלטן פּנים האָט דערמאָנט אָן דעם שמייכל פון אַ סאַטיר אויף דעם בילד, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מאָלן.

ער האָט זיך אָנגעטאָן, געמאָלן אַ פּאָר שטונדן און באַשלאָסן אַראָפּ־צוגיין אין רעסטאָראַן, וואָס האָט זיך געפונען אין קעלער פון הימלקראַצער. אַרויסקומענדיק פון עלעוואַטאָר, איז ער, ווי געוועגלעך, געבליבן שטיין באַם קלערקסביידל און געפרעגט אויף בריוו. עס איז זעלטן דורכגעגאַנגען

אַ טאָג אָן בריוו; בריוו פון אַלע עקן וועלט, פון מוזייען, פון קאַלעגן, פון קונסט־הענדלער.

זיצנדיק שוין אין רעסטאָראַן און דורכקוקנדיק די בריוו, האָט אים פלוצים איין בריוו צוגעצויגען מיט באַזונדערער קורצקייט.

„טייערער הערר ב. שילאָן״, — האָט ער געלייענט. — „איך וועל אייך זייער דאנקבאר זיין, אויב איר וועט אננעמען מיין איינלאַדונג און וועט מיך באזוכן מיטוואָך דעם 30טן מאי, צען אַ זייגער אינדערפרי אין מיין רעזידענץ. מיט אכטונג, אייער בערנארד סטילבערג.״

סטילבערג... סטילבערג... — דער נאָמען איז אים געווען באַקאַנט, ער האָט אָבער ניט געקאָנט דערמאָנען זיך וואו ער האָט אים געהערט. סטילבערג...

ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס: דער רייכ־סטער און אַריסטאָקראַטישסטער געגנט אין ניו יאָרק. האָט ער אַ טראַכט געטאָן און אַ שמייכל געטאָן: מסתמא איינער פון די רייכע סנאָבן, וואָס וויל באַשטעלן אַ פּאָרטרעט פון זיך אָדער פון זיין פרוי — צו פאראייביקט ווערן. האָט ער זיך גענומען צו די איבעריקע בריוו, געלייענט און געגעסן דעם פרישטיק. דער נאָמען סטילבערג האָט אָבער געטריבן צו טראַכטן, צו דערמאָנען זיך.

יאָ, דאָס איז ער... ער האָט זיך דערמאָנט: מיט עטליכע יאָר צוריק האָט אים באַזוכט אין זיין סטודיאָ אַ יונגערמאַן, אַ צוזאָגנדער, טאַלאַנטיר־טער מאַלער. יאָ, יאָ... זיין נאָמען איז געווען סטילבערג... ער געדענקט ניט צי בערנאַרד, אָבער סטילבערג... זיכער. ער האָט דעמאָלט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פּאָר בילדער און ער האָט געמאַכט אַ גוטן איינדרוק. ער געדענקט ער האָט אים דערנאָך געגעבן אַפילו אַ בריוו צו דעם דירעקטאָרן ראָט פון דעם קונסט־מוזעאום און מיט דעם בריוו האָט ער פאַרגעשלאָגן, אַז מ'זאָל אננעמען איינע פון סטילבערגס בילדער אין דער נאָענטסטער אויסשטע־לונג. עס האָט אים אַפילו פאַרדראָסן דערנאָך, ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז דער יונגער סטילבערג איז דער זון פון אַ מיליאָנער, אָבער... טאַלאַנט האָט ער געהאַט סיי ווי. איצט גלייבט זיך אים ניט, אַז דער יונגער סטיל־בערג זאָל זיין אַזוי... אומטאַקטיש און זאָל זיך דערלויבן איינצולאַדן אים, שילאָנען, צו זיך אין הויז מיט אַזאַ קורצן, גאַרניטזאָגנדיקן אָפיציעלן בריוו. נאָך אַלעמען, ער ווייסט דאָך ווער ער, שילאָן איז...

שילאָן האָט אַריינגעלעגט דעם בריוו אין קעשענע, באַצאָלט פאַר דעם פרישטיק און געלאָזט זיך גיין צוריק צו דער סטודיאָ. עס לוינט זיך ניט צופיל צו טראַכטן וועגן דעם, האָט ער באַשלאָסן. דאָס בילד, וואָס ער מאָלט וואַרט אויף אים און אין דעם בילד און אין די פאַרבן איז איצט גע־מישט יעדער געדאַנק זיינער, יעדער ניואַנס פון זיין נשמה.

מיטוואָך נאָך פרישטיק איז שילאָן ניט אַרויפגעגאַנגען צוריק צו דער סטודיאָ. סטילבערגס קורץ בריוול האָט אים פאָרט פאַראינטריגירט און

ער האָט בשלאָסן צו פאָרן צו אים.

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער און אַ ווינטיקער. דאָס פאָרן מיטן באַן האָט אים געריצט מיט אַ באַזונדערן געפיל פון וואנדערלוסט. עס איז שוין אַ לאַנגע צייט זינט ער איז אַרויסגעפאָרן פון ניו יאָרק. די וועלט־מלחמה האָט צוגענומען יאָרן פון רואיקער, געזונטער און שעפערישער אַר־בעט. פאריז, בערלין, לענינגראַד, רוים — שטעט, וואָס האָבן אים שוין ניט איינמאָל אַרומגענומען מיט זייערע גאַסן, מיט זייער לעבן, מיט זייערע מענטשן און מיט זייער קונסט, די דאָזיקע שטעט זיינען איצט געווען ווייט אין דער פאַרגאַנגענהייט און ווייט מיט יענע טעג און נעכט פון שעפערי־שער און ברענענדיקער באַגייסטערונג. די מלחמה שטימונגען, דער שווי־דער פון דעם נאַצישן בלוט־מבול, דער גסיסה־כאַרכל פון מענטשהייט און די שוואַרצרויכיקע פייערן פון דער צעשאָסענער און עקספּלאָדירנדער ערד, —דאָס אַלעס איז שוין אויך געווען אין דער פאַרגאַנגענהייט... אין דער ניטוויטער פאַרגאַנגענהייט פון וועלכער עס האָט זיך נאָך געטראָגן דער ניט אויסגעוועפּטער ריח פון בלוט און דער נאָך ניט איינגעשטילטער יאָמער פון די געקוילעטע, פאַרסאַמטע און פאַרברענטע... די נאַטור איז אָבער געווען טריי און אייביק אין איר גאַנג — דער הימל, די זון, די ערד, און דער ווינט — ווי געווען, ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרנישט ניט געשען.

דאָס פאָרן האָט גענומען אַריבער אַ שעה און ווען שילאָן איז ענדליך אָנגעקומען צום געגנט וואו סטילבערג האָט געוואוינט, האָט ער אינגיכן אָפּ־געזוכט די פּראַכטפולע ווילע, וואָס האָט אַרויסגעשיינט פון צווישן דער טונקעלער גרינקייט מיט אירע שניי־ווייסע קאָלאָנעס.

ווען ער האָט אָנגעקלונגען, האָט אים באַגעגנט, ווי ער האָט דער־וואַרטעט, אַ באַטלער. און ווען ער האָט אים געזאָגט דעם נאָמען, האָט אים דער באַטלער מיט אַ רעספּעקטפולן שמייכל געפירט צו דער ווערانדע, וואו שילאָן האָט צווישן פאַרשידענע פלאַנצונגען און וואַזאָנעס, דערזען אַן על־טערן מאַן, וואָס איז געזעסן אין אַ ווייכן שטול בא אַ נידריקן טישל אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען אנגעגרייט געטראַנקען און סיגאַרן.

דער מאַן האָט זיך שווער אויפגעהויבן און שמייכלענדיק געלאָזט זיך גיין אַנטקעגן שילאָנען:

— מיסטער שילאָן? — האָט ער אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— יאָ. — האָט אויך שילאָן געגעבן אים זיין האַנט. — מיסטער סטיל־בערג?

— יאָ, דאָס בין איך. זיצט, מיסטער שילאָן. — האָט ער אים אָנגע־וויזן אויף אַ שטול.

שילאָן האָט זיך אנידערגעזעצט.

אַ ווײַלע האָבן זיי געשוויגן.

— איר וואונדערט זיך מסתמא, וואָס איך האָב אײַך אײַנגעלאַדן צו קומען? — האָט סטילבערג געפרעגט.

—אייגענטלעך, וואונדער איך זיך ניט — האָט שילאָן א שמייכל געטאָן — איך בין אָבער פאַראינטערעסירט. —

— איר ווילט אפשר א טרונק? — האָט סטילבערג אָנגעוויזן אויף די פלעשער. — איך בעט אייך, זייט זיך מטריח און גיסט אָן וואָס איר ווילט. איך האָב פיינט ווען דער באַטלער דרייט זיך אַרום טיש און באַדינט.

— אַ דאנק. — האָט שילאָן גענומען אנגיסן געטראנקען פאר זיך און פאר סטילבערגן.

ער האָט גענומען דאָס גלאָז, ארומגעקוקט די וועראנדע, דאָס הויף און אַ טראַכט געטאָן: רייך, אויסגעמאָסטן, אַרומגעשוירן און אויסגעפוצט, ווי מ׳ווייזט עס אין די קינאָ־בילדער.

— עס איז אומעטיק דאָ. — האָט סטילבערג געזאָגט.

— זענט איר... אַליין דאָ? — האָט שילאָן געפרעגט.

— אַליין.

— יאָ, אַליין, און אין אָט דער פערמאנענטער אַטמאָספערע פון פערמאנענטער בילדערישקייט דאַרף טאַקע זיין אביסל לאנגווייליק.

— איר מאָלט איצט עפּעס נייעס, מיסטער שילאָן? — האָט סטיל־בערג אַ פרעג געטאָן.

— ווי אנדערש?... — האָט שילאָן געענטפערט און אַ טראכט געטאָן: א־אַ! אָט קומט זי די מיליאָנערסקע באשטעלונג אויף אַ פּאָרטרעט.

—איך האָב אַ סך געהערט וועגן אייך. — האָט סטילבערג געקוקט ערגעץ אינדערוויטנס. — ערשטנס, האָב איך געליינט וועגן אייך, געזען איי־ערע בילדער און סטאַטועז בא אייניקע אויסשטעלונגען דאָ אין אמעריקע און אויך אין אויסלאַנד; צווייטנס, האָב איך געהערט וועגן אייך פון מיין זון. ער איז געווען אַ באַגייסטערטער פארהערער פון אייער קונסט.

— יאָ, איך געדענק. אייער זון האָט אַמאָל באזוכט מיין סטודיאָ און איך האָב אפילו רעקאָמענדירט זיינס אַ בילד צו אַן אויסשטעלונג.

— ער איז געווען זייער דאנקבאר דערפאר...

— פאַרוואָס זאָגט איר „געווען״? — האָט שילאָן אַ פרעג געטאָן.

— ווייל ער איז שוין ניטאָ. — האָט סטילבערג אראפּגעלאָזט דעם קאָפּ. — געפאלן אין שלאַכט... דאָרטן... אין דייטשלאַנד.

— אַך, אַ שאד ,אַ שאַד... — האָט שילאָן מיט אויפריכטיקער באַ־דויערונג און מיט מיטלייד געזאָגט.

— נו, מילא... — האָט סטילבערג אויפגעהויבן דעם קאָפּ. — עס איז ניט אין אונדזערע הענט דער קאָנטראָל איבער לעבן און טויט. אזוי האָט עס מסתמא בעדאַרפט זיין, אז אויך ער זאָל זיין איינער פון די מילי־אָנען, וואָס האָבן אפּגעגעבן זייער לעבן יונגערהייט. קלאָר איז בלויז, אַז ס׳איז נייטיק געווען צוליב דער פארניכטונג פון בייזן גייסט, וואָס האָט זיך אָנגערוקט אויף דער מענטשהייט. מיר דאכט זיך אָבער, אז אפילו אין דעם זיג האָבן מיר ניט באוויזן צו פארטרייבן דאָס שלעכטע און דאָס מער־דערישע פון דער ערד. מארגן וועט אויסוואַקסן אַ נייער דור, וואס וועט ניט וויסן און וועט ניט פילן, וואס מיר ווייסן און וואָס מיר האָבן דורכגע־לעבט און זיי וועלן ווידער לאָזן אָפן די טירן פאר מערדערישע טיראַנען. כאָטש... פאַרוואס דאַרף איך זאָגן „מאָרגן״, ווען אפילו היינט, ווען אפילו

דידאָזיקע וואָס האָבן געזען און דורכגעלעבט די משוגעת פון דער וועלט, זיי האָבן עס שוין דאכט זיך אויך פארגעסן, גלייך ווי זיי האָבן גאָרניט געזען און גאָרניט געלערנט און מ׳רעדט שוין ווידער וועגן מלחמה און מ׳קרוינט שוין ווידער די בלוטיקע הערשערס — גלייך ווי ס׳איז גאָרניט געשען...

שילאָן איז געזעסן מיטן גלאָז אין דער האנט און האָט זיך צוגעהערט צו סטילבערגס ווערטער. ער האָט ניט דערוואַרטעט צו הערן פון אים אַזעלכע רייד מיט אַזאַ צעווייטיקטן און צעטוישטן טאָן אין דער שטימע. ער האָט אויפגעכאַפּט די בליקן פון סטילבערגס גרויע אויגן און איז צוגע־צויגן געוואָרן צו זיי מיט אַ געפיל פון מיטלייד.

סטילבערג האָט אַ ווײַלע געשוויגן און האָט ווידער גענומען רעדן:

— איר ווייסט שוין אַז איך בין דאָס... וואָס מ׳רופט אַ מיליאָנער. ס׳פארשטייט זיך, אַז קיינער האָט מיינע מיליאָנען ניט געציילט, אפילו ניט די רעגירונג, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — איך מוז אָבער צוגעבן, אַז איך בין רייך, זייער רייך. איך האָב מער וויפיל א מענטש דאַרף האָבן. איך בין אַן אַלמן און מיין זון איז שוין אויך ניטאָ... בין איך איצט אַליין, איינער אַליין. איר וואונדערט זיך, מסתמא, צוליב וואָס איך דערצייל אייך דאָס. איך וויל, אַז איר זאָלט מיך קענען, ניט בלויז ווי א גרויסן געלט־זאַק, אָדער אַ געלט־קאַסע, נאָר ווי אַ מענטשן, ווייל מיט מיין גאַנצן געלט פיל איך זיך ניט אַנדערש ווי איך וואָלט זיך געפילט, ווען איך בין אַן אָרימער מענטש. אמת, די מאַכט פון געלט גיט מיר דעם באַוואוסטזיין און אויך די צופרידנ־קייט פון דעם וואָס איך קאָן אויפטאָן, אָבער אָפט טראַכט איך וועגן זיך ווי וועגן אַ מאַשין, וואָס דאַרף דורכפירן געוויסע מאַטעמאַטישע פונקציעס און פארשפאָרט אַ סך קאָפּדרייעניש.

ער האָט אָנגעגאָסן א ביסל וואַסער אין א גלאָז און א טרונק געטאָן. שילאָן האָט ניט געוואָלט איבעררייסן מיט קיין וואָרט. ער האָט געוואוסט, אַז ווען א מענטש עפנט דאָס הארץ, איז ער ווי א שאַפע וואָס זעט עפּעס א וויזיע, א געשטאַלט אין זיין געדאַנק — איז בעסער ניט אריינצורייסן זיך מיט ווערטער און מיט פראַגן, ס׳איז בעסער צו וואַרטן און צו הערן.

— מיר דאַכט זיך, אַז ווען מענטשן טראַכטן אָדער רעדן וועגן אַ מיליאָנער, — האָט סטילבערג ווידער אָנגעהויבן, — שטעלן זיי זיך פאָר עפּעס אַ באַזונדערן מענטשן, אַ מענטשן, וואָס איז באַשאַנקען מיט באַזונ־דערע פיזישע און גייסטיקע אייגנשאַפטן. אָבער דעם אמת זאָגנדיק, זעט איר דאָך. איך קוק דאַכט זיך אויס פראָסט און פשוט, אַ סאַך פשוטער פון אייך, ווייל אין אייך קאָן מען גלייך דערקענען דעם קינסטלער און אין מיר קאָן מען אבסאָלוט ניט דערקאָנען דעם מיליאָנער. געלט, נאָך אַלעמען, איז ניט קיין אייגנשאַפט. מיין זיידע איז געווען א פשוטער ארבעטער אין א לאָדזער פאבריק. מיין טאַטע איז שוין געווען גאָר פון אן אנדערן שניט, —ער איז געווען אַן אינזשענער, אַ דערפינדער פון אַלערליי פאַטענטן פאַר טעקסטיל־פאבריקן. ער איז אייגנטלעך, געווען דערדאָזיגער, וואָס האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר מיינע מיליאָנען. די אייגנשאַפט פון קאַפּי־טאַל איז צו וואַקסן, — איז ער געוואַקסן, ווי אויף הייוון. מיין פאָטער האָט

געזען, אַז איך זאָל קריגן אַ גוטע בילדונג, אָבער איך אַליין פון מיין זייט, האָב געדורשט נאָך וויסן, געזוכט פאר זיך א זין און ציל אין לעבן. איך האָב שטודירט סאָציאַלע פּראָבלעמען, געווען אַפילו פּאַרקאָכט אין מאַרק־סיזם און ענדלעך געטרוימט צו ווערן א שרייבער. איך דאַרף אייך אָבער ניט דערציילן וואָס עס הייסט קראַפּט פון מיליאָנען—דער מאַרקסיזם איז אין זיי פאַרטרונקען געוואָרן. געבליבן בין איך בלויז מיט די אידייען—ביז היינטיקן טאָג. אַ שרייבער בין איך אויך ניט געוואָרן, ווייל איך האָב ניט געוואָלט די אָנערקענונג פון אַנדערע, וואָס וואָלט זיכער געקומען צוליב מיינע מיליאָנען. איך האָב ניט געוואָלט אַזאַ מין אָנערקענונג און איך האָב אויך ניט געהאַט דעם טיפן גלויבן אין זיך אַליין. כ'האָב אַלץ מורא געהאַט, אַז ווי הויך מיין דערגרייכונג זאָל ניט זיין, וועט שטענדיק דער טייוול שטיין אין דער זייט און וועט ציניש שמייכלען—די מיליאָנען. ווי איר ווייסט, האָט מיין זון אויך דערפילט, אַז אָפּלעבן ווי אַ פּאַראַזיט צווישן פּאַרטיקן, איז ניט ווירדיק פאַר אַ מענטשן. ער האָט געהאַט, גלייב איך, טאַלאַנט. און זיין ווענדן זיך צו אייך איז אויך געווען א שריט פון וועלכן זיין האַרץ האָט געטריפט מיט בלוט. ער האָט געוואָלט אייער אָנער־קענונג און אייער דערמוטיקונג, ער האָט אָבער געציטערט, טאָמער גע־פינט איר אויס, אַז ער איז אַ מיליאָנערס אַ זון. ער האָט אויך געוואָלט קומען צו דער קונסט בלויז דורך די וועגן פון שאַפונג און ניט דורך דעם רום פון גאָלד. האָט ער דען געקאָנט, צי האָב איך דען געקאָנט נעמען אָט אַזוי און אָפּזאָגן זיך און אָוועק פון די מיליאָנען און פון דעם רייכן באַקוועמען לעבן? ווער וואָלט דאָס געקאָנט? און וואָלט דען זיין אָוועקגיין פון רייכטום אָפּגעריבן דעם בליאַסק פון גאָלד און וואָלט אים דען די קינסטלער וועלט אויפגענומען מיט דער זעלבער באַציאונג, וואָס זי האָט צו א קינסטלער, וואָס קומט און וואַקסט אויס דורך אַלע געבורטס־ווייען פון קונסט? יאָ, ער האָט געטראָגן אין זיך דעם זעלבן קאָמפּלעקס ווי איך. און ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איר האָט אויסגעפונען ווער ער איז, איז זיין שעפערישער גייסט ווי צעריסן געוואָרן אויף צווייען.

ער האָט ווידער אַ טרונק געטאָן, פאַרקוועטש די אויגן מיט די פינגער און געזאָגט:

—עס איז זייער שיין פון אייך, וואָס איר לאָזט מיך רעדן. איר זענט דער איינציקער מענטש צו וועמען איך האָב ווען עס איז גערעדט אַזוי אָפנהערציק. איינמאָל אין לעבן רעדט מען אמאָל ארויס אַלעס, איבער־הויפּט... ווען מ'קומט שוין נענטער צום סוף. מיין זון פלעגט אַזוי אָפּט רעדן וועגן אייך. ער פלעגט אייך רופן דער קינסטלער—דער נביא. דער קינסטלער פילאָזאָף. אָבער... איר איילט זיך ניט, האָף איך...—האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן.

—ניין, איך איל זיך ניט. איך בין היינט פריי.—האָט שילאָן געזאָגט.

—גוט.—האָט סטילבערג אָוועקגעזעצט זיך באַקוועמער אין שטול.

—איך וואָלט אייך געוואָלט פרעגן, מיסטער שילאָן, ווי האַלט עס איצט מיט דער קונסט, כ'מיין מיט דער יידישער קונסט?

—איר מיינט בלויז מיט דער פּלאַסטישער קונסט, מיסטער סטיל־בערג?—האָט שילאַנען פאַרוואונדערט סטילבערגס פּלוצימדיקע פראַגע.

—ניין, מיט קונסט אין אַלגעמיין, מיין איך—מיט מאַלעריי, מיט לי־טעראַטור, מיט מוזיק...

— פאַרוואָס האָט איר אונטערשטראָכן יידישע קונסט, מיסטער סטיל־בערג ?

—ניט אזוי יידישע קונסט, ווי יידישע קינסטלער.

—פאַרוואָס ?

— צוליב דער באַזונדערער לאַגע אין וועלכער יידישע קינסטלער געפינען זיך, — האָט סטילבערג געזאָגט.

—איך גלייב ניט אז יידישע קינסטלער געפינען זיך אין א באזונ־דערער לאַגע.—האָט שילאַן באַמערקט.

—ניין ?—האָט זיך סטילבערג פאַרוואונדערט.—און מיין זון האָט אזוי בעדויערט די יידישע קינסטלער. זייער עקאָנאָמישע לאַגע, האָט ער מיר אָפט געזאָגט, שטערט זיי צו דערהייבן זיך צו דער ראפינירטער ערלע־כער קונסט. זיי מוזן זיך פאַרנעמען מיט פרעמדע, מעכאַנישע אַרבעטן, וואָס מאַטערן אויס פיזיש און גייסטיק און עס בלייבט זיי ניט גענוג צייט און איספּיראַציע פאַר רייגער קונסט.

—יאָ, עס איז אמת,—האָט שילאַן איצט פאַרשטאַנען וואָס סטיל־בערג מיינט מיט דער באַזונדערער לאַגע פון יידישע קינסטלער.—עס זיינען פאַראן א סך יידישע קינסטלער, וואָס מוזן מיט געוואַלט אָפּרייסן אַ טאָג אָדער צוויי פאַר קונסט. אָבער ניט נאָר יידישע קינסטלער גע־פינען זיך אין אַ געדריקטער מאַטעריעלער לאַגע. קינסטלער פון אַלע פעלקער האָבן זייערע עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, וואָס שטערן זיי אין זייער שאַפן. און ניט נאָר אָרעמע קינסטלער שלאָגן זיך אָן אָן פּראָבלעמען. אָט האָט דאָך אייער זון אויך געהאַט אַ פּראָבלעם. אמת, עס איז געווען מער אַ פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם אַזוי צו זאָגן, אָבער דאָך אַ פּראָבלעם.

—יאָ,—האָט סטילבערג צוגעגעבן,—די פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם, ווי איר רופט עס, איז דאָך מיר אויך בעקאַנט. מיך אינטערעסירט אָבער איצט בלויז די מאַטעריעלע פּראָבלעם. מיין זון האָט מיר דערציילט, אז צווישן די אַלע קינסטלער מיט וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו טרעפן זיך, זיינען די יידישע געווען די אומגליקלעכסטע, אין מאַטעריעלן זין, פאַרשטייט זיך. דער קריסטליכער קינסטלער איז מער באַהעם און ליידט ניט אזוי פון אָרעמקייט ווי דער ייד, האָט ער מיר געזאָגט. דער מאַטע־ריעלער צושטאַנד פאַרנעמט ניט באַם קריסטליכן אַזאַ וויכטיקן פּלאַץ ווי בא דעם יידן. דער יידישער קינסטלער טראָגט אויף זיינע פּלייצעס עפּעס אַ מין יאָך, עפּעס אַ חוב, דעם חוב צו דער פאַמיליע, צו דער געזעלשאַפט־ליכער מיינונג, וואָס פאַררעכנט אים ניט אַפילו אַלץ אַ קינסטלער, אויב ער גיט זיך אָפּ מיט פרעמדער ניט קינסטלערישער אַרבעט צוליב פּרנסה. דאָס ענטוויקלט אין אים אַ מין קאָמפּלעקס פון אינפיריאָריטעט, וואָס האַקט ממש אָפּ זיינע פליגל.

—דאָס איז לײדער אמת — האָט שילאָן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.—
און ווי איך זע, פארשטייט איר די לאַגע און פּראָבלעמען פון יידישע קינ־סטלער זייער גוט. וואָס איז שייך דער געזעלשאַפטליכער מיינונג, האָבן מיר קינסטלער אויך אונדזערע אייגענע מיינונג וועגן איר, וועגן דער גע־זעלשאַפט, און ניט קיין זייער קאָמפּלימענטירנדיקע מיינונג דערצו.—האָט שילאָן אַ שמייכל געטאָן.— אָבער אַ פּראָבלעם איז דאָס. דאָס לעבן פאָ־דערט פון דעם מענטשן די פאַרשקלאַפונג צו מעכאַניזירטער און רוטינער ארבעט אויף זיין וועג צו ברויט. דער קינסטלער האָט אָבער חוץ דעם וועג צו ברויט אויך זיין אייגענעם, ספּעציפיש גייסטיקן וועג, דער וועג פון שאַפונג, וואָס פירט אים צו דערהייבונג און גייסטיקער אויסלייזונג. און דאָס איז אייגנטליך דער איינציק אמתער וועג אויף וועלכן דער קינסטלער גייט, מעג דאָס זיין מינוטן, שטונדן, אָדער טעג, וואָרן, אויב עס זיינען פאַראַן דערנער און שטרויכלונגען, און פיין אויף די וועגן פון דעם קינ־סטלער, איז די מאַטעריעלע לאַגע בלויז אַ טייל פון די אבסטרוקציעס. און עס זיינען פאַראַן גענוג, גענוג אַבסטרוקציעס: אַזעלכע וואָס קומען פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטליכער און סאָציאַלער פאַרשקלאַפונג און אזעלכע וואָס ווערן געשאַפן פון די קינסטלער אליין, פון דידאָזיקע קינ־סטלער, וואָס קאָנען זיך ניט דערהייבן צו אַן אַלגעמיין עטיש־פילאָזאָפישן בליק אויף קונסט און אויף לעבן אין אלגעמיין. ס'איז אָבער אמת און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ווען דער קינסטלער וואָלט ניט בע־דאַרפט אויסקעמפן זיינע מאַטעריעלע קאַמפן, וואָלט ער אפשר געהאַט בעסערע מעגלעכקייטן צו דערהייבן זיך און די קונסט צו אַ רעלאַטיווער פּערפעקציע. איך זאָג קיינמאָל ניט, אַז אַ קינסטלער איז אָרעם. ניטאָ קיין אָרעמער קינסטלער, אויב ער איז אַ קינסטלער. ער איז רייך אין שעפערישן גייסט. אָרעם קאָן בלויז זיין דאָס אַרומיקע... אַרום אים.

—אָט וועגן דעם האָט מיין זון אָפט גערעדט מיט מיר און אָט וועגן דעם טראַכט איך זינט ער איז אומגעקומען.—האָט סטילבערג גע־זאָגט אַ פאַרטראַכטער.—ער איז, אייגנטלעך, געווען דערדאָזיקער, וואָס האָט נאָך בא זיין לעבן פאַרזייט אין מיר אָט אַ דידאָזיקע געדאַנקען און... מיין באשלוס. אָבער איצט, אַז ער איז טויט... מוז איך עס אודאי טאָן. ערשטנס, ווייל ער וואָלט עס געוואָלט זען פאַרווירקלעכט; און צווייטנס, ווייל איך וויל עס טאָן אין זיין נאָמען. און דאָס איז: פאַרוואַנדלען מיין גרעסטע ווילע, וואָס איך האָב באַם ברעג פון אַטלאַנטיק אין אַ מוסטער קינסטלער־היים פאר יידישע קינסטלער.

—פאַרוואָס בלויז פאר יידישע קינסטלער?—האָט שילאָן געפרעגט, פאַרשטייענדיק שוין וואוהין סטילבערגס ווערטער האָבן געפירט.

—איך זענט אַ ייד, וועט איר פארשטיין מיין שטאַנדפּונקט. — האָט סטילבערג געענטפערט.—די לעצטע מלחמה האָט מיר געעפנט די אויגן אויף אַ סך זאַכן. איך האָב דערזען, אַז די וועלט וויל אונדז ניט. און כאָטש איך האַלט ניט פון אָפּשיידן זיך, פון פאַרשליסן זיך אין אַ געטאָ, האַלט איך אָבער, אַז ווי טאָלעראַנט און ווי פאַרגעשריטן די קריסטלעכע קינסט־

לער זאָלן ניט זיין אין באַצוג צו אידן־קינסטלער, וואָלט אָבער די אויס־מישונג געווען אַ קינסטלעכע. מ׳וואָלט זיך טאָלערירט און מ׳וואָלט זיך קינסטלעריש אויסגעלעבט ווי מיטגלידער פון איין קלאַס, ערגעץ וואו וואָלט אָבער געלעגן בעהאַלטן אָט דער אַלטער סקעלעט, דער אַלטער פאַראורטייל, וואָס ליגט ווי אַ קללה אין דעם קריסטלעכן מח. איך זע שוין און ווייס שוין איצט: מ׳קאָן מאַכן טראַנספּיוזעס פון בלוט, מ׳קאָן אָבער ניט דורכפילטרירן דאָס קריסטלעכע בלוט פון דעם צומיש, וואָס מיר רופן אַנטיסעמיטיזם.

—איר זענט זייער פּעסימיסטיש און אפילו אומגערעכט אין א געוויסן זין, מיסטער סטילבערג.—האָט שילאָן באַמערקט.

—ניין, מיין פריינט.—האָט סטילבערג געשאָקלט מיטן קאָפּ.—פאַרמאַכט ניט די אויגן אויף דעם און לאָזט זיך ניט פאַרכאַפּט ווערן פון דעם גלויבן אין דער מאָראַלישקייט פון דער מענטשהייט. מיר וועלן קיינמאָל בשום אופן ניט קאָנען אויסקויפן זיך פאַר דעם פּראָמינענטן פּלאַץ וואָס מיר פאַרנעמען אויף אונדזער פּלאַנעט. איך האָב שוין געלערנט פון דער־פאַרונג, פון דער געשיכטלעכער און פון דער אייגענער, אז וואו מיר זאָלן ניט זיין, זיינען מיר געסט און פאַרהאַסטע געסט. איך גיב אַוועק מיליאָנען פאַר אַלגעמיינער בילדונג, אָבער אין די אוניווערזיטעטן אין וועלכע מען באַנוצט זיך אַזוי גערן מיט מיין געלט, איז מען ניט זייער גערן צו זען יידישע סטודענטן. זיי פאַרגעסן די קריסטן, אָן די פונדאמענטאלסטע יסודות אויף וועלכע זייער גאַנצע קולטור האַלט זיך; זיי פאַרגעסן אָן אונדזערע נביאים, אָן אונדזערע פילאָזאָפן, אָן אונדזערע געניאַלע וויסנשאַפטלער, — זיי פאַרגעסן אָן אַלעס, ווייל די מענטשהייט האָט זיך נאָך ניט דערהויבן צו זען און צו פאַרשטיין דעם אמת און דעם זין פון לעבן.

שילאָן האָט זיך צוגעהערט צו סטילבערגס רייד מיט אַ געפיל פון באַפרידיקונג. גראַד אין אים, אין דעם יידישן מיליאָנער, איז שילאנען געפעלן געוואָרן דער אויפגעוואַכטער אידישער שטאָלץ און גייסט. און דער צוועק פון דער איינלאַדונג האָט אויך אימפּאָנירט צו זיין געשמאַק און אידעאַל. דאָך איז אים נאָך ניט אַלעס געווען קלאָר, האָט ער אַ פרעג געטאָן:—און פאַרוואָס, מיסטער סטילבערג, האָט איר מיך באַערט מיט אייער צוטרוי אין דעמדאָזיקן פּראָעקט ?

—ווייל, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט: אין דער וועלט פון קונסט זענט איר די אָנגעזעענסטע קינסטלערישע פּערזענלעכקייט; חוץ דעם זענט איר א פּראָמינענטער ייד.

— אַ דאַנק פאַר אייער מיינונג וועגן מיר.—האָט שילאָן אַ שמייכל געטאָן.— מיט וואָס אָבער קאָן איך אייך העלפן ?

—ערשטנס, אויב איר האָט גאָרניט געגן, וועלן מיר עפּעס צובייסן. עס איז שוין מיטאָג צייט.—האָט סטילבערג אַ קוועטש געטאָן אַ גלעקל.—צווייטנס, אויב איר האָט צייט, וועלן מיר אַרויספאָרן צו דער ווילא, וואו איר וועט אַליין זען וואָס איך האָב איינזינען צו פאַרוואַנדלען אין אַ קינסטלער־היים. עס נעמט אַרום אַ שעה מיטן אויטאָמאָביל. וואָס זאָגט איר?

—מיט פאַרגעניגן.—האָט שילאָן צוגעשטימט.

פאָרנדיק שוין מיט סטילבערגן איבער דעם פּרעכטיקן אַספאַלטע־נעם וועג, וואָס האָט זיך ווי אַן אומענדלעכע גרויע שלאַנג געצויגן צווישן די בערג, האָט סטילבערג אויסגעלייגט פאַר שילאַנען דעם פּלאַן וועגן דער קינסטלער־היים, אַזוי ווי ער האָט עס זיך פאָרגעשטעלט און אַזוי ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען. אַממערסטן האָט ער אָבער גערעדט וועגן די טעכ־נישע, לעגאַלע און פינאַנציעלע אַראַנזשירונגען, וועלכע זיינען אים גע־ווען נאָענט און צו וועלכע שילאַן האָט זיך צוגעהערט מיט אינטערעס, ווייל דורך דידאָזיקע פּרטים האָט ער געקאָנט האָבן פאַר זיך די גאַנצע סכעמע און אויך זען זיין אייגענע שייכות צו דער אונטערנעמונג. סטילבערג האָט אים קלאָר געמאַכט, אַז זיינע, שילאַנס פּאָזיציע אַלץ דירעקטאָר פון דער קינסטלער־היים דאַרף זיך אויסדריקן בלויז אין דער גייסטיקער, קינסט־לערישער און מאָראַלישער אַנפירערשאַפט, אַזוי צו זאָגן. ער איז ניט פאַר־פליכטעט צו קיינעם, צו קיינע מענטשן און צו קיינע אינסטיטוציעס. ער מעג אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן די פינאַנציעלע און ווירטשאַפטלעכע פּראָ־בלעמען, ווייל וועגן דעם וועלן זאָרגן אנדערע. ער זאָל זיך ניט אָפּשטעלן פאַר קיינע אויסגאַבן אָדער וועלכע עס זאָלן ניט זיין פּראָבלעמען, וואָס ער וועט אָנטרעפן אין זיין אָנפירערשאַפט. אַלעס, וואָס זיין פאַנטאַזיע, אָדער זיין קינסטלערישע אינטואיציע פאָדערט פאַר דער קינסטלער־היים, זאָל ער דורכפירן. די קינסטלער וועלן באַזאָרגט ווערן מיט אַלע נויטיקע באַקוועמלעכקייטן און וואָס אָנבאַלאַנגט צו די גייסטיקע און אינספּיראַטיווע מאָמענטן און נויטווענדיקייטן פון זייער לעבן, לאָזט ער דאָס איבער צו שילאַנען. דאָס איינציקע וואָס ער אַליין, סטילבערג וועט דאַרפן טאָן, איז אונטערשרייבן די טשעקס און דאָס איז פאַר אים זייער אַ לייכטע אַרבעט —האָט ער אַ שמייכל געטאָן.

ווען דער שאָפער האָט זיי ענדלעך געבראַכט צו דער ווילע און זיי זיינען ארויס פון אויטאָמאָביל, איז שילאַן געבליבן שטיין אַ פאַרגאַפטער: די אַרכיטעקטור פון דער ווילע האָט אים דערמאָנט אָן די אַלטע סקאָטלאַנ־דישע שלעסער, וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו זען אויף זיין באַזוך אין ענגלאַנד. די טונקל־ברוינע דריישטאָקיגע, טורמדיקע געביידע איז געשטאַנען אויף אַ באַרג פון וועלכן עס האָבן זיך געשלענגלט שמאָלע טרעפּיגע סטעזשקעס אראָפּ צום ים. ווי שטאָלצע וועכטער זיינען ארום דער ווילע געשטאַנען הויכע סאָסנעס אין דער שטאָטנדיקייט פון הויכע בערג און אויף דעם פאָן פון דעמדאָזיקן הינטערגרונט האָט די ווילע־שלאָס מיט אירע שפּיציקע שטיינער־ווענט געקוקט מיט פאַרבאָרגענע סודות, סודות וועלכע דער אַרכיטעקט האָט מיט זיין פאַנטאַזיע איינגעמויערט און איינ־געשלאָסן אין דעם איינזאַמען קערפּער־שלאָס באַם ברעג פון אַטלאַנטיק.

דער ים אונטן איז געווען רויִשיק. מ'האָט געקאָנט הערן און זען ווי עס קאַטשען זיך און ווי עס שטורעמען די פינעוודיקע כוואַליעס די גע־דולדיקע שטיינערנע סקאַלעס באַם ברעג.

— נו, ווי געפעלט אייך דאָס פּלאַץ?—האָט סטילבערג געפרעגט, באַ־מערקנדיק שילאַנס פאַרגאַפטקייט.

— אַ גן־עדן פאַר קינסטלער.—האָט שילאָן אַ באַגייסטערטער גע־זאָגט.

— דער גן עדן האָט אין זיך זעקס און צוואַנציק צימערן, דריי גרויסע זאַלן און צוויי וועראַנדעס. — האָט סטילבערג געשמייכלט. — ער האָט אויך טיפע קעלערס, אָבער קיינע גייסטער. דעם שלאָס האָט געבויט אַן ענגלישער מיליאָנער, אַן עקסצענטריק און ווען ער איז געשטאָרבן, האָב איך דעם שלאָס אָפּגעקויפט פאַר שפּאָט ביליק, וואָרן ווער, חוץ אַ מילי־אָנער קאָן זיך פאַרגינען אַזאַ לוקסוס? קיין האָטעל פון דער ווילע האָט מען ניט געקאָנט מאַכן. די אַרכיטעקטור און די צימערן זיינען ניט געבויט גע־וואָרן מיט דעם אויסקוק פאַר האָטעל־ביזנעס און גיין איבערבויען אַזאַ... געביידע האָט קיינער ניט געוואָלט—עס וואָלט זיך ניט געלוינט. און ווען ניט דער געדאַנק פון אַ קינסטלער היים, וואָס איז נאָך מיין זון איינגעפאַלן, וואָלט איך ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אָט דעם פאַרכישופטן ווינקל... איבערהויפּט איצט, ווען איך בין געבליבן אַליין.

זיי האָבן זיך געלאָזט אַרויפגיין די טרעפּ און זיינען באַם אַריינגאַנג באַגעגנט געוואָרן פון אַן עלטערן מאַן, וועמען סטילבערג האָט פאָרגע־שטעלט פאַר שילאָנען אַלץ דער אויפזעער, מיסטער דזשאָנסאָן.

שילאָנס ערשטער איינדרוק באַם אַריינקומען אין דעם גרויסן פראָנט צימער איז געווען ווי דער איינדרוק וואָס ער פלעגט האָבן אין זיינע שול־יאָרן, ווען ער פלעגט לייענען די ראָמאַנען פון וואָלטער סקאָט. די גרויע טונקלקייט און די ברייטע טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אַרויף צו אַ גאַלעריע, די שווערע מעשענע ליוסטרע מיט די פּריזמאַטישע גלעזערנע באַצירונגען, שווערע דעמבענע מעבל און שווערע פליושענע פאָרטיערן בא די הויכע פענצטער, דורך וועלכע עס האָבן זיך ווי שטילער גרינקייט אריינגעריסן פאַסן ליכט—דאָס אַלעס האָט דערמאָנט און געשאַפן פאַרגעסענע שטימונ־גען.

—עס פעלט בלויז דער אין שטאָל־פאַרפאַנצערטער ריטער און די באַ־דינער מיט פייל און בויגן אין די הענט און דאָס בריקל איבער דעם טיפן קאַנאַל און איך וואָלט געמיינט, אַז איך בין פאַרטראַגן געוואָרן צום זיבעצטן יאָרהונדערט.—האָט שילאָן אַ זאָג געטאָן צו סטילבערגן.

סטילבערג האָט געשמייכלט. געפירט אים פון צימער צו צימער. יע־דער צימער מעבלירט אין באַזונדערן סטיל און געשמאַק: אייניקע מאָדערן, אַנדערע אַלטמאָדיש; אייניקע מיט טונקעלע שטימונגספולע פאַרבן, אַנ־דערע מיט שטראַלנדיקער ליכט באַגאָסן, מיט פענצטער צום ים און מיט קאַלירפול־שפּילעוודיקע ווענט אוזאָרן. און ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין דעם גרויסן זאַל, איז שילאָן געבליבן שטיין מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן. אַ צעפרידנקייט האָט זיך צעגאָסן אין אים ווי דער טעם פון גוטן וויין. די ווענט פון דעם גרויסן זאַל זיינען געווען באַהאַנגען מיט אמתע קונסט מאַלערייען. ער האָט דערזען און דערקאָנט דאָ אַ מאָדעגליאַני, און דאָרט אַ פּיקאַסאָ, דאָ אַ שילאָן און דאָרט אַ פּיסאַראָ, אַ שאַגאַל, אַ ליבער־מאַן, אַ סוטין, אַ בילד פון מאַנוסן און אויך אַ פּאָר בילדער פון דעם יונגן

סטילבערג. פאַרהאַלטן האָט ער זיך אָבער לעבן מאַנוסעס בילד, געקוקט און געוואונדערט זיך ווי דאָס בילד קומט צו סטילבערגן. געוואָלט וויסן, אָבער אָפּגעלעגט די פראַגע אויף שפּעטער. אויך סקולפּטור־אַרבעטן זײַנען געשטאַנען בא די ווענט און אויך אין זיי האָט שילאָן דערקאָנט די מאָדערנע מייסטערס. א פּראַכטפולע גראַנד־פּיאַנאָ, פאַרשידענערליי שטולן, טישעלעך, שאַפקעלעך און לאָמפּן אויף די טיפּע, קאַלירפולע כינעזישע טעפּיכער—אַלעס איז געווען אויסגעשטעלט מיט געשמאַק און מיט אינ־דיווידועלן ווינקלמעסיקן קאָמפּאַרט. זיי זײַנען דערנאָך געגאַנגען פון איין וועראַנדע צו דער צווייטער, פון איין טורעמל צום צווייטן, אראָפּגעגאנגען אויך אין גרויסן און טיפן קעלער אַריין, וואו עס זײַנען געשטאַנען אַלערליי שטיקער פון אַלטער אנטיקוואַרישער מעבל, אַלטע וואַזעס, אַלטע בילדער און פאַרשידענערליי געשירן; דאָס געזעענע האָט אים דערמאָנט אָן די קע־לערס און אין די הינטערקוליסן פון דער פּאַריזער אָפּערע וואו ער האָט מיט יאָרן צוריק געמאָלן דעקאָראַציעס. עס איז שוין כמעט אַוועק דער טאָג. די פייערדיקע זון האָט גענומען נידערן אין דעם בלויען ים, וואָס האָט זיך אין דער ווייטער ווייטקייט צעזאַמענגעגאָסן מיטן הימל.

סטילבערג און שילאָן זײַנען שוין געזעסן אויף דער וועראַנדע, גע־טרונקען קאַווע, געררויכערט און געשמועסט געמיטלעך וועגן דער שיינ־קייט און גרויזאַמקייט אין לעבן און וועגן זין און אומזין אין אַלגעמיין.

דער וועג צוריק איז געווען אײַנגעהילט אין פאַרחלומטער בלויקייט און שילאָן, זיצנדיק לעבן דעם דרימלענדיקן סטילבערגן האָט זיך געלאָזט פאַרטראָגן ווערן פון וויזיעס, פון טרוימען וועגן קונסט און קינסטלער און וועגן מאָמענטן אין לעבן, וואָס ווייזן אָפּט אויס אַזוי פאַנטאַסטיש און זיי־נען דאָך אַזוי פשוט און רעאַל און וועגן דעם רעאַלן, וואָס זעט אָפּט אויס אַזוי אומגלויבלעך גראָטעסק און פאַנטאַסטיש.

שילאָן האָט די ערשטע עטלעכע טעג, נאָך דעם באַזוך בא סטיל־בערגן, ניט געקאָנט מער אַרבעטן. אַן אַנרעגונג און נערוועזיטעט האָט אים געהאַלטן געשפּאַנט און געטריבן זײַנע געדאַנקען ווי בליצן אין אַ שטורם. ער האָט אָנגענומען סטילבערגס פאַרשלאַג צו ווערן דער דירעקטאָר פון דער סטילבערג קינסטלער־היים און האָט באַשלאָסן צו דערהייבן און צו פאַרוואַנדלען דידאָזיקע אינסטיטוציע אין א יידישן קונסט־פאַרנאַס וואו עס זאָלן זיך ענטוויקלען און עס זאָלן אַרויסוואַקסן ניט נאָר קינסטלער אַליין, נאָר אויך די אידייע, די שולע, די צוקונפטיקע אַקאַדעמיע פאַר ספּעציפישער און גייסטפולער יידישער קונסט.

שילאָן איז זײַן גאַנצן לעבן געשטאַנען ווייט פון געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. ער האָט קיינמאָל ניט געטרוימט צו ווערן אַן אָנפירנדער קינסטלער, אַ געטשקע, אַ לעגענדע אין וועמעס נאָמען מ׳פּראָקלאַמירט, מ׳מאָביליזירט, מ׳וועקט און מ׳רופט צו טאַט און צו קולטור־דעמאָנסטראַ־ציעס. ער איז שטענדיק געשטאַנען פון ווייטנס, שאַפנדיק זײַנע קונסט־

ווערק אונזאויב ער האָט זיך געפילט דורך און דורך ייד, סיי אין זיין שאַפן און סיי אין זיין אינטים־פּריוואַטן לעבן, האָט ער עס קיינמאָל ניט דעמאָנסטרירט; ער האָט דעם באַוואוסטזיין און דאָס געפיל פון יידיש־קייט געטראָגן אין זיך, ווי ער האָט געטראָגן אין זיך זיין בלוט, זיין גע־דאַנק; געטראָגן עס ווי א ירושה, ווי די זיכרונות פון קינדהייט בא דעם זיידן דעם חזן יונה שילאַנסקי, ווי ער האָט געטראָגן אין זיך די טריבע יאָנטעווודיקע נגונים, די מעלאָדישע זיסקייט פון יידישע פאָלקס לידער, די טרויעריקע מוזיק פון קליינשטעטעלדיקע כּלי־זמרים בא די אָרעמע יידישע חתונות און די נאָענטקייט, די היימישקייט פון אומפארגעסלעכן מאַ־מע־לשון יידיש. אַלץ אין זיך—געטראָגן ווי דעם קאָליר פון זיינע אויגן און דעם אַקצענט און אינטאָנאַציע פון זיין שטימע.

ער האָט געמאָלן יידישע מאָטיוון און אָפט גערעדט און דיסקוטירט מיט די קאָלעגן וועגן די ספּעציפישע טענדענצן פון יידישע קינסטלער אין דער קונסט, וועגן דער נויטיקייט אָדער שעדלעכקייט פון טענדענצן אין אַלגעמיין און כאָטש ער איז געגאַנגען אין זיין לעבן און אין זיין קונסט א פרייער און אומבאַצווינגענער, האָט אים די יידישע אינטעלעקטועלע און קולטורעלע עפנטלעכקייט דאָך באַטראַכט אַלץ דעם אויסדערוויילטן קינסטלער־ייד, וועמעס נאָמען, וועמעס לעבן און וועמעס קונסט עס דאַרף אַרויסגעשטעלט ווערן פאַר דער וועלט אַלץ דער גייסטיקער יידישער יחוס, דער יידישער שטאָלץ. און ווען די יסורים און דער מאַרטירערישער גורל פון דעם יידנטום האָט אים אין די לעצטע יאָרן אויפגעשוידערט און אויפגעטרייסלט ביז שמערצלעכן פּיין, ביז בלוטיקן האַס, האָט ער זיך אין דידאָזיקע יאָרן געוואָרפן מיט באַזונדערער עקשנות צו שאַפן דערהויבנ־דיקע בילדער אין וועלכע ער האָט זיך באַמיט צו באַלייכטן און פאַראייי־ביקן די טיפקייטן פון דער יידישער נשמה, פון יידישן גייסט. אין דער נאָענטקייט צו די פופציק יאָר פון זיין לעבן, האָט ער מיטאַמאָל דערזען, אַז דער וועג אויף וועלכן ער גייט, ווערט קירצער. ערגעץ וואו אין א נעפּל, האָט ער געזען, קומט דער וועג צו אַן ענדע און פון דער געהיימער, מיס־טישער, און טונקעלער ענדלאָזיקייט, וואָס מ'רופט טויט, רעדט עמיצער: דער וועג איז באַם סוף און דו מוזט קומען צו מיר, ווי טריב עס זאָל ניט זיין. דו קאָנסט אָבער לאָזן דאָרט אויף דער ערד דעם עכאָ פון דיין וואָרט, דעם שניט פון געדאַנק, די פּלאַסטיק פון דיין פאַרבנרייכער פאַנטאַזיע, און דעם צויבער פון ליבע אין דער אייביק לעבעדיקער נשמה פון דער מענטשהייט.

שילאָן האָט זיך אָפט צוגעהערט צו דערדאָזיקער שטימע אין זיך און געקוקט צוריק אין דער פאַרגאַנגענהייט, וואו עס האָט געלעבט אין טויט זיין יונג פאַרשטאָרבענע געליבטע; און געקוקט אין דער פאַרנעפּל־טער צוקונפט, וואו עס האָט זיך געענדיקט דער וועג.

ער האָט ליב געהאַט איינזאַמקייט, אָבער אויך ליב געהאַט דאָס לעבן און מענטשן. די וועלט איז פאַר אים געווען אַ ריזיקע סטודיאָ; דער דער־פאָלג—אַ גלאָקן־קלאַנג וואָס האָט געוועקט און געגאָסן אין האַרצן אַריין

כוואַליעס פון דאַנקבאַרקייט און פון געזאַנג; און זיין שאַפונג, זיין גייסטיקער אויסדרוק—זיין מתנה צו דער מענטשהייט.

סטילבערגס קונסט־היים האָט אים פאַרכאַפּט אין אַ נעץ פון געדאַנקען און געהוידעט אים איבער גרונדלאָזע ספערן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער ווייסט ניט ווי אַזוי און פון וואָס אָנצוהייבן, ווי אַזוי צו פאָרמולירן און קאָנקרעטיזירן דעם ערשטן שריט אויף דעם וועג צו די קינסטלער. קינסטלער, האָט ער מעדיטירט, זיינען פאַראַן אַ סך: קינסטלער־מאָלער, דיכטער, מוזיקער, זינגערס און טענצערס; קינסטלער—אַלטע וועטעראַנען און יונגע צוזאָגנדיקע טאַלאַנטן; קינסטלער פאַרהייראַטע, מיט פאַמיליעס און קינסטלער ניט פאַרהייראַטע, באַהעמען און פרייע ווי פייגל; קינסטלער ליטערע ווי קרישטאָל און קינסטלער טונקעלע, שיכורים און בייזע ווי טייוואָלים אין גיהנום... צו וועמען זאָל ער זיך ווענדן און מיט וואָס פאַר אַ מאָס זאָל ער מעסטן און באַשטימען די קינסטלער פאַר דער קונסט־היים? ער האָט געזוכט אַן ענטפער, וואָס זאָל אים אַרויספירן אויף אַ פּראַקטישן און זיכערן וועג און ער האָט אָנגעוואָרפן און דורכגעוואָרפן צענדליקער פּלענער און ער איז ענדלעך געקומען צום באַשלוס, אַז אויף זיין אייגענער אחריות און דערפאַרונג טאָר ער זיך ניט פאַרלאָזן, עס טאָר ניט זיין בא אים, ווי בא דעם מיליאָנער סטילבערג, אַ פּערזענלעכער און אינדיווידועלער צוגאַנג. גראַד דאָ, וואו בא זיינע פיס ליגן ממש מיליאָנען, וועלכע וועלן אים דינען אין דער אויפבויאונג פון אַ קונסט־אינסטיטוציע, גראַד דאָ מוז ער זיך ערנסט פאַרטראַכטן וועגן דער ברייט־צעוואָרפענער קינסטלער־משפחה, וואָס וועט זיכער וועלן און וועט זיכער זיין באַרעכטיקט צו האָבן איר וואָרט און מיינונג אין דער פאַרווירקליכונג פון דער קינסטלער־היים, וואָס דאַרף געגרינדעט ווערן אין גייסט פון געזעלשאַפטליכער און קינסטלערישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אויב ער האָט אפילו געוואוסט און באַשלאָסן אַז אין דעם אויסוואַל פון די קינסטלער וועט קיין פאַוואָריטיזם ניט אָנגעווענדעט ווערן, האָט ער אָבער אויך געוואוסט, אַז זיין וואָרט, זיין בליק אויף קונסט און זיין אויטאָריטעט וועט זיכער אַריבערוועגן אין יעדן פאַל פון אויסוואַל פון וואָס פאַר אַ קינסטלער גרופּע זיי זאָלן ניט קומען. ער האָט באַשלאָסן, אַז ס'וועט זיין פּראַקטישער און גערעכטער צו באַראַטן זיך מיט די פּראָמינענטסטע פאָרשטייער פון די פאַרשידענע קינסטלער גרופּעס, אַריינרעכענדיק די דיכטער און מוזיקער און ער האָט דורכגעלאָזט אין געדאַנק איינעם נאָכן צווייטן די נעמען פון זיינע בעקאַנטע יידישע שריפטשטעלער און קונסט קריטיקער מיט וועמעס מיינונג ער האָט זיך שטענדיק גערעכנט און וועמעס פריינטשאַפט ער האָט שטענדיק געשעצט.

אויף דעם דריטן טאָג אין אָונט, זיצנדיק אין רעסטאָראַן, האָט ער זיך דערמאָנט אָן אַ באַקאַנטן שרייבער, וועמען ער האָט שוין אַ לאַנגע צייט ניט געזען. דערדאָזיקער שרייבער, מאַרלין, איז שוין געווען אַן עלטערער מאַן און אַלץ אַן אַמאָליקער רעדאַקטאָר פון אַן אַיינפלוסרייכער יידישער צייטונג, איז ער געווען פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן

ניו־יאָרקער יידישן קינסטלער קרייז. שילאָן האָט אָפּגעזוכט אין טעלעפאָן־בוך מאַרלינס אַדרעס און האָט אים גלייך אָפּגערופן. מאַרלין האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט אים. געזאָגט, אַז די עלטער דערלויבט אים ניט מער אַרומצופאָרן און אַרומצוגיין ווי אַמאָל, דערפאַר וואוינט ער מיט זיין פרוי און מיט זיין טאָכטער כמעט אַרויס פון שטאָט און לעבט זיך אַ שטילרואיק לעבן, געשטיצט פון זיינע צוויי זין, וואָס זיינען פּראָמינענטע און דערפאָלגרייכע דאָקטוירים אין ניו־יאָרק. ער שרייבט אַמאָל אַן אַרטיקל דאָ און דאָרט, אָבער מערסטנס ציט ער זיין געניוס פון לייענען, פון מוזיק און פון די מעמואַרן וועלכע ער שרייבט און וועט אינגיכן פאַרעפנטלעכן.

אין דעם זעלבן אָוונט האָט אים שילאָן באַזוכט. פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער פרוילעכער און אין דערזעלבער צייט אינטעלעקטועלער שיינקייט פון מאַרלינס טאָכטער רוט, וועלכע איז געוועזן אַ קינסטלערין־פּיאַניסטן און האָט אויך, ווי מאַרלין האָט אים איינגערוימט, געשריבן עסייען אין יידיש.

שילאָן האָט דערציילט מאַרלינען וועגן זיין באַזוך בא סטילבערגן און וועגן דער מיסיע וואָס ער האָט גענומען אויף זיך.

מאַרלין האָט זיך פאַרטראַכט. אייגנטלעך, האָט ער געזאָגט, האָט ער זיך שוין ניט איינמאָל אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע טרוימען וועגן אַזאַ מין קינסטלער־היים געשטיצט פון קונסט־געזעלשאַפטן, אַפילו ווען ער האָט געוואוסט, אַז דאָס זיינען בלויז טרוימען. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געהערט און געקאָנט אַפילו מיליאָנערן, וואָס האָבן געשטיצט מוזייען, אָפּערעס און אַפילו אינדיווידועלע קינסטלער, מערסטנס פון דער מוזיקאַלישער וועלט, אָבער דאָס מאָל האָט סטילבערג אָנגעשלאָגן אַן אידייע, וואָס וועט אפשר צוזאַמענברענגען די שעפערישע קינסטלער אין איין פונקט, וואָס וועט פאַר זיי ווערן דער גן־עדן און דער גיהנום אין דער זעלבער צייט. וואָרן דער קינסטלערישער טעמפּעראַמענט און קינסטלערישע קאָמפּלעקסן ווערן געטריבן פון גוטע און פון דעמאָנישע גייסטער,—האָט מאַרלין געשמייכלט. אייַנצוצאַמען דידאָזיקע גייסטער, אַז זיי זאָלן לעבן האַרמאָניש צווישן זיך, וועט זיין זייער שווער. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, דער ערשטער שריט זייַער דאַרף זיין צו פאָרמירן אַ גרופּע, וואָס זאָל ווערן דער אויספיר־קאָמיטעט פאַר דעמדאָזיקן פּראָיעקט. עס דאַרף אַריינגעגעבן ווערן אין דער פּרעסע אַן אינפאָרמאַטיווער אַרטיקל וועגן דעם ענין און די הויפּט זאַך איז צו געפינען גלייך אַ סעקרעטאַר, וואָס זאָל זיין אינטעליגענט און באַקאַנט געניג מיט די אויפגאַבן און פּראָבלעמען, וואָס פאָדערן זיך אין דער פאַרהאַנדלונג און אין דער באַציהונג מיט קינסטלער.

און שמייכלענדיק קלוג, האָט מאַרלין אַ זאָג געטאָן ווי אין שפּאַס:

— ווען רוט וואָלט גענומען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָלט איר זיך קיין בעסערן סעקרעטאַר ניט געקאָנט ווינשן. עס מאַכט ניט אויס, וואָס איך בין איר פאָטער, איך ווייס אָבער, אַז מיט איר אינטעליגענץ, מיט איר קאָנען שפּראַכן און איבערהויפּט מיט איר ברייטער באַקאַנטשאַפט מיט די יידישע קינסטלער און מיט קונסט בכלל, וואָלט זי

געווען אַ סעקרעטאַר פֿאַרעקסעלענץ.

— פֿאַ! האָט רוט געשמייכלט. — דו טרייבסט דאַכט זיך איבער.

— ניין, איך טרייב ניט איבער. וואָס זאָגט איר, שילאָן?

שילאָן האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. דערזען זי אין איר מיטל־וואוקס אַ שלאַנקע, מיט אַ פֿולער ברוסט; גרויסע גרינלעכע אויגן, אויסדרוקפֿולע ליפּן און נעט־פֿאַרקעמטע בראָנז־קאָלירטע האָר.

— רוט... — האָט שילאָן געזאָגט, קוקנדיק אויף איר.—מיר דאַכט זיך, אַז דער שיקזאַל איז גוט צו מיר. קיין בעסערן סעקרעטאַר ווינש איך זיך ניט און קיין בעסערע מאדעל פֿאַר אַ בילד, די קאָנצעפּציע פֿון וועלכן איז מיר ערשט איינגעפֿאַלן, ווינש איך זיך אויך ניט. ווילט איר מיר אָנ־טאָן דעם פֿאַרגעניגן?

— מיט פֿאַרגעניגן. — האָט רוט געשמייכלט.

— איז באַשלאָסן. — האָט זיך שילאָן אויפֿגעהויבן און האָט איר געגעבן די האַנט.

— באַשלאָסן. — האָט זי געדריקט זיין האַנט מיט אירע שטאַרקע פֿינגער.

עס זיינען אַוועק עטלעכע וואָכן. אין דערדאָזיקער צייט האָט שילאָן ווידעראַמאָל באזוכט סטילבערגן און פֿאַרבראַכט מיט אים כמעט אַ גאַנצן טאָג. דערציילט אים וועגן די שריט, וואָס ער האָט שוין גענומען און וועגן דעם וואָס עס איז שוין אָפּגעטאָן געוואָרן. עס זיינען שוין געווען אין דער פּרעסע אייניקע אַרטיקלען וועגן דער סטילבערג קונסט־היים, עס זיינען אויך פֿאָרמירט געוואָרן קינסטלער־קאָמיטעטן פֿון מאָלער, דיכטער און מוזיקער.

רוט מאַרלין, וועגן וועלכער שילאָן האָט אים דערציילט מיט באַ־גייסטערונג, האָט ניט געררוט. זי איז, אייגנטלעך, געווען דידאָזיקע, וואָס האָט געשריבן די אַרטיקלען, געהאַלטן די פֿאַרבינדונג מיט די קאָמיטעטן, געלייענט און געענטפֿערט אויף די בריוו וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן אַריינ־צוקומען פֿון אַלע טיילן פֿון לאַנד; פֿאַרשריבן און רעגיסטרירט די אַלע, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט דעם פּראָעקט און האָבן שוין אַריינ־געשיקט זייערע אַפּליקאַציעס און אינפֿאָרמאַציעס וועגן זיך און וועגן די פּאָזיציעס וואָס זיי פֿאַרנעמען אין דער קונסט. שילאָן אַליין, וועמעס נאָמען עס האָט פֿיגורירט אין יעדן אַרטיקל און אין יעדן בריוו, האָט אויך דער־האַלטן אַ סך בריוו: פּערזענלעכע בריוו פֿון פֿריינט און פֿאַרערער, בריוו אין וועלכע מ'האָט אים גראַטולירט מיט דער אונטערנעמונג, בריוו וואָס האָבן געאָטעמט מיט פּערזענלעכן אינטערעס, בריוו וואָס האָבן רעקלאַ־מירט און רעקאָמענדירט קינסטלער פֿון גרויסן און פֿון קלענערן ווערט און אויך בריוו אַנאָנימע, מיט זידלערייען אויף דעם אַדרעס פֿון דעם "מי־ליאָנערסקן פּוסט־און־פּאַסניק, וואָס וויל זיך קויפֿן אייביקייט אין דער גלאָרי פֿון די גאָט געבענטשטע קינסטלער, ווי שילאָן אַליין, אַ שטייגער".

שילאָן האָט דערזען, אַז דאָס פּראָבלעם פון שאַפן די קינסטלער־היים ווערט פון טאָג צו טאָג קאָמפּליצירטער. ער האָט זיך מיטאַמאָל דער־זען אויף דעם שיידוועג פון געדאַנקען, וואָס האָבן מיט גלייכער לאָגישער אַרגומענטאַציע געצויגן אין פאַרשידענע ריכטונגען. אָט קומען געדאַנקען וואָס באַווייזן, אַז דורך פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט אינדיווידועל אויסדער־ווײלטע קינסטלער וואָלט ער דערגרייכט בעסערע רעזולטאַטן אין יעדן הינזיכט, און אָט קומען אַנדערע געדאַנקען, וואָס באַווייזן דאָס פאַרקערטע און טאַדלען מיט מוטלאָזיקייט און מיט ניט ענטוויקלטן סאָציאַלן און גע־זעלשאַפטליכן חוש. און אָפט לויפן אויך אָן געדאַנקען, וואָס קיבעצן, שפּאָטן, לאַכן ציניש און טרייבן פון טאַט צו חרטה, צו רעזיגנאַציע: — צו וואָס טויג דאָס אַלעס, ווען יעדער קינסטלער איז אַ ניטגעצוימטע, מאָדנע, אומפאַרשטענדלעכע און אָפט אומגאָרמאַלע קאָמפּליצירטע באַשעפעניש, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרשפּאַרט ווערן אין אַ גאָלדענער שטייג צוליב אַ רואיקן לעבן, צוליב אַ רואיקן שאַפן... דער פּראָצעס פון אַרבעט איז אָבער אָנגעגאַנגען און דער גייסט פון דער אונטערנעמונג האָט געזיגט און גע־שלעפּט פאָראויס צו אַן ענטגילטיקן ציל.

צווישן די בריוו, וואָס זיינען אָנגעקומען, האָט זיך שילאָן אָנגע־שטויסן אויף אַ נאָמען, וואָס האָט אים שוין צום צווייטן מאָל אין די לעצטע וואָכן אַ שניט געטאָן מיט שאַרפן גייגער, וואָס איז געקומען צוליב אַן אומ־פאַרגעסלעכן עפּיזאָד אין זיין לעבן. דער נאָמען פון באַרימטן מאָלער מאַ־נוס, וועלכן ער האָט גוט געקאָנט און וועלכער איז מיטאַמאָל אַראָפּ פון דער קונסט־אַרענע און איז שפּורלאָז פאַרשוואונדן.

דעם ערשטן שניט פון דעמדאָזיקן גייגער האָט ער דערפילט, ווען ער האָט אין סטילבערג קונסט־זאַל דערזען און דערקאָנט מאַנוסעס אַ בילד. דאָס בילד, האָט ער דערנאָך אויסגעפונען, האָט מאנוס אַליין אַוועקגעשענקט צו דעם יונגן סטילבערגן. דאָס איז געווען אַלעס וואָס דער אַלטער סטיל־בערג האָט געוואוסט וועגן בילד. איצט האָט דער בריוו צו אים ווידער דערמאָנט און אויפגעדעקט אויפסניי דאָס פאַרגעסענע געשטאַלט פון מאַנוסן און געפירט צוריק צו דעם דראַמאַטישן עפּיזאָד, וועגן וועלכן ער האָט קיינמאָל צו קיינעם ניט גערעדט און קיינמאָל צו קיינעם ניט אַנטפּלעקט, —דער עפּיזאָד אין וועלכן ער אַליין האָט געהאַט אַ חלק און וועלכער האָט זיך אַזוי מיסטעריעז פאַרענדיקט, אויב אַפילו ער האָט דעם לעצטן אַקאַרד דעם פינאַל פון מאַנוסעס לעבן ניט געהערט און ניט געזען.

די האַנטשריפט פון דעם בריוו איז געווען אַ פּרויעשע און דער טאָן פון בריוו אַן איינגעהאַלטענער, אַן איינגעוויקלטער אין אַנצוהערענישן, אָבער פול מיט טריבן פּאַטאָס און מיט אַפּעלירנדן אויסדרוק. „ווער, אויב ניט די קינסטלער אַליין דאַרפן זיין דידאַקטיק, וואָס זאָלן מיט זייער אייגן בלוט און מיט זייער אייגענעם גייסט טראַנספוזירן און אָנגיסן דאָס פאַר־געסענע און דאָס פאַרשוואונדענע אין דער קונסט"...—האָט דער בריוו גע־

רעדט.—"עס טאָר ניט זיין קיין טויט אין דער קונסט... קונסט טאָר ניט מומיזירט ווערן צוליב מוזייען... מאַלעריי און סקולפּטור דאַרפן אַריינדרינגען אין דער נשמה פון לעבן, ווי עס דרינגען אַריין די אייביקע סימפּאָניעס פון די טויטע, אָבער אייביק לעבעדיקע קאָמפּאָזיטאָרס, ווי עס דרינגט אַריין דאָס אייביקע וואָרט פון די טויטע, אָבער אייביק לעבעדיקע שרייבער־דיכטער..."—און דער בריוו האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער פראַגע: "וואו איז מאַנוס? ווייסט איר וואו מאַנוס איז און וואו זיינע קונסטווערק זיינען?" און איז געווען אונטערגעשריבן—גרעטא.

גרעטאַ. ווער איז גרעטאַ? — האָט שילאָן געטראַכט, אַן אַנגערעגטער פון דעם בריוו.

אין דעמדאָזיקן טאָג איז שילאָן אַרומגעגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. רוט, וועלכע פלעגט קומען יעדן טאָג איבערצוקוקן און צו שרייבן בריוו און אויך צו פאָזירן פאַר די צייכנונגען וועלכע שילאָן האָט צוגעגרייט פאַר זיין צוקונפטיקן בילד, האָט זיך געוואונדערט אויף שילאָנס שטימונג. די מילדקייט פון זיינע שמייכלענדיקע אויגן איז פאַרשוואונדן און דער בליק זיינער האָט געוואַנדערט ערגעץ אין דער אומזעבאַרער ווייטקייט און ווי געזוכט עפּעס אַ וועזן.

— איר זענט מיט עפּעס באַאומרואיקט. — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ניט באַאומרואיקט... בלויז פאַרשלעפּט צוריק צו אַן עפּיזאָד, וואָס האָט מיך איינמאָל זייער אויפגערעגט און געווירקט אויף מיר ווי אַ דאָזע סם.

— און דער סם, ווייזט אויס, ווירקט נאָך אַלץ?—האָט זי געזאָגט, וועלנדיק מיט אירע ווערטער און מיט איר שמייכל פאַרטרייבן זיינע שטימונגספולע געדאַנקען.

— ניין, דער סם ווירקט ניט מער.—האָט ער אויך אַ שמייכל געטאָן.

—איך וואונדער זיך אָבער... איך וואונדער זיך...

— וועגן וואָס וואונדערט איר זיך?

— וואו איז ער, וואו?

— ווער? — האָט זי געקוקט אויף אים אַ פאַרוואונדעטע.

— עס איז אַ לאַנגע געשיכטע... — האָט ער זיך געכאַפּט, אַז זיינע אָפּגעהאַקטע פראַזן דערקלערן גאָרניט און וועקן בלויז פאַרוואונדערונג און נייגעריקייט. — עס איז אַ לאַנגע געשיכטע...—האָט ער ווידערהאָלט, וואַרפנדיק קורצע בליקן צו איר באַוועגלאָזער פיגור און צייכנדיק שנעל מיט קויל אויף דעם פּאַפּיר, האָט ער גענומען דערציילן — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאַנוס איז געווען אַ טאַלאַנטירטער מאָלער, אָדער אפשר איז ער נאָך אַלץ אַ מאָלער און מאָלט ערגעץ וואו און האַלט זיינע בילדער אין דער פאַרבאָרגעניש. ער איז געווען, ווען ער שילאָן, האָט אים געקאָנט מיט צען יאָר צוריק, אין די דרייסיקער. הויך, טונקל, מיט אַן אַסקעטישן פּנים, אַ שנעלער און נערוועזער. די אויגן—שוואַרצע, ברענענדיקע; די ליפּן—דינע, געשלאָסענע אין עווייגעניש. שילאָן האָט זיך באַקאַנט מיט אים אין

אַ פישער־דערפל אין קאַנאַדע, וואוהין ער איז געקומען פאַרברענגען דעם זומער און מאָלן. ער האָט אים געוואָלט זען אַט אַזעלכן, ווען ער האָט גע־קוקט אויף זיינע עכט־סימבאָלישע, סורעאַליסטישע און טונקל־גייסטיקע, פאַרוואָלקנטע מיט טרויער בילדער. און אַט אַזעלכער איז ער אויך פאַר־זעגלעך דערשינען פאַר אים.

זיי פלעגן ביידע אַרויסגיין אין די פאַרטאָגן, קלעטערן אויף די בערג, זיצן אויף די שטיינערנע סקאַלעס, אַרומגערינגלטע מיט שמעקנדיקע סאָסנעס און שווייגן און מאָלן די קליינע פישער שטיבעלעך, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפן בא דעם ברעג פון ים. אַמאָל פלעגט שילאָן פרובירן אַרויסרופן מאַנוסן אויף אַ געשפרעך, וואָס זאָל באַלייכטן דאָס פאַרנעפּלטע און פאַרבאָרגענע לעבן זיינס, מאַנוס האָט אָבער ניט גערן גערעדט. אַרויס־געזאָגט אַמאָל אַ פּאָר פּראַדאָקסאַלע און אַפילו אָריגינעלע מיינונגען וועגן קונסט, דער איינדרוק איז אָבער געבליבן, אַז דאָס לעבן און די קונסט גייט אים זייער ווייניק אָן. אַפילו די יונגע פראַנצויזישע מיידל, וועלכע האָט אין דעם פישער דערפל אויסגעטיילט זיך מיט איר ווילד־עקזאָטישן חן און אַט מיט דערשטיקטער תאווה שטורם געריסן זיך אַ פאַזירנדיקע אַריינצע־כאַפּן און פאַרפּלאָנטערן אים אין די נעצן פון אירע בליקן, פון אירע האָר, פון אירע טיף־ברוסטיקע ווערטער, אפילו זי האָט אין דעם פאַרהעלטניס־מעסיק ווילדן ווינקל ניט געקאָנט פאַנגען זיין אומרואיקן בליק און ניט געקאָנט אײַנהאַלטן אויף אַ רגע זיין שנעלן, נערוועזן באַריר.

און ווען זיי האָבן סוף זומער פאַרלאָזט דאָס פישער־דערפל און שי־לאָן האָט אים אײַנגעלאַדן צו קומען קיין ניו־יאָרק און באַזעצן זיך בא אים אין דער סטודיאָ און אַרבעטן דאָרט און טאַקע פאַזירן פאַר אַ סקולפּטורע, וואָס שילאָן האָט געפיבערט צו מאַכן פון אים, האָט מאַנוס, צו שילאָנס איבעראַשונג און פרייד, אָנגענומען די אײַנלאַדונג און געזאָגט, אַז אויב שילאָן וויל מאַכן פון אים אַ סקולפּטור, וועט ער, מאַנוס, מאָלן שילאָנס פּאָרטרעט.

באַם פאַרלאָזן דאָס דערפל, האָט מאַנוס, מיט אַ גלייכגילטיקייט, וואָס האָט איבעראַשט שילאָנען, אוועקגעגעבן דער פראַנצויזישער מיידל דעם קונסט־פּאָרטרעט, וואָס ער האָט געמאָלן פון איר, אַ פּאָרטרעט פון ווילדער שטורמדיקער שיינקייט.

זיי האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ניו־יאָרק און מאַנוס האָט זיך באַ־זעצט בא שילאָנען אין דער סטודיאָ. ער האָט זיך גענומען מאָלן שילאָנס פּאָרטרעט און שילאָן האָט מיט ליידנשאַפטלעכער פרייד פון שאַפונגס־פי־בער פאַרפיקסירט אין געדולדיקן ליים מאַנוסעס פּנים, די לאַנג־ברענענ־דיקע אין אים קאָנצענטרירטע פון אַ מיסטיקער־קאַבאַליסט.

דורך דער צייט פון זייער ביידנס שאַפן, אין די אַכט האַרבסטיקע וואָכן, וואָס האָבן אין שילאָנס הימלקראַצער־סטודיאָ געוואויעט מיט ווינטן, געקלאַפּט מיט האָגל און מיט רעגן אין דעם גלעזערנעם דאַך און אין דער, ווי אַ שאָך־ברעט, מיט גלאָז געקעסטלטער וואַנט, האָט שילאָן, ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, דורך די שפּאַלטן פון פראַזן, דורך אַ זעלטענעם

שמייכל־בליץ, דורך די פלוצימדיקע אָפּגעהאַקטע אויסגעשרייען און דורך די מומרמלענדיקע אין שלאָף און פאַרשלונגענע אין דער שטילקייט פון דער נאַכט ווערטער, געקאָנט אויפכאַפּן דאָ און דאָרט אַ ליכט פון מאַנוסעס פאַרבאָרגנקייט און אין דעם שוואַכן ליכט ענטדעקט אַ סטעזשקע, וואָס האָט געפירט צו אַ סוד.

עס האָט זיכער געמוזט זיין עפּעס אַ פּסיכישע, אונטערבאַוואוסטזיניקע, אָדער אפשר אַ באַוואוסטזיניקע פאַרבינדונג צווישן זיין אָפּט ווידערהאָלטן אויסגעשריי: ״ס׳אַליגן! ס׳אַליגן!״ און דעם אָנפאַל פון גלייכגילטיקייט און אַפּאַטיע נאָך דעם פאַרענדיקן פון אַ טאָג, אָדער אַ נאַכט קאָנצענטרירטער אַרבעט איבער דעם געשאַפענעם בילד. דידאָזיקע אויסגעשרייען האָט שילאָן געהערט ווען ער האָט אים געזען מאָלן דאָס פראַנצויזישע מיידל און די זעלבע אויסגעשרייען האָט ער געהערט אויך איצט, פאָזירנדיק פאַר דעם פאָרטרעט. ער האָט אָבער פאַרשטאַנען שילאָן, אַז ס׳איז בעסער און קליגער ניט צו פאָרשן, ניט צו באַרירן דעם סוד, וואָס איז געלעגן ווי הינטער אַ פאָרהאַנג אין דער טונקלקייט פון מאַנוסעס נשמה.

ביידע, ווי אָפּגעשיידטע פון דער דרויסנדיקער וועלט, פלעגן אַראָפּקומען פון דער סטודיאָ בלויז צו עסן — די איבעריקע צייט איז פאַרשוואונדן אין שאַפן. הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר, האָבן זיי ביידע ווי געיאָגט זיך צו פאַרענדיקן און צו פערפעקטירן די געשטאַלטן וואָס האָבן ווי דיבוקים געפאָדערט און געמאָנט: לעבן! לעבן! לעבן!

דער פאָרטרעט ,וואָס מאנוס האָט געמאָלן פון שילאָנען איז שוין געווען כמעט פאַרענדיקט. שילאָן, אויף דעם בילד, מיט דעם הינטערגרונט פון די ספּעציפיש מאַנוסישע טונקל־כמאַריקע פאַרבן, האָט אויסגעזען ווי אַ קינסטלער־פילאָזאָף פון דער אַלט־רוימישער עפּאָכע. זיינע לענגלעכע האָר, זיין ווייט־פאַרחלומטער בליק, די דין זיידענע באָרד, און דער מאַרבלשטיין מיט דלאָט און האַמער בא זיינע באָרוועסע פיס, האָבן פאַרכאַפּט דאָס אויג און דעם געדאַנק מיט דעם ענטפּלעקטן סוד פון דער מיסטעריעזער מענטשלעכער גאונות. אָבער צו שילאָנס פאַרוואונדערונג, האָט מאנוס באם סאַמע לעצטן מאָמענט אויסגעמאָלן אַ צעקוועטשטן וואָרעם אונטער שילאָנס באָרוועסן פוס. און דער צעקוועטשטער אין דער אַגאָניע וואָרעם האָט מיט זיין רעאַלער נאַטירלעכקייט געשלעפּט דעם בליק אַראָפּ און ווי דערמאָנט, אַז אין דער געניאַליטעט ליגט אַ פאַטאַלע גרויזאַמקייט, אַז דאָס גייסטיקע, דאָס געניאַל־קינסטלערישע און דאָס ווערעמדיקע איז אונטערוואָרפן דעם איינעם און זעלבן פאַטאַליסטישן גורל, וואָס וועט קיינמאָל ניט אַנטפּלעקן דעם סוד פון אמת.

— פאַרוואָס דער וואָרעם? — האָט אים שילאָן געפרעגט.

— ווייל דאָס איבעריקע—איר, מיט אייער פּאָזע, מיט אייער אויסדריק איז קינסטלעך, אויסגעטראַכט, ניט אמתדיק. כ׳האָב געמיינט, אַז אין דער אַגאָניע, אין דעם טויט פון וואָרעם וועט אפשר זיין דער אמת.

— ...און, איז ער דאָ דער אמת אין דעם טויט?—האָט שילאָן געפרעגט.

— יאָ, אין טויט איז דאָ דער אמת, דער אייביקער אמת אפשר, אָבער אויף דעם בילד איז דער אמת ניטאָ, ניט אין טויט פון מענטש און אודאי ניט אין טויט פון דעם וואָרעם. ס'אַליגן די גאַנצע קונסט.

שילאָן פון זיין זייט, האָט שוין פאַלירט דעם ליכטיק גרינעם מאַרבל־שטיין, וואָס האָט אין זיך געהאַלטן מאַנוסעס איינגעבויגענעם און פאַרטיפטן קאָפּ — דעם קאָפּ פון דעם מיסטיקער־קאַבאַליסט. און מאַנוס—יעדעס מאָל וואָס ער האָט זיך אַ שוויינדיקער אָפּגעשטעלט באַם אויסגעהאַקטן קאָפּ, האָט ער אים געגלעט מיט ציטערדיקע נערוועזע פינגער, ווי וועלנדיק אַריינגעמען אין זיך דעם גאַנצן מח, דעם גאַנצן גייסט פון דעם געשטאַלט און באַהעפטן זיך מיט אים און ווערן איינס, אויף אייביק—ער אין שטיין, דער שטיין אין אים.

איינמאָל, אין אַ ווינטיקן אָוונט, ווען עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די סטודיאָ ווערט אָפּגעריסן פון דעם הימל־קראַצער און טראָגט זיך ווי אַ מאַגישער לאַמטערן צווישן וואַיענדע, שטורמדיקע וואָלקנס, זיינען שילאָן און מאַנוס, איטלעכער פון זיי פאַרנומען מיט זייערע געדאַנקען און שטימונגען, געלעגן אויף זייערע נידעריקע אטאמאַנעס און צוגעהערט זיך צו סאַבע־ליוסעס אַ סאַגאַ, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דער ראַדיאָ, ווי פאַרטראָגן פון דעם ווייטן צפון.

שילאָן האָט געקאָנט זען ווי מאַנוסעס ברוסט הייבט זיך אויף און אָפּ, ווי אין אַ שווערן אינערלעכן קאַמף מיט אַנגעלאָפענע עמאָציעס; געזען, ווי די פינגער זיינע, איינגעגראָבן אין פלייש פון דער אטאמאַנע, דרייען זיך קאָנוואולסיוו, ווי וועלנדיק אָנהאַלטן דעם קערפּער, וואָס איז געפלויגן צע־זאַמען מיט דער סטודיאָ ערגעץ אין חלל אַריין. מיטאַמאָל איז ער אויפ־געשפּרונגען און געלאָזט זיך שפּאַנען פון איין עק סטודיאָ צום צווייטן... געשפּאַנט און געביסן די נעגל, געמורמלט עפּעס אין זיך, ווי וועלנדיק פאַרטרייבן פון זיך אַ געדאַנק, אַ געפיל... געשפּאַנט, פאַרגעסנדיק, אַז אין דער צווייטער זייט, אין דער פינצטערער זייט ליגט שילאָן און אויב ער קוקט ניט אפילו אויף אים, פילט ער אָבער, מסתמא, דעם שטורם, וואָס בושעוועט אין אים, אין מאַנוסן.

מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין, ווי אונטער דער קראַפט פון דער מוזיק, וואָס האָט אויך אין דעם לויף פון דער סימפאָניע אָפּגעריסן פּלוצים דאָס דין־דינע צפונדיקע געזאַנג פון די פידלען; געבליבן שטיין אַ פאַר־גליווערטער באַ דעם קאָפּ פון קאַבאַליסט, וואָס האָט, אונטער דעם ליכט־פּאָס פון הויכן רעפלעקטאָר אין דער סטעליע, אויפגעלעבט ווי אַ גרין גייסט־מאַסקע מיט ניטערדישן ליכט פון חכמה. געשטאַנען אַזוי אַ ווײַלע ווי אין אַ טראַנס און פּלוצים היסטעריש־גרילצנדיק אויסגעשריען: ס'אַליגן! ס'אַליגן! ס'אַליגן! אַ כאַפּ געטאָן דעם שווערן האַמער, וואָס איז געלעגן אויפן דיל באַם מאַרבלשטיין, מיט אַ בליץ־שנעלער באַוועגונג אַ זעץ גע־טאָן איבער דעם קאָפּ פון קאַבאַליסט און צעשפּאַלטן אים אויף צווייען.

מיט אַ פאַרשטיקטן געשריי איז שילאָן אויפגעשפּרונגען און איז גע־בליבן שטיין אַ בלייכער און אַ ציטערנדיקער. מאַנוס איז געשטאַנען אַ

ווײַלע מיטן האַמער אין דער האַנט, ווי אַ סאָמנאַמבוליסט, וואָס האָט זיך פּלוצים אויפגעכאַפּט באַם סאַמע ברעג פון אַן אָפּגרונט. זײַן בליק האָט געוואַנדערט מיט ווילדער פאַרוואונדערונג פון דעם צעהאַקטן קאָפּ צו שי־לאַנען און פון שילאַנען צום קאָפּ; דער האַמער איז אַרויסגעפאַלן פון זײַן אנמאַכטיקער האַנט, און שטייענדיק אַזוי מיט ציטערדיקע ליפּן אויף דעם גרוי־בלייכן פּנים, האָט ער זיך פּלוצים מיט אַ שנעל־נערוועזער באַוועגונג אַ דריי געטאָן, אַ לאָז געטאָן זיך צו דער טיר, אויפגעמאַכט זי, אַרויס אין טונקעלן קאָרידאָר און אַראָפּגעלאָזט זיך אַנמאַכט באַם עלעוויטאָר.

שילאָן איז אים ניט נאָכגעגאַנגען. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ גייסטיקע און פּסיכישע רעאַקציע עס האָט אויסגעבראָכן אין מאַנוסעס נשמה. דער צעהאַקטער קאָפּ האָט געצויגן די בליקן אַראָפּ און אין האַרצן האָבן געוויינט די פידלען פון סאַבעליוסעס סאַגאַ.

מאַנוס איז אין דערדאָזיקער נאַכט ניט צוריקגעקומען. אָבער מיט עטלעכע טעג שפּעטער, ווען שילאָן איז אַהיימגעקומען פון אַ לאַנגן שפּאַציר, האָט ער דערזען, אַז די צעהאַקטע סקולפּטור איז פאַרשוואונדן. מער האָט ער מאַנוסן ניט געזען און קיינמאָל פון אים ניט געהערט.

שילאָן האָט באַשלאָסן אײַנצולאַדן די קינסטלער־קאָמיטעטן צו באַ־זוכן די סטילבערג קינסטלער־היים. אַלע האָבן גערן אָנגענומען די אײַנ־לאַדונג, ווײַל סײַ דער אַרויספאָר, סײַ די אַלגעמיינע געזעלשאַפט פון די פאַרשידענע קינסטלער האָבן געלאָקט מיט אינטערעס און מיט שטימונג. צווישן די קינסטלער האָבן זיך געפונען די באַרימטסטע דיכטער, מאָלער, קאָמפּאָזיטאָרס און קריטיקער. אויך סטילבערג, רוט און מארלין זײַנען אָנ־וועזנד געווען.

אָנקומענדיק צו דער ווילע האָבן זיך די קינסטלער, געפירטע פון סטילבערגן און פון שילאַנען, אַ לאָז געטאָן פון צימער צו צימער, פון דעם סאַמע קעלער, ביז דעם אויבערשטן שטאָק און אַלעס באַטראַכט און אויף אַלעס רעאַגירט מיט דעם ספּעציפיש קינסטלעריש־עסטעטישן צו־גאַנג, וואָס שטעלט מער דעם טראָפּ אויף דעם גייסט, אויף דער שטימונג, ווי אויף דער צוגעפּאַסטקייט און פּראַקטישקייט פון דעם בנין.

אַלע זײַנען געווען באַגייסטערט און אייניקע האָבן אַפילו מיט קלוגע שמייכלען אויף די ליפּן בעדויערט, וואָס זייער טאַלאַנט, וואָס זייער פּאָזי־ציע אין דער קונסט און זייער עקאָנאָמישער צושטאַנד האָט אַריבערגע־וואַקסן די מעגלעכקייטן וואָס דאָס פאַרכישופטע קינסטלער־ווינקל וועט געבן די גליקלעכע אַספּיראַנטן. און סטילבערג אַליין האָט באַמערקט און אונטערשטראָכן, אַז די קונסט־היים ווערט ניט עטאַבלירט בלויז פאַר יונגע, ערשט וואַקסנדיקע טאַלאַנטן. ער האָט איינזינען אמת'ע, גרויסע טאַלאַנטן, יונג און אַלט, וועמעס עקאָנאָמישער צושטאַנד דערלויבט זיי ניט אָפּצו־געבן זיך מיט קונסט. דער צוועק פון דער קונסט־היים איז אַראָפּצונעמען

דעם יאָך פון די קינסטלערישע פּלייצעס און לאָזן פריי זייערע באַפליגלטע טרוימען און וויזיעס.

אַלע האָבן אים באַגייסטערט אַפּלאָדירט. די דינערשאַפט האָט דערנאָך געגרייט לאַנגע, ווייסע טישן, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן אין אַ סטילבערג־ווילע. און זיצנדיק שוין באַם טיש, האָט שילאָן מיט רואיקע און קלאָרע רייד ווידער גערעדט וועגן די צילן און מעגלעכקייטן פון דער קונסט־היים. דער טאָג איז אַוועק אין אַ דערהויבענער, אָבער געצוימטער שטימונג און די פאַרנאַכטיקע פייערלעך צווישן די בערג און אויף דעם ים האָבן באַגלייט מיט שטילן ליכט די קינסטלער, וואָס האָבן זיך געטראָגן אין די אויטאָס איבער דעם בלוי־אַספאַלטענעם זיגזאַגישן וועג.

דאָס צעטל פון די אָנגעמערקטע און אויסדערווײלטע קינסטלער פאַר דער קונסט־היים איז שוין געווען כמעט פאַרטיק. אייניקע פון זיי האָט שילאָן געקאָנט פּערזענלעך, די אַנדערע געקאָנט בלויז דורך זייער קונסט. ער האָט געהאָט זיין מיינונג וועגן יעדן איינעמס טאַלאַנט, וועגן זייערע אידייען און וועגן זייער לעבן אין אַלגעמיין, לעבנס וואָס זיינען אַזוי פאַרשידן אין גייסט און אין טאַט, לעבנס פון קינסטלער, וואו איינער איז אַן אָפּגעריסענער באָהעם און טרינקט דעם לעבן־האָניק פון יעדן בלימל וואָס ער זעט און מאָלט, און וואו דער צווייטער טראָגט דעם יאָך פון פרעמדער צו זיין גייסט, אַרבעט און פירט אַ שטילן לעבן אין די גרענעצן פון זיין פאַמיליען לעבן אָדער אין איינזאַמקייט פון זיין בחורישער סטודיאָ.

פון די מאָלער וועלכע ער האָט גוט געקאָנט, איז שלום בלאַנק געווען דער יידישסטער פון אַלע. שילאָן איז געווען אונטערן איינדרוק, אַז יעדער איינער אין ניו־יאָרק האָט געקאָנט בלאַנקן. דער איינדרוק האָט זיך בא אים געשאַפן פון דעם, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן זיין נאָמען כמעט אין יעדן צעטל פון קאָמיטעטן, וואָס האָבן אינדאָרסירט אָדער אַפּעלירט פאַר פאַרשידענע נאַציאָנאַלע און ראַדיקאַלע אונטערנעמונגען אין אידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער האָט אים אָפט באַגעגנט בא קונסט־אויסשטעלונגען און אין דער ביבליאָטעק, וואו בלאַנק האָט געזוכט און געניטערט רעפּראָדוקציעס און שפורן פון יידישער פלאַסטישער קונסט. ער האָט שוין, ווי שילאָן האָט געהערט, אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דער ספּעציפישקייט פון יידישער קונסט און זיינע, בלאַנקס בילדער, וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו זען בא אויסשטעלונגען, האָבן זיך אויסגעטיילט מיט זייער ספּעציפיש־יידישער טעמאַטיק, וואָס האָט דערציילט וועגן דעם מאַרטירערישן וועג פון יידנטום; די בילדער זיינען אין דערזעלבער צייט געווען מייסטערפול געמאָלן און עקזעקוטירט.

בלאַנק איז געווען אַ מאַן אין די פערציקער, זיין רונד פּנים מיט די ווייכע שמייכלענדיקע אויגן, דער פעטלעכער קערפּער און פולע ווייסע הענט האָבן ניט אימפּאָנירט און האָבן ניט אַרויסגערופן קיין באַזונדערן אינטערעס צו אים. ער האָט גערעדט שטיל, שטענדיק שמייכלענדיק און

גרייט צו יעדער צייט צו העלפן יעדן איינעם, ניט אינטערעסירנדיק זיך אריינצודרינגען טיף אין די סיבות פון די אָפט פאַרפלאָנטערטע, אינדיווידועלע און געזעלשאַפטליכע פּראָבלעמען. זיינע בילדער אין קעגנזאַץ צו זיין נאָכגעבנדיקן און שוואַכן כאַראַקטער, האָבן איבעראַשט מיט שטאַרקייט פון אויסדריק. עס פלעגט אים נעמען לאַנג צו מאָלן אַ בילד און אָפט פלעגט זיך אים איינגאַנצן ניט גלוסטן אַרויסצולאָזן דאָס בילד פון די הענט, צוליב אַ שטריכעלע דאָ און דאָרט, וואָס נאָגט אָפט ווי אַ נערוו פון אַ שלעכטן צאָן. פלעגט ער ניט מאָלן מער ווי דריי, פיר בילדער דורכן יאָר. און ווי ער האָט מיט זיין כאַראַקטעריסטישער נאַאיוויטעט דערציילט, זיינען כמעט אַלע זיינע בילדער אָפּגעקויפט געוואָרן פון יידישע כלל־טוער און קולטור־טוער. בלויז עטלעכע פון זיינע בילדער איז אים געלונגען צו פאַרקויפן דורך קונסט־הענדלער, אָבער אין אַלגעמיין, צוליב דער אַלגעמיינע לאַגע פון יידישע קינסטלער, וועמעס קונסט עס האָט זיך ניט באַצאָלט און אויך צוליב זיינע אינדיווידועלע קינסטלערישע שטערונגען און האַס צו "קונסט־ביזנעס", האָט ער געאַרבעט אין אַ רעסטאָראַן אַלץ קעלנער. דידאָזיקע באַשעפטיגונג האָט אָבער ניט געבראָכן זיין זעלבסטווירדע אַלץ קינסטלער. ער האָט אין אַלגעמיין געקוקט אויף יעדער באַשעפטיקונג פאַר עקזיסטענץ, ווי אויף אַן אומפאַרמיידלעכן צינז, וואָס אַ מענטש דאַרף צאָלן דעם לעבן און ער האָט קיינמאָל ניט אונטערשיידט צווישן נידעריקע און העכערע באַשעפטיקונגען. מיין קערפּער — פלעגט ער זאָגן — פאָדערט זיין צינז, גיב איך עס אים דורך אַרבעט; מיין גייסט פאָדערט אויך צינז, — גיב איך עס אים דורך קונסט. איך גיב זייביידן און זיי לעבן ביידע בשלום.

זיין פרוי, וועלכע ער האָט געלאָזט אין אייראָפּאַ און וועלכע ער האָט געהאָפט אַריבערצוברענגען נאָך דער מלחמה, איז געשטאָרבן דאָרט און בלויז די געדאַנקען וועגן איר פלעגן אָניאָגן טונקעלע שטימונגען אויף זיין געמיט און לאָזן אים אָפט אויף גאַנצע טעג, אַ שווייגנדיקן, אַ צעבראָכענעם אין דער איינזאַמקייט פון זיין צימער. דער גייסט פון שלום און פון רואיקייט אין זיך זעלבסט פלעגט אין אים זיגן און ווידער אַרויסשיינען פון זיינע אויגן מיט אַ מילדן ווייכן שמייכל.

דער צווייטער פון די קינסטלער, וועמען שילאַן האָט געקאַנט פערזענלעך איז געווען דער מאָלער פּערצאַוו. ער האָט אים זעלטן געזען, אָבער אַ סך געהערט וועגן אים. פּערצאָווס נאָמען פלעגט אָפט פיגורירן אין פאַרשידענע ראַדיקאַלע צייטונגען און זשורנאַלן וואו ער פלעגט דרוקן קאַריקאַטורן אויף פּערזאָנען און צו פאַרשידענערליי פּאָליטישע געשעענישן מיט וועלכע דאָס לעבן האָט געברויזט. פּערצאַוו איז אויך געווען באַוואוסט צוליב זיין הויקער און צוליב זיין שרעקלעך פאַרקריפּלטן פּנים און שילאַנען האָט די מאָנסטערהאַפטיקייט פון פּערצאַווס געזיכטס־שטריכן געשווידערט און דערמאָנט אין גאָיאַס צייכנונגען, דערמאָנט אין קוואַזימאָדאָ פון דעם נאָטרדאַם, עס האָט אים אָבער געצויגן צו קוקן אויף אים, ווייל דאָס אויג פון מאָלער און סקולפּטור האָט אומבאַוואוסטזיניגער־

הייט געזען דאס שוידערהאפטע פנים פארפיקסירט אין פארבן, געזען עס אן אויסגעקנאטנס פון ליים אין דער סטודיא, אפילו ווען דאס אנסימעטרישע און דאס דיסהארמאנישע האט אים קיינמאל ניט געלאקט און ניט אינספירירט צו מאלן.

פערצאוס בילדער האבן אים אבער שטארק אינטערעסירט צוליב די אינספירירנדע סאציאלע סוזשעטן, וואס ער האט אריינגעלעגט אין זיי. יעדעס בילד האט געריסן דאס אויג ווי מיט צוואנגען און געשליידערט אין מח אריין אידייען און פראבלעמען. די מענטשן אין זיינע בילדער זיינען געווען ווי אויסגעהאקטע פון שטיין און יעדער גליד, יעדער מוסקול, וואס ער האט געמאלן האט וויברירט מיט לעבן. איבערהויפט איז שילאן געווען ענטציקט פון פערצאוס באריזמטן "מיוראל" אין וועלכן ער האט מיט רעוואלוציאנערן כמעט פראפעטישן פאטאס אויסגעהאמערט די פיגורן פון די אידעאלסטע סאציאלע פירער. און שילאן, קוקנדיק אויף דער ארבעט, האט געטראכט, אז אויב אזא קינסטלער ווי פערצאוו דארף זיך וואלגערן אין די "סלאמס" פון דעם ארכימיליאנערסקן ניו־יארק און אנשטאט אפגעבן זיך דער שכינה פון קונסט, קריכן אין די גריבער פון געזעץ־שאפטלעכער אומגערעכטיקייט, מעג ער פארוואנדלען זיין מייסטער־האפטן פענזל אין א שווערד, מעג ער אנשטאט פארבן באנוצן זיך אפילו מיט בלוט.

שילאן האט געוואוסט, אז כאטש פערצאוס בילדער זיינען געווען פון גרויסער קוואליטעט, האט ער זיי כמעט ניט פארקויפט, צוליב דער זעלבער אלגעמיינער אפאטיע, וואס האט געהערשט אין באצוג צו קונסט און הויפטזעכלעך צוליב פערצאווס אייגענעם האס צו קאמערציאליזירטער און אויפגעבלאזענער פון קונסט־אגענטן שאקירנדער רעקלאמע און אויך צוליב פערצאווס רעפוטאציע אלץ א פאנאטיקער־ראדיקאל, וואס האט מיט זיינע שארפע קאריקאטורן פארשאטנט און פארטונקלט זיין קינסטלערישן ווערט.

פערצאווס צימערל־סטודיא האט זיך געפונען באם ברעג פון ים אין דעם ארעמסטן קווארטאל באם ניו־יארקן האפן. געחברט האט ער זיך מיט די פארדעכטיקסטע פארשוינען, וואס האבן מיט גרייטקייט פאזירט פאר זיינע בילדער און האבן מיט נאאיווער איבערגעבנהייט געבראכט אים זייערע ארעמע מתנות.

זיין פאטער איז געווען אן ארעמער שוסטער וואס האט אין זיין זונס קינסטלערישער קאריערע און אין זיין אויסזען געזען א קללה פון גאט און ווען פערצאוו פלעגט אמאל אריינקומען צו אים און אוועקזעצן זיך לעבן אים באם ווארשטאט און נעמען זיך א שוויגנדיקער צו פאררייכטן א שוך פון די ריי שיך, וואס זיינען געלעגן אויסגעלעגט מיט צעטעלעך, פלעגט דער פאטער מיט דעם אידישלעכן זיפץ און קרעכץ א קוק טאן אויף אים, א כאפ טאן פון זיינע הענט דעם שוך און א זאג טאן: ווידער אמאל דאסזעלבע! ווער בעט דיך זאלסט מיר העלפן זיין א שוסטער?! איז דאס דאס איינציקע מיט וואס דו קאנסט מיר ארויס־

העלפן אויף דער עלטער? און פערצאוו האָט געוואוסט, אַז ער קאָן דעם פאָטער מיט גאָרניט העלפן, פלעגט ער שווייגן, זיצן א ווײַלע און ווידער אוועקגיין צו זיך צום שטיבל באם ברעג פון ים.

שילאָנען איז איינמאָל איינגעפאלן און ער איז באגייסטערט געוואָרן פון דעם געדאַנק צו מאָלן פון פערצאָוון אַ בילד, וואָס זאָל פאָרשטעלן יאָהאן מאסטן אונטער דער פלאַטערנדיקער שווארצער פאָן פון אנארכיע. ער האָט אָבער אויפגעגעבן דעם געדאַנק, ניט וועלנדיק מיט דעם בילד אונטערשטרייכן פערצאווס פיזישע פאַרקריפּלטקייט און דערנאָך זײַנען אָנ־געלאָפן אנדערע שטימונגען און אידייען און ער האָט פארגעסן אָן פער־צאָוון און אָן בילד.

דער דריטער פון די מאַלער, וועמען שילאָן האָט געקאָנט בעסער פון די אנדערע איז געווען גאַלין, וועלכער איז געווען באַקאַנט אין די קינסט־לערישע קרייזן אונטער זײַן ערשטן נאָמען ראַפאַעל. זײַן טונקל פּנים, די קליינע וואָנצעלעך אויף די גרויסע פולע ליפּן, די שוואַרצע שמייכ־לענדיקע אויגן, די טעמפּעראַמענטפולע סאנגווינישקייט, די ספּעציעל גע־נייטע פאר אים פלושענע רעקלעך, זײַנע אויסגעבונדענע שמעטערלינג קראַוואטן, דער גרויסער רינג אויף זײַן האנט, — דאָס אלעס האָט געשאַפן די אימפּרעסיע פון אינדיווידואַליטעט און קינסטלערישקייט אָבער אָפט פארפירט צום איינדרוק, אַז אָט דער טונקעלער לאַטיין־אמעריקאַנישער טיפּ מוז אודאי זײַן עפּעס אַן אַוואַנטוריסט, אַ בריליאַנטן הענדלער, אָדער גלאַט א געמבלער.

ראַפאַעל אַליין האָט געגלייבט, אַז אַ קינסטלער דאַרף אַנטפּלעקן זײַן נשמה, זײַן כאַראַקטער און סטיל, ניט נאָר אין די בילדער, נאָר אויך אין זיך זעלבסט, אין דעם אייגענעם לעבן און אין דעם לעבן אַרום אים. עס איז ניט גענוג פאַר א מאַלער, פלעגט ער זאָגן, צו קאָנען בלויז מאָלן. א מאַלער דאַרף אויך קאָנען מוזיק, און דעם ריטם און די נשמה פון טאַנץ, און ער דאַרף אויך קאָנען אויפנעמען און פארשטיין פּאָעזיע, ווײַל בלויז אין אלע צווייגן פון קונסט ארום דעם קינסטלער קאָן זיך אנטפּלעקן די קינסטלערישע פערזענלעכקייט, צי ער איז אַ מאַלער, א פּאָעט, צי א קאָמ־פּאָזיטאָר.

ראַפאַעל האָט ניט גערעדט קיין יידיש, ער האָט אָבער פארשטאַנען די שפּראַך. ער האָט, אין אלגעמיין, פארשטאַנען א סאך שפּראַכן, אָבער קיין איינע פון די שפּראַכן ניט געקאָנט פּערפעקט. ער האָט ליב געהאַט צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז ער איז א שפּאַניער און פלעגט דערציילן, אַז זײַן מוטער איז געווען א יידישע, אָבער דער פאָטער איז געווען א זון פון געמישטן בלוט—פון פראַנצויזישן און פון שפּאַנישן.

ער האָט שיין געזונגען און שיין געטאַנצט און געשפּילט פּיאַנאָ מיט דער ווירטואזיטעט פון א פּראָפעסיאָנאַל. ער איז שוין דריי מאָל געווען פארהייראַט: צו א טענצערין, צו אַ מאַלערין און צו א יונגער, זייער צאַרטער און סענטימענטאַלער טאָכטער פון א גלח, וועלכע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, ניט קאָנענדיק נאָכהאַלטן און אויך ניט אָנהאַלטן זײַן וויב־

טיק־שפּילעוודיק לעבן, א לעבן, וואָס איז געווען פול מיט שפּאַנענדיקן, פּולסירנדיקן ריטם, מיט הייס־בלוטיקן פאַרצערנדיקן פייער, מיט מוזיק, מיט טאַנץ, מיט פרייער ליבע.

דער גרינוויטש ווילעדזש איז פאַר ראַפאַעלען געווען בלויז א סימבאָל. אים האָט ניט געאַרט וואו ער וואוינט. דער גייסט פון קונסט האָט אָבער געמוזט שוועבן ארום אים. ער האָט ניט געגלייבט אין רייכקייט און האָט ניט געגלייבט אין אָרעמקייט, און ווען עס פלעגט טרעפן און ער האָט פאַרקויפט א בילד און געקראָגן גוט באַצאָלט דערפאַר, האָבן זיינע פריינט פון גרינוויטש־ווילעדזש געפרייט זיך מיט דעם, מער ווי ער אליין. דאָס געלט האָט לאנג ניט געסטייעט. דאָ האָט ער באַצאָלט א חוב, און דאָרט האָט ער אוועקגעליען א טייל צו "אַן אָרעמען טייוול" און וואָס ס'איז געבליבן איז געווען גענוג אמאָל פאַר א נייעם זשאַקעטל און פאַר א הוליאַנקע מיט די פריינט.

ער האָט ליב געהאַט צו טרינקען, אָבער קיינער האָט אים קיינמאָל ניט געזען א שיכורן. שטייענדיק באַם מאָלבערט און מאָלנדיק, האָט ער ליב געהאַט צו זען בא זיין זייט א באָקאַל מיט רויטן וויין; ליב געהאַט צו קוקן אויף בלומען, אויף זיין שטעקן מיטן גאָלדענעם קאָפּ, וואָס ער האָט געקראָגן א מתנה פון א צירק־דירעקטאָר, וועמעס פּאָרטרעט ער האָט געמאָלן; ליב געהאַט צו זען אויף דעם טישל זיין לאַנגען סיגאַרעט־שפּיץ, ביכער, נאָטן און הערן געזאַנג און מוזיק. דאָס אַלעס האָט געשאַפן שטימונג פאַר זיינע בילדער און די בילדער זיינע זיינען מערסטנס געווען שטימונגספולע, טעמפּעראַמענטפולע, ליידנשאַפטלעכע און יעדעס בילד איז געווען אַנדערש פון דעם צווייטן. ער האָט זיך זייער זעלטן באַנוצט מיט מאָדעלן. ער האָט זיי געהאַט פאַר די אויגן—אומזעבאַרע פאַר אנדערע, — פלעגט ער זאָגן. זיינע בילדער זיינען געווען פאַרשיידן. ער האָט געהאַט בילדער, וואָס האָבן געאָטעמט מיט עכטן רעאַליזם און בילדער באַהויכט מיט סימבאָליזם, ער איז אָבער אויך געווען אַן אָנהענגער פון אַלע "איזמען" אין דער קונסט און האָט אליין אויך געמאָלן פאַרשידענע, מערסטנס, אַבסטראַקטע בילדער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דער ספּעציפיש "ראַפאַעלישער", ווי די קאָלעגן און קריטיקער פלעגן עס צוגעבן, קאָמבינירונג פון פאַרבן. קונסט, פלעגט ער אָפט אַרגומענטירן, דאַרף קומען דורך אַלע וועגן. דער מאָדערנער מענטש וויל ניט מער אויפנעמען די קונסט בלויז עמיציאָנעל, — ער וויל זי אויפנעמען אויך דורך די צעלן פון זיין מוח. ער וויל פילן דעם רייץ פון זעלבסט־אַנאַליז, זעלבסט־באַנעם און זעלבסט־אַנטפּלעקונג. ער וויל ניט קומען צו דער קונסט און זען דעם אינהאַלט, צעלעגט פאַר זיינע אויגן, אַן אויפגעדעקטן, א נאַקעטן און גרייטן פאַר באַנעם. דאָס פאַרבאָרגענע רייצט מער, אינטריגירט מער און שאַרפט מער און דאָס איז אפשר די הויפּט אויפגאַבע פון דער קונסט; וואָרן דער מאָדערנער מענטש נויטיקט זיך ניט מער אין דער עלעמענטאַרער מאַניפעסטאַציע פון שיינקייט, וואָס ווערט מיט אַזאַ פּערפעקציע און פּראַכט רעפּראָדוצירט דורך מאַשינען, דורך אַפּאַראַטן.

כאָטש שיל̄אַן איז ניט געווען אַן אָנהענגער פון די מאָדערנע "איז־מען" אין דער קונסט און האָט מער געגלייבט אין דעם געטל̄עכן באַריר פון עמאָציע, האָט ער אָבער מיט פאַרטיפונג און מיט אינטערעס שטודירט ראַפּאַל̄עס עקספּערימענטן אין אַל̄ע זיינע סטאַדיעס, צי דאָס איז געווען קוביזם, פאַרעל̄טערטער פוטוריזם, סורעאַל̄יזם, אָדער גל̄אַט אַבסטראַקציעס. ער האָט איבערהויפּט באַוואונדערט די צוזאַמענגעגאָסענע גאַנצקייט אין ראַפּאַעל̄ס בילדער און די איבעראַשענדע עפעקטן פון ל̄יכט און שאָטן, וואָס אָט האָבן זיי פאַרכאַפּט דאָס אויג מיט קאָל̄ירן־ניואַנסן פון אָקעאַנישע שוימיגע כוואַל̄יעס און אָט מיט בל̄ענדעניש פון פאַרבן אין דעם בל̄עטער־קאַרניוואַל̄ פון גאָל̄דענעם האַרבסט, מיט אַ קאַרניוואַל̄ פון פאַרבן, וואָס האָבן אָט געקיל̄ט, אָט געוואַרעמט מיט אומפאַרשטענדל̄עך, אומבאַגרייפל̄עכן אינהאַל̄ט.

ראַפּאַעל̄ האָט אין דער קונסט געזען און געפונען גל̄יק, ער האָט אָבער געוואוסט ווי אַזוי און געקאָנט פאַראייניקן די שטימונגען און עמאָציעס פון דער קונסט מיט די שטימונגען און עמאָציעס פון ל̄עבן, וועל̄כע ער האָט געטרונקען, ווי ער האָט געטרונקען דעם רויטן וויין. ער האָט פאַרקויפט זיינע בילדער פאַר די בילי̄קסטע פרייזן און ווידער געמאָל̄ן, ווידער צו געניסן אין דער וויבראַציע פון שאַפונג. ער האָט מיט קיין שום אַנדערער אַרבעט ניט געוואָל̄ט און ניט געקאָנט פאַרשווענכן דעם אינהאַל̄ט פון זיין קונסט און פון זיין ל̄עבן. ער האָט אין אַל̄געמיין ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי קינסטל̄ער קאָנען אָפּגעבן זייער ל̄עבן צו פרעמדע באַשעפטיגונגען און ער פל̄עגט די דאָזיקע קינסטל̄ער באַצייכענען ווי ווי̄ל̄נסל̄אָזע, שוואַכע מענטשן, וואָס קאָנען ניט דערהייבן זיך אין ל̄עבן גופא, ווי זיי דערהייבן זיך אין דער קונסט און ער פל̄עגט באַדויערן זייער קונסט, וואָס ווערט אין דער דאָזיקער דיסהאַרמאָניע אַ ראַכיטישע, אַן אנעמישע, אַ נעוראַסטעניש. אָבער, דערוויסנדיק זיך וועגן דער קונסט היים, האָט דער זוכנדיקער, אומרואיקער און אוואַנטוריסטישער גייסט אין אים אויך דאָ אַ של̄עפּ געטאָן צו פאַראייניקן זיך, פאַרבינדן זיך מיט דער גרופּע קינסטל̄ער און דורכגיין אַ נייע, עקספּערימענטאַל̄ע סטאַדיע אין ל̄עבן, וואָס וועט זיין, אָדער וועט ניט זיין אין גוסט פון זיין גייסט.

מאַרל̄ין, וועל̄כער איז געווען אין דעם קאָמיטעט פון די דיכטער, האָט געבראַכט שיל̄אַנען דאָס צעטל̄ פון שרייבער, וועל̄כע דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעשטעל̄ט אַל̄ץ קאַנדידאַטן פאַר דער קונסט־היים. פון די אויסגערעכנטע אין צעטל̄ דיכטער האָט שיל̄אַן געקאָנט בל̄ויז צוויי. דעם שרייבער און דיכטער גאַמזו און דעם דראַמאַטורג טשערטקאָוו. וועגן דעם דיכטער עזרא, וועגן וועל̄כן ער האָט שוין געהערט פון מאַרל̄ינען, האָט אים רוט דאָס מאָל̄ מערער דערציי̄ל̄ט. זי איז געווען באַגייסטערט פון דעם

דיכטער, כאָטש זי האָט אים פּערזענלעך קיינמאָל ניט באַגעגנט. זי האָט אַפילו פאָרגעלייענט פאַר שילאַנען זיינע לידער פון דעם בוך, וואָס זי האָט געבראַכט מיט זיך. זי האָט שוין געשריבן וועגן אים אַן עסיי און באַוואונדערט זיין וויזיע און נביאישן פּאַטאָס. געוואונדערט האָט זי זיך בלויז אויף זיין אָריגינעלער באַשעפטיקונג אַלץ א שמש אין א שול.

שילאַן האָט געשמייכלט, הערנדיק אירע באַגייסטערטע ווערטער וועגן עזראַן, ער האָט זיך אָבער גערעכנט מיט איר מיינונג, וואָרן אין דער קורצער צייט פון זייער קאָלאַבאָראַציע, האָט ער געזען מיט וויפיל וויסן און געשמאַק, מיט וויפל רואיקייט, טאַקטישקייט און טאָלעראַנץ זי האָט אויפגענומען און געלייזט אַלערליי סיטואַציעס וואָס האָבן זיך געשאַפן סיי אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט און סיי קאָרעספּאָנדירנדיק מיט פאַרשידענע קינסטלער.

א פּאָר מאָל האָבן מארלין און רוט מיטגענומען שילאַנען אין דער ליטעראַרישער קאַפע, וואו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַלע קינסטלער און פאָרשטייער פון דער יידישער קונסט. רוט האָט דאָ אַלעמען געקאָנט און אַלע האָבן געקאָנט מארלינען און רוטן. אַלע בליקן האָבן זיך אָבער געצויגן צו שילאַנען און עס האָט ניט גענומען לאַנג און דאָס טישל אַרום וועלכן זיי זיינען געזעסן, איז געווען אַרומגערינגלט פון דיכטער, אַק־טיאָרן און מאַלער. עס האָט זיך אַנטוויקלט א געשפּרעך אַרום קונסט אין אַלגעמיין און אַרום דער סטילבערג קונסט־היים איבערהויפּט און שילאַן האָט מיט באַזונדערן אינטערעס צוגעהערט זיך צו די פאַרשידענע מיי־נונגען און פּראָבלעמען, וואָס האָבן זיך, ווי פון זיך אַליין פאַנאַנדערגע־וויקלט. שילאַן האָט מערסטנס געשטעלט פראַגן און צוגעהערט זיך צו די ענטפערס, אָבער פון זיינע פראַגן אַליין האָט רוט געזען ווי נאָענט שילאַן איז צוגעקומען צו די פּראָבלעמען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף זיין וועג. עס איז אַרויסגעשוואומען דאָס פּראָבלעם פון אָפּשאַצן קונסט און קינסט־לער, דאָס פּראָבלעם פון פאַרהייראַטע און ניט פאַרהייראַטע קינסטלער, דאָס פּראָבלעם פון די ווערק און דעם לוין פאַר די ווערק וואָס ווערן געשאַפן ווערן אין דער קונסט־היים, דאָס פּראָבלעם פון אינדיווידועלער פרייהייט און פון קאָלעקטיווער טאָלעראַנץ. עס האָט געמוזט און עס האָט באַדאַרפט געשאַפן ווערן דער געעריקער רעספּעקט צו די קינסטלער און צו דער אידייע פון יידישער קונסט און צו דער קונסט־היים בכלל, וואָס האָט ניט געטאָרט באַטראַכט ווערן ווי א "וואוילטעטיגער אנשטאַלט" פאַר אָרעמע דיכטער און מאַלער, ווי איינער, א באַוואוסטער אַקטיאָר האָט זיך אויסגעדריקט באַם טישל.

עס זיינען אויך געפאַלן גענוג וויצן און גענוג קיבעץ אויף דעם חשבון פון די אויסדערוויילטע קינסטלער און אין דעם שפּאַס און אין דעם קיבעץ האָט זיך דאָ און דאָרט געפילט דער פאַרדרוס, דאָס ניט פאַר־גינערײַ און אייפערזיכט פון אייניקע פון די אָנוועזנדע.

שילאַן האָט מיט זיין קלוגן שמייכל אויפגעהויבן יעדע באַמערקונג און איז ניט געבליבן אונטערשטעליק אין דעם קיבעץ. דער אָוונט איז

אוועק אין אויסטויש פון מיינונגען און שטימונגפול, און צוריקקו־מענדיק צו זיך אין דער סטודיאָ האָט שילאָן מיט א געפיל פון פּארטיפּ־טער טריבקייט געטראכט וועגן דעם ווינקל וואו אין דער שטיקעניש פון אידייען, פון פּראָבלעמען, פון קינסטלערישע ווייען, גייט אויף און פאר־גייט אין רויך און אין ווערטער דער לעצטער דור, אפשר, פון יידיש־רעדנדיקע קינסטלער.

די ארבעט ארום דער קונסט־היים איז אָנגעגאנגען באַשיידן און אָן טומל, ווי סטילבערג האָט פארלאנגט. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. די יידישע קולטור און קינסטלער קרייזן האָבן איעדער אויף זייער אופן פרובירט צו פאַראינטערעסירן סטילבערגן מיט זייערע מיינונגען און פּלענער וועגן דער קונסט־היים. אייניקע האָבן אין דעם פּראָעקט דערזען אַן אָנהייב פון א נאַציאָנאלן קונסט־רענעסאַנס; אנדערע האָבן פּאָרגעשלאָגן פּלענער פאר יידישע מוזעאומס, יידישע קונסט־טעאטערס, יידישע אָפּע־רעס; עס זיינען צו אים אָנגעקומען בריוו פון טעאטער דירעקטאָרן, פון באלעט מייסטערס, פון מוזיקאלישע אקאדעמיעס, וואָס האָבן רעקאָמענ־דירט זייערע פּראָטעזשעס די נייע, יונגע, אויפגייענדיקע טאלאנטן. סטיל־בערג האָט אָבער דידאָזיקע בריוו איבערגעגעבן צו שילאנען און שילאָן, פון זיין זייט, האָט געענטפערט בלויז אויף דידאָזיקע, וואָס האָבן זיך באצויגן צו דער פראַגע פון דער קונסט־היים און וואָס זיינען געשריבן געוואָרן פון פאראנטוואָרטלעכע קינסטלער און קריטיקער; עס האָבן אויך ניט געפעלט בריוו מיט מסירות, זידלערייען און גלאט בריוו פון קיבע־צערס, וואָס האָבן אינגאנצן חוזק געמאכט פון דעם ענין און געראטן צו באַנוצן סטילבערגס מיליאָנען אויף בעסערע צוועקן: קינדער־היימען, נדן פאר אָרעמע כלות, אַן אינסטיטוט צו פאָרשן דעם אנטיסעמיטיזם און נאָך אַנדערע פּראקטישע און אויך זינלאָזע פּראָעקטן.

שילאָן איז א פּאָר מאָל געפאָרן מיט רוטן צו סטילבערגן און צע־זאמען זיינען זיי געפאָרן צו דער קונסט־היים. געזען ווי די צימערן באַ־קומען נייעם אינהאלט און נייע שטימונגען. צימערן, וואָס האָבן קיינמאָל קיין בעט ניט געזען, האָבן געבלענדעט מיט ווייסקייט פון קישנס, לײלע־כער און צודעקן, מיט טישלעך און מיט ראַדיאָס, מיט נייע לאָמפּן און מיט שאפקעלעך, אָנגעפילטע מיט ביכער, אָדער מיט נאָטן; דאָ א פיאנאָ, און דאָרט א מאָלבערט, מיט קעסטעלעך פארבן און אקסעסוארן; די צי־מערן־סטודיאָס פאר די מאָלער האָבן געהאט די פענצטער צו דרום; די צימערן פון די דיכטער־מיט די פענצטער צום צפון; פאר דער צוגעקו־מענער דינערשאפט זיינען אויך אָפּגעגעבן געוואָרן באזונדערע צימערן. זיי האָבן אלעס אינספּעקטירט, ניט אויסגעלאָזט אפילו די קיך, און די באָד־צימערן און דעם גאראדזש, וואו עס זיינען געשטאַנען דריי אויטאָ־מאָבילן צוגעגרייט פאר די קינסטלער. בלויז דאָס גרויסע עס־צימער, די

ביבליאָטעק און דער קונסט־זאַל האָבן זיך ניט געענדערט — פארבליבן ווי געווען.

סטילבערג איז געגאַנגען מיט זיי, אָפּגערוט זיך א פּאָר מאָל און זיצנדיק שוין אין גרויסן זאַל, געקוקט אויף רוטן, גערעדט וועגן זיין זון, גערעדט, ווי ער וואָלט מיט זיינע רייד געוואָלט אָנרעגן זי מיט עפּעס אַ געפיל, מיט ליבע אפילו צו אים, צו דעם יונגן מאלער, וועמעס גייסט ער האָט געזען שוועבן אין יעדער ווינקל ארום.

שילאָן האָט זיך דערמאָנט אָן דעם בריוו וואָס ער האָט דערהאלטן. די פראַגע "וואו איז מאנוס? ווייסט איר וואו מאנוס איז?" האָט געקלונגען אין אים מיט עפּעס א טריבקייט פון טרויער. "וואו איז מאנוס?"...

ער האָט באַשלאָסן אויסצוגעפינען וואו מאנוס איז. ער האָט באַזוכט אייניקע קונסט־הענדלער, וועלכע האָבן אמאָל פארקויפט מאנוסעס בילדער, זיי האָבן אָבער ניט געהערט פון אים און ניט געזען זיינס א בילד אין יאָרן. האָט ער באזוכט אייניקע מאלער־קאָלעגן און אויך זיי האָבן אים גאָרניט געקאָנט זאָגן וועגן מאנוסן. האָט ער זיך דערמאָנט, אז איידער מאנוס איז אוועק און איז פארשוואונדן, האָט ער איבערגעלאָזט א פּאָר בריוו און אויף איינעם פון די בריוו איז געווען אָנגעגעבן אַן אדרעס. אַן אַלטער אדרעס, אָבער דאָך אַן אדרעס. האָט ער גענומען זוכן אין א קעסטל מיט אַלטע פארבן מיט וועלכע מאנוס האָט זיך באנוצט מאָלנדיק זיין פּאָרטרעט און אין דעם קעסטל, צוזאמען מיט אַלטע פּראָגראַמען פון אויסשטעלונגען האָט ער אויך געפונען א בריוו צו מאנוסן. דער אָנגעגעבענער אדרעס פון שרייבער איז געווען אין א געגנט וואָס איז גראָדע געווען באקאנט שילאָנען. אין דעם זעלבן טאָג נאָך האָט ער זיך געלאָזט פאָרן צו דעם פּלאַץ, וואו ער האָט דערוואַרטעט אויסצוגעפינען עפּעס וועגן מאנוסן.

געטראָפן האָט ער אויף דעם אָנגעגעבענעם אדרעס אן אַלטע פרוי, וועלכע האָט מאנוסעס נאָמען קיינמאָל ניט געהערט; האָט ער, ניט דער־וואַרטנדיק קיין מער אינפאָרמאציע, ענטפער דאָך א פרעג געטאָן צי זי ווייסט ניט און צי זי האָט ניט געהערט אמאָל וועגן א פרוי מיטן נאָמען "גרעטא". דאָ האָט איר זון, א שאָפער, צוהערנדיק זיך צום געשפרעך גראָד באמערקט, אז אויב עס האנדלט זיך דאָ וועגן ארטיסטן, איז מעגלעך אז די דאָזיקע גרעטא איז די באַרימטע בורלעסק טענצערין פון דעם בורלעסק־טעאטער "פּעמינגא". זאָל ער דאָרט פרעגן.

עס איז שוין געווען אין אָוונט ווען שילאָן איז צוגעקומען צום טע־אַטער. די עלעקטרישע שילדן האָבן געשפּילט מיט קאָלירפולע ליכט־עפעקטן. די ווענט און די טירן פון דעם טעאַטער זיינען געווען באהאנגען מיט בילדער פון האלב נאקעטע טענצערינס און צווישן די בילדער האָט שילאָן פּלוצים דערזען א פּנים, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן עמיצן און אַן

עפּעס, וואָס איז געווען ווי אין א נעבל. איבער דעם בילד האָט ער דערזען דעם נאָמען "די געטלעכע גרעטא."

ער איז געשטאַנען א ווײַלע, װעלנדיק דערמאָנען זיך וואו ער האָט פריער געזען איר פּנים און ניט געקאָנט דערמאָנען זיך.

ער האָט באַשלאָסן אויסצוואַרטן ביז נאָך דער פאָרשטעלונג, האָט ער געקויפט א בילעט און איז אַרײַן אין טעאַטער. ער האָט פאַרנומען א פּלאַץ אין דער טונקלקייט און געקוקט אויף דער בינע וואו א צוואַנציק האַלב־נאַקעטע פרויען האָבן ווי באַלעבטע, אויסגעדרעסירטע מאַנעקענס געוואָרפן ריטמיש זייערע נאַקעטע פיס. די מוזיק און דער ריטמישער קלאַפּ פון די נאַקעטע פיס, די פרעציזע און אַטאָמאַטישע באַוועגונגען פון די טענצערינס האָט געלאַנגווײַליקט. שילאַן איז אָבער געזעסן געדול־דיק און האָט געקוקט. נאָך דעם טאַנץ איז געקומען נאָך א טאַנץ און דער־נאָך א בילד מיט דעקאָראַציעס וואָס האָבן אים דערמאָנט אָן דער אָפּעראַ "אאידא". די מוזיק האָט גענומען שפּילן אַן עקזאָטיש־מיסטישע מע־לאָדיע און אונטער די טענער פון דער מעלאָדיע און אין שוואַכן בלויען פּראָזשעקטאָר־ליכט האָט שילאַן דערזען א שלאַנקע נאַקעטע טענצערין, וואָס האָט אים מיט איר קערפּער און באַוועגונגען דערמאָנט אָן די מצרים שיינהייטן, ווי ער האָט זיי געזען און שטודירט צווישן יעראָגליפן און מומיעס אין די מוזעאומס.

ווען זי האָט פאַרענדיקט איר טאַנץ, האָט ער זיך אויפגעהויבן און איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם טעאַטער. געלאָזט זיך גײן צו דער הינטער־קוליסן טיר, וואָס האָט זיך געפונען פאַרשטופּט אין א שמאָלן דורכגאַנג.

דער מאַן בײַ דער טיר האָט אים אָפּגעשטעלט און האָט אים גע־פרעגט וואָס ער וויל, האָט אים שילאַן געהייסן זאָגן גרעטאַן, אַז ער, שילאַן, דער מאָלער, וויל זי זען.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און גרעטא האָט זיך באַוויזן בײַ דער טיר א שלאַנקע און רײַצנדע אין איר ווײַס־געפּאַסטן קלייד. זי האָט א שמייכל געטאָן און האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צו שילאַנען. איר, שמייכל, די טיפקייט פון אירע אויגן, די ווײַסקייט און דער אויסדרוק פון איר פּנים, וואָס האָט זיך ווי געטראָגן פון א טיף־נעפּלדיגער טונקלקייט, האָט אים מיטאָמאָל דערמאָנט וואו ער האָט זי געזען. יאָ, דאָס איז זי, די פרוי אין דעם בילד "דער דיבוק." אויף דעם הינטערגרונט פון שטורם־בלוי שטייט זי ווי א נאַכטוואַנדלערין אין אַן אומהיימלעכער וועלט. בײַ אירע באָרוועסע פיס — אַן אָפענע, אויסגעשרעקטע האַנט פון א מאַן... די האַנט פון געבעט, פון דערוואַרטונג, פון ליבע...

יאָ, דאָס איז זי — "דער דיבוק" פון דעם בילד, וואָס האָט ניט געהאַט דעם אונטערשריפט פון דעם מאָלער, פון דעם בילד, וואָס האָט אים אַזוי פאַראינטריגירט אין דער גאַלעריי פון קונסט־הענדלער, צו וועלכן עס איז געבראַכט געוואָרן פון אַן אומבאַקאַנטער פרוי און איבער־געלאָזט געוואָרן אָפּצוהיטן עס. אויך דעמאָלט האָט דורכגעשוועבט אין מח דער געדאַנק וועגן מאַנוסן, ווײַל צו בולט זײַנען געווען די סמנים

און די שטימונגען פון זיין מייסטערשאפט, ער איז אָבער ניט געווען זיכער אין דעם. איצט האָט ער געוואוסט, אז דאָס בילד איז מאנוסעס און אז די פרוי איז גרעטא. די דאָזיקע געדאנקען זיינען דורכגעלאָפן ווי בליצן אין זיין מח, ווען ער האָט זי דערזען.

— קומט מיט מיר, איך בעט אייך...—האָט ער דערהערט איר שטילע שטימע.

ער איז איר נאָכגעגאנגען און זיי זיינען אריינגעקומען אין איר צי־מער, וואו עס זיינען געווען אנגעוואָרפן קליידער, פארוועלקטע בלומען און ביכער.

זי האָט אים געבעטן ער זאָל זיך אנידערזעצן, האָט ער זיך אנידערגעזעצט.

—איר האָט מיך אויסגעפונען, זע איך — האָט זי געזאָגט און האָט זיך אויך אנידערגעזעצט.

— גאנץ צופעליק — האָט ער געענטפערט.

—ווי אזוי?

שילאן האָט איר דערציילט ווי אזוי ער האָט געפונען דעם בריוו צו מאנוסן און ווי אזוי עס איז אים איינגעפאלן צו פרעגן וועגן איר.

מיין בריוו צו אייך האָט אייך מסתמא אויסגעוויזן מיסטעריעז און נאריש... — האָט זי געזאָגט.

— ניין, ניט נאריש, אָבער מיסטעריעז — יאָ. — האָט שילאן גע־ענטפערט.

—איך האָב געמוזט אזוי האנדלען און שרייבן. איך האָב געוואָלט, אָז דער שיקזאָל זאָל נעמען אין דעם א האנט. וואָרן מאנוס וואָלט מיר קיינמאָל ניט פארגעבן, ווען איך וואָלט אייך אנטפּלעקט זיין סוד.

— אָבער וועלכן שיקזאָל דארף איך דאנקבאר זיין, וואָס איר האָט זיך געווענדט צו מיר? — האָט שילאן געפרעגט.

דאָס איז שוין א לאנגע געשיכטע. — האָט זי געענטפערט פאר־טראכט. — און אין דער דאָזיקער געשיכטע ליגט, אייגנטלעך, דער גאנצער מאנוסעס סוד, וואָס האָט מיך געטריבן צו שרייבן צו אייך.

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע און ווידער גענומען רעדן:

— איך ווייס אויף וויפיל איר קאָנט מאנוסן, איך ווייס אָבער אויך אויף וויפל איר קאָנט אים ניט.און כדי איר זאָלט וויסן מער וועגן אים, מוז איך אייך דערציילן וועגן זיך. איך בין אַ יידישע טאָכטער, כאָטש מיין נאָמען און מיין אויסזען איז אפשר ניט יידישלעך. ווען איר וואָלט געווען א פרעסע־אגענט, אָדער א רעפּאָרטער, וואָלט איך אייך אפשר דערציילט א מעשה, אז איך איך שטאם פון רבנים און אז איך בענטש ליכט יעדן פרייטיק־צו־נאכט. איך וויל אייך אָבער דערציילן וועגן זיך, אזוי ווי עס איז. איך בין א טאָכטער פון א קליינשטעטלדיקן יידישן פעלדשער, וואָס איז פארוואָרפן געוואָרן קיין אמעריקע מיט זיין טאָכ־טערל גיטל. מיין פאָטער האָט מיר אָבער געגעבן א גוטע דערציאונג און א גוטע בילדונג. איך האָב ליב געהאט צו לייענען און איך האָב גע־

טרוימט צו ווערן אן אקטריסע. אָבער דער וועג צום טעאַטער איז געווען א שווערער. פון קינדווייז אָן האָב איך מיט אַלע מיינע חושים געפילט דעם אָטעם פון קונסט און ווען כ׳בין געוואָרן אַלט גענוג, האָב איך, מיט דער הילף פון א מאַן, וועלכער האָט זיך פארליבט אין מיר און וועמעס נאָמען עס איז ניט וויכטיק, אָנגעשלאָסן זיך אין א וואַנדערנדער טרופּע, וואוהין איך האָב זיך מיט מיין באַציאונג צו קונסט זייער וויניק אריינגעפּאַסט. און ווען איך בין ארויסגעשטויסן געוואָרן פון דער ערשטער טרופּע, איז מיר שוין געווען לייכטער אָנצוקומען אין א צווייטער. איך האָב שוין געהאַט דערפאַרונג און געוואוסט ווי אזוי. דער דירעקטאָר פון דער טרופּע, ווי איך פארשטיי איצט, האָט מיך אנגאַזשירט ניט צוליב מיין טאַלאַנט, וועגן וועלכן ער האָט גאָרניט געוואוסט, נאָר צוליב מיין שיינעם קערפּער. איך האָב געשפּילט קליינע ראָלן, און האָב געטרוימט פון א רומפולן, קינסטלערישן לעבן. עס האָט אָבער פּאַסירט אן אינצידענט, איך בין קראַנק געוואָרן און די טרופּע האָט מיך איבערגעלאָזט אָן א סענט אין א קליינעם שטעטל, וואו מיר האָבן געשפּילט. עס איז געווען זומער און איך בין געלעגן בא אן אַלטער איטאַליענישער פרוי. מיין בעטל איז געשטאַנען בא דעם ברייטן אָפענעם פענצטער פון דעם גאַניק, וואָס האָט ארויסגעקוקט צו א הויכן באַרג. איך בין געווען זייער שוואַך און פלעג גאַנצע טעג ליגן אין בעטל און לייענען, טראַכטן און שלאָפן. אָבער איינמאָל, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָב איך בא די ברייטע טרעפּ דערזען א יונגן מאַן. ער איז געשטאַנען, געקוקט אויף מיר און געצייכנט. פון זיינע בליקן אויף מיר האָב איך פארשטאַנען, אז ער צייכנט מיך. האָב איך פארמאַכט די אויגן, פּרעטענדירט, אז איך זע אים ניט און געלאָזט אים צייכענען מיך. ערשטנס, ווייל זיין אויסזען איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן און האָט מיך ווי באַפליגלט מיט עפּעס א טרוים; צווייטנס, עס האָט אימפּאָנירט דער פאַקט, וואָס איך האָב געצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ספּעציעל צו מאָלן מיך. עס האָט מיך בלויז געאַרט, וואָס מיין אויסזען איז געווען א קרענקלעכער. כהאָב אָבער געגלייבט אין מיין אייגענער שיינקייט, אפילו א קראַנקער שיינקייט, איר שטויסט זיך שוין מסתמא אַליין אָן, אַז דער מאָלער איז געווען מאַנוס. פון דעמאָלט אָן איז ער אריין אין מיין לעבן און איך אין זיין לעבן און מיר זיינען ביידע אומגליקלעך ביז גאָר . . . מיר זיינען אָבער דאַכט זיך אָפּט גליקלעך מיט אונזער אומגליקלעכקייט.

— איך האָב אייך געזען אין זיינעם א בילד — האָט שילאַן באַמערקט.

—יאָ, ער האָט מיך געמאָלן אין א סאַך בילדער אָבער . . . — דאָ האָבן זיך אירע אויגן פארצויגן מיט טרערן. — איך האָב אים קיינמאָל ניט פארשטאַנען און איך פארשטיי אים איצט אויך ניט. עפּעס אָן... אומנאָרמאַלער גייסט הערשט אין אים. ער האָט מיך געמאָלן און כמעט אַלע בילדער פארניכטעט .בלויז די דאָזיקע וועלכע איך האָב אָפּגעראַטעוועט זיינען פארבליבן. ניין, איך האָב זיי ניט פארקויפט, כדי ער זאָל

ניט מיינען, אויב ער געפינט אמאָל אויס וועגן דעם, אז איך האָב זיי געגנבעט צוליב געלט. די בילדער וועלכע איך האָב אַפּגעראַטעוועט שטייען אין אַ קונסט־גאַלעריע, ניט צו פאַרקויפן. אָבער וואָס עס איבערראַשט מיך אַממערסטן איז זיין האס צו קינסטלער און צו קונסט, אין אַלגע־מיין, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א מאַניע.

— איך ווייס עס — האָט שילאַן געזאָגט.

—נו, איך גלויב ניט צי איך דאַרף אריינגיין אין מער איינצלהייטן, וואָס וועלן אייך אפשר ניט אינטערעסירן און וואָס דאַרפן אפשר בלייבן פאַרבאָרגן, ווייל די מענטשלעכע נשמה, איבערהויפּט די נשמה פון א קינסטלער איז א געהיימניס און איז פול מיט קאָמפּלעקסן. אָבער מיר דאַכט זיך, אז איר קאָנט מיר דערציילן וועגן דער נשמה פון א קינסטלער מער, וויפל איך קאָן אייך זאָגן.

— אָבער... איר האָט מיר נאָך ניט געזאָגט, ווי איר האָט אויסגע־פונען וועגן מיין פאַרבינדונג מיט מאַנוסן. האָט ער אייך דערציילט וועגן מיר?

—יאָ, ווען ער פלעגט אמאָל זיין אין א גוטער שטימונג פלעגט ער אמאָל רעדן וועגן אייך און וועגן דעם פישער דערפל וואו איר האָט פאַר־בראַכט צוזאַמען; צווייטנס, רעדט ער אָפט פון שלאָף און איך האָב א פּאָר מאָל געהערט אים דערמאָנען אייער נאָמען; און דריטנס — האָט זי א שמייכל געטאָן, — לייען איך נאָך צייטונגען און ביכער און איך האָב געלייענט וועגן אייער פאַרבינדונג מיט דער סטילבערג קונסט־היים. איר מוזט אים ראַטעווען, מיסטער שילאַן. א קינסטלער ווי ער טאָר ניט אזוי דעגראַדירט ווערן און פאַרגעסן ווערן פון דער וועלט. עס איז אייער חוב ארויסצופירן אים פון זיין קראַנקער" פאַרבאָרגנקייט, איבערהויפּט איצט, ווען איר קאָנט.

— ווייסט איר עפּעס וועגן זיין פאַרגאַנגנהייט? — האָט שילאַן געפרעגט. — איך האָב קיינמאָל ניט געוואָלט פאָרשן זיין נשמה און פאַר־גאַנגענהייט. אויב ער האָט געוואָלט זיין פאַרשלאָסן אין זיך, האָב איך רעספּעקטירט זיין וואונטש.

— איך ווייס בלויז, אז ער איז א ייד, וואָס האָט זיך פון קינדווייז אָן אַלץ יתום אויסגעהאָדעוועט בא קריסטן, א שטיק צייט אין א קאַטאָלישן קלויסטער אפילו. ווען ער איז עלטער געוואָרן, און ער האָט אויסגעפו־נען, אז ער איז א ייד, האָט ער זיך באַפרייט פון דעם קריסטלעכן איינ־פלוס און האָט אַ לאַנגע צייט געלייענט און אינטערעסירט זיך מיט דער געשיכטע פון יידנטום און מיט דעם מאָדערנעם יידישן קולטורעלן לעבן. ער איז אָבער געבליבן פרעמד צו אַלעמען, סיי צו די קריסטן, און סיי צו די יידן. ער איז ווי א פאַרבלאָנדזשעטער איינזאַמער גייסט . . .

— און . . . מעג איך אייך פרעגן ווי איר קומט צו בורלעסק?— האָט שילאַן געפרעגט, א פאַראינטערעסירטער אויך מיט איר לעבן.

— עס איז אפשר דער וועג פון דער קונסט, וואָס פאַרקרימט זיך פּלוצים אין א זייט, ווי עס טרעפט אָפט מיט... א בוים, אָדער אפילו

מיט א מענטשלעכן פנים, — האָט זי געזאָגט ערנסט. — אייגנטלעך, בין איך מיט דער צייט געקומען צו דער איבערצייגונג, אָדער ריכטיקער צו א דעפיניציע פון קונסט, ווי מאנוס האָט עס שוין אזויפיל מאָל דעפינירט פאר מיר. קונסט, זאָגט ער, אויב זי איז געשאפן מיטן צוועק בלויז צו פארשאפן פארגעניגן, פארגעניגן פאר דעם אויג, פאר דעם אויער, אָדער פאר דעם בלוט, מאכט עס קיין אונטערשייד ניט פון וואָס פאר א קוואַליטעט זי איז. אויב זי דערגרייכט איר ציל, איז זי בארעכטיקט. א פשוטער מענטש נעמט אויף זיינע פארגעניגנס מיט די זעלבע חושים און מיט דעם זעלבן טריל פון בלוט, ווי עס נעמט עס אויף אַ ראַפינירטער מענטש. און אין די אויגן פון גאָט איז דער דאָזיקער, וואָס קריגט דעם ציטער דורך דער קונסט פון בורלעסק, פונקט אזוי הייליק, ווי דער וואָס קריגט דעם געגוס פון קינסטלערישן באלעט. אָבער אָפט בלייב איך שטיין באַם שיידוועג פון מיין קינסטלערישן געוויסן און איך וואונדער זיך, און איך וואונדער זיך...

— איר טאנצט דען שטענדיק דאָ אין טעאטער? — האָט שילאָן געפרעגט.

— ניין, ניט שטענדיק — האָט זי געענטפערט. — עס קומט מיר אויס ארומצופאָרן און דעמאָלט — אָבער צו וואָס זאָל איך אייך אלעס דערציילן. ס'איז בעסער אמאָל ווען פערזענלעכע געפילן ווערן ניט אנטפלעקט.

— און... וואו איז ער... מאנוס? — האָט שילאָן ענדלעך געפרעגט.

— ער וואוינט דאָ אויבן אין דעם דאַך־שטיבל.

— דאָ אין דעם טעאטער?

— יאָ, איך האָב געזען צו מאכן דאָס שטיבל באקוועם, ווי מעגלעך.

—מאָלט ער נאָך?

— איר האָט געזען — האָט זי טריב א שמייכל געטאָן. — די דעקאָראציעס.

— און ווי אזוי קאָן איך אים זען? — האָט ער געפרעגט.

— איך וועל אייך ווייזן דעם וועג ארויף. — האָט זי געזאָגט. — איך הער, אז אלע זיינען זיך שוין פאנאנדערגעגאנגען, וועט ער מסתמא באלד אָנקומען. איך וואַרט שטענדיק אויף אים. איך דערקען שוין זיין גאנג און אָפט הער איך אויך זיינע רייד, — רעדט צו זיך אליין דאָ אויף דער בינע. איך וועל וואַרטן דאָ אויף אים ווי אימער און ווען איר וועט הערן, אז איך בין אוועקגעגאנגען, קאָנט איר אראָפקומען צו אים, אָדער וואַרטן דאָרט בא אים אין צימער ביז ער וועט ארויפקומען. צעזאמען דאַרף ער אונדז ניט זען און דעם שטורם פאר מיין אריינמישן זיך אין זיין פערזענלעכן לעבן, וועל איך שוין דורכרייסן מאָרגן. היינט מוז ער זיין דער דאָזיקער וואָס דאַרף דורכגיין דעם איבערברוך. קומט, מיסטער שילאָן — האָט זי זיך אויפגעהויבן. — איך וועל אייך ווייזן דעם וועג.

ער איז איר נאָכגעגאנגען. זי האָט אים געפירט דורך דער האלבטונקלקייט איבער ספיראלע טרעפלעך ארויף צום בוידעם־שטיבל. בא

דער טיר פון דער שטיבל איז זי געבליבן שטיין, אויפגעעפנט די טיר, א קוועטש געטאָן א קנעפּל און דאָס צימער איז באלויכטן געוואָרן מיט א מאַט־בלוי ליכט.

זי איז אריינגעגאנגען און שילאָן נאָך איר. געבליבן שטיין און ארומ־געקוקט זיך. אויפן ערשטן בליק האָט ער דערזען א ברייט געקעסטלט פענצטער אין וועלכן עס האָט געבליצט מיט קאָלירפולן ליכט דער גרוי־סער עלעקטרישער טעאטער שילד; בא דער רעכטער וואַנט איז געשטאַ־נען א נידעריק בעט, בא דעם בעט א קליין שאפקעלע מיט ביכער און אויף דעם שאפקעלע א וואזע מיט פארוועלקטע בלעטער; בא דער לינקער וואנט אין ווינקל איז געשטאַנען א טישל און אויף דעם טישל — דער קאָפּ פון קאבאליסט, וואָס זיינע, שילאָנס הענט האָבן אויסגעהאקט פון ליכטיק־גרינעם מארבלשטיין.

שילאָן איז געשטאַנען, מיט זיין בליק צוגעשמידט צום ביוסט — א בליק אן געדאנק, אָבער פול מיט אינערלעכער ווארעמקייט.

—מאַכט זיך באקוועם, היימיש, — האָט גרעטא געזאָגט.

—א דאנק.

— איך וועל איצט אראָפּגיין, מיסטער שילאָן. א גוטע נאכט און... א דאנק.

—א גוטע נאכט.

ער איז געשטאַנען א ווײַלע. צוגעגאנגען צום קאָפּ, ארויפגעלעגט אויף אים זיין האנט און דערפילט ווי צווישן זיינע פינגער איז דורכ־געלאָפן אַן אנגענעמע פרייד. די פינגער האָבן זיך לאנגזאם אראָפּגע־גליטשט פון קילן מארמאר און גליטשנדיק זיך האָבן זיי געזוכט דעם פארצעמענטעוועטן, פארהיילטן שניט, וואָס האָט צעטיילט דעם קאָפּ אויף צוויי צווייען. ער האָט אָבער דעם שניט, די דינע ליניע פון דער צעשפאלטונג קוים דערשפירט מיט זיינע פינגער, האָט ער דערפילט אַ פריידיקע דאנק־בארקייט צו מאגנוסן פאר דער פערפעקטער רעסטאווירונג פון דעם מארמאר־ביוסט.

ער האָט געמאכט א פּאָר שפאַן איבערן צימער, צוגעגאנגען צום פענצטער און האָט ארויסגעקוקט. אונטן, אין דער ליכט פון עלעקטרישע לאָמפּן, האָט ער דערזען, אַ באַקאַנט ווינקל פון גרויסשטאָט, אַ ווינקל, וואָס האָט אים שוין ניט איינמאָל געטריבן צו פילאָזאָפירן. אין די דאָזיקע ווינקלען ליגט דער סוד פון מענטשלעכער געניאליטעט. א חלום, וואָס ציט זיך ארויף, איבער די כמארעס, א חלום־וואָר מיט מיליאָנען לאָמפּן, מיט מיליאָנען טירן און פענצטער, מיט מיליאָנען מיילן דראָטן, וואָס ברענען מיט אינערלעכער ענערגיע, אַן ענערגיע, וואָס שרייט און רעוועט, וואָס שלעפט און שטופּט, וואָס ברענט און זידט, וואָס שאפט און צעשטערט, וואָס רעדט און זינגט און איז געהאָרכזאם־שקלאָפיש דעם מינדסטן פינ־גער פון דעם מענטשן — דער חלום־וואָר ציוויליזאציע...

דער קאָפּ פון קאבאליסט האָט געקוקט אראָפּ מיט דעם מעפיסטאָ־שמייכל און שילאָן האָט שטיל א זאָג געטאָן:

— ווען איך וואָלט נאָך געקאָנט מאכן דיך צום רעדן, — ווי געטלעך עס וואָלט געווען די קונסט.

— ווי געטלעך עס וואָלט געווען די קונסט. — האָט שילאָן דער־הערט ווידערהאָלן זיינע ווערטער ווי אן עכאָ און, אויסדרייענדיק זיך, דערזען מאנוסן.

— מאנוס... — האָט שילאָן געמאכט א שפאן צו אים און האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט.

— אז איר זיינט שוין דאָ, איז... ווילקאָמען — האָט מאַנוס גע־זאָגט. — ניט געהאָפט צו באגעגענען זיך מיט אייך אמאָל — אָבער ווי אזוי... ווי אזוי...

— צופעליק... גאַנץ צופעליק — האָט שילאָן געקוקט אויף מאנוסן. דערזעלבער הויכער און שטאָלצער שטעל, די זעלבע קאָלטקייט און די אויגן, די זעלבע אדלער נאָז, אָבער דער קאָפּ גרוי, ווי מיט אוונטדיקן שניי באדעקט.

— נו, זיצט... זיצט.

שילאָן האָט זיך אנידערגעזעצט.

— איר האָט זיך גאָרניט געעלטערט — האָט מאנוס באמערקט.

— איר זיינט אינגאנצן גרוי, זע איך.

— יאָ, אָבער ניט פון יסורים. סאיז אפשר מער פון... אפאטיע. ווען מ|פארלירט דעם וועג צו דער אויסלייזונג, וועלכע יעדער מענטש זוכט און געפינט אמאָל, איז אלץ איינס, קומט די אפאטיע.

— און אייער מאָלן? אייער קונסט? — האָט שילאָן געפרעגט.

— בע! — האָט מאנוס א מאך געטאָן מיט דער האנט. — אויב עפּעס איך לעבן האָט מיך געפירט צו אויסלייזונג, צו אַן אנטפּלעקונג און געוויזן די איינגערעדטע אילוזיע, איז דאָס געווען די קונסט. מיין קונסט, צו עמיצן אנדערס קונסט.

— אין קונסט געפינט מען אָפּט א נשמה.

— איך גלייב ניט אין דער נשמה פון קונסט.

— עס וואָלט ניט געווען קיין קונסט, ווען מגלייבט ניט אין איר. — האָט שילאָן באמערקט.

— מיר זעען וואָס מיר ווילן זען און מיר פילן, וואָס מיר ווילן פילן. — האָט מאנוס געענטפערט. — איך קאָן זיך ניט אָפּנאַרן.

— וועקט דען ניט מוזיק אייערע עמאָציעס און פארטראָגט זי דען ניט אייערע געדאנקען צו — סובלימירונג אפילו?

— ווייל איר ווילט אזוי, געשעט עס אזוי. איך האָב אמאָל געזען און געהערט ווי א צעווילדעוועטער המון האָט געשלעפּט אַן אָרעמען נעגער צום לינטשן און איך האָב איינמאָל געזען אן אויפשטאנד אין א תפיסה, וואו איך האָב געמאָלן און דאָס בלוט האָט געגרוישט אין מיר מיט טויזנטער אוראלטע און אומפארשטענדלעכע כוואליעס. און ווען איך האָב דערנאָך פּרובירט מאָלן עס, האָבן די פארבן געפאָלגט מיין האנט, עס האָט אָבער פון יעדן בילד געשריען ס'אליגן. קונסט איז פּראָפּאנאציע. מ'קאָן ניט

מיט קונסט איבערגעבן דעם ציטער, די גסיסה, דעם צער און פּיין פון א צאַפּלדיקן לעבעדיקן מענטשן. מ׳קאָן ניט! אפילו ווען די מענטשן און די קריטיקער טייטשן אריין אזויפיל אין קונסט. ס׳איז אָבער בלויז געפּילפּולט. קונסט איז אין בעסטן פאַל בלויז א בלייכער שאָטן פון דעם אמת פון לעבן און פון טויט. איז דען פאַראַן א קינסטלער וואָס זאָל קאָנען איבערגעבן דעם שוידער, וואָס א מענטש לעבט איבער אין דער אגאָניע פון טויט. ניין, ניט אויף דעם בילד, און ניט אויף דער בינע און ניט אין דער סינעמא, וואו איר הערט שוין און זעט שוין בעשיינ־פּערלעך די פּאַסירונגען פון לעבן און פון טויט ווי זיי פּאַסירן. קאָנט איר דען דערפילן אין דער קונסט דעם ציטער און שוידער, ווי איר דערפילט אים באַם איבערפאָרן פון א קוויטשענדיקן הונט, וואָס איר זעט פּאַסירן? ווי הויך און ווי טיף דאָס קונסטווערק זאָל ניט זיין, איז עס דאָך בלויז א בלייכער שאָטן פון לעבן. א קונסט ווערק איז ווי א שפּיגל, וואָס פילט ניט דעם ווייטיק און די וואונד, וואָס איז אָפּגעשפּיגלט אין אים.

— מענטשן ווייגען אָפּט, זעענדיק א בילד און לייענדיק א בוך.

— יאָ, דאָס איז זעלבסט־היפּנאָז, זעלבסט נאַרעריי, זעלבסט באַ־פרידיקונג פאַר די דאָזיקע וואָס קאָנען שאַפן פאַר זיך די אילוזיע, אז קונסט האָט א נשמה.

— אָבער אויב איר גלייבט ניט אין דעם, פאַרוואָס האָט איר רעס־טאוורירט דעם צעבראָכענעם קאָפּ, וואָס איך האָב געמאכט פון אייך? — האָט שילאָן געפרעגט.

— ווייל איך האָב קיין רעכט געהאַט צו צעברעכן עס. עס איז אייער קונסט. איך האָב אין דעם מאָמענט פון צעברעכן עס ניט געהאַט קיין זעלבסט־קאָנטראָל איבער זיך.

— און צוליב וואָס האַלט איר דעם קאָפּ באַ זיך, אויב ער האָט ניט אין זיך די נשמה פון קונסט?

— איך האַלט אים דאָ, אז ער זאָל מיר דערמאָנען אָן קאָנטראָל, ווען מיינע שטימונגען באַפאַלן מיך.

— אָבער פאַרוואָס האָבן זיך באַ אייך געשאַפן אזעלכע קאָנצעפּ־ציעס, אזעלכע שטימונגען, אזא פילאָזאָפיע און אפילו האַס צו קונסט, מאַנוס?

מאַנוס האָט ניט געענטפערט. ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צום פענצטער און קאָנוואולסיוו געדרייט מיט די פינגער. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט צו שילאָנען און האָט א זאָג געטאָן:

— קומט אראָפּ, לאָמיר אראָפּגיין צו דער בינע... איך פיל זיך פרייער דאָרט.

ער האָט זיך געלאָזט ארויסגיין פון צימער און שילאָן איז אים נאָכגעגאַנגען.

דער פאָרהאַנג איז געווען ארויפגעצויגן. אויף דער בינע און אונטן אין טעאַטער איז געווען טונקל. בלויז א קליין עלעקטריש לעמפּל האָט קאַרג באַלויכטן די גראָטעסק־צעשטעלטע דעקאָראַציעס.

ס'איז געווען שטיל ארום. די באַזונדערע ספּעציפיש־געהיימניספולע שטילקייט אין אַ ליידיקן טעאטער, וואָס דערמאָנט אין אַן אויסגעשטאָרבענער וועלט.

— זיצט — האָט מאנוס פון ערגעץ צוגעטראָגן א שטול צו שילאָנען. שילאָן האָט זיך אנידערגעזעצט און געשוויגן.

מאנוס האָט זיך אוועקגעשטעלט אין א זייט אין טונקעלן שאָטן פון א קאָלאָנע.

— איר זעט אָט די דאָזיקע בינע און דעם פוסטן טעאטער? דאָס איז דער בורלעסק־טעאטער וואו די פארבאָרגנסטע ליידנשאפטן פון דעם מענטשן גייען דירעקט צום אוראַלטן קוואַל, וואָס דערוועקט דעם אוראלטן ציטער, דעם אוראַלטן אינסטינקט און מיסטישן כח, וואָס טראָגט אונדז אין מאָמענטן פון אייביקייט. די מענטשן וואָס קומען אהערצו, ווייסן, אז די קונסט דאָ איז אילוזיע, אָבער א נאַקעטע אילוזיע. זיי ווייסן, אז ס'איז ניט נייטיק צו גיין דורך ראפינירטע וועגן צום זעלבן ציטער פון בלוט, וועלכן זיי דערגרייכן דאָ, גייענדיק מיטן קורצסטן וועג. דורך דעם קורצסטן וועג קומען זיי צו דעם סוף פון אָנהייב און צו דעם אָנהייב פון סוף. דאָ איז ניטאָ קיין קונסט און ליגן פון קונסט און דערפאר בין איך דאָ. און ניט אליין. איך פארשטיי שוין איצט, אז גרעטא האָט אייך געבראַכט אהער. אויך זי האָט געטרוימט פון אילוזיע, וואָס דערוויטערט פון אוראַלטן קוואַל, פון דעם פרימיטיוו. אויך זי האָט געמיינט און מיינט נאָך איצט אויך, ווי איר, אז קונסט האָט א העכערע, א לייטערנדיקע, אָדער סובלימירנדיקע מיסיע אין לעבן. כאָטש פרויען, ווי איך האָב זיך איבערצייגט, זיינען נענטער צו דער פרימיטיווקייט פון געדאנק און פון געפיל. די פרוי פילאָזאָפירט ניט אזוי אָפט און אזוי טיף ווי דער מאן. די פרוי איז גאַנצער און נאַטירלעכער אין איר עוואָלוציע, ווי דער מאן. זי פאַנגט דאָס לעבן מיט די זעלבע מיטלען ווי עס האָט עס געטאָן די מוטער חוה און די ציוויליזאציע האָט ניט פארטושירט אין איר דעם כשוף און רייץ פון איר נאַקעטקייט, — פארקערט, זי ענטבלויזט דאָס ווייבלעכע און עראָטישע אין איר נאָך מיט מער רייץ און דאָ אין דעם בורלעסק האָט זי דערגרייכט דעם אפאטעאָז פון דער דאָזיקער קונסט... כאַ־כאַ־כאַ! כא־כאַ!

ער האָט געמאכט א פּאָר שפּאַן איבער דער בינע און איז צוגעקומען נענטער צו שילאָנען:

— איר מיינט אודאי, אז איך בין משוגע. זאָגט דעם אמת, איר מיינט אזוי?

— ניין — האָט שילאָן געענטפערט. איך דענק אָבער, אז איר טראָגט זיך ארום מיט עפּעס א פיקס־אידייע, אָדער א מאַניע, וואָס האָט אייך באהערט.

— אויב אזוי בין איך א משוגענער, וואָרן יעדער משוגענער טראָגט זיך ארום מיט א פיקס־אידייע, אָדער מאַניע. איך בין אָבער פון די משוגעים, וואָס מאסקירן זיך מיט קלוגע רייד, אזוי, אז ס'איז שווער צו

וויסן וואו עס פאַנגט זיך אָן זייער משוגעת און וואו עס לאָזט זיך אויס זייער קלוגשאַפט.

— און גרעטא? — האָט שילאן א פרעג געטאָן, אָפּצוהאַקן דעם גע־שפּרעך וועגן משוגעת.

— גרעטא... אייגנטלעך וואָלט איך בעדאַרפט רעדן בלויז וועגן גרעטאן, ווייל דורך איר בין איך געקומען צו מיין אידייע־פיקס, ווי איר רופט עס.

ער האָט געמאכט א פּאָר שפּאַן און איז געבליבן שטיין אויף א ווײַלע. געקוקט אַראָפּ אין פינצטערן טעאַטער, ווי זעענדיק עפּעס דאָרט.

—גרעטא... איר האָט געמאָלן א סך פּרויען, שילאן, אָבער אזא ווי גרעטא, בין איך זיכער, האָט איר קיינמאָל ניט געמאָלן. איך מיין ניט דעם קערפּער, — איך מיין איר נשמה. וואָרן... ווען מיר מאָלן, ווילן מיר דאָך, היפּשזעכלעך אויפכאַפּן אַלע ניואַנסן פון דער נשמה, אָדער דאָס וואָס מיר רופן נשמה. זוכן מיר די דאָזיקע ניואַנסן אין די אויגן, אין דעם שמייכל אין יעדן כאַראַקטעריסטישן בויג און זשעסט; מיינען מיר אָפּט; אז עס איז אונדז געלונגען צו פאַנגען די נשמה און פאַרפיקסירן זי אויף דעם קאַנוואַס. איך האָב אָבער קיינמאָל, קיינמאָל ניט געקאָנט אויפכאַפּן די אמתע צורה פון גרעטאַס נשמה.

דאָס ערשטע מאָל, ווען איך האָב זי דערזען ליגן אויף א בעטל אויף א וועראַנדע, בין איך געבליבן שטיין, פילנדיק ווי אַראָפּצולאָזן זיך אויף די קני און זאָגן א תפילה; געפילט ווי צוצורירן זיך צום זוים פון איר קלייד און קושן עס ווי א גלויביקער בא די פיס פון דער צנועה — די מאַדאָנאַ. אירע פאַרמאַכטע אויגן, די בלאַסקייט פון איר פּנים, די שוואַרצע כוואַליעדיקע האָר אויף דער ווייסקייט פון קישן, דער אומבאַוואוסטזי־ניקער טריבער שמייכל אויף אירע ליפּן און איר דינער קערפּער אין ווייסן לאַנגן קלייד, וואָס האָט זיך געצויגן ביז די שפּיצן פון אירע פיס, האָט מיך געצוואונגען אָפּצושטעלן זיך. מיט פיבערישן ציטער האָב איך גענומען צייכענען זי אויף דעם קאַנוואַס, וואָס כ׳האָב גראָד געהאַט מיט זיך. איך האָב זי געצייכנט און געטראַכט: אָט אַזוי ווי זי איז, ווען איך וואָלט זי געקאָנט באַלעבן מיט מיינע פאַרבן, ווען איך וואָלט גע־קאָנט איבערגעבן יעדע ליניע, יעדן ניואַנס פון אירע ציטערנדיקע ברע־מען, דעם סוד פון איר שמייכל, די צאַרטקייט פון איר הויט, יעדער ליכ־טיק און יעדער פאַרשאָטנט ווינקל אַרום איר, וואָלט איך אפשר געפאַנגען איר נשמה, וואָלט דאָס בילד מיינס געוואָרן א קונסט־ווערק, וואָלטן מענטשן, קוקנדיק אויף איר געטראַכט: דאָס איז די אומשולד... דאָס איז די דערוואַכונג אונטער דעם באַריר פון דעם אמור. זי האָט זיך אויפגע־כאַפּט און איך האָב אויפגעהערט מאָלן, אָבער מיט איר דערוואַכונג איז צווישן אונדז פאַרבונדן געוואָרן א פריינטשאַפט, צאַרט ווי דער ברעג פון הימל ביים זון־אויפגאַנג.

— דריי וואָכן האָב איך געמאָלן דאָס בילד ״דערוואַכונג״ און ווען איך האָב פאַרענדיקט דאָס בילד, האָב איך געטראַכט: דאָס בילד וועט

זיין מיט מיר, אזוי לאנג ווי איך וועל נאָך פילן צו קניען פאר איר און צו קושן דעם זוים פון איר קלייד.

אָבער איינמאָל אין א פרימאָרגן איז זי געקומען געזעגענען זיך מיט מיר און ווען איך האָב זי דערזען אין שווארצן קלייד, ווען איך האָב דערזען אירע גלאַט־פארקעמטע האָר, אירע שאָטנדיקע סודות'פולע אויגן און ווען איך האָב דערפילט אירע היפטן, ניט צוריר̇נדיק זיך אפילו צו זיי און דערזען איר שמייכל אין וועלכן עס האָט געשוועבט די קלוגשאפט פון דערפארונג, האָב איך אָפּגעקערט מיין בליק פון איר. מיין בלאָנדזשענ־דיקער בליק איז געפאלן אויף א טאָץ מיט עפל און איך האָב געטראכט פון חוהן, וואָס האָט געטראָגן אין זיך די קלוגשאפט פון דער שלאנג.

ווען זי איז אוועקגעפאָרן, האָב איך לאנג געקוקט אויף דעם בילד ״דערוואכונג״, געקוקט און ניט געזען מער די נשמה, וועלכע איך האָב געמיינט, אז איך האָב געזען. אירע ליפּן האָבן געשמייכלט מיט פארב, איר קערפּער דורך דעם ווייסן קלייד האָט ניט געלאַשטשעט מער דעם בליק מיט צארטקייט פון א צנועה. ס'איז געווען א בילד ווי אלע בילדער. דעמאָלט האָב איך אמשטאַרקסטן דערפילט דעם ליגן פון אילוזיע. דעמאָלט האָב איך דערפילט, אז די נשמה פון ״דערוואכונג״ איז געווען א געבאַרגטע און איז ניט פארבליבן אפילו אין בילד. כ'האָב מער ניט געוואָלט קוקן אויף דעם בילד און כ'האָב ניט געוואָלט, אז עמיצער אן אנדערער, זאָל קוקן און פארנאַרט ווערן פון פאלשער אילוזיע, האָב איך דאָס בילד ערגעץ פארוואָרפן.

— און דאָך האָט איר זי ווידער געמאָלן, מאנוס — האָט שילאן געזאָגט. — און איר ווייסט פארוואָס? ווייל קונסט זוכט שטענדיק אויס־לייזונג. עס מאַכט ניט אויס וואו און ווי אזוי. דער שאַפנדער גייסט איז אן אייביקער גייסט.

— האָב איך דאָך דאָס אליין געזאָגט! — האָט מאנוס כמעט אויס־געשריגן. — זיכער איז דער שאפנדער גייסט פערפעטואל, אָבער פאר־וואָס רופן עס קונסט און ארומנעמען עס מיט דער שיין פון דעם רוח הקודש? אָט דאָ אין טעאטער ווערן דאָך אויך טאָג און נאכט אויסגעלייזט נשמות און די אויסלייזונג דאָ ווארט ניט אויף עפּעס אן אנטפלעקונג, אויף אינספּיראציע, וואָס דארף קומען דורך וועלט שמערץ און דורך אגאָניעס פון האַרץ און מח. דאָ ווערט די אנטפלעקונג און די דערלייזונג מקוים גלייך אויפן אָרט.

— איך ווייס ניט צי די דאָזיקע דערלייזונג איז ווירקלעך דער־לייזונג און צי זי איז א דויערהאפטע דערלייזונג.

— כא־כא־כא! — האָט זיך מאנוס צעלאכט. — די דערלייזונג פון די דאָזיקע וואָס קומען אהער איז ניט אייער דערלייזונג און אייער דערלייזונג איז ניט זייער דערלייזונג. און דויערהאפט?! כא־כא־כא! איר ווילט געניסן אי באַם לעבן, אי נאָכן טויט. מיינט איר טאקע, באמת, אז אייער קונסט וועט אייך פירן אין דער אייביקייט אריין? ניין, שילאן, די קונסט דאָ, וואָס איז פאַר דעם מענטשן דאָ אין בורלעסק־טעאַטער

בלויז געגנוס מיט וועלכן ער גאַרט צו באַהעפטן זיך, ווי אַ כוואַליע מיט אַ כוואַליע, ווי אַ טראָפּן בלוט מיט אַ טראָפּן בלוט, די דאָזיקע קונסט איז טאַקע ניט דויערהאַפט, זי איז בלויז אויף דעם מאָמענט, זי בלייבט ניט אפשר אין זיכרון אפילו; אָבער אויך אונדזער קונסט איז ניט דויער־האַפט באַם ראַפינירטן, מיט קונסט איבערפלייצטן מאָדערנעם מענטשן, ווי זי איז געווען באַם פּרימיטיוון, ווייניק ציוויליזיר־טען מענטשן. און איז דען "אוביקייט" בלויז אין דעם נאָמען אָדער אין בילד וואָס פאַרבלייבט? וועלן דען מער קיין אילוזיעס ניט זיין? וועלן דען ניט די קומענדיקע פּונקט ווי מיר נאָך די פאַרגאַנגענע ניט פּאַראַפראַזירן און ווידער איבערשאַפן אין טויזנטער, אין מיליאָנען וואַריאַציעס דיזעלבע און דיזעלבע קונסט? דויערהאַפט! דאָס זעלבע האָב איך אויך געוואָלט מיט דעם בילד "דערוואַכונג" און געלאָזט פאַרנאַרן זיך מיט'ן צווייטן בילד, וואָס איך האָב געמאָלן פון איר, ווען זי האָט מיך אָפּגעזוכט דאָ אין ניו־יאָרק.

ער איז אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן, ווי דערמאָנענדיק זיך אָן עפּעס:

— זי איז דערשינען פאַר מיר, — האָט ער ווידער אָנגעהויבן, — אין דעמזעלבן שוואַרצן קלייד, וואָס זי האָט געטראָגן, ווען זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט. אָבער אָט דאָ, זאָג איך אייך, ליגן די כיטרע שפּיצלעך פון דעם גייסט פון אילוזיע. די זעלבע גרעטא, דאָס זעלבע שוואַרצע קלייד און דערזעלבער שמייכל אויף די ליפּן און אין די אויגן, אָבער קוקנדיק אויף איר, האָב איך דערזען אַ ניי געשטאַלט, מיט אַ נייעם אינהאַלט און נשמה. ווי זאָל איך אייך אויסמאָלן... — זי האָט געהאַט אין זיך די שטאָלצע גראַציעזקייט וואָס האָט פאַרהאַלטן דעם בליק און דעם טראָט. איר האָט געמוזט בלייבן שטיין קעגן איר מיט דרך ארץ און געפילט, אַז איר וואָרט וואָלט געווען פאַר אייך ווי דאָס וואָרט פון אַ מאַדאָנע. אירע ליפּן זיינען געווען געשלאָסן און האָבן פאַרמאַכטערהייט גערעדט צו מיר ניט מיט ליבע, נאָר וועגן ליבע. און איך האָב דערהערט אירע ווערטער: איך בין מיד. — דאָס אַלעס וואָס זי האָט געזאָגט.

זי איז געבליבן באַ מיר אין דער סטודיאָ. איך האָב דעמאָלט ניט געמאָלן. ניט געקאָנט צורירן זיך צו די פאַרבן. האָב איך אָפּט צוגע־הונגערט. און איך האָב איר געזאָגט, אַז איך האָב ניט גאָרניט וואָס צו געבן איר און וואָס צו זאָגן איר. זי איז אָבער געבליבן און זי איז געווען, ווי איך האָב זי דערזען באַ דער באַגעגעניש: אַ שטאָלצע, ווירדיקע פרוי, מיט דער רואיקייט פון אַ מאַדאָנאַ. זי האָט געווירקט אויף מיין געמיט. איך בין אויך געוואָרן רואיקער און פאַרטראַכטער. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַן אויסגאַנג, אַ דערלייזונג פון מיינע אומפרוכטבאַרע טעג. גרעטא פלעגט פאַרשווינדן יעדן טאָג און קומען שפּעט באַנאַכט. געזאָגט האָט זי, אַז זי מוז זיין מיט איר קראַנקער פּאַראַליזירטער מוטער. איך האָב איר געגלייבט. איך פלעג קוקן אין אירע אויגן און איך האָב געזען איר נשמה. איך האָב געזען גלויבן און איך האָב געזען טרייסט. און איך האָב געפילט

ווי עס שוועבן ארום מיר אירע הענט ווי פליגל. און עס האָט מיך ווידער א צי געטאָן צו מאלן. די נאטור אליין האָט אין יענע טעג געזונגען ארום מיר און אין מיר ווי מיט שטילע גלאָקן־קלאנגען... און אין די צוויי וואָכן וואָס איך האָב זי געמאָלן, פלעגט זי ניט פארשווינדן. זי פלעגט געדולדיק און מיט גליק פון פריידיקן גלויבן פאָזירן פאר מיר ביז שפעט אין אָוונט און דערנאָך פלעגן מיר זיצן אויף דעם באלקאָן, זי פלעגט אנידערלעגן איר קאָפּ אויף מיינע קני און מיר פלעגן שווייגן. א וואָרט פון מיר און א וואָרט פון איר און עס איז געווען גענוג. און ווען איך האָב פארענדיקט דאָס בילד, און ווען איך פלעג זיך אויפכאפּן פארטאָג און זען ווי די בלוילעכע ליכט באלעבט עס מיט עפּעס אן אינערלעכער ליכט, האָב איך ווידער געגומען גלייבן אין זיך.

דאָס בילד האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א פרוי אין שווארצן. באַ אירע פיס דאָס געשטאָלט פון א קניענדיקן מאן, פארטונקלט אין שאָטן. איר ווייסע האָנט, ווי דער פליגל פון א שוואן האָט גערוט אויף זיין קאָפּ און אויף זיין פנים האָט מען געקאָנט זען בלויז די אויגן, די פארטערטע אויגן ווי אין געבעט, מיינע אויגן, וועלכע קיינער האָט זיי נאָך אזעלכע ניט געזען.

אָבער איינמאָל אין א פארנאכט, צוקומענדיק צום הויז נאָך א שפּאַ־ציר, האָט מיך דער דזשעניטאָר פון הויז אָפּגעשטעלט און א זאָג געטאָן: מיסטער... איך וואונדער זיך אָפּט, מיסטער, ווי אזוי איר קאָנט איינזיצן דאָ אין דער היים, ווען אייער ווייבל טאָנצט דאָרט פאר שיכורע לומפּן אין דער "פּעמינא"... גאָט, טאנצט זי! וואָס פאר א פייער!

איך האָב געקוקט אויף אים און ניט פארשטאַנען וועגן וואָס ער רעדט. איך האָב אים אָבער ניט איבערגעפרעגט. איך האָב אָנגעהויבן צו פאר־שטיין פארוואָס זי פארשווינדט אויף גאנצע טעג און נעכט. און דער גע־דאנק, אז זי טאָנצט אין דעם טעאטער "פּעמינא" צו פארזיכערן מיין עקזיסטענץ און צו געבן מיר א געלעגנהייט צו מאָלן, האָט מיך געפּיי־ניקט. אין יענעם אָוונט בין איך געקומען אהערצו. איך האָב פארנומען א פּלאַץ אָט דאָרט אויף דער גאַלעריי. איך האָב געוואַרט און איך האָב געציטערט. געציטערט פון עפּעס א דערוואַרטונג און אנטפּלעקונג. און איך וויל איר זאָלט וויסן, שילאָ, איך האָב ניט געטראָגן אין מיין הארץ קיין טראָפּן פאָראורטייל קעגן אָט דעם מין טעאטער, דעם מין פארווייַ־לונג און גענוס, וואָס אפּעלירט צו דעם מין מענטשן. וואָרן אין דעמדאָ־זיקן טעאטער ווערט אוועקגעוואָרפן די מענטשלעכע היפּאָקריטסטווע און דער גענוס וואָס קומט צום מאן אין דער אילוזיע פון שיינקייט פון פרוי־עשער נאַקעטקייט, איז מאָראלישער ווי די פארבאהאלטענע, פארמאָס־קריטע בליקן און באגערן פון די דאַזיקע, וואָס זיצן געפּאנגענע אין איי־גענעם בלוט.

מאנוס איז אנטשוויגן געוואָרן און געהאלטן זיין בליק אויף דעם טונקעלן ווינקל אויף דער גאַלערייע וואו ער איז געזעסן אין יענעם אָוונט.

— איך בין געזעסן און האָב געוואַרט. — האָט ער ווידער אָנגעהויבן. — דער רוטינער טאַנץ פון די מיידלעך האָט מיך גלאַנגווייליקט און איך האָב ניט געקוקט אויף זיי. און ענדלעך האָט מען אַנאָנסירט די "אומפאַרגעסלעכע גרעטאַ" אין דעם טאַנץ "די קאַץ". מיט דעם כאַראַקטעריסטישן טוש פון דער מוזיק האָט זי זיך באַוויזן אָט אָ דאָ אויף דער האַלב־באַלויכטענער בינע. איך האָב זי אָבער ניט דערקאַנט. זי האָט געטראָגן אַ ווייסע מאַסקע פון אַ קאַץ און אַ ווייס געפּאַסט קלייד, וואָס האָט דורך אירע באַוועגונגען און טאַנץ געשאַפן די אילוזיע פון אַ יונג־געפּעשטשעטן קעצעלע, סימבאָליש אַ מיידעלע, וואָס האָט דערשמעקט די זיסקייט פון לעבן און טאַנצט אַרום מיט שפּילעוודיקער גראַציע. די מוזיק איז שפּילעוודיק, דער טאַנץ איז שפּילעוודיק און דאָס געמיט איז שפּילעוודיק. און לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ווערט דאָס יונגע קעצעלע פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער קאַץ. דאָס געפּאַסטע קלייד, וואָס האָט פאַרצויגן איר דינעם קערפּער איז דאָ און דאָרט געוואָרן לויזער, פולער, מיט ברייטע פאַלדן, און פאַכערדיק; עס האָט זיך אָנגעהויבן די לאַנגזאַמע מעטאַמאָרפאָזע פון שפּילעוודיקייט צו רואיקייט, פון יונגער גראַציעזקייט צו פּאָרזיכטיקער קאָקעטישער און קלוגער שפּילעריי, פון יונגער חנ׳עוודיקער דערוואַכונג צו רייפקייט, פון שעמעוודיקער קוריאָזיטעט צו לאַנגזאַמער געוואַגטקייט און ענדלעך דער איינגעבויגענער קערפּער און קאָפּ אונטער דעם ערשטן קוש און... ס׳איז פינצטער. עס האָט גענומען אַ רגע און עס איז ווידער געוואָרן ליכטיק. דיזעלבע קאַץ, אָבער אָן אַ מאַסקע. די אויגן אירע האָבן געלויכטן מיט באַהאַלטענע סודות. דער קאַצישער טאַנץ אירער איז געוואָרן פרייער, זיכערער. אירע זשעסטן און באַוועגונגען — פאַרפירעריש, אינטריגירנד און... שעלמיש. זי האָט געטאַנצט לאַנגזאַם, מיט פאַרמאַכטע אויגן, מיט אַ ליידנשאַפטלעך צעעפנטן מויל, מיט אַ רויטן שמייכל, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעשיינט די ווייסע ציין, גרייט איינצובייסן זיך אין צעברויזטן באַגער... די הענט ווי ווייסע שלאַנגען האָבן זיך געשאַרט אַרום אירע קליינע, אָבער שטאָלצע בריסטן און אַרום אירע דינע, ליידנשאַפטליכע לענדן... און דאָס קלייד אירס האָט לאַנגזאַם גענומען פאַלן אַראָפּ, אַראָפּ, ענטבלויזנדיק די ווייסקייט פון איר קערפּער. ממיא־או־או... האָט זיך צעטראָגן אַ ווילד־פריידיקער און עקסטאַטישער מיאַוקען פון טעאַטער... מיא־או, גרעטאַ! מיא־או!

—און זי, גרעטאַ, ווי אַן אָנגעצונדענע פון פלאַמיקן פייער האָט אין איר נאַקעטקייט געטראָגן זיך צו די סאַמע קוואַלן פון בראשית, צו די אוראַלטסטע אָנטפּלעקונגען אין דעם טאַנץ פון תאוה.

איך בין אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ און בין אַרויס פון טעאַטער. איך בין געגאַנגען, ניין, כמעט געלאָפן אַהיים. און אַהיים קומענדיק, און אָנידערלעגנדיק זיך אויף דעם בעטל, האָב איך געקוקט אין דער פינצטערניש אַריין און האָב געטראַכט. ניין, כ׳האָב ניט געטראַכט. כ׳האָב ניט געוואוסט פון וואָס צו טראַכטן. כ׳האָב בלויז געוואַרט. און ווען זי איז געקומען און זי האָט זיך אין דער פינצטערניש צוגעלעגט לעבן מיר, האָבן

זיך די בראשית׳דיקע פייערן אין מיר פאראייניקט מיט די פייערן אין איר.

פארטאָג, ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז מיין ערשטער בליק געפאלן אויף דעם בילד פון גרעטאן אין שווארצן. כ׳האָב דאָס בילד באַטראכט מיט פרעמדע גלייכגילטיקע אויגן. כ׳האָב מער ניט געזען אין דעם בילד דאָס, וואָס איך האָב פריער געזען. די אויגן אויף דעם בילד, מיינע פארטרערטע אויגן האָבן געחוזקט פון מיר. און אין דער ליכט פון דעם אויפגייענדיקן פרימאָרגן האָב איך מער ניט געזען די נשמה פון דער פרוי. ניין. עס איז געווען א פרעמדע פרוי, וואָס האָט מיך אָפּגענאַרט. ערגעץ אין איר ברוסט, אונטער דעם שווארצן קלייד איז געלעגן צוגעטוליעט א קאַץ... און ניט דאָס האָב איך געמאָלן. ניט איר האַנט, ניט אירע אויגן און ניט מיינע אויגן זיינען אמת — ס׳אַליגן! ס׳אַליגן אַלץ!

איך בין אראָפּ, א כאַפּגעטאָן דאָס בילד און האָב עס א שליידער געטאָן אין אַלקער אריין. איך האָב זיך אָנגעטאָן און בין ארויס פון הויז. גרעטאס שטילער בליק האָט מיך באַגלייט מיט פארוואונדערונג. כ׳האָב איר אָבער גאָרניט געזאָגט.

צוויי טעג בין איך ניט אהיים געקומען. געדרייט זיך אין די גאַסן; געשלאָפן אין פּארק; און מיטאמאָל האָט מיך ארומגעכאַפּט עפּעס א מאָדנער געפיל פון וועלן נעמען נקמה. אויב זי איז אזוי ווי זי איז און ניט ווי איך האָב זי געמאָלן, וועל איך זי איצט מאָלן ווי זי איז.

עס איז געווען אינדערפרי און זי איז נאָך געלעגן אין בעט. איר אויפגעוואכטער בליק האָט זיך דערפרייט מיט מיר. אירע פארנאַנדערגעלאָזטע האָר האָבן זיך געכוואַליעט אויף אירע רונדע ווייסע אַקסלען. איך האָב געקוקט אויף איר, טראַכטנדיק וועגן דער פּאָזע אין וועלכער איך וועל זי מאָלן. מיטאמאָל האָב איך אראָפּגעשלעפּט דעם צודעק פון איר, אראָפּגעריסן דאָס העמד פון איר און אנידערגעשטעלט זי א נאַקעטע אונטער דעם פאַס ליכט, וואָס איז געפאלן דורכן פענצטער.

זי האָט געקוקט אויף מיר א פארוואונדערטע און א דערשראָקענע, זי האָט זיך אָבער ניט געווערט. איך האָב א כאַפּ געטאָן א שטיק פארטיקן קאַנוואַס און האָב גענומען צייכענען זי. און אזוי האָב איך אָנגעהויבן דאָס בילד פון איר, אזוי האָב איך אָנגעהויבן צו מאָלן איר אמתע נשמה — כ׳האָב געמיינט אזוי...

זי איז ווידער געווען מיט מיר טאָג און נאַכט און אין דער אַגאָניע פון איר פּאָזירן איז ארויסגעקומען א פרוי — א פלאַם פייער אין פּראָצעס פון פאַרצערן. עס איז אין דער נאַקעטקייט פון דער טאַנצנדיקער פרוי אויף דעם בילד געווען די נשמה פון ״טאָאיס״ פון וועלכער גרעטא האָט אָפּט גערעדט; יעדער ליניע, יעדער גליד, יעדער ווינקל, יעדער ליכטיקער פלעק און שאָטנדיקער סוד האָט געצויגן און געלאָקט מיט דעם ציטער פון געגנוס. איך האָב מורא געהאַט צו קוקן אויף דעם בילד און איך האָב מורא געהאַט צו טראַכטן, אז עפּעס וועט פּאַסירן און אויך דאָס דאָזיקע בילד וועט מיך אָפּנאַרן און וועט פאַרלירן די נשמה.

און עס האָט פּאַסירט: זי איז קראַנק געוואָרן, גרעטא, פון צופיל אָנשטריינגונג, פון איר מקריב זיין זיך צוליב מיר. זי איז געלעגן אין בעט ווי א ווייסע ליליע. אויך דעמאָלט, ווען איך האָב געמאָלן פון איר "די דערוואַכונג" איז זי דאָך אויך געווען קראַנק, אָבער דעמאָלט איז זי געווען פרעמד צו מיר און איך האָב געזען אין איר בלויז איינע, מיט איין נשמה. דאָס מאָל אָבער, זיצנדיק בא איר בעט, האָב איך געזען איר פּנים אין דער נאַטירלעכער, דורכזיכטיקער ווייסקייט. איך האָב געזען אירע ליפּן, בלייכע מיט דעם קראַנקן שמייכל, מיט א שמייכל, וואָס איז ווי א ווייס־פאַרצעלייענע דינגע און דורכזיכטיקע וואזע, וואָס קען צעברעקלט ווערן פון אַן אומפאַרזיכטיקן באַריר; געקוקט אין אירע אויגן און געזען בלויע טריבע טייכעלעך, אָנגעפילט מיט טרערן; געזען אירע שוואַכע אַראָפּגעלאָזטע הענט, וואָס האָבן זיך ווי געצויגן אַראָפּ צו דער אייביקייט. און ווען איך האָב אויף דער צווייטער וואָך פון איר קראַנקייט אַראָפּגענומען, ווי זי האָט פאַרלאַנגט, דעם צודעק פון דעם בילד "די תאווה", האָב איך דערפילט מיין האַרץ פאַרקלעמט ווי אין א פויסט. איך האָב געקוקט אויף דעם בילד, אויף דעם מאָדנעם שמייכל פון דער פרוי, אויף אירע פיס אין קאָנאַולסיווער תאווה, אויף אירע שלאַנגען הענט... און איך האָב ניט געזען מער די בראשיתדיקע, פלאַמיקע נשמה, ניט געזען מער דעם זין און ניט געהערט מער דעם אָטעם און דאָס געזאַנג פון בלוט. כ'האָב ווידער אמאָל געזען בלויז פאַרב, בלויז פּערפעקטע טעכנישע עקזעקוציע פון א מענטשלעכן קערפּער אין א משונהדיקער פּאָזע. ניין, דאָס איז ניט געווען גרעטא, גרעטא וואָס איז געלעגן ניט ווייט פון מיר מיט דער אָפענער ברוסט ווי א יונגע, צאַרטע מאַמע. ניין, דאָס איז ניט געווען גרעטא אויף דער בילד און דאָס בילד האָט ניט געהאַט קיין נשמה. און ווען גרעטא האָט דערזען אין מיין פאַרוואָלקנטן בליק דעם אָנקומענדיקן אויסברוך פון שטורעם, האָט זי זיך אויפגעהויבן ווי א ווייסער שאָטן און האָט אויסגעשטרעקט די הענט: ניין, ניין, מאַנוס...

איך האָב אָפּגעטראָטן פון בילד און האָב פאַרשטעלט מיין פּנים. און זי איז אַראָפּ פון בעט, ווידער איבערגעדעקט דאָס בילד מיטן צודעק, אַריינגעשטעלט אין אַלקער אין דעם זעלבן אַלקער וואו איך האָב געמיינט, אז עס שטייט איר בילד אין שוואַרצן.

איך בין אַרומגעגאַנגען מיטן געדאַנק ווי אַזוי אויסצולייזן זיך פון קונסט און ווי אַזוי צוריקצובריענגען גרעטאן צו א לעבן אין וועלכן זי וואָלט זיך געפונען. אָבער מיין ראַנגלעניש מיט זיך איז געלייזט געוואָרן דורך גרעטאן אליין. ווען זי איז געזונט געוואָרן איז זי אַוועק פון הויז און מער ניט צוריקגעקומען. די בילדער, האָב איך דערנאָך אויסגעפונען האָט זי מיטגענומען מיט זיך. איך האָב ניט געוואָלט זוכן, ניט זי און ניט די בילדער. איך האָב דערפילט, אז איך בענק נאָך איר און אין דער בענקשאַפט האָב איך געמאָלן דאָס בילד "דער דיבוק".

— איך האָב געזען דאָס בילד. — האָט שילאָן געזאָגט.

— איך בין קראַנק געוואָרן. — האָט מאַנוס גערעדט ווייטער, ניט

הערנדיק שילאנס ווערטער — איך ווייס ניט אין וואָס די קראנקייט איז באַשטאַנען. עס איז מסתמא געווען א נשמה קראנקייט, דער פסיכיש־גייסטיקער צעזאמענברוך אין מיר, וואָס האָט מיך אוועקגעלעגט א צע־בראָכענעם, א פיבערדיקן אין וואהנזין. ווי אין א חלום געדענק איך גרעטאן ביי מיין זייט. בייטאָג און ביינאכט. און ווען איך בין געזונט גע־וואָרן, איז זי ווידער אוועק פון מיר צוזאמען מיט דעם בילד "דער דיבוק."

איך בין אוועק צום פישער דערפל וואו איך האָב אייך באגעגנט. איצט ווייסט איר מיין פסיכישן צושטאַנד, מיין מאַניע, וואָס האָט מיך געטריבן צוצעשמעטרן אייער קאבאליסט. איך האָב דערזען אין אים דעם ליגן. עס איז ניט געווען מיין קאָפּ און ניט מיינע אויגן. מיינע אויגן טראָגן אין זיך טרערן, מיינע אויגן זיינען פון א מענטשן וואָס האָט פאר־בלאָנדזשעט אין לאבירינט פון דער אייגענער נשמה און ער קאָן ניט גע־פינען דעם וועג ארויס. פון אייער סטודיאָ בין איך געקומען אָט אהערצו און דאָ בין איך פארבליבן און איך מאָל ניט מער — איך שמיר. זי וויל ניט זיין מער מיט מיר. זי קומט זי פאָרט אוועק און זי קומט ווידער. און ווען זי איז דאָ, ווארט איך דאָ אויף איר, דאָ אויף דער טונקעלער בינע און מיר זיצן דאָ און מיר רעדן דאָ, ביז שפּעט אין דער נאכט אריין.

ער איז אנטשוויגן געוואָרן און, אראָפּלאָזנדיק זיך אויף א בענקל, האָט ער פארדעקט דאָס פּנים מיט די הענט.

שילאָן האָט אויך געשוויגן. ער האָט געטראכט, צי עס האָט איצט א זין ארייננצערייסן זיך אין מאנוסעס צערודערטער נשמה מיט א נייעם פונק, וואָס זאָל פארטרייבן דעם צווייפל און די פינצטערניש. ער האָט זיך אויפגעהויבן, געמאכט א פּאָר שפּאַן און האָט א פרעג געטאָן:

— האָט איר געהערט, מאנוס וועגן דער סטילבערג קונסט־היים?

— ניין, ניט געהערט.

— עס איז א פרייע היים פאר אזעלכע טאלאנטירטע קינסטלער ווי איר. א היים, צו שאַפן אין רואיקייט, צו היילן די אייגענע וואונדן און צו געפינען די דערלייזונג אין קונסט.

— ניין, ניין, ניין! — האָט מאנוס אויפגעהויבן די הענט ווי בא־שיצנדיק זיך פון א דראָענדן געפאר, ניט איך... איך גלויב ניט אין קונסט.

— עס טוט מיר לייד. — האָט שילאָן געזאָגט. — איך וועל אייך שוין מער ניט אָפּלאָזן. איך וועל זען ווירקן אויף אייך. אייער שאפנדער גייסט געהערט ניט בלויז צו אייך.

— בלויז צו מיר און בלויז צו מיר! — איז מאנוס אויפגעשפרונגען.
— דער שאַפנדער גייסט פון א מענטש געהערט צו אים אליין, ווי עס געהערט צו אים אליין זיין אייגן בלוט, ווי עס געהערט צו אים זיינע אויגן, זיין שטימע... איר קאָנט מיך מער ניט פאנגען מיט דער קאָמפּליצירטער נעץ פון אילוזיעס. איך וויל זיין פריי.

— עס טוט מיר לייד. — האָט שילאָן ווידערהאָלט.

— ס׳אליגן! — האָט מאַנוס אויסגעשריגן. — עס טוט אייך ניט לייד. אייער לייד איז אויך אילוזיע.

— נו, איך דענק איך וועל שוין גיין. — האָט שילאָן שטיל געזאָגט. — איך האָף אָבער, אז מיר וועלן זיך נאָך זען.

— בעסער ניט.

— ווי איר פאַרשטייט, מאנוס.

—עס איז בעסער ניט צו פארשטיין.

— האָט קיין פאראיבל אויף מיר.

— ניין, שילאן, איך האָב גאָרניט קעגן אייך... — האָט מאנוס, ווי אויפוואכנדיק געזאָגט שוין שטילער. — אפשר איז די בינע דאָ שולדיק אין מיין דראמאטישן טאָן. — האָט ער צוגעגעבן מיט א קרומען שמייכל.

— דאָך... איך האָף אז מיר וועלן זיך נאָך זען.

— אלעס איז מעגלעך.

— נו, א גוטע נאכט. — האָט שילאָן אויסגעשטרעקט די האנט.

— א גוטע נאכט, — האָט אים מאנוס געגעבן זיין קאלטע האנט.

שילאָן האָט זיך געלאָזט גיין צו דעם הינטערקוליסן־ארויסגאנג און מאנוס איז אים נאָכגעגאנגען. אָבער מיטאמאָל זיינען זיי ביידע שטיין געבליבן. פון דער טונקעלער ווייטער טיפקייט פון דעם טעאטער האָט זיך דערטראָגן א שטיל געוויין פון א פרוי, ווי דער דינער געוויין פון א פידל...

— גרעטא — האָט מאנוס געזאָגט מיט א געבראָכענער שטים. — גייט, איך בעט אייך... גייט אליין.

שילאָן איז ארויסגעגאנגען. אינדרויסן איז ער געבליבן שטיין. ארויפגעקוקט פון צווישן די טונקעלע מויערן צום הימל, ווי וועלנדיק דערהערן דאָס געוויין פון גרעטאן. ס׳איז אָבער געווען שטיל ארום. די שפּעטע מעטראָפּאָליטאנישע נאכט האָט געשנאָרכט ווי אונטער א סורדינע מיט ווייטן גערויש פון מאַשינען.

*

שילאָן האָט דערהאלטן א בריוו פון דעם דיכטער עזרא אין וועלכן ער האָט געדאנקט און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאָרגעשלאָגענעם פאר אים פלאץ אין דער סטילבערג קונסט־היים.

שילאנען האָט עס איבערראשט, אָבער ניט רוטן. זי האָט פארשטאַנען, אז עזרא וועלכער האָט געטראָגן אין זיך דעם דיכטערישן שטאָלץ און דעם גייסטיקן כח און אידעאליזם פון אן אסקעט, וועט ניט פארכאפּט ווערן פון דער געלעגנהייט פון א רואיקן קינסטלערישן שאפן. דאָך האָט זי אויסגעדריקט איר מיינונג, אז ס׳וואָלט גוט געווען, ווען ער טרעפט זיך און באקענט זיך מיט עזראן. און שילאָן האָט באשלאָסן צו באזוכן אים.

דער אָוונט אין וועלכן ער האָט זיך געלאָזט פאָרן צו עזראן איז געווען א שטילער און א ווארעמער. דעם אדרעס פון דער שול וואו עזרא

האָט זיך געפֿונען האָט רוט אויסגעפֿונען פֿון איר פֿאָטער. פֿאַר שילאַנען איז דאָס פֿאַרן אין יענעם פֿאַרוואָרפֿענעם בראָנקסער געגנט געוואָרן פֿאַר זיך אַליין א דערפֿרישונג.

ווען שילאַן איז אָנגעקומען אין דעם געגנט און איז צוגעקומען צו דער שול, איז ער געבליבן שטיין. די ברייטע טירן פֿון דער שול זיינען געשטאַנען אָפֿן און ער האָט געקאָנט אריינקוקן. ביים קאַרגן ליכט פֿון א ליכט, האָט ער לעבן ארון קודש דערזען א מאַן, וואָס איז געשטאַנען בא א שטענדער איבער א ספר. דאָס בלייכע פּנים פֿון דעם מאַן און די ליכט און שאָטן אין דער טונקלקייט פֿון דער שול האָבן אים פֿאַרטראָגן צו פֿאַרגעסענע שטימונגען. דאָס בילד האָט אים א טראָג געטאָן צו דער פֿאַרגאַנגענהייט, צוריק צו זיין געבורטשטעטל, צו דער שול באַם בערגל, וואוהין ער האָט אין זיין קינדהייט, איינמאָל אין אַן אָוונט, אָט פּונקט אזוי אריינגעקוקט און פּלוצים דערפֿילט אויף זיך דעם בליק פֿון א פֿרעמדן מאַן, א בליק, וואָס האָט אים צוגעשמידט מיט מוראדיקער קראַפֿט, פֿון וועלכער ער האָט זיך קוים אָפּגעריסן און איז אַנטלאָפֿן.

ער האָט אריבערגעטראָטן די שוועל און איז געבליבן שטיין. געקוקט אויף דעם אומבאַוועגלעכן בילד, וואָס איז באַלעבט געוואָרן דורך דעם ציטערנדיקן פֿלאַם פֿון ליכט און געוואַרט. ער האָט געוואוסט, אז עזרא, אויב ס'איז עזרא, וועט ענדלעך אויפֿהייבן דעם קאָפּ און וועט צו אים רעדן.

און אזוי איז געווען: דער מאַן האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, פֿאַרמאַכט דעם ספר, געקוקט א ווײַלע אויף שילאַנען, געמאַכט א פּאָר שפּאַן און אויסגעשטרעקט די האַנט:

— שלום עליכם, שילאַן. עס פֿרייט מיך זייער צו זען אייך.

— עליכם שלום. — האָט שילאַן געענטפֿערט. — איר זענט עזרא?

— יאָ, איך בין עזרא.

— און ווי אזוי האָט איר געוואוסט אז איך בין שילאַן?

— איך האָב אָפֿט געזען אייער בילד אין די זשורנאַלן און אין די צייטונגען. און... אייער בריוו וועלכן איך האָב לעצטנס דערהאַלטן, האָט, פֿאַרשטייט זיך, געשאַפֿן די נויטיקע אַסאָציאַציע. ווען ניט דער בריוו, וואָלט מיר אפשר ניט געקומען אויף דעם געדאַנק, אז דאָס זענט איר.

— איך האָב זיך אויך פֿאָרגעשטעלט, אז דאָס זענט איר... דאָ. איך האָב א סך געהערט וועגן אייך.

— ווילט איר אפשר אריינגיין מיט מיר אין מיין צימער?

— מיט פֿאַרגעניגן. — האָט שילאַן געזאָגט.

עזרא איז געגאַנגען פֿאָראויס און שילאַן נאָך אים.

גייענדיק דורך א האַלב־טונקעלן קאָרידאָר, האָט שילאַן געהאַט די געלעגנהייט צו באַטראַכטן אים. עזראס הויכע, איינגעהויקערטע פֿיגור,

זיין שפּיציק פּנים און די קליינע יאַרמאַלקע אויף דעם קאָפּ האָט אים דערמאָנט אָן א יעזואיטישן מאָנאַך.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער סאַמע טיף פון קאָרידאָר און ווען זיי האָבן אריבערגעטראָטן דעם שוועל פון צימער, האָט עזרא דער־זען פאַר זיך שאַפעס פול מיט ביכער, א בעטל, א טישל און צוויי שטולן בא דער זייט.

— זיצט, — האָט אים עזרא אָנגעוויזן אויף א שטול.

שילאָן האָט זיך אַנידערגעזעצט, ארומגעקוקט דאָס צימער און האָט א זאָג געטאָן:

— איר האָט דאָ, זע איך, א וועלט פון גייסט און וויסן ארום זיך.

— יאָ, א וועלט פון גייסט און וויסן, וואָס איז פאַרצוימט צווישן טאָוולען און ווענט. ווען מ׳וויל דעם גרענעצלאָזן גייסט אריינפּאַסן אין ביכער, ווערט ער גאַנץ באַגרעניצט.

— דאָך... פרומע יידן זאָגן, אַז די תורה האָט קיין גרונט.

— זי האָט קיין גרונט פאַר די דאָזיקע, וועמעס וויסן קאָן ניט גראָבן און דערגרייכן ביזן סאַמע גרונט. זעט איר, דערגרונטעווען זיך ביז דעם סאַמע גרונט פון גייסט, אָדער וויסן, דאָס איז, אמת, אוממעג־לעך; אָבער וואָס עס איז שוין יאָ איינגעשלאָסן אין ביכער און אין ספרים — קאָן דערגרונטעוועט ווערן.

— מעג איך אייך פרעגן, פרייגט עזרא, פאַרוואָס איר האָט דווקא אויסגעקליבן דאָס ווינקל דאָ פאַר אייער שעפערישן לעבן? זענט איר רעליגיעז?

— רעליגיעז?... — האָט עזרא א שמייכל געטאָן. — זעט איר... דער באַגריף רעליגיעז איז אפשר טאַקע גרונטלאָז, אָט ווייס איך ניט, א שטייגער, וואָס צו ענטפערן אייך אויף דער דאָזיקער פראַגע צי איך בין, רעליגיעז, צי איך בין ניט רעליגיעז. און ס׳איז גאָרניט כדאי אריינצו־לאָזן זיך אין די טיפקייטן פון דער דאָזיקער פראַגע און איך פאַרשטיי פאַרוואָס א פרומער ייד וויל ניט דיסקוטירן דאָס פּראָבלעם גאָט, ווייל עס ברענגט אונדז שטענדיק צו א פּונקט, צו אן אייביקן סוד באַ וועלכן מיר בלייבן שטיין און קאָנען ווייטער ניט גיין. אודאי זוכן מיר דורך דער וויסנשאַפט און דורך אַבסטראַקטע פילאָזאָפישע באַגריפן עפּעס א דעפיניציע פון רעליגיע און פון גלויבן — די אַלע זוכענישן זיינען אָבער ביז איצט נאָך אַלץ באַגרעניצט. רעליגיע פאַנגט זיך אָן מיט דעם פאַטאַליסטישן גלויבן אין דעם אַבסטראַקטן גייסט פון באַשאַף וואָס טראָגט אונדז פון איין סטאַדיע פון אונדזער עקזיסטענץ צו א צווייטער, ניט וויסנדיק און ניט פאַרשטייענדיק ווי אַזוי דאָס געשעט. און די פאַרבינדונג פון דעם גלויבן מיט מאָראַל און געזעץ, איז שוין א ריין מענטשלעכער מיטל איינצופירן א מאָראַליש לעבן פאַר דער מענטשהייט דורך דער מיסטיק און שרעק פון דעם אומבאַגרייפלעכן. מיר רעדן דאָך אָבער ניט איצט וועגן מאָראַל און איר ווילט דאָך וויסן פאַרוואָס איך בין געוואָרן א שמש אין א קליין שולכל און האָב זיך כמעט אָפּגעזונדערט פון דעם

רווישיקן לעבן, וועל איך מיין ענטפער פּרובירן צו פאָרמולירן אזוי: איך האָב גענומען אַלע באַגריפן פון גליק, ווי ליבע, רום, רייכטום, מאָמענטן פון שעפערישקייט, פון עקזאַלטאַציע און דעם גענוס פון קונסט און איך האָב פּרובירט פאָרשטעלן זיך, אַז איך האָב אַלעס אין מיין לעבן שוין דורכגעלעבט, אַלעס געגאָסן און ווען די זעכציק, אָדער זיבעציק יאָר זיינען אוועק, זיינען געבליבן בלויז זכרונות, בלויז א פאַרגאַנגענער חלום. איך בין געקומען צו א גרענעץ אין לעבן פון וועלכער איך האָב שוין געקאָנט א קוק טאָן זייער נאָענט צו דער אנדערער זייט, צו דער גע־היימניספולער זייט און איך האָב געקאָנט א טראַכט אָן: שוין. דאָס איז דער סוף פון וועג. אויב זכרונות האָבן א זין, קאָנסטו זיך דערמאָנען אָן די פאַרגאַנגענע יאָרן; אויב דער מאָגן דיינער און דער קערפּער דיינער איז נאָך ניט אָפּגעשוואַכט, קאָנסטו נאָך עטוואָס געניסן. דאָס איז אָבער דער סוף פון וועג. אויב דו קאָנסט דיר איינריידן, אַז בלויז דער היינטיקער טאָג פון לעבן איז, אייגנטלעך, דער עיקר אין לעבן און די איבעריקע, די פאַרגאַנגענע ווי א חלום רעכענען זיך שוין ניט מער, דעמאָלט ביזטו גערעכט, ווען ווילסט יעדן טאָג באַטראַכטן ווי א לעצטן טאָג און געניסן אין אים אַלעס, וואָס דו קאָנסט. אָבער... דעמאָלט וואָלסטו באַדאַרפט לעבן מיט דעם איינציקן געדאַנק און באַגריף, אַז דאָס אַלעס אויסגערעכנטע, אַז דער גענוס איז דער אמתער זין פון לעבן. אָבער זיינען דען אין אונד־זער וועלט פאַראַן אסך אַזעלכע וואָס האָבן געקאָנט געניסן פון דעם אַלעס אויסגערעכנטן? יאָ, עס זיינען אפשר פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט אריינגעמען אין לויף פון זייער לעבן די אַלע פאָרמען פון גענוס. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז איך וועל דאָס ניט באַווייזן און ווען אפילו איך וואָלט עס יאָ באַוויזן, וואָלט עס מיך סיי ווי געבראַכט צום לעצטן טאָג, וואו די פאַרגאַנגענהייט ווערט חלום. האָב איך באַשלאָסן צו געפינען פאַר זיך דעם תמצית פון דעם גליק, וואָס וואָלט זיך אריינגעפּאַסט אין מיין לעבן אזוי, אז ס'זאָל טראָגן אין זיך א זין, וועלכער דאַרף זיך ניט נערן מיט אַלע פאָרמען פון גליק, וואָס ווערן געזאַמלט אין אַלע עקן פון דער וועלט; א תמצית, א זין, וואָס זאָל זיך ציען ווי איין פאָדעם פון דעם ערשטן טאָג פון מיין באַוואוסטזיין, ביז דעם לעצטן טאָג פון מיין זיין. איך האָב געזוכט דעם דאָזיקן תמצית, דעמדאָזיקן זין און איך האָב אים געפונען — ניט פאַר אייך, אָדער פאַר דער מענטשהייט, נאָר פאַר זיך אַליין פאַר זיך דעם איינציקן אינדיווידום אין לעבן. איך האָב זיך געזאָגט: איך גלייב און איך בין איבערצייגט, אַז איז דער אייביקער עוואָלוציע פון לעבן בין איך א מיטשאַפער. מיין מיטשאַפונג ווערט אנטפּלעקט דורך מיין זיין, דורך מיין עקזיסטענץ. אַז איך עקזיסטיר, ווייס איך דורך מיין באַוואוסט־זיין. מיין באַוואוסטזיין איז געדאַנק. און אויב מיין געדאַנק איז באַוואוסט־זיין און באַוואוסטזיין איז עקזיסטענץ — לעב איך אין געדאַנק און אין דעם געדאַנק קאָן איך געפינען דעם זין און דאָס גליק פון לעבן. אין דעם געדאַנק קאָן איך אַלעס געניסן, קאָן איך ליבן, קאָן איך שאַפן און מיט־שאַפן פון דעם ערשטן טאָג פון מיין באַוואוסטזיין, ביז דעם לעצטן טאָג

פון מיין זיין. און איין ווינקל, אָט דאָס דאָזיקע צימער איז גענוג פאַר דעם געדאַנק וואָס קאָן ארומנעמען דאָס גאַנצע לעבן.

— אָבער דאָס איז אַ לעבן פון... אילוזיעס. — האָט שילאָן באַמערקט.

— יאָ. אילוזיעס. — האָט עזרא צוגעגעבן.

— און טאַט? גלייבט איר ניט אין טאַט? — האָט שילאָן געפרעגט.

— טאַט איז אויך אַ פּראָדוקט פון אילוזיע. די אַלע טאַטן וואָס ווערן באַגאַנגען פון מענטשן זיינען אַ רעזולטאַט פון די אילוזיעס וואָס ער שאַפט זיך וועגן מאָראַלישע אָדער אוממאָראַלישע באַגריפן.

— ענטשולדיקט מיר, אָבער אייער צוגאַנג איז דאָך ניט אַ פּראָגרעסיווער.

— האָב איך דאָך אייך געזאָגט, — האָט עזרא אַ שמייכל געטאָן, אַז דעמדאָזיקן זין פון לעבן האָב איך אויסגעקליבן בלויז פאַר זיך אליין און ניט ווי אַ רעצעפּט, אָדער דערלייזונג פאַר דער מענטשהייט. און... דאָס דאָזיקע ווינקל, די שול האָב איך פאַר זיך אויסגעקליבן מסתמא צוליב אַ אונטערבאַוואוסטזיניקן געדאַנק: מיין זיידע, זייער אַ פרומער און תמימותדיקער איד איז געווען אַ שמש. דאָס איז די אילוזיע פון צוגעבונדנקייט צום שורש.

— אָבער וואָס טוט איר מיט אייער געדאַנק, וואָס איז דער זין פון אייער לעבן.

— אָט דאָס — האָט עזרא אָנגעוויזן אויף די שאַפעס מיט ביכער.

— איך שאַף דאָס וואָרט.

— פון אילוזיע, צוליב אילוזיע? — האָט שילאָן אַ פרעג געטאָן און גלייך חרטה געקראָגן אויף זיין טאָן פון מילדער איראָניע.

— אָט מאָלט איר דאָך. — האָט עזרא געענטפערט.

— דעם אמת זאָגנדיק, — האָט שילאָן אַ שמייכל געטאָן. — גלייב איך גראַדע זייער אין דער קראַפט פון אילוזיע. איך האָב זיך אָבער אויסגעדריקט אַזוי, ווייל איך האָב זיך אין דעם מאָמענט דערמאָנט אָן מיינעם אַ קאָלעגע, אַ מאָלער — מאַנוס, וועלכער האָט אויפגעהערט צו מאָלן צוליב דעם וואָס די אילוזיע האָט אים פאַרראַטן.

— אַזוי ווי אונדזער ווילן איז, אַזוי איז די אילוזיע. מיט איר קראַפט מאָלן מיר, מיט איר קראַפט שרייבן מיר, טראַכטן מיר, זעען מיר מיט פאַרמאַכטע אויגן. ניין, די אילוזיע איז אַ ברכה, דער כישוף מיט וועלכן די נאַטור האָט באַשאָנקען דעם מענטשן.

— איז אפשר דער זין, דער תמצית פון אייער לעבן און פון דעם לעבן אין אַלגעמיין, אילוזיע?

— דאָס איז מעטאַפיזיק — איך ווייס ניט. — האָט זיך עזרא שטיל צעלאַכט און געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן איבערן צימער.

שילאָן האָט אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט־פּושקע, פאַררויכערט און אויסגעשטרעקט די פּושקע צו עזראַן.

— אַ דאַנק, איך רויכער ניט. — האָט עזרא געזאָגט.

— איך זע די לולקע אויף אייער טישל... — האָט שילאָן באַ־מערקט.

— יאָ, דאָס איז מיין לולקע. כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט גערויכערט פון איר. אָבער... ווען איך בין אַליין אין צימער און איך לייען, האָב איך ליב צו האַלטן זי אין מויל. ווי איר זעט — נאָך אַ טראָפּנדל אין ים פון אילוזיע.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— איך קאָן מענטשן, וואָס זיינען באַגייסטערט פון אייער שאַפן.

— האָט שילאָן געזאָגט. — זיי זעען אפילו עפּעס נביאישעס אין אייך.

— ווידער דאָס זעלביקע — אילוזיע. — האָט עזרא געשמייכלט.

— אָבער... אויב איר באַטראַכט אַלעס אַלץ אילוזיע, ווי אַזוי קאָנט איר קומען צו די מענטשן, צום פאָלק מיט אידייען און מיט פּראָב־לעמען?

— יעדע אידייע, ביז זי ווערט פאַרווירקלעכט איז אויך אין דער סטאַדיע פון אילוזיע און חלום. און ווי פּאַראַדאָקסאַל עס זאָל ניט קלינגען, ווייס איך אָבער, אַז ס׳איז שטענדיק לייכטער צוצוקומען צו אַ מענטשן און אַפילו צו אַ פאָלק מיט אַן אידעאַל, וואָס איז נאָך אילוזיע און חלום, איי־דער מיט טרוקענע, רעאַלע פאַקטן. זיינען דען ניט רעליגיעס און בא די יידן די משיח אידייע און אפילו סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם ריינע אילו־זיעס און אוטאָפּיעס? און זיינען דען ניט די דערגרייכונגען פון אונדזער ציוויליזאַציע און אפילו פון קולטור פאַרפּלאַנצט געוואָרן אין דער נשמה פון פאָלק, פון דערפינדער און פון פירער גראַדע דורך די אויס־געטראַכטע מעשות, אילוזיעס און וויזיעס פון די גאונים אין דער ליטע־ראַטור? יאָ, מיין פריינט. די מענטשהייט דאַרף זיך גאָרניט שעמען מיט די פיקטיווע און אָפּט פאַנטאַסטישע ווערק אין דער ליטעראַטור. אפילו אונ־דזערע געטרייסטע רעאַליסטן האָבן ניט געקאָנט און ניט געוואָלט אָפּזאָגן זיך פון דעם. ווייל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז גראַדע דורך דעם אויסגע־טראַכטן חלום איז לייכטער צו דערגרייכן דעם מענטשנס מח און זיי האָבן אויך געוואוסט, אַז דער מענטש איז אַ קינד וואָס האָט ליב צו הערן אַ מעשה.

— איך בין ליידער ניט באַקאַנט מיט אייערע שאַפונגען, עזרא,— האָט שילאָן געזאָגט. — איך וואָלט אָבער זייער געוואָלט וויסן אין וואָס עס דריקט זיך אויס דער גייסט, די אידייע פון אייער שאַפן.

— איך וועל עס אייך דערקלערן אין קורצן, אָט אַזוי ווי איך אַליין האָב עס פאָרמולירט פאַר זיך. ערשטנס שאַף איך צוליב דעם זין פון מיין עקזיסטענץ, וועגן וועלכן איך האָב שוין גערעדט; צווייטנס, צוליב דער פאָרטזעצונג פון געדאַנק און גייסט; דריטנס, צוליב די אילוזיעס, וואָס קאָנען אפשר ברענגען טרייסט און בטחון צו אַ פאַרפאָלגטן, פאַר־צווייפלטן יידן. איך שאַף מערסטנס אין סימבאָלן, ווייל דורך דעם סימ־באָל קאָן איך ארומנעמען אידייען און וויזיעס, ניט בלויז פון אַ קליין ווינקל פון יידישן לעבן, ניט נאָר פון דער געגנוואַרט, פאַרגאַנגענהייט

אָדער צוקונפט, נאָר פון גאַנצע עפּאָכעס, פון דער גאַנצער מענטשלעכער פילאָזאָפיע און איר שטרעבונג צו דערלייזונג. איך ווייס אָבער אַז מיט מיין שאַפן שעפּ איך ניט אויס קיין איין אידייע און קיין איין אילוזיע אפילו, וואָס וואָלט געקאָנט באַלייכטן א סטעזשקעלע צו מענטשלעכער דער־לייזונג. איך שאַף אָבער, צוליב דער אילוזיע פון ירושה פון וועלכער איך האָב געגאָסן און צוליב דער אילוזיע פון ירושה, וועלכע איך וויל לאָזן פאַר די קומענדיקע. און מיין שאַפן איז די איינציקע ווערטפולע ירושה, וואָס איך קאָן לאָזן.

— און די לייענער אייערע פאַרשטייען אייך? — האָט שילאַן גע־פרעגט.

— עס זיינען פאַראַן אַזעלכע וואָס פאַרשטייען און אַזעלכע וואָס פאַרשטייען ניט. מ׳קאָן אָבער ניט וועגן קיין איידלשטיינער אויף דער זעלבער וואָג אויף וועלכער מ׳וועגט ברויט, אפילו ווען ברויט איז נוי־טיקער ווי די אילוזיע פון דער גרויסער ווערט וואָס ליגט אין א בריליאַנט. איך מוז דאָ צוגעבן, אַז איך בין ניט דער פּראָלעטאַר אין גייסט. וואָרן אויב דער פּראָלעטאַר שאַפט די ציוויליזאַציע, בין איך דער אריסטאָ־קראַט פון גייסט, וואָס שאַפט די קולטור. און דערפאַר פאַרדאַמען מיך, און אפשר מיט־רעכט, די מאַרקסיסטישע קריטיקער פאַר מיין אינדיווי־דואַליזם. איך קאָן זיך אָבער ניט העלפן — אַזוי בין איך. און אויב ניט אַלע פאַרשטייען מיך, שאַף איך צוליב די דאָזיקע, וואָס פאַרשטייען מיך יאָ. ניט אַלעס וואָס ווערט געשאַפן מוז פאַרשטאַנען ווערן פון אַלעמען. פאַרשטייען דען אַלע דעם תלמוד און אפילו שעקספּירן?

שילאַן האָט געקוקט אויף עזראַן, ווי ער גייט אַרום לאַנגזאַם און איינגעבויגן איבער דעם צימער און דאָס אויג פון מאָלער האָט אויך דאָס מאָל איינגענומען אין זיך דאָס שטימונגספולע אַרום אים און ער האָט געטראַכט: וואו נעמט מען אַזוי פיל צייט און יאָרן, צו מאָלן אָט די דאָ־זיקע מענטשן, די דאָזיקע טיפן, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט אַזעלכע פאַר־באָרגענע, סודותפולע נשמות...

— איר וועט מיר ענטשולדיקן, אויב איך וועל אייך פרעגן א פער־זענלעכע פראַגע — האָט שילאַן געזאָגט. — זענט איהר פאַרהייראַט, אָדער געווען אַמאָל פאַרהייראַט?

— איך בין קיינמאָל ניט געווען פאַרהייראַט. — האָט עזרא גע־ענטפערט.

— און איר האָט קיינמאָל ניט.. געבענקט נאָך א פרוי? — האָט שילאַן געשטעלט די פראַגע אָפן, ווי עס וואָלט זי געשטעלט א דאָקטאָר.

עזרא האָט זיך אַנידערגעזעצט, אוועקגעלייגט די גרויסע לאַנגע הענט אויף די קני, געקוקט גלייך און רואיק אין שילאַנס אויגן און גע־זאָגט:

— איך בין פערציק יאָר אַלט. איך האָב מיינע אינגלישע יאָרן פאַר־בראַכט אין א ישיבה. און זייענדיק אין דער ישיבה, האָב איך זיך פאַר־ליבט אין א פרוי. די פרוי האָט געהייסן רות — רות פון דעם תנ״ך.

פארוואָס איך האָב זיך פארליבט אין איר, ווייס איך ניט. אפשר וואָלט פרויד געפונען אן ענטפער צו אָט דער מאָדנער ליבע, וואָס האָט מיך פאר־כאַפּט אין מיינע יונגע וואנדערונגען פון יענער ביבלישער עפּאָכע. ווי קאָן מען דערקלערן אזא ליבע פון א יונגן ישיבה־בחור. עס דערקלערט זיך מסתמא מיט דעם, וואָס נאָך אין מיינע יונגערע יאָרן האָב איך שוין געטראָגן אין זיך די בענקשאַפט נאָך דעם פרעמדן עקזאָטישן לעבן, וואָס איז געווען פול מיט דראַמע, מיט מענטשלעכע און געטלעכע קאָנפליקטן. די אָרעמקייט, וואָס איך האָב געזען ארום זיך און די פרויען וואָס זיינען פארבייגעגאנגען אויף דעם וועג פון מיין יונג, אומדערפארענעם לעבן — זיי האָבן ניט געקאָנט אפעלירן צו מיין אויפגערייצטער פאנטאזיע. האָב איך דעמאָלט דערזען פאר זיך רות און אין איר האָב איך זיך פארליבט. און ווען איך בין עלטער געוואָרן און די אוניווערסאלע ליטעראטור האָט מיך אָ כאַפּ געטאָן אויף אירע צויבער־פליגל און האָט מיך סיי פיקטיוו און סיי אין לעבן אריבערגעטראָגן צו נייע, גרויסשטאָטישע איבערלע־בונגען, האָבן די פרויען, וועלכע איך האָב באגעגנט, סיי אין דער ליטע־ראַטור און סיי אין לעבן, ניט געקאָנט אויסמעקן פון מיין מח דאָס גע־שטאַלט פון רות. וואָס עס האָט מיך אממערסטן איבעראשט איז געווען די אָפּוועזנהייט פון א פרויען געשטאַלט, פון א פרויען־פערזענלעכקייט אין דער יידישער ליטעראטור, וואָס זאָל מיך פארכאַפּן מיט אינדיווי־דועלן, גייסטיקן צויבער. אפשר דערפאַר, ווייל די יידישע דיכטער און שרייבער זיינען ווי איך געקומען, מערסטנס, פון דער שול, פון בית המדרש און אין זייער אָרעמער סביבה האָבן זיי אזעלכע פרויען ניט בא־געגנט און דערצו וואָלט דאָס פארנעמען זיך מיט ארויסברענגען פרויען גע־שטאַלטן, וואָס זאָלן פארכאַפּן די פאנטאזיע און דעם געדאנק פון לייענער, מסתמא ניט געפּאסט פאר דעם עם הספר, ווי די מערהייט פון שריי־בער און קריטיקער האָבן געמיינט. וואָרן, אָט, אום צו זיין אָפנהערציק און ערליך מיט זיך אליין, האָב איך דאָך אויך קיינמאָל ניט צוגערירט זיך ניט אין לעבן און ניט אין מיין שאפן צו א פיקטיוון, אָדער לעבעדיקן וועזן פון א יידישן, גייסטרייכן פרויען־ געשטאַלט, וואָס זאָל פארנע־מען אין דער ליטעראטור דעמזעלבן פלאַץ ווי א מאַן. יאָ, די יידישע שרייבער האָבן דאָ און דאָרט פּרובירט געבן א טיפּ פון א פרוי, אָבער מער פון דער ראָמאנטישער זייט, א טיפּ פון א פרוי, וואָס זאָל העלפן ארויסצוברענגען דעם העלד—דעם מאַן. איך זאָג אייך, שילאָן, די יידישע פרוי אין די ביבלישע צייטן, סיי אין לעבן און סיי אין דער ליטעראַטור, איז געווען מער פערזענלעכקייט און מער רייצענד, ווי אונדזערע מאָדער־נע יידישע פרויען אין דער ליטעראטור און אין לעבן.

— קאָנט איר א יידישן שרייבער מארלין? — האָט שילאָן פלוצים א פרעג געטאָן.

—געלייענט זיינע ביכער, אָבער פערזענלעך קאָן איך אים ניט, פארוואָס פרעגט איר?

— גלאַט אזוי... געקומען אויפן געדאנק... — האָט שילאַן געענט־פערט און ניט געזאָגט, אז אויף דעם געדאנק איז אים געקומען ניט מארלין, נאָר גראַדע רוט. ער האָט געשמייכלט אין זיך, פאַרשטעלנדיק זיך ווי רוט קומט אומדערוואַרטעט אריין אין עזראַס לעבן אין געשטאַלט פון רות—די רות פון תנך.

— ווי גייט עס מיט אייער קונסט־היים?—האָט עזרא געפרעגט.

— עס גייט גוט. מיר דאכט זיך אָבער, אז אויך איר וואָלט דאָרט געפינען א תיקון. — האָט שילאַן געזאָגט.

— און וואָלט פאַרלוירן מיין נשמה. — האָט עזרא געזאָגט, האַלב אין שפאַס, האַלב אין ערנסט.

— איר וואָלט אפשר געפונען דאָרט א נייעם גילגול פאַר אייער נשמה. קינסטלער זיינען דאָך שטענדיק אין געיעג נאָך נייע גילגולים פאַר זייערע נשמות.

— אָ, איך געפין די גילגולים אויך דאָ... אין מיין צימער. — האָט עזרא געזאָגט. — יעדנפאַלס, איך דאַנק אייך פאַר דעם כבוד און פאַר דער באַמיהונג.

— וואָס איר דאַרפט נאָך געפינען איז... אַ חבר, א פרוי. — האָט שילאַן א קוק געטאָן אין עזראַס אויגען. — א קינסטלער אָן א פרוי, איז ווי א... פען אָן טינט, אָדער ווי א פענזל אָן פאַרב.

— איר פרובירט צו לאַקן מיך, מעפיסטאָ. — האָט זיך עזרא שטיל צעלאַכט. — מיט א לילית אפשר?

— מיט אַ רוט, אפשר — האָט שילאַן א שמייכל געטאָן.

— אָה, רות... אפשר רות...

— נו, עס איז שוין צייט פאַר מיר צו גיין. — האָט זיך שילאַן אויפ־געהויבן. איך האָף צו טרעפן זיך נאָך אמאָל מיט אייך. אפשר וועט איר האָבן אמאָל צייט צו פאַזירן פאַר מיר.

— זעט איר, פאַר דעם וועל איך געפינען צייט. וואָרן אויך אין מיר פולסירט אַ מענטשלעך אָדערל. עס וויל זיך מיר אויך פאַראייביקט ווערן, איבערהויפט פון אַזאַ קינסטלער ווי שילאַן.

— א דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט. — האָט אים שילאַן געגעבן די האַנט. — בּאַ דער ערשטער געלעגנהייט וועלן מיר זען מאכן א שפּאציר אין דער אייביקייט אריין. דערווייליע, א גוטע נאַכט, עזרא.

— א גוטע נאַכט, שילאַן. יאָ... איידער איר גייט... עס וואונדערט מיך ווי עס קומט צו אייך אזא... פראַנצויזישער נאָמען — שילאַן. קיין יידישלעכן נאָמען האָט איר ניט געקאָנט געפינען, צי אין מאַלעריי איז דאָס פראַנצויזישע מיוחסדיקער?

— כאַ! — האָט שילאַן א לאַך געטאָן און א וואונק געטאָן מיטן אויג. — מיין עלטער־זיידנס נאָמען איז געווען שילאַנסקי, האָב איך אים פאַרקירצט אביסל... טאָקע צוליב אָט דער קינסטלערישער אילוזיע פון מיוחסדיקייט. נאָך אַלעמען, האָט איר דאָך אָנגענומען דעם פּסעוודאָנים עזרא צוליב דעם זעלבן סענטימענט, ניט אזוי?

— אזוי. — האָט עזרא געשמייכלט.
— נו, א גוטע נאכט. — האָט שילאָן גוטמוטיק געלאכט.
— א גוטע נאכט.

ווען שילאָן איז שוין געפאָרן צו זיך אהיים, איז אים ווידער געקומען אויף דעם געדאנק מאנוס און ער האָט געטראכט, אַז דאָרט ווי מאנוס גלויבט אין אילוזיע, אָבער ניט אין דער קראפט פון קונסט און פון שאפונג, גלויבט עזרא אין קעגנזאץ צו מאנוסן, סיי אין אילוזיע, סיי אין דער קראפט פון שאפנדיקן גייסט און פון וואָרט, אפילו ווען דאָס געשאפענע איז בא אים אזוי אינדיווידואליסטיש און איז באגרענעצט מיט אבסטראקטן דענקען. און זיין פילאָזאָפיע וועגן דעם תמצית און וועגן דעם זין פון זיין אייגן לעבן...—נו, דאָס איז זיין רעכט צו לעבן ווי ער דענקט ס'איז אמתדיקער. — האָט שילאָן געשמייכלט און אויף דעם געדאנק איז ווידער געקומען רוט.

*

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי, ווען שילאָן איז געשטאַנען בא דער ארבעט, האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. ער האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל און דערהערט א פרעמדע, אומבאקאנטע שטימע:

— מיסטער שילאָן?... יאָ?... דאָס רעדט צו אייך בינשטאק.. דער שריפטשטעלער בינשטאָק... וואָלט אפשר מעגלעך געווען, אז איך זאָל ארויפקומען צו אייך אין דער סטודיאָ? איך מוז אייך זען.

— זיכער. — האָט שילאָן געענטפערט. — קומט ארויף. איך וועל ווארטן אויף אייך.

— אין א האלבער שעה, מיסטער שילאָן?
— גוט, מיסטער בינשטאָק.

דער נאָמען בינשטאָק איז שוין געווען באקאנט שילאָנען. ער איז געווען אויף דעם צעטל פון די שריפטשטעלער וואָס מארלין האָט אים צוגעשטעלט, אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זיין נאָמען איז ארויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער רעקאָמענדאציע צו באטראכטן ערשט זיין קאַנדידאַטור פאַר דער אָנשליסונג אין דער קונסט-היים, ווייל בינשטאָק איז געווען א פארהייראטער.

אין א האלבער שעה ארום האָט בינשטאָק אָנגעקלונגען אין דער טיר.

ווען שילאָן האָט געעפנט, האָט ער דערזען פאר זיך א קורצן, פעטלעכן פארשוין, מיט גראָבע ברילן אויף דער נאָז, מיט א גאנץ ברייטן פליך, וואָס האָט אראָפגעשיינט פון דעם רונדן קאָפּ. ער האָט אריבערגעשפאנט די שוועל, אויסגעשטערקט די קורצע קליינע האנט און האָט א זאָג געטאָן אויף א געבראָכענעם ענגליש:

— איך בין בינשטאָק. איך האָף איר האָט געהערט וועגן מיר.

— געהערט. — האָט שילאַן געזאָגט און האָט אים אָנגעוויזן אויף א שטול. — זיצט.

— א דאנק. — איז בינשטאַק ווי פארזונקען געוואָרן אין דעם נידע־ריקן, ווייכן שטול און איז געוואָרן נאָך קלענער און קאָמישער אין זיין אומבאהאָלפענער און אומבאקוועמער פּאָזע. — איך האָף, איך שטער אייך ניט... — האָט ער אראָפּגענומען די ברילן און גענומען ווישן זיי מיט זיין צעקנייטשטן נאָזטיכל.

— ניין, איר שטערט מיר ניט, מיסטער בינשטאָק. — האָט שילאַן גענומען רעדן צו אים אויף יידיש.

— פריער, אָדער שפּעטער האָבן מיר דאָך געמוזט באקאָנען זיך...
— האָט בינשטאַק ווידער אָנגעטאָן די ברילן, — האָב איך באַשלאָסן, אַז פריער איז בעסער. איך דאַרף אייך מסתמא ניט דערמאָנען, אז איך בין רעקאָמענדירט געוואָרן פון דער שרייבער גרופּע צו דער סטילבערג קונסט־היים. אָבער איידער איר נעמט אָן אייער באשלוס, האָב איך גע־וואָלט קלאָר מאַכן א פּאָר פאקטן. כ'האָב אייך, אייגנטלעך, געקאָנט שרייבן וועגן דעם, אָבער דורך פּערזענלעכן קאָנטאַקט קאָן מען זיך בעסער פאר־שטיין.

— זיכער. — האָט זיך שילאַן אויך אַנידערגעזעצט.

— איר פארשטייט, מיסטער שילאַן... ווי איר קוקט מיך אָן, מאַך איך אפשר ניט דעם איינדרוק פון א שרייבער... נו, איז דאָס ניט מיין שולד. איך האָב שטענדיק געהאַלטן, אז א קינסטלער דאַרף זיך ניט באווייזן אין בלוט און פלייש פאר זיינע לייענער. א קינסטלער דאַרף דער־שיינען פאר דעם לייענערס פאַרשטעלונגס־קראַפט אָט פונקט ווי עס דער־שיינען די כאראקטערן, וועלכע ער שאפט. וואָרן, נו, טאקע... אָט האָט איר מסתמא קיינמאָל ניט געלייענט מיינע ביכער, איז וואָס פאר א קאָנ־צעפּציע קאָנט איר זיך שאפן וועגן מיין קינסטלערשאפט, וועגן מיינע העלדן און אפילו וועגן מיינע אידייען, ווען איר טוט אויף מיר א קוק אָט אזוי ווי איך בין. אָה, איך ווייס כ'בין ניט א פארזעעניש, אָבער קאָמיש געננג, בין איך, אהז אָבער אָט אזוי בין איך, איז דאָך פארפאלן טראָג איך מיין שאפן אין א פשוטער, ליימענער כלי און איך טרייסט זיך, אז ערגעץ וואו לייענען מענטשן מיינע ביכער און אויב עס געפעלט זיי, זעען זיי מיך זיכער ניט אזעלכן ווי איך בין. איך בין הייסט עס צוויי: אָט אזוי ווי איך בין און אָט אזוי ווי זיי זעען מיך דורך מיין שאפן. אפשר זעען זיי מיך אָט אזעלכן, ווי איך זע אייך איצט — אזא הייך, אימפּאָזאַנט, קלוג און קינסטלעריש געשטאַלט, אז מ'מוז גלייבן אין אייער גרויסקייט.

— א דאנק, א דאנק. — האָט שילאַן געשמייכלט.

— פארשטייט זיך, — האָט בינשטאַק ווייטער גערעדט, — אז איך וואָלט געקאָנט מאַכן א שטיק אָנשטעל טראָגן זיך מיט דער פּאָזע פון א צעדולטן קינסטלער אָדער פּראָפעסאָר, זיין, אזוי צו זאָגן, אָרי־גינעל, אָבער דאָס וואָלט שוין געהייסן שפּילן טעאַטער און שפּילן טעאַ־טער וויל איך ניט. איך וואָלט אפשר געקאָנט, איר מיינט אז ניין? א יעדער

קינסטלער טראָגט דאָך אין זיך אַ מין פּסיכאָלאָגישן טאַלאַנט צו באַשאַפן כאַראַקטערן. האָב איך דען ניט אויסגעשפּילט די ראָלן פון די אַלע גע־שטאַלטן וועלכע איך האָב באַשאַפן אין מיינע נאָוועלן? אודאי האָב איך זיי געשפּילט. איך בין געווען אַ יעדער איינער פון זיי און זיי זיינען גע־ווען אין מיר. אָבער אין לעבן וויל איך ניט שפּילן. אָט האָט אונד־זער גרויסער שריפטשטעלער שלום עליכם יאָ געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ שריפטשטעלער, אַ ראָל, וואָס ער האָט ניט באַדאַרפט שפּילן, ווייל ער איז דאָס געווען ביז דעם מאַרך פון די ביינער. אָבער צו וואָס האָט ער געטראָגן אַזעלכע לאַנגע האָר? צו זיין מיט קינסטלער גלייך. ס׳ליגט אין דעם אפילו אַ שטיק קאָמפּלעקס, מיין איך. אַזוי, אָן די לאַנגע האָר, דערקאָנט מען ניט, אַז ער איז אַ שרייבער, אָבער מיט דעם פּאָעטישן אויסזען, זעט מען דאָך גלייך... ווייסט מען, אַז ער איז אַ שרייבער, צי מ׳לייענט אים יאָ, צי מ׳לייענט אים ניט. און ניט נאָר שלום עליכם, מיסטער שילאַן. אַ סאַך גרויסע דיכטער, קאָמפּאָזיטאָרס, אפילו וויסנ־שאַפטסלייט האַלטן פון דעמדאָזיקן געדאַנק, אַז זיי מוזן אויסזען אַנ־דערש. איר, גראַדע, קוקט אויס נאַטירלעך אין אייער קינסטלערישן אויס־זען, פּאַסט עס אייך. אָבער צוליב וואָס רעד איך דאָס אַלעס... גלאַט אַזוי, אַז ס׳קומט אויף דעם געדאַנק, צערעד איך זיך.

— ס׳שאַדט ניט. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש. — האָט שילאַן גע־שמייכלט.

— נו, איך וועל צוגיין צום ענין. — איז בינשטאָק געוואָרן ערנסט.

— איך האָב אין מיין לעבן אַ סאַך געליטן. איך האָב אָפּט פאַרשאָלטן מיין לעבן... דאָס איז אָבער ניט וויכטיק. אַ יעדער שאַפנדער מענטש ליידט, אַזוי צי אַנדערש. איך בין אָבער צעריסן געוואָרן פון ליידן, סיי פיזישע, סיי גייסטיקע. מילא, פון די פיזישע וועל איך ניט רעדן. אמת, איך אַרבעט שווער. מיין טאַטע איז אין דער מוטער היים געווען אַ שוס־טער און איך בין דאָ אויך אַ שוסטער אין אַ פאַבריק. איך מאַך אַ לעבן, ווי מ׳דריקט זיך אויס בא אונדז אין אַמעריקע, אָבער ווען איך קום אַהיים, בין איך אָן אויסגעשעפּטער. די אַרבעט נעמט אַרויס יעדן טראָפּן ענערגיע פון מיר. און ווען איך נעם זיך שוין אָן מיט כח און זעץ זיך אַוועק שרייבן, פיל איך, אַז איך זינדיק קעגן מיין לייב, וואָס וויל אַביסל רו.

— זענט איר דען ניט באַשעפטיקט אין אַ צייטונג? — האָט שילאַן געפרעגט.

— ניין. די עטלעכע צייטונגען וואָס מיר פאַרמאָגן, קאָנען ניט אויסהאַלטן אַלע שעפערישע כוחות אין לאַנד און חוץ דעם, אַז מ׳טרעט אַריין אין אַ צייטונג, הייבט זיך אָן אַ סדרה פון אני מאמינס און די אַרבעט אין דער צייטונג, אפילו אַ שרייבערישע, איז זי דאָך אַ באַשטעלטע, ניט מיינע, אינדיווידועלע, פון מיין מאַרך און בלוט אַרויסגעזונגענע שאַפונג. ניין, די צייטונג איז ניט די לייזונג פאַר אַ שרייבער, פאַרקערט — גראַד, ווייל זי איז אַ שרייבערישע אַרבעט, נעמט זי צו דעם פּאַטאָס, שעפּט זי אויס

די אינספּיראַציע און גיסט זי אַרויס אויף דער גאַס פאַר צוויי סענט.

— און אייערע ביכער? — פאַרקויפט איר דען ניט אייערע ביכער? — האָט שילאַן געפרעגט.

— אַביסל פאַרקויפט מען, אָבער די מערהייט ליגט אויף די פּאָליצעס באַ די בוכהענדלער, און אין דער היים אין קעלער, צעזאַמען מיט די אַלטע שיך. עס ווייזט אויס, אַז איר ווייסט ניט, מיסטער שילאַן, די לאַגע פון יידישן בוך. קיין פאַרלעגער האָבן מיר ניט, גיבן די שרייבער, מערסטנס, אַרויס די ביכער אויף זייערע אייגענע הוצאות, אין בעסטן פאַל מיט דער הילף פון אַ קולטור אָרגאַניזאַציע. דער שרייבער האָט אָבער פון דעם בלויז עגמת נפש. ער שפּאָרט פאַר זיך אָפּ אַן אומבאַקוועמע און אומבאַוועגלעכע באַלעבאַטישקייט, איבער וועלכער די ווייב דערגייט אים, מערסטנס, די יאָרן. אָבער... איז דען באַ אייך מאַלער די דאָזיקע לאַגע און פּראָבלעם בעסער?

— אין אַ געוויסן זין איז באַ אונדז די לאַגע בעסער. וואָרן ווען אַ מאַלער ווערט באַרימט, דאַרף ער ניט זוכן קיין ספּעציפיש יידישע מבינים־קויפער. מיט אַ גוטן קונסט־אַגענט, אָדער דורך אַ גוטער קונסט־פירמע ווערט ער גוט באַלוינט פאַר זיין קונסט. דאָס ענדערט אָבער ניט די לאַגע פון די קינסטלער אין אַלגעמיין. די מאַלער, ווי די שרייבער שאַפן ניט, ווייזט אויס, צוליב מאַטעריעלן לוין. עס איז די לבנה־ליכט אין בלוט, וואָס טרייבט אים צו שאַפן.

— לבנה־ליכט אין בלוט... כאַ... אפשר טאַקע... אָבער איר ווילט דאָך שוין מסתמא וויסן, צוליב וואָס איך בין געקומען צו אייך, וועל איך עס אייך זאָגן אין קורצן. איך ווייס, אַז אין דער קונסט היים ווערן ניט אַריינגענומען קיין פאַרהייראַטע קינסטלער. אָבער אין מיין פאַל וואָלט איר אפשר געקאָנט מאַכן אַן אויסנאַם? וואָרן, נאָך אַלעמען, איך בין דאָך, באמת, פון די דאָזיקע, וועמען עס דאַרף געגעבן ווערן אַ געלעגנהייט צו שאַפן אָן די דאגות פרנסה. איז... וואָלט מען עס אין מיין פאַל געקאָנט איינשטעלן אויף אַזאַ אופן. צאָלן מיין פרוי יעדע וואָך אַ קליינע סומע צום לעבן און לאָזן מיך אַרבעטן אין דער קונסט־היים. זי באַשטייט אויף דעם און האָט גאָרניט קעגן מיין באַזעצן זיך אין דער קונסט היים. זי איז איצט אַליין, מיינע צוויי טעכטער זיינען שוין פאַרהייראַט, און זי דאַרף ניט קיין סאַך. פון דעם פאָנד, וואָס סטילבערג גיט פאַר דער קונסט־היים, וועט זיך אַזאַ קליינע סומע געוויס ניט אָנזען.

— געוויס ניט. — האָט שילאַן געזאָגט. — אָבער דאָס דאַרף באַטראַכט ווערן און אָנגענומען ווערן אין פּרינציפּ. פאַרהייראַטע קינסטלער קאָנען ניט אַריינגענומען ווערן צוליב די אומבאַקוועמלעכקייטן וואָס אַ פאַמיליע לעבן וואָלט דאָ געשאַפן און צעשטערן היימען ווילן מיר אויך ניט. אָבער אין אייער פאַל, וועלן מיר עס באַטראַכטן.

— אַ דאַנק אייך, מיסטער שילאַן. אַ גרויסן דאַנק. אין אמתן האָב איך זיך אפילו געוואונדערט פאַרוואָס מיסטער סטילבערג, אַנשטאַדט

צו שאפן אזא היים האָט ניט געשאפן א פאָנד פאר סובסידיעס צו קינסט־לער. אזא פאָנד וואָלט דאָך געלייזט אזוי פיל פראגן.

— יאָ, אזא פאָנד וואָלט אָבער ניט געדינט דעם ציל פון שאפונג. א סובסידיע אין די הענט פון א קינסטלער, וואָלט אים פארוואנדלט אין א זעלבסטצעפרידענעם, פארזיכערטן אינדיווידיאום, וואָס וואָלט אפשר דורך דער דאָזיקער געלעגנהייט אריינגעוואָרפן זיך אין לעבן אריין צו געניסן און וואָלט פארנאכלעסיקט דאָס שאפן.

— ווי קאָן א קינסטלער אויפהערן שאפן?

— ער קאָן ניט. — האָט שילאן צוגעגעבן. — די ליבע איז שטאַר־קער פון טויט, אָבער דאָס לעבן, דאכט זיך מיר, איז שטאַרקער פון קונסט.

— עס זיינען דאָך פאראן רייכע און שעפערישע קינסטלער. — האָט בינשטאָק באמערקט.

— ווען א קינסטלער דערשלאָגט זיך צו דעם דורך זיין אייגענער מי, וואקסט עס צעזאמען מיט אים, נאטירלעך, ווי עס וואקסט זיין טאַ־לאנט און זיין רום. ווען עס פאלט אָבער אראָפּ גלאט אזוי פון הימל, איז עס דעמאָראליזירנדיק. אָבער אין דער קונסט־היים, וועט דער קינסטלער אינגאנצן ניט דארפן טראכטן וועגן די שטרויכלונגען וואָס א רייך, בא־קוועם לעבן ברענגט. דעם קינסטלער ווערן ניט געשטעלט קיין שום בא־דינגונגען. ער קאָן קומען און ער קאָן זיך באפרייען פון דער קונסט־היים ווען ער וויל. ער איז ניט פארפליכטעט און דארף זיך ניט פארבינדן מיט קיינע "איזמען" פון דער קונסט אָדער פּאָליטיק. ער קאָן זיך אויסלעבן געזעלשאפטלעך ווי ער וויל און עס וועלן אים פון צייט צו צייט געגעבן ווערן די געלעגנהייטן ארומצורייזן און צו זען די וועלט. דורך דערקונסט־היים וועלן פארשפרייט און פארקויפט ווערן די אלע ווערק וואָס וועלן דאָרט געשאַפן ווערן און דער לוין וועט גיין פאר דעם קינסטלער. עס איז ניט א קאָנטראקט, עס איז אָבער א געלעגנהייט פאר דעם קינסט־לער אויסצולעבן זיך אין קונסט, אַ געלעגנהייט פון שאפן אזוי לאנג ווי עס פאָדערט זיין ווילן און זיין קינסטלערישער גייסט.

— וואונדערבאר... — האָט בינשטאָק ווידער גענומען ווישן זיינע ברילן. — אָבער וואָס וועט איר טאָן מיט... סאָציאלע אידייען, לאָמיר זאָגן?

— דער קינסטלער מעג האָבן זיינע סאָציאַלע אידייען, אָבער ניט אנטי־סאָציאלע. — האָט שילאן א שמייכל געטאָן. — אָבער אידייען וואָס זיינען פארבונדן מיט פארטייען, וואָלטן ניט בעדארפט אריינגעבראכט ווערן אין דער קונסט־היים.

— ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך א רעאליסט. — האָט בינשטאָק געזאָגט. — און אז מען איז א רעאליסט, ניט א בעל חלומות, איז מען אָפט א שטיקל סקעפּטיקער, אָפט אפילו א פעסימיסט. איך צווייפל זייער צי עס וועט אייך געלינגען אינגאנצן אויסצוהיטן די קונסט־היים פון אידייען. א אידייע איז ווי א גייסט, ווי א דיבוק. איר קאָנט זי מיט קיין שפרוך, אָדער מיט קיין איינריידעניש ניט ארויסטרייבן. אז אן אידייע

אָדער צוויי, וועלן באַשליסן, אַז די קונסט־היים איז פאַר זיי, וועלן זיי זיך דאָרט ארומדרייען אומזעבארע, אָבער אנשטעקנדיקע. נו, מיר האָבן דאָך אָבער דאָ צו טאָן מיט א מיליאָנער און מיט קינסטלער, וואָס זיינען, לאָמיר אייך זאָגן, מערסטנס אנטי־סאָציאַל, וועלן מיר זען.

— מיר וועלן זען. — האָט אויך שילאן געזאָגט.

— און ווען דערעפנט איר די קונסט־היים?

— אין א דריי וואָכן ארום.

— נו, איר וועט מיר ענטשולדיקן, אויב כ'האָב צוגענומען אייער צייט. — האָט זיך בינשטאָק אויפגעהויבן.

— איך פאַרזיכער אייך, אַז ס'איז מיר זייער אנגענעם. — האָט שילאן געזאָגט.

— נו, וועל איך גייך, און... אַז מיר וועלן זיך טרעפן אין דער קונסט־היים, וועלן מיר נאָך א שמועסט טאָן.

— מיט פאַרגעניגן.

דאָס גלעקל האָט פּלוצים א קלונג געטאָן און שילאן איז געגאנגען עפענען די טיר.

אויפן שוועל איז געשטאַנען רוט אין איר ווייסן זומערדיקן קאָס־טיום. איר טונקל־ברוין פאַרברענט פּנים אונטער דעם גרויסן ווייסן הוט האָט ווי אויך א קינסטלעריש געמאָלטן בילד עמפאַטיזירט אירע גרויסע גרינלעכע אויגן און רויטע שמייכלענדיקע ליפּן.

— אָה, רוט. — האָט זיך שילאָן דערפרייט. — קומט אריין.

זי איז אַריינגעקומען און, דערזעענדי־ק בינשטאָקן, איז זי צוגעגאַנגען צו אים: — אָה, האללאָ, פּריינט בינשטאָק, איר דערקאָנט מיך?

— נו, אודאי, דערקאָן איך אייך. — האָט ער זיך פאַררויטלט. — איר זענט דאָך רוט מארלין, מארלינס טאָכטער.

— יאָ. — האָט זי געשמייכלט. — איר געדענקט ווי איר האָט ניט געוואָלט גלייבן אַז איך בין געווען די דאָזיקע, וואָס האָט אונטער א מע־נערישן פּסעוודאָנים געשריבן אן עסיי וועגן אייך?

— ווי קאָן איך דאָס פאַרגעסן?

— אויב אזוי, פאַרוואָס האָט איר מיר נ־ט געשריבן, ווי איר האָט מיר צוגעזאָגט, וואָס איר דענקט וועגן עסיי?

— איך האָב דעם בריוו אָנגעשריבן, איך האָב אָבער באַשלאָסן ניט צו שיקן אים. ער ליגט נאָך ערגעץ בא מיר דער בריוו.

— פאַרוואָס האָט איר באַשלאָסן ניט צו שיקן אים? — האָט רוט געוואָלט וויסן.

— ווייל ווען איך האָב אים איבערגעלייענט, האָב איך דערזען, אַז איך האָב צו... עמאָציאָנעל אויסגעדריקט מיינע געפילן און געדאנקען צו אייך פּערזענלעך. איך האָב זיך צעפלאַמט מיט אַזא יוגנטלעכן פייער, אַז איך האָב מורא געהאַט איר וועט לאַכן.

— פאַרוואָס מיינט איר, אַז איך וואָלט געלאַכט?

— ווייל איר האָט מיך שוין געזען און געקאָנט. טוט א קוק אויף

מיר. אזא דיסהארמאָניע מוז ארויסרופן געלעכטער. און איך האָב מורא פאַר קאָמישע סיטואציעס.

— איר זענט א גרויסער שרייבער, איר דארפט ניט מורא האָבן.

— אָט טאַקע דערפאַר האָב איך מורא געהאט. אויב איך בין א גרויסער שרייבער, ווי מ׳זאָגט, דאַרף איך אויך זיין א גוטער פסיכאָלאָג. און דער פסיכאָלאָג אין מיר האָט געוואָרנט: אויב א שרייבער האָט זיך גראד ארייגעכאַפּט אין אַזאַ געשטאַלט ווי מיינס, איז נו... מילא, אָבער אויב אזעלכע עמאָציעס האָבן גענומען זינגען פון אָט דעמדאָזיקן געשטאַלט איז... כא־כא!

— איר זענט צו קריטיש צו אייער פּערזאָן און אויסזען, פריינט בינשטאָק. — האָט רוט געזאָגט: — פאַרוואַנדלט עס ניט אין א קאָמפּ־לעקס, איבערהויפּט, ווען איר זענט שוין ניט קיין... יונגערמאַן.

— זעט איר, דאָ זענט איר גערעכט. א מענטש אין מיינע יאָרן דאַרף זיך שוין ניט שעמען און טראַכטן ווי א יונגע שיינע פרוי וועט אויפנעמען זיינע קאָמישע רייד. דאָך האָב איך פיינט קאָמיזם. זעט איר — הומאָר, דאָס איז עפּעס אנדערש, ווען איך וואָלט געפילט, אז מיין בריוו איז אָנגעלאָדן מיט הומאָר, וואָלט איך אים געשיקט. איך בין זיך אָבער מודה: ער איז געווען אָנגעלאָדן מיט ליבע.

— כא־כא־כא! — האָט זיך רוט צעפרידן צעלאַכט.

— איר זעט, זי לאַכט! — האָט בינשטאָק א זאָג געטאָן צו שילאַנען, אָנווייזנדיק אויף איר מיט דער האַנט.

— איך לאַך, ווייל איך בין צעפרידן. — האָט רוט געענטפערט.— און גלייבט מיר, אז אייער ליבע איז מיר ליבערשט פון א צענדליק אנ־דערע ליבעס, די דערקלערונג פון וועלכע... איך האָב ניט געהערט.

— איך האָב געזען אייער נאָמען אויף די בריוו צו מיר. — האָט בינשטאָק געזאָגט. — עס האָט מיך געפרייט, וואָס גראד איר זענט די סעקרעטארין פון דער קונסט־היים.

— עס פרייט מיך אויך. — האָט רוט געזאָגט.

— נו, איך בין שוין געווען גרייט צו גיין, וועל איך שוין טאַקע גיין. עס פרייט מיך זייער, וואָס איך האָב אייך געזען. — האָט בינשטאָק געזאָגט.

ער האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען.

רוט האָט אראָפּגענומען איר הוט, צוגעגאנגען צום בילד, וואָס שי־לאַן האָט געמאָלן און קוקנדיק אויפן בילד, א פרעג געטאָן.

— וואָס דענקט איר וועגן בינשטאָקן, שילאַן?

— איך דענק ווי אומלאָגיש די נאַטור איז. פאַרוואָס דאַרף זי נע־מען אזא טאַלאַנט און ארייננוואַרפן אים אין אזא קערפּער. האָט דען די נאַטור ווייניק שיינע קערפּערס פאַר שיינע נשמות?

— אפשר מיינט די נאַטור, אז ס׳איז קיין אונטערשייד ניט אין וואָס פאַר א קערפּער די נשמה געפינט זיך? — האָט רוט געזאָגט.

— מסתמא מיינט זי טאַקע אזוי די נאַטור. — האָט שילאַן געענט־

פערט. — אָבער זי וואָלט דאָך אָבער געמעגט רעכענען זיך אביסל מיט אונדזער עסטעטישן געשמאק. — האָט ער שוין געשפּאַסט.

— גלייבט איר דען, אַז אין דער נאַטור זיינען פאַראַן זאַכן, וואָס זיינען עסטעטיש אָדער ניט עסטעטיש?

— דערקענט איר דען ניט די דאָזיקע זאַכן, רוט?

— אודאי דערקען איך זיי. — האָט רוט געענטפערט. — מיר דאַכט זיך אָבער, אַז די באַגריפן וועגן עסטעטיש און אומעסטעטיש זיינען געקומען צו מיר בירושה. איך האָב זיי אַדאָפּטירט, ווייל די מענטשהייט האָט זיי אַזוי פאַרפיקסירט. וואָלט מיך דען אַ שפּין אָדער אַ וואָרעם געעקלט, ווען איך וואָלט ניט געהערט פון קינדהייט אָן, אַז די שפּין און דער וואָרעם זיינען מיאוס און אומעסטעטיש?

— פון דעמדאָזיקן שטאַנדפּונקט זענט איר גערעכט. דאָך... דער־פילן מיר אָפּט אַליין, אומבאַוואוסטזיניק וואו עס ליגט די שיינקייט און וואו די מיאוסקייט, איך מיין אַזאַ מיאוסקייט, וואָס האַרמאָנירט ניט און אַזאַ שיינקייט, וואָס האַרמאָנירט יאָ מיט אונדזערע באַגריפן און דער גאַנצ־קייט פון אונדזערע עמאָציעס און געדאַנקען. נו, זאָגט אַליין, וואָלט דען ניט אַפילו אַ ווילדער מענטש געפאַלן אויף זיינע קני צו קושן אייער קלייד, דערזעענדיק אייערע וואונדערבאַרע שיינע אויגען?...

— שילאָן!...

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך שילאָן צעלאַכט. — וואָס זשע, עס פּאַסט מיר ניט?

— ווער זאָגט דען, אַז עס פּאַסט אייך ניט? עס פּאַסט אייך שוין זייער! אָבער אַזוי פּלוצימדיק...

— פּלוצימדיק און אפשר ניט פּלוצימדיק. אָבער... צוריק צו ביג־שטאָקן. איר פרעגט מיך וואָס איך דענק וועגן אים. לײדער קען איך גאָרניט זאָגן וועגן אים, ווייל אויך זיינע ביכער האָב איך ניט געלייענט.

— עס איז אַ פאַרברעכן פון אייער זייט. — האָט רוט געזאָגט.

— איך ווייס ניט. — האָט שילאָן געשמייכלט. — אָט בין איך זיכער, אַז ער האָט מיינע בילדער קיינמאָל ניט געזען. אָבער וואָס דענקט איר וועגן אים? איר האָט דאָך, זאָגט איר, אַפילו אַן עסיי געשריבן וועגן אים.

— מיר האָבן אַ צאָל פּראָזאַאיקער, ראָמאַניסטן און דערציילער אין דער יידישער ליטעראַטור, קיינער פון זיי דערגרייכט אָבער ניט אַזאַ עכטן רעאַליזם, ווי בינשטאָק דערגרייכט עס אין זיינע ווערק. אַלע סי־טואַציעס באַ אים זיינען טריי צום לעבן און צו די מענטשן און די וועגן אויף וועלכע ער פירט זיי זיינען אינטערעסאַנט, ניט קוקנדיק אויף זייער פּראָזאַאישקייט. די ראָמאַנען זיינע האָבן קיינמאָל ניט קיין פינאַל און ווען איר לייענט איבער אַ בוך, זענט איר ניט בייז אויף דעם מחבר פאַרוואָס ער האָט ניט צוגעפירט די סיטואַציע צו אַ סוף, ווי דער לייענער, מערסטנס, דערוואַרטעט. עס ווייזט זיך אייך אויס, אַז די מענטשן פון זיינע ווערק לעבן נאָך היינט, מאָרגן וועט איר זיי באַגעגענען און איר

וועט שוין פון זיי אַליין אויסגעפינען וואָס עס איז ווייטער געשען מיט זיי. ער פּרעדיקט ניט קיין אידייען און ער פאַרנעמט זיך ניט מיט קיין פּראָבלעמען. עס קאָן זיך דאכטן, אז ער גייט אַרום מיט אן אַפּאַראַט און פאָטאָגראַפירט, עס איז אָבער ניט אזוי. ווייל אן אַפּאַראַט כאַפּט אַראָפּ דאָס פיזישע און בינשטאָק ברענגט אייך צום סאמע הארץ, צו דער סאמע נשמה פון זיינע מענטשן. ער דיקטעט ניט — ער באַשרייבט און דאָך ווען איר פאַרענדיקט דאָס לייענען פון זיינעם א בוך, זענט איר פול מיט שטימונג. ווי אזוי ער דערגרייכט עס, ווייס איך ניט.

— זיין שאַפן איז, ווייזט אויס, דער היפּך פון עזראס. ווי דענקט איר וועגן די צוויי באַזונדערע סטילן און ווי איך וואָלט עס באַצייכנט, צוויי באַזונדערע "נשמות" אין דער ליטעראַטור.

— עס איז דאכט זיך מיר בלויז א פראַגע פון געשמאַק. — האָט רוט געענטפערט. — זיי דינען דעם זעלבן ציל, זיי זיינען פון דעם זעלבן גאָרטן ווי עס קאָן זיין א ליליע, א רויז, א כריזאַנטעמע. אָבער.. מעג־לעך, אז די רויז איז פּאָפּולערער, דעמאָקראַטישער אפילו פון דער ליליע, אָדער פון דער ארכידיי, דער אַריסטאָקראַטקע, זיי קומען אָבער אַלע פון דער זעלבער ערד. און... איז דען פאַראַן א מאָס מיט וועלכער צו מעסטן דעם געשמאַק פון קונסט, וואָס איז אזוי פאַרשידן בא מענטשן?

— ניין, עס איז ניט פאַראַן. — האָט שילאַן געענטפערט.

— טאָ וואָרום האָט איר געפרעגט?

— ווייל עס ווילט זיך מיר הערן ווי איר רעדט.

— אָה, איר ווערט א קיבעצער, זע איך... — האָט זי געזאָגט און איז צוגעגאַנגען צום טיש ווו עס איז געלעגן איר פּאָרטפעל. — איך פאַרשטיי, אז איר זענט נעכטן געווען בא עזראַן. — האָט זי זיך דער־מאָנט צו פרעגן.

— יאָ. — האָט שילאַן געזאָגט און האָט א טונק געטאָן דאָס פּענזל אין פאַרב, קוקנדיק אויף דעם בילד וואָס ער האָט געמאָלן.

— נו?

— נו, וואָס?

— וואָס דענקט איר וועגן אים?

— האָט איר דערוואַרטעט, אז איך זאָל ווערן איבעראַשט, צי ענטוישט.

— ניט איבעראַשט און ניט ענטוישט.

— אָט אזוי בין איך טאַקע געווען — ניט איבעראַשט און ניט ענטוישט, אָבער איך האָב געמאַכט א געוויסע ענטדעקונג, אפשר א פּרווידיאַנישע, ווי ער אַליין האָט עס באַצייכנט.

— וואָס פאַר אן ענטדעקונג?

— אז דער מענטש איז קיינמאָל ניט געווען פאַרליבט אין קיין פרוי פון פלייש און בלוט, בלויז אין אַ ביבלישער, אָדער אפשר גאָר פיק־טיוון פרויען־געשטאַלט.

— איך זע ניט אין דעם קיין באזונדערע אבנאָרמאָלקייט, וואָס זאָל פאָדערן פרוידס פסיכאָ־אנאליטישן צוגאנג.

— איך זע יאָ.

— פארוואָס?

— ווייל א מאן, א קינסטלער, מוז כאָטש איינמאָל זיין פארליבט, איבערהויפּט ווען ער איז אין דער פולער פראכט פון מאנשאפט.

— און ווער איז זי די פיקטיווע פרוי אין וועלכער ער איז פאר־ליבט?

— רות. — האָט שילאָן געזאָגט און א קוק געטאָן אויף איר מיט זיינע שמייכלענדיקע אויגן.

— רוט? — האָט זי איבערגעפרעגט.

— יאָ, רות פון דער ביבל.

— טאָ, פארוואָס וואונדערט עס אייך אזוי?

— ווייל א מאן איז זיין עלטער וואָלט געמעגט ערנסטער פאר־טראכטן זיך וועגן זיין איינזאם לעבן.

— האָט איר זיך אמאָל פארטראכט וועגן אייער אייגענעם איינזאמען לעבן?

— אָה, מיט מיר איז עס איינפאכער און דערקלערבארער. איך בין ניט איינזאם און בין ניט א פרוש, ווי ער איז. איך האָב דורכגערייזט די וועלט פון די טיפסטע לאבירינטן ביז די העכסטע בערג און ער האָט זיך פארשפּארט אין א צימערל און דער זין פון זיין לעבן, זאָגט ער, איז בלויז אין געדאנק און אין וואָרט. רות! כא־כא, א מענטש פארליבט זיך אין אן אויסגעטראכטן געשטאלט און גיט אוועק א שטארקען שיינעם קער־פּער צו אילוזיעס. איך האָב אָבער באשלאָסן צו ווערן דער מעפיסטא אין זיין לעבן. איך גיי פאנגען זיין נשמה און ארויסרייסן אים פון אילוזיעס.

— ווי אזוי? — האָט זיך רוט פאראינטערעסירט.

— איך וועל אייך שיקן צו אים.

— איר וועט מיך שיקן צו אים?

— פארוואָס ניט? זענט איר דען ניט מיין סעקרעטארין?

— און וואָס דענקט איר וועט געשען?

— אז ער וועט אייך דערזען, ווייס איך שוין ניט וואָס עס וועט גע־שען. — האָט שילאָן געלאכט.

— שילאָן, איך דערקען אייך ניט. — האָט רוט אויך געלאכט.

— כא! — האָט שילאָן ווידער איינגעטונקען דאָס פּענזל אין פארב.

— כא! — האָט זי אים נאָכגעקרימט. — כא!

*

שילאָן האָט דערהאלטן א קורץ בריוול פון גרעטאָן.

זי האָט געשריבן.

„......מיר דאכט זיך, אז אייער באזוך האָט געווירקט אויף מאנוסן,

אַז ער זאָל ווידער אָנהייבן מאָלן. און אפשר איז דאָס צוליב מיין געוויין אין יענער נאכט אין טעאטער, נאָכדעם ווי איר און איך האָבן אויסגע־הערט די קאָנפעסיע פון זיין שאפן און פון זיין פסיכישן צושטאנד איבער דער ענטוישונג אין קונסט. יעדנפאלס, איך האָב אים נעכטן געטראָפן באם מאָלבערט און דאָס בילד וואָס ער האָט אָנגעהויבן מאָלן רופט ער: "דאָס הארץ פון דער פרוי." איך ווייס נאָך ניט קלאָר די קאָנצעפּציע פון דעם בילד, איך ווייס שוין אָבער יאָ, אז די פרוי האָט ווידער מיין פּנים און מיין קערפּער, אפילו ווען איך פּאָזיר שוין ניט איצט פאר אים. איך האָב געטראכט, אז עס וואָלט אייך אפשר געפרייט צו וויסן, אז מאנוס מאָלט ווידער...

אייערע מיט רעספּעקט

גרעטא.

פּ. ס. אויב דאָס בילד וועט אים ווידער פירן צו פארצווייפלונג און וועט אים ארײנוואַרפן אין יאוש און וואהנזין, וואָלט איך בעסער געוואָלט, אז ער זאָל שוין אינגאנצן ניט מאָלען. איך שרעק זיך..."

אין דער זעלבער צייט האָט שילאן דערהאַלטן נאָך א בריוו אין דער דייטשישער שפּראך, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן מיטן נאָמען רו־דאָלף עטינגער.

רוט, וועלכע האָט אין דעם אינדערפרי ארויפגעבראכט די גאנצע קאָרעספּאָנדענץ האָט, אָנווייזנדיק אויף דעם בריוו געזאָגט.

— איצט ,שילאן, באווייזט, אז די דריי יאָר, וואָס איר האָט אמאָל פארבראכט אין בערלין זיינען ניט פארלוירן געגאנגען אומזיסט.

— איך האָף, אז איך וועל ניט פארשעמט ווערן. — האָט ער זיך אנידערגעזעצט אין א שטול, און אָנווייזנדיק רוטן אויפן צווייטן שטול לעבן זיך, גענומען לייענען:

"......עס וועט אייך זיכער וואונדערן, הערר שילאן, צו דערהאַלטן א בריוו פון מיר. מיין נאָמען איז אייך, ווארשיינלעך, אומבאקאנט. אייער נאָמען איז מיר אָבער זייער גוט באקאנט. איך געדענק אייך נאָך דורך אייערע בילדער פון די ווייטע, פארגעסענע יאָרן דאָרט אין בערלין, אין דער שטאָט, וואָס ליגט איצט אין איר קרעציקייט, ווי א פאַרי־שטאָט צווישן די קרוינשטעט פון אייראָפּא. איך ווייס ניט צי איך בענק נאָך יענעם אלטן, מיט קולטור אויסגעפוצטן בערלין. ניין, איך בענק ניט. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, האָט דער אינטעלעקטועלער און קינסטלע־רישער מח (איך זאָג ניט דאָס עמאָציאָנעלע הארץ) פון יענעם אלטן בער־לין, געלאָזט אין מיר שפּורן, וועלכע איך פּרוביר אָפּווישן, ווי איינער פּרובירט אָפּווישן אַ געבורט־פלעק, אָדער אַ טאַטואירטע הארץ און קאָן ניט.

איך בין יונגער פון אייך. איך בין א איד. דאָס איז איצט זעלבסט־פאַרשטענדלעך. אין "יענע יאָרן" איז דאָס ניט געווען זעלבסט פאַר־שטענדלעך. דעמאָלט בין איך, דער יונגער ליטעראַט, ווי אַלע פון מיין קלאַס, געווען אונטער דער אילוזיע, אַז קונסט איז קאָסמאָפּאָליטיש. איך דענק אויך איצט אַזוי. איך ווייס שוין אָבער, אַז איידער זי גייט אַריין אין דער ספערע פון קאָסמאָפּאָליטיזם, מוז זי זיך באַקליידן אין אירע נאַציאָ־נאַלע פאַרבן, מוז זי מיט זיך מיטנעמען איר נאַציאָנאַלע נשמה, מוז זי קומען מיט איר אייגענעם, נאַציאָנאַלן וואָרט. אין יענע טעג האָב איך גע־מיינט, אַז מיין דייטשיש וואָרט, וואָס איך האָב אַריינגעזויגן צוזאַמען מיט מיין מוטערס מילך, איז מיין נאַציאָנאַל־וואָרט; איך האָב אָבער ניט געוואוסט, אַז אויב דאָס דייטשישע וואָרט אין מיר איז אויסערלעך נאַ־ציאָנאַל, איז עס אָבער אינערלעך ניט פאַרבונדן אין מיר ניט מיט מיין נאַציע, ניט מיט מיין שטאַם, און ניט מיט מיין צוקונפט. איך ווייס עס איצט. איר האָט וועגן מיר ניט געהערט, ווייל קיין שטערן אין דער דייטשישער ליטעראַטור בין איך ניט געוואָרן. און אפשר האָט איר יאָ געהערט, ווייל מיין אינדיווידועלער פּלאַץ ווי אַן עקספּאָנענט פון דער אי־דייע פון פרייהייטלעכער עטיק דורך עסטעטיק אין דער קונסט און אין לעבן, האָט מיך דאָך געמאַכט באַוואוסט אין די דייטשישע אינטעלעקטועלע קרייזן. אייגענטלעך, איז מיין ליטעראַרישע נעסט געלעגן אין דער ווינער, אין דער אַלטער עסטרייכישער ספערע. דאָרט בין איך געבוירן געוואָרן, דאָרט האָב איך גשטעלט מיינע ערשטע טריט, דאָרט האָב איך אַרויסגעגעבן מיינע ביכער און דאָרט האָב איך אָנגעהויבן צו ווירקן. קיין בערלין פלעג איך אָפט קומען צוליב פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט ערודיטן און קינסט־לער. איך בין פון דער נאַטור א באַשיידענער, אָבער אַן אַריינדרינגער. איך בין אַן עקשנותדיקער זוכער און פאָרשער פון וואָרט, פון גייסט, פון שיינקייט און פון אַלעס וואָס פאַרבינדט עסטעטיק מיט עטיק.

מיין פאָטער און מיין זיידע זיינען געווען אַלטע קונסט־הענדלער, אַנטיקוואַרן. מיין מוטער האָט אין אירע יונגע יאָרן פּאָזירט פאַר די גרעס־טע ווינער קינסטלער און מיינע צוויי שוועסטער, ייִנגערע פון מיר, זיינען געווען באַלעט־טענצערינס; איך אַליין האָב זיך געהאַלטן פאַר אַ יונגן פי־לאָזאָף און האָב געזוכט, אַזוי צו זאָגן דעם "Lapis Philosophorum" אָט פּונקט ווי די אַלכעמיקער האָבן געזוכט דעם סוד ווי צו באַשאַפן גאָלד פון ביליקע מעטאַלן, אַזוי האָב איך געזוכט דעם סוד פון שיינקייט אין לעבן.

מיין פרוי איז געווען א שטילע, א צאַרטע. פלעגט פאַרברענגען אין דער שטילקייט פון אונדזער היים צווישן ביכער און בא דער פּיאַנאָ און פלעגט וואַרטן אויף מיר, שפּעט אין די אָוונט שטונדן, ביז איך פלעג קומען פון דער אַרבעט, פון דעם גרויסן בוך־געשעפט וואו איך בין געווען אַן אָנגעשטעלטער.

אַזוי איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון מיין ליטעראַרישער קאַריערע, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן צו א שטעלע אין א ווינער צייַ־

טונג. פון דאַן אָן האָב איך זיך אָפּגעגעבן דער ליטעראַטור.

איך שרייב איך די דאָזיקע איינצלהייטן, ווייל זיי האָבן צו טאָן מיט מיין פּערזאָן, מיט דער ווייטערדיקער צעשפּאַלטונג פון מיינע אַנ־שויאונגען, פון מיין כאַראַקטער און פון מיין לעבן. איך האָב שטענדיק געמיינט, אז דער כאַראַקטער איז איינגעשלאָסן אין דעם מענטשן, ווי עס איז איינגעשלאָסן זיין בלוט, זיין מח. איך האָב געמיינט, אז כאַראַקטער איז דער "Semper Fidelis" אז ער פאַרראַט קיינמאָל ניט די פּערזאָן צו וועלכער ער געהערט. מיר דאַכט זיך אָבער, אז מיין אַמאָליקער כאַ־ראַקטער האָט מיך פאַרראַטן. איך בין ניט מער ווי איך בין געווען אַמאָל, ווייל איך דענק ניט מער ווי איך פלעג דענקען און מיין קאָנ־צעפּציע פון עטיק און עסטעטיק ליגט צעשמעטערט בא מיינע אייגענע פיס. מיין גאַנצער וועזן, אייגנטלעך, ליגט צעשמעטערט. איך האָב שטענ־דיק געשטרעבט אָפּצורייסן זיך פון דעם אַמאָל, פון מיין שטאַם. די יידישע געשיכטע איז פאַר מיר געווען א פאַרגעסענער חלום; דאָס יידישע וואָרט האָט פאַר מיר ניט עקזיסטירט; דאָס לאַנד מיינס — מיין לאַנד, איז געווען אונטער מיינע פיס און איך האָב געוואָלט, אז מיין בלוט און דאָס בלוט פון מיינע קינדער זאָל זיך צוזאַמענגיסן מיט דעם בלוט פון דער שטאַרקער, געניאַלער דייטשישער נאַציע — ביז ס'איז געקומען היטלער. ניין, ניט היטלער אליין, נאָר דער אַנטפּלעקטער פאַר מיר דייי־טשישער גייסט, וואָס האָט דערהויבן אזא היטלערן צו זיין זייער מויל, זייער אויסדריק, זייער ווילן און נשמה. וואָרן ערשט איצט, נאָך דעם "Post Mortem" פון דעם נאַצי־אימפּעריאַליזם זעען מיר ערשט אַז דער דייטשישער קערפּער און די דייטשישע נשמה איז געווען פאַרסמט פון דעם סופּער־עגאָ־קאָמפּלעקס, וואָס האָט צעשטערט אַ וועלט. מיין זוכעניש פון דעם "Lapis Philosophorum" האָט מיך געבראַכט צו דער ענטדעקונג פון דעם "Lapis Infernalis" וועלכן איך טראָג איצט בא זיך אין האַרצן, אַנשטאָט דעם אַמאָליקן גלויבן. וואָס פאַר א גלויבן קאָן איך טראָגן אין האַרצן, ווען מיינע עלטערן, מיינע שוועסטער און מיין פרוי ליגן ערגעץ דערטרונקענע טיף אויף דעם גרונט פון דעם דונאַי און איך, איך לעב. ווי אזוי איז דאָס געשען... ווי אזוי געשעט דער מאָרד פון הונדערטער און טויזנטער אונטער דעם שטילן הימל און וויינענדיקע שטערן? ווי אזוי געשעט עס? ווי אזוי קאָן מען דערקלערן דעם געדאַנקן־גאַנג און דעם געמיט־צושטאַנד פון מערדער, וואָס זאַמלען צונויף אומ־שולדיקע מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, און פּאַקן זיי אַריין אין באַרזשעס און רייסן זיי אויף מיט גראַנאַטן אין מיטן פון שטילן באַ־נאַכטיקן טייך? ווי אזוי געשעט עס? ווי אזוי?! און אז מיר איז געלונגען אַרויסצעשווימען פון די בלוט־רויטע וואַסערן?... און אז מיר איז געלונגען אַרויסצוקריכן אויף דעם גרינעם ברעג און באַהאַלטן זיך צווישן די ביימער און ליגן אָן געפיל, אָן גלויבן, אָן תּפילה, אָן געדאַנק... ווייס איך דען ווי אזוי עס איז געשען? עס איז אָבער געשען.

ערשט דערנאָך מיט טעג שפּעטער, האָט אין מיר אויפגעוואַכט

מיין באַוואוסטזיין און אין דעם באַוואוסטזיין מיינעם האָב איך אויך ניט געפונען קיין ענטפער... פאַרוואָס און ווי אַזוי. איצט דאַכט זיך מיר שוין, אַז איך ווייס. און, ווײַסנדיק, אַז איך ווייס, ווייס איך ניט וואָס צו טאָן, ווייס איך ניט ווי צו לעבן. דאָס לעבן מיינס, איז לעבן אַלץ נקמה. איך לעב, ווייל איך ווייס, אַז אין פאַקט פון מיין לעבעדיק זיין — איז נקמה. איך בענק אָבער נאָך דעם טויט. מיר דאַכט זיך, אַז דער טויט מוז זיין שטיל און באַרעמהערציק, ווי די האַנט פון א מאַמע. און עס ציט מיך אָפט צו די טיפע וואַסערן. עס ציט מיך אַריינצוגיין אין די טיפע קאַלטע כוואַליעס... גיין ביז די כוואַליעס וועלן זיין איבער מיין קאָפּ, ביז ערגעץ וואו וועט זיך מיין נשמה אָפּטיילן פון מיין קערפּער און איך וועל ווידער הערן די שטימעס פון מיינע ליבסטע. איך לעב אָבער...

ענטשולדיקט מיר מיין טראַגישן אויסגוס. דאַרף איך דען איינהאַלטן אים אין זיך און שעמען זיך מיט אים, ווען דאָס לעבן האָט פאַרלוירן יעדע בושה? איך לעב, ווייל לעבן איז נקמה. אָבער א לעבן איז בלויז דאַן לעבן, ווען עס איז שעפעריש. איך קאָן שוין אָבער ניט שאַפן ווי אַמאָל. איך בין איצט אַן "Alter Ego". מיין לעבן איז צעהאַקט אויף צווייען. איין טייל טראָגט נאָך אין זיך די עכאָס פון מיין אַמאָליקן לעבן, דער צווייטער טייל זוכט ווי צו שטאַרקן די נקמה, וואָס הייסט לעבן.

ווי איר זעט, בין איך דאָ אין ניו־יאָרק. איך לעב אַן איינזאַם לעבן. איך גיי אַרויס באַנאַכט אויף די גאַסן און איך קוק אויף די מעכ־טיקע הימל־קראַצערס און איך וויל זיך דערהייבן מיט מיין געדאַנק צו דעם געדולד, וואָס די בויער פון די דאָזיקע הימלקראַצערס האָבן אַרויס־געוויזן. איך אַרבעט אין א שאַפּ און איך וואוין, ווי איר וועט באַמערקן פון מיין אַדרעס, אין דער געדיכטסטער יידישער... שיער ניט געזאָגט "געטאָ." אַמאָל שרייב איך. איך שרייב אָבער איצט אויף יידיש, אויב מ'קאָן שוין מיין שפּראַך אָנרופן "יידיש." איך שרייב אָבער און לערן זיך. אָבער A Propos:

ווי איר זעט, בין איך א שריפטשטעלער, אויף וואָס פאַר א שפּראַך איך זאָל ניט שרייבן. א שריפטשטעלער — א ייד. איך האָב געלייענט אין די ענגלישע און אין די יידישע צייטונגען וועגן דער סטילבערג קונסט־היים. האָב איך א טראַכט געטאָן, אַז אין אַזאַ קונסט־היים, אין אַזאַ אַט־מאָספערע וואָלט אפשר געהיילט געוואָרן מיין גייסט און איך וואָלט אפשר געפונען דעם וועג צו זיך און צו מיין פאָלק דורך מיין שאַפן. איך האָב זיך ניט געווענדט צו דער שרייבער גרופּע, ווייל איך ווייס ווי א גרופּע "In Toto" וואָלט אויפגענומען א "פרעמדן." איר, אַלץ קינסטלער, וועט מיך פאַרשטיין, האָב איך זיך געווענדט צו אייך. איך שיק אייך אויך מיינע ביכער, וועלכע איך האָב דאָ ענטדעקט אין א דייטשישן בוך־געשעפט און איך האָף אַז איר וועט זיי לייענען — צו דערזעען מיך. איך האָף צו

הערן פון אייך אין גיכן און זאָג צו אייך און צו דער קונסט־היים "Esto Perpetua."

מיט רעספעקט אייער,

רודאָלף עטינגער.

ווען שילאָן האָט פארענדיקט, האָט ער א ווײַלע געשוויגן און דער־נאָך א פרעג געטאָן:

— וואָס דענקט איר וועגן אים, רוט?

— איך דענק, אז ער וועט קיינמאָל ניט ווערן דער יידישער שריפט־שטעלער און פילאָזאָף, ווי עס וויל זיך אים ווערן. — האָט רוט געזאָגט.

— איך דענק אויך אַזוי. — האָט שילאָן אײַנגעשטימט. — יעדנפאלס, איך וועל לייענען זײַנע ביכער און איך וועל זיך באראטן מיט אייער פאָטער.

— אזוי צי אזוי, די קונסט־היים, זע איך, ציט צו זיך קינסט־לער פון אלע לאגערן און שאַטירונגען. מיר דאכט זיך אָפט, אז א קונסט־היים וואָלט געקאָנט זײַן דער אידעאלער פלאץ פאר א זוכער אין פאָרשער פון פסיכאָלאָגישע, צי זאָל איך זאָגן פאטאלאָגישע דערשיי־נונגען בא קינסטלער.

— רוט! — האָט שילאָן אויסגעשריגן און האָט זיך צעלאכט. — דאָס וואָרט פאטאלאָגישע געפעלט מיר ניט! עס געפעלט מיר ניט.

— עס איז ניט אזוי שרעקלעך. — האָט רוט אויך געשמייכלט. אויב איר קאָנט מיר זאָגן וואָס עס שלעפט און ציט דעם קינסטלער אפילו אין אַנזיכט פון טויט, וועל איך צוריקציען מײַן וואָרט. וואָרן אפילו קונסט לשם קונסט טראָגט אין זיך די שפורן פון אַן אָנגעצונדענעם, מיט עפּעס פארשיכורטן און פארטראָגענעם מח. ניין, זאָגט וואָס איר ווילט, אָבער מיר דאכט זיך, אז קונסט איז אין א געוויסן זין א מאַניע, וואָס איז אָנגעצונדן געוואָרן פון א פארבלאנדזעטן פונק, וואָס דער וועלט־באַשאַפער האָט פארלוירן פון זײַן נשמה.

— א־א... — האָט שילאָן געשמייכלט.

— אָט האָב איך גראָד נעכטן געהערט שפּילן דיוקאַס "דעם כישופמאכערס לערנאינגל" און איר ווייסט וועגן וואָס איך האָב גע־טראכט, הערנדיק די מוזיק? איך האָב געטראכט, אז דער קינסטלער איז פונקט ווי דער לערן־אינגל בא דעם גרויסן כישוף־מאכער. אויך אים ווי דעם אינגל, האָט זיך פארגלוסט צו זאָגן דעם שפרוך און שאפן כישוף. איר ווייסט דאָך דעם סוף. ער האָט געמאכט אז דער בעזעם זאָל טראָגן וואסער און ער האָט ניט געוואוסט דעם שפרוך ווי אָפּצושטעלן אים. דער רעזולטאט איז געווען — א פארפלייצונג, וועלכע בלויז דער כישוף מאַכער אליין האָט אָפּגעשטעלט. אין דער קונסט איז אויך אזוי. מ׳זוערט שוין פארפלייצט פון אמתער און פסעוודאָ־קונסט און דער קינסטלער ווייסט ניט ווי אָפּצושטעלן עס. ער ווייסט ניט דעם שפרוך.

— כא־כא־כא! — האָט שילאָן געלאַכט. — איר, רוט, מיט אזא טיראַדע וועגן קונסט און קינסטלער?!

— מיינט איר דען, אַז בלויז איר מעגט קיבעצן, שילאָן? איך טאָר ניט? — האָט זי אויך געלאַכט.

— אודאי מעגט איר! אָבער אַזוי שאַרף, ביזן זיבעטן ריפּ...

— טאָ זאָלט איר טאַקע וויסן און מורא האָבן... פאַר מיין צונג.

— דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך גאָר מורא פאַר אייערע אויגן.

— מורא פאַר א גוט־אויג?

— מורא דערטרונקען צו ווערן אין זיי... אזוי טיף...

— אַך, שילאָן, שילאָן... — האָט זי געשמייכלט. — וואו נעם איך אַן אַפּאַראַט אזא צו מעסטן דעם אמת פון אייערע ווערטער.

— מיין הארץ, כא־כא־כא! מיין הארץ...

*

עס איז געקומען דער טאָג פון דער אָפיציעלער דערעפנונג פון דער קונסט־היים. שילאָן און רוט האָבן אין דעם טאָג ניט גערוט. זיי האָבן אויפגענומען די אָנקומענדיקע קינסטלער, אַפּגעגעבן יעדן זיין צימער־סטודיאָ, געפירט זיי איבער דער ווילאַ און געענטפערט אויף אַן א שיער פראַגן, וואָס יעדער פון די קינסטלער האָט געשטעלט.

פון די ערשטע אָנצוקומען זיינען געווען די מאַלער בלאַנק און ראַפאַעל. דערנאָך זיינען אָנגעקומען די שריפטשטעלער בינשטאָק און גאַמזו. צוזאַמען מיט זיי איז אויך אָנגעקומען דער דראַמאַטורג טשערט קאָוו.

שילאָן האָט געקאָנט זייער גוט טשערטקאָוון, ווייל ער האָט אַמאָל געמאָלן דעקאָראַציעס פאַר טשערטקאָווס א דראַמע, וועלכע ער אַליין האָט אויפגעפירט און רעזשיסירט. רוט האָט אים אָבער באַגעגנט צום ערשטן מאָל און עס איז איר געפעלן געוואָרן זיין אימפּאַזאַנטע הויכע פיגור, זיין גרויער קאָפּ און אויסדרוקספול פּנים.

שילאָן האָט איר דערציילט וועגן אים, אַז לויט דער פּראָפעסיע איז ער גאָר געווען אַמאָל אַן אינזשינער, אָבער צוליב זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַן אַקטריסע, האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט טעאַטער און מיט דראַמע, אַליין גענומען שרייבן און איז מיט דער צייט געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע דראַמאַטורגן און רעזשיסערן סיי אויף דער ענגלישער און סיי אויף דער יידישער בינע. ער האָט אויפגעגעבן זיין פּראָפעסיע אַלץ אינזשינער און געווידמעט זיך דער יידישער דראַמע. מיטן טויט פון זיין פרוי, איז ער אויף א שטיק צייט פאַרפאַלן געוואָרן און קיינער האָט ניט געהערט פון אים. אָבער מיט דער עטאַבלירונג פון דער קונסט־היים, האָט שילאָן דערהאַלטן פון אים א בריוו אין וועלכן ער האָט דערציילט וועגן זיין איינזאַם, אָפּגעשיידט לעבן, וועגן זיין ענטוישונג אין דעם יידישן טעאַטער וועזן, וואָס ווערט דעגראַדירט

און וואו ער קאָן פאַר זיך קיין פּלאַץ ניט געפינען און ער האָט פאַרגע־שלאָגן זיך אַלץ איינעם פון די קינסטלער פאַר דער קונסט־היים, וואָס וועט אים געבן א מעגלעכקייט אין רו און אין דער געעריקער אטמאָס־פערע צו שאַפן סיי די דראַמען און סיי די קאָנצעפּציעס און פּלענער פאַר א פאַרזיכערטן עכט־קינסטלערישן יידישן קונסט־טעאַטער.

אין אָוונט זיינען אָנגעקומען עטינגער און דער קאָמפּאָזיטאָר טאַנסקי.

עטינגער איז אַריינגעקומען, ווי ער וואָלט אַריינגעקומען אין א האָטעל. ער האָט געטראָגן זיין וואַליזע א ראַיקער און ערנסטער. זיין הויכע, דינע פיגור, דאָס לאַנגע פּנים מיט די דינע ליפּן, די שפּיציקע נאָז, די פאַרלאָשענע אויגן דורך די ברילן און די גרוויקייט בא די שלייפן, האָבן געשאַפן די אימפּרעסיע פון קאַלטער אַריסטאָקראַטישקייט. און דער קאָמפּאָזיטאָר טאַנסקי, א מיטל וואוקסיקער, מיט א טונקל, אויס־געצערט פּנים, מיט טיפע קאַרבן אַרום דעם מויל, מיט גרויע אויגן אונטער די גרויסע ברעמען און מיט די לאַנגע שוואַרצע האָר, האָט מיט טרענירטער העפלעכקייט באַגריסט זיך מיט א יעדן פון די קינסטלער וועלכע שילאָן האָט פאַר אים פאָרגעשטעלט, געהאַלטן זיך פריינטלעך, אָבער ווייניק גערעדט.

רוט האָט שוין געוואוסט וועגן אים, אז ער האָט דורכגערייזט א וועלט, אַקאָמפּאַנירענדיק די באַרימטסטע זינגער און פידל־ווירטואָזן; אז ער האָט שוין קאָמפּאָנירט צוויי סימפאָניעס, וואָס זיינען געשפּילט גע־וואָרן אין קאַרנעגי־האָל; אז ער האָט באַשלאָסן צו ווידמענען זיך דער יידישער מוזיק און שאַפן א ספּעציפיש יידישע מוזיק פאַר אן אָפּערע, וואָס זאָל אויפגעפירט ווערן ניט נאָר אין די גרעסערע שטעט אין אמע־ריקע, נאָר אויך אין פּאַלעסטינע, וואָס קאָן ווערן דער גייסטיקער און קינסטלערישער צענטער פון דעם יידנטום.

דער לעצטער אָנצוקומען איז געווען פּערצאָוו. רוט, וועלכע איז גראַד ניט געווען בא זיין אָנקומען, האָט זיך דערנאָך אָנגעשלאָגן אָן אים אַראָפּגייענדיק די טרעפּ. פון דער אומדערוואַרטעטער באַגעגעניש מיט אים און פון דער דערשטוינונג, ווען זי האָט אין דער האַלב־טונקלקייט דערזען זיין צעקריפּלט פּנים, האָט זי זיך מיט שרעק און מיט א שטילן אויסגעשריי א קער געטאָן אין א זייט. ער האָט עס באַמערקט און אינ־סטינקטיוו פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט דער האַנט, ווי באַשיצנדיק זיך פון א שמייסנדער ווייטיק.

דער פאַרנאַכט איז געפאַלן לאַנגזאַם. די ווילע איז געשטאַנען א שטילע און רואיקע. יעדער פענצטער האָט ווי א ליכטיק אויג געקוקט אַראָפּ צו דעם רואיקן ים און צו דעם זיגזאַגישן וועג, אויף וועלכן עס האָבן זיך געצויגן אויטאָס־מאָנסטערס מיט פייערדיקע אויגן. אָט קומען זיי, אָט ווערן זיי פאַרשוואונדן, אָט טראָגן זיי זיך אַראָפּ אין טאָל און אָט אַרויף צו דער טונקעלער בלויקייט פון די בערג.

דער טויער האָט אַריינגענומען די אויטאָס, וואָס האָבן זיך,

מיט אויסגעלאָשענע אויגן, אויסגעשטעלט אויף דעם גרויסן הויף אונ־טער די ריזיקע סאָסנעס. די לאַמטערנעס אויף די שטיינערנע קאָלאָנעס פון טויער זיינען געשטאַנען ווי וועכטער און די אָנגעקומענע געסט, מע־נער און פרויען, אויסגעפּוצטע און אָנגעלאָדענע מיט נערוועזער שטימונג, מיט דערוואַרטעטער אָנרעגונג פון גייסטיקן גענוס, זיינען אַרויפגעקומען אויף די באַלויכטענע טרעפּ און אויפגענומען געוואָרן פון די עלעגאַנטע לאַקייען און ווייטער שויך, אין דעם גרויסן קונסט־זאַל פון רוטן.

צווישן די געסט זיינען געווען אייניקע באַרימטע און רייכע קינסטלער, קונסט־קריטיקער, אַקטיאָרן און קולטור־טוער, אייניקע אַליין, אַנדערע מיט זייערע פרויען. זיי האָבן זיך גרופּירט אַרום די קונסט־בילדער און שטיל און איינגעהאַלטן דיסקוטירט. עמיצער האָט מיט פּאַר־טראַכטער רואיקייט געשפּילט שאָפּענס א וואַלץ. אין די צימערן אַרום דעם זאַל, אין דעם ביבליאָטעק צימער און אויף דער וועראַנדע זיינען די אינדיווידועלע, איינגעשלאָסענע אין זיך געסט געזעסן אין די ווייכע שטולן, צוגעהערט זיך צום וואַלץ, געדרייכערט, אָדער געקוקט אויף דעם אויסגעשטערנטן הימל.

בינשטאָק, שלום בלאַנק און פּערצאָוו זיינען אויך געזעסן אויף דער וועראַנדע, א יעדער פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. עטינגער האָט ניט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין פּלאַץ. ער איז געגאַנגען פון איין גרופּע צו דער צווייטער, אָפּגעשטעלט זיך דאָ און דאָרט אָבער ניט קאָ־נענדיק נאָך גוט גענוג ענגליש און אויך ניט יידיש, וואָס די מערהייט האָט אויסגעמידן צו רעדן, האָט ער כמעט ניט געפונען מיט וועמען דורכצושמועסן זיך. די איינציקע, מיט וועמען ער האָט גערעדט א ווײַלע, איז געווען רוט.

— איז אַלעס אין אָרדענונג, מיסטער עטינגער? — האָט זי גע־פרעגט, זעענדיק זיין פאַרלוירנקייט.

— אָה, יאָ, פרײַלין מאַרלין. — האָט ער געענטפערט — א דער־פרייטער פון איר ווענדונג. — אַלץ איז אין פּערפעקטער אָרדענונג. איך דאַנק אייך.

זי האָט א שמייכל געטאָן צו אים און געפילט, אַז זי וואָלט בע־דאַרפט רעדן צו אים נאָך א ווײַלע, זי האָט אָבער אויף דעם מאָמענט ניט געפונען וועגן וואָס צו רעדן, איז זי געגאַנגען ווייטער און האָט געטראַכט, אַז ער קוקט אויס ווי א יונגער פּראָפעסאָר.

צווישן די שרייבער־געסט האָט זי באַמערקט, אַז אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום גאַמזו. ער, גאַמזו, האָט אויך אימפּאָנירט מיט זיין אַרטיס־טישן אויסזען. זיינע געקרייזלטע שוואַרצע האָר, געזילבערט בא די שלייפן, די גרויסע שמייכלענדיקע אויגן, די נאָז און די גרויסע אויס־דרוקספולע ליפּן האָבן גלייך צוגעצויגן צו זיך מיט מאַגנעטישער קראַפט. די טיפע באַריטאָן שטימע מיט דעם באַהאַלטענעם שמייכל און איר האָט ווי געגלעט און געלאַסטשעט, אָבער אין יעדן גלעט און לאַסטשע איז געלעגן א שאַרף וואָרט, וואָס האָט אים אַזוי באַרימט געמאַכט אַלץ קי־

בעצער פֿאַר־עקסעלענץ.

רום האָט אים גוט געקאָנט אַלע שרייבער און דיכטער און פֿלעגט באַוואונדערן זיין פֿארשידנארטיקייט און פֿילפֿארביקייט אין זיין שפּראַך און שאפֿן. אויך מארלין און טשערטקאָוו זיינען געשטאַנען אין דעם צירקל ארום אים, אָבער כאָטש ער איז געווען יונגער פֿון זייביידן, האָט ער אָבער ווי דערגאנצט די אימפּרעסיע פֿון דעם אימפּאָזאנטן־"קינסטלער דריילינג", וואָס האָט געצויגן יעדנס אויפֿמערקזאמקייט און אמוזירט מיט אינטעלעקטועלן, שארפֿזיניקן וויץ.

דער איינציקער פֿון די מאלער, וואָס האָט זיך געפֿילט פֿריי, ווי אין זיין אייגענער, היימישער ספֿערע, איז געווען ראפֿאעל. אין זיין געפּאסטן פֿראק, מיט זיינע פֿינקלדיקע אויגן און פֿארדרייטע וואָנצעלעך איבער די שמייכלענדיקע ליפּן, האָט ער זיך געמישט דאָ און דאָרט מיט די מענטשן ארום אים, א יעדן איינעם געקאָנט, א יעדן איינעם געקלאַפּט אין פּלייצע, דערציילט א וויץ, געלאכט הויך און געפֿילט זיך ניט ווי א גאסט, נאָר ווי ער אליין וואָלט געווען דער באַלעבאָס פֿון דער דאָזיקער פּרעכטיקער ווילע.

א פּאָר מאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן רוטן, געקוקט אויף איר מיט זיינע שמייכלענדיקע בליקן, באטראכטנדיק זי פֿון קאָפּ ביז די פֿיס און אַלע געקליבן זיך זאָגן איר עפּעס, אָבער די געוויינלעכע פֿראזן, וואָס פֿלעגן אים אין אזעלכע פֿאלן דינען אַלע טרעפֿלעך, צו א נאָענטער בעקאַנטשאפֿט, האָבן אים דאָס מאָל פֿארראטן און ניט געוואָלט דינען. ער האָט געפֿילט, אז אין דעם פֿאַל מיט רוטן מוז ער זיך באנוצן מיט א קלוגערן און אָריגינעלערן צוגאנג. איר ווירדיקייט אין ווייסן קלייד, איר קוק, איר האלטן זיך און די אַלגעמיינע באַציאונג צו איר פֿון די ארומיקע און איבערהויפּט פֿון שילאנען, האָט אים געפּענטעט און געהאלטן א פֿאַרזיכטיקן, א רעזערווירטן. זי האָט אָבער פֿארשטאנען זיינע בליקן, האָט זי אים, פֿארבייגייענדיק, א פֿרעג געטאָן:

— האָט איר מיר געוואָלט עפּעס זאָגן, מיסטער ראפֿאעל?

— יאָ, יאָ... — האָט אים איר פֿראגע דערפֿרייט. — איך באַוואונדער אייך... אייער גראציעזע...

— אָה, דאָס... — האָט זי אים איבערגעשלאָגן. — כ'האָב געמיינט אפֿשר עפּעס וויכטיקס.

— יאָ, איך האָב אייך געוואָלט פֿרעגן צי זענט איר אויך א קינסטלערין.

— פֿארוואָס פֿרעגט איר?

— ווייל איך וויל וויסן צי מיין אויג און מיין אינטואיציע נאַרט מיך ניט אָפּ. אָבער וואָס עס אינטערעסירט מיך אממערסטן איז... צי וועט איר אויך האָבן אייער סטודיאָ דאָ אין דער קונסט־היים.

— פֿארוואָס אינטערעסירט עס אייך אממערסטן?

— עס איז א צו אינטים־פּערזענלעכער אינטערעס, וועלכער וועט אייך שווין זיין קלאָר פֿון מיין אונטערשטרייכן דאָס אינטים־פּערזענלעכע.

— איך פארשטיי אייך, אפילו ווען איר וואָלט עס ניט אונטער־שטראָכן. — אָבער אום צו צעפרידנשטעלן אייער קוריאָזיטעט, וועל איך אייך זאָגן, אַז איך בין ניט אַ קינסטלערין, בלויז אַ סעקרעטארין פון דער קונסט־היים און אויב איך האָב ניט דאָ קיין סטודיאָ, וועל איך אָבער זיין דאָ גאַנץ אָפט. צופרידנשטעלנד?

— וואונדערבאר. אָבער נאָך איין פראגע, אַ?

— אָלרייט. נאָך איין פראגע.

— וועט איר פּאָזירן פאר מיר?

— איך דענק, אַז איך וואָלט באַדאַרפט געבוירן ווערן אַ דריי־לינג, אָדער גאָר אַ פיפטלינג, אַזויפיל פאָרשלאָגן צו מאָלן מיך האָב איך שוין געקראָגן. אָבער... אַז איך וועל געפינען צייט, וועל איך פּאָזירן אויך פאר אייך. נאָך אַלעמען, איר זענט דאָך אויך אַ באַרימטער קינסט־לער.

— אייער האנט...

— מיין נאָמען איז מארלין, רוט מארלין. — האָט זי אים געגעבן איר האנט.

ער האָט אַ קוש געטאָן אירע פינגער און געזאָגט:

— אויב מיין אינטואיציע נארט מיך ניט אָפּ, וועלן מיר זיין פריינט.

— די אינטואציע איז אָפט אַ פארפירערין, מיסטער ראפאעל, אָבער איך האָף, אַז מיר וועלן זיין פריינט. — האָט זי געזאָגט און גע־לאָזט זיך גיין ווייטער.

קורץ פאר דער דערעפענונג פון דעם באנקעט איז אָנגעקומען עזרא און גלייך נאָך עזראן — מאנוס און גרעטא.

שילאָן האָט זיך זייער דערפרייט מיט עזראן, ווייל איינלאדנדיק אים האָט ער געצווייפלט צי ער וועט קומען צום באנקעט. ער איז אים אנטקעגנגעגאנגען. געזוכט מיט די אויגן רוט און דערזעענדיק זי, צוגע־רופן, גענומען איר האנט אונטערן אָרעם און געפירט צו עזראן.

— האלאָ, עזרא. — האָט ער אים געגעבן די האַנט. — עס פרייט מיך זייער, וואָס איר זענט געקומען. עס פרייט מיך זייער, באמת. באַ־קאנט זיך. דאָס איז רוט, רוט... און אויב איר וועט מיר ענטשולדיקן, וועל איך גיין. איר זעט דאָך... — האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האנט אויף די פארזאמלטע, און געלאָזט זיך גיין צו מאנוסן, וועלכער איז געשטאנען מיט גרעטאן אין אַ ווינקל.

און רוט, באמערקנדיק עזראס פארלוירנקייט, האָט גלייך אַ זאָג געטאָן אין יידיש.

— איך האָב געהאָפט, אַז איר וועט קומען. איך האָב אייך געוואָלט קענען. איך האָב געלייענט כמעט אַלעס וואָס איר האָט געשריבן. —

— איר? — האָט ער זיך פארוואונדערט.

— פארוואָס וואונדערט איר זיך אַזוי?

— עס וואָלט גוט געווען, ווען מיר וואָלטן זיך ניט באדארפט וואונדערן, אָבער ווען אַזאַ פרוי ווי איר לייענט יידישע ביכער פון אַזאַ

יידישן שרייבער ווי איך, דארף מען זיך היינטיקע צייטן וואונדערן.

— וואָס מיינט איר מיט דעם אויסדריק "אזא פרוי"?

— מיט דעם "אזא" מיין איך צו זאָגן, אז איר זענט... ווי זאָל איך עס זאָגן... איר קוקט אויס צו זיין אזוי... וועלטלעך ראפינירט, אז עס האָט זיך ניט געגלויבט, אז אזא פרוי ווי איר זאָל לייענען יידיש.

— מיר דוכט זיך, אז טאַקע דערפאר, ווייל א פרוי איז וועלטלעך, ראפינירט און אינטעליגענט, לייענט זי יידיש. מיר דאכט זיך אָבער, אז אין דעם פאל דארף איך דאנקבאר זיין מיין פאָטער. מיין פאָטער איז מארלין, דער יידישער שרייבער.

— מארלין? — און איר זענט זיין טאָכטער?!

— וואָס איז ווידער דער מער, פריינט עזרא? — האָט רוט דאָס מאָל ניט געקאָנט איינהאלטן איר געלעכטער.

— רוט... מארלין. עס איז כמעט שיקזאליש. — האָט ער ניט גע־קאָנט אראָפּנעמען די אויגן פון איר.

רוט האָט גוט פארשטאַנען, וואָס ער האָט געמיינט מיט זיינע ווער־טער, דערמאָנענדיק זיך וואָס שילאן האָט איר דערציילט, אָבער בלויז אירע אויגן האָבן געלאכט מיט דעם געגנוס פון וויסן עס.

— קומט, איר ווילט אפשר ארויסגיין אויף דער וועראנדע? — האָט זי אים געפרעגט.

— קומט. — האָט ער זיך געלאָזט גיין נאָך איר.

זיי זיינען ארויסגעקומען אויף דער וועראנדע. אוועקגעשטעלט זיך באם פארענטש און זייערע בליקן זיינען צוגעצויגן געוואָרן צום ראנד פון ים אין וועלכן עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די אויפגייענדיקע לבנה.

— וואָס פאר א פראכט. — האָט עזרא שטיל געזאָגט.

— אזא שיינקייט פארכאפּט דעם אָטעם. — האָט רוט צוגעגעבן.

— ניט נאָר דעם אָטעם — דעם גאנצן וועזן פון דעם מענטשן.

עס איז דאָך דאכט זיך אזוי נאטירלעך, אז די לבנה זאָל זיך אָפּשפּיגלען אין ים. אָבער שטעלט זיך פאַר ווען מיר וואָלטן דאָס בילד דערזען אָן דער צוגרייטונג פון דעם געדאנק, פון דעם אויג און פון דער דערפארונג, וואָס מיר האָבן שוין מיט דער נאטור. מיר וואָלטן דאָך געטראכט און געמיינט, אז דאָס איז דאָס פאנטאסטישסטע בילד אין דער וועלט, אז דאָס איז אַן אויסערגעוויינלעכער כישוף פון אַן אויסערגעוויינלעכער קראפט, מיר וואָלטן זיך אפשר דערשראָקן אפילו, דערזעענדיק דאָס. און קוקט... מיר שטייען און באוואונדערן עס איצט מיט אזא רואיקן געמיט און מיר ווערן ניט ארומגעכאפּט פון פורכט און פון ציטער פאר אָט דער מיסטעריע פון וועלט־באשאף.

— ס'איז ניט נאָר דאָס אויסערגעוויינלעך שיינע אין דער נאַטור, וואָס פארכאפּט און לאָזט פארוואונדערט. די קלענסטע מערעשקע און די בין זיינען אפשר נאָך גרעסערע וואונדער. — האָט רוט געזאָגט.

— וועט איר אויך וואוינען דאָ? — האָט עזרא פּלוצים א פרעג געטאָן.

— ניין.
— גוט אזוי.
— פארוואָס?
— איך ווייס ניט און... די פראַזע האָט זיך ארויסגעכאַפּט בא מיר.
— זאָלן מיר אפשר אריינגיין? — האָט רוט געזאָגט. — מיר וועלן אויסזוכן מיין פאָטער. ער רעדט אָפט וועגן אייך.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צוריק אין זאַל אריין, וואו סטילבערג איז שוין געזעסן, ארומגערינגלט פון די באַעגנטסטע און פּראָמינענטסטע געסט און פון רעפּאָרטערס, וואָס האָבן געזוכט א געלעגנהייט צו אינ־טערוויואירן אים.

שילאַן האָט דערווייל געזעדט צו גרעטאַן. מאַנוס האָט געשוויגן. דער געשפּרעך איז אָבער געווען מער אויפן וואונק ווי אין וואָרט. מיט א וואָרט, מיט א שמייכל, מיט א מינע דאָ און דאָרט האָט שילאַן זיך פאַרגעשטעלט דאָס גאַנצע בילד פון מאַנוסעס שטימונגען און פון זיין שאַפן. אין גרעטאַס אויגן האָט ער אָבער געזען אויך שרעק, עפּעס א שרעק, וואָס איז געווען פאַרמאַסקירט מיט איר שיינעם טריבן שמייכל און קאָנטראָלירט דורך איר ראַפינירטער האַלטונג.

עס איז געקומען די צייט אָנצוהייבן דעם באַנקעט. אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צום גרויסן עס־צימער אויף דעם צווייטן שטאָק.

דער לאַנגער טיש איבער דער גאַנצער לענג פון צימער האָט גע־פינקלט מיט קרישטאָל און געבלענדט דאָס אויג מיט פאַרשידענערליי מאַכלים, מיט דער קאָלירפולקייט פון פרוכטן און פון בלומען. די ליוס־טרעס איבערן טיש האָבן געגאָסן ליכט ארום, און די דינערשאַפט האָט מיט געניטקייט און אויפמערקזאַמקייט געגאָסן רויטן וויין אין די באַ־קאַלן.

אויבנאָן איז געזעסן סטילבערג, לעבן סטילבערגן — פון איין זייט שילאַן, פון דער צווייטער זייט דער באַרימטער קונסט־קריטיקער פאַלאַש; לעבן דעם קריטיקער איז געזעסן זיין פרוי און לעבן שילאַנען איז געזעסן רוט, דערנאָך עזרא, מארלין, גאַמזו, טשערטקאָוו, בינשטאָק, בלאַנק, עטינ־גער, ראַפּאַעל, טאַנסקי און פּערצאָוו; די איבעריקע געסט האָבן פאַר־נומען זייערע ערטער פון ביידע זייטן פון דעם טיש און האָבן זיך גרו־פּירט לויט זייערע באַקוועמלעכקייטן און בעקאַנטשאַפטן מיט די ארו־מיקע. מאַנוס און גרעטאַ זיינען געזעסן ניט ווייט פון שילאַנען לעבן דער פרוי פון פאַלאַשן.

פון איין עק ביזן צווייטן האָט זיך געטראָגן אַן איינגעהאַלטענער, אָבער לעבעדיקער געשפּרעך און געלעכטער. אַלע האָבן זיך געפילט יאָנטעוודיק און דערהויבן.

עס האָט גענומען גאַנץ לאַנג ביז מ'האָט אָפּגעגעסן די סער־ווירטע מאַכלים. און ווען מארלין, האָט זיך אויפגעהויבן פאַרצעשטעלן דעם טאָסטמייסטער פון אָוונט, שילאַנען, איז געוואָרן שטיל. די מערהייט האָט שוין געוואוסט, אז ס'וועלן ניט זיין מער ווי פינף רעדנער, דאָך האָט

א יעדער איינער געפילט, ווי ער אליין וואָלט געווען אויף דעם צעטל צו רעדן.

מארלין האָט "געוואָרנט," אז ער וועט רעדן אין יידיש און איז באגריסט געוואָרן מיט אפּלאָדיסמענטן. ער האָט אין א קורצער קאָמ־פּאקטער רעדע דערקלערט די צילן פון דער קונסט־היים און האָט גלייך פאָרגעשטעלט שילאנען.

שילאן האָט אָנגעהויבן זיין רעדע פון דער ערשטער באגעגעניש מיט סטילבערגס זון, דעם מאלער און דערנאָך מיט סטילבערגן, דעם פּאָטער; דערציילט וועגן זיינע אייגענע אימפּרעסיעס און געדאנקען, און וועגן דער פּסיכאָלאָגישער לאַסט פון מיליאָנען, וואָס האָט ניט געלאָזט די צוויי געפילפולע און טאלאנטירטע מיליאָנערן, דעם פּאָטער און דער־נאָך דעם זון, אויפצוהייבן זיך אויף די פליגלען פון קונסט מיט דער זעל־בער זיכערקייט און מיט דעם זעלבן גלויבן ווי עס טוט עס דער אָרעמער קינסטלער. דערציילט וועגן דעם אינטערעס צו דער יידישער קונסט און צו די יידישע קינסטלער, וואָס דער יונגער סטילבערג, געפאלענער אין שלאכט פאר דער באפרייאונג פון פעלקער, האָט געטראָגן אין זיין הארץ. און דער רעזולטאט — די סטילבערג קונסט־היים.

שילאן איז דערנאָך איבערגעגאנגען צו די קינסטלער; גערעדט וועגן די יידישע שריפטשטעלער אויף וויפיל ער האָט זיי געקאָנט; גע־רעדט וועגן די מאלער מיט דעם טיפן און גרינטלעכן וויסן וואָס ער האָט געהאט וועגן זיי; גערעדט וועגן דעם קאָמפּאָזיטאָר טאנסקי, און וועגן טשערטקאָוון און אפילו וועגן עזראן און וועגן מאנוסן, ניט דערמאָנענדיק די מאָטיוון פון זייער ענטזאגן זיך צו באזעצן זיך אין דער קונסט־היים. און דערנאָך שוין האָט ער פאָרגעשטעלט די רעדנער איינעם נאָך דעם צווייטן; דעם ליטעראטור קריטיקער בערגן, דעם קונסט קריטיקער פּאַ־לאשן און א פּאָר פאָרשטייער פון קולטור אָרגאניזאציעס. אלע האָבן גערעדט קורץ און אין דעמזעלבן גייסט, באגריסנדיק די גרינדונג און די דערעפענונג פון דער קונסט־היים.

ענדלעך האָט שילאן געגעבן דאָס וואָרט סטילבערגן.

סטילבערג האָט זיך אויפגעהויבן. געשטאנען א ווײַלע, פּירנדיק מיט די ציטערנדיקע פינגער איבער דעם פּנים און געזאָגט:

—...איך האָף, אז מיין בייטראג צו דער יידישער קונסט און צו די קינסטלער וועט זיין ווירדיק גענוג צו דערהייבן זיך צום אנדענק פון מיין זון. ער האָט געטרוימט פון אזא אינסטיטוציע און זיין טרוים ווערט מיט דער היינטיקער דערעפענונג דערפילט. איך דאנק אייך אלעמען פון דער טיפקייט פון מיין הארץ...

עס איז געווען שטיל א ווײַלע און מיטאמאל, האָבן אויסגעבראָכן אפּלאָדיסמענטן, אָנגעפילטע מיט מיטלייד צום אלטן מיליאָנער.

דער אָפיציעלער טייל פון דעם באנקעט האָט זיך געענדיקט. דער עולם האָט זיך ווידער א לאָז געטאָן אראָפּ אין דעם גרויסן קונסט־זאל. מ'האָט זיך דערפילט אביסל פרייער און דאָ און דאָרט האָט מען זיך גע־

נומען טיילן מיט די אימפּרעסיעס פון דעם באַנקעט; דאָ און דאָרט האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער, עס איז געוואָרן פרייליכער און טומלדיקער.

ראַפאַעל איז מיטאַמאָל ווי אויסגעוואַקסן אין מיטן זאַל און מיט זיין ענגליש, וועלכן ער האָט אונטערשטראָכן דורך דעם אימיטירטן פראַנ־צויזישן אַקצענט, איז ער אריין אין דער ראָל פון קאָנפעראַנסיע און פאָרגעשטעלט דעם קאָמפּאָזיטאָר טאַנסקי.

טאַנסקי איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ, אַנידערגעזעצט זיך און ווי אַ שוועב טועגדיק מיט די הענט, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן. די שטילקייט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט טיפע טענער פון דער פּיאַנאָ. ווי אַ פּרעליוד צו עפּעס אַן אַנטפּלעקונג, וואָס דאַרף רעאַליזירט ווערן אין דער דאָזיקער נאַכט און אין דעמדאָזיקן פּלאַץ, האָט טאַנסקיס אימ־פּראָוויזירטע מעלאָדיע געשטיגן און געפירט פון שטימונג צו שטימונג מיט אַ זינגענדיקן, ווי פון דער הויך קומענדיקן, לייט־מאָטיוו...

זיין איינגעבויגענער רוקן, דער אָנגעבויגענער קאָפּ, די גרויע אומבאַוועגלעכקייט פון זיינע אויגן און די פלינקייט פון זיינע דאַרע, לאַנ־גע פינגער אין דעם כּישוף פון דער מעלאָדיע, האָט געהאַלטן אַלע בליקן פון די פאַרזאַמלטע ווי צוגעבונדן צו אים און מיט די באַוועגונגען פון זיינע הענט, האָבן זיך געהוידעט אויך די בליקן און די הערצער און ווי אין אַ געיעג געריסן זיך נאָכצעיאָגן יעדן קלאַנג... און ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן זיך אַלע, ווי באַפרייטע פון אַטראַנס, אַ ריס געטאָן זיך מיט שטורמדיקן אַפּלאָז און געמאָנט פון אים נאָך און נאָך כּישוף פאַר דער נשמה.

ער האָט ווידער און ווידער אַמאָל געשפּילט, ביז דער קינסטלערי־שער חוש האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז די הערצער זיינען איבערגעפילט מיט מוזיק ביזן ראַנד און עס איז ניט גוט איבערצוגיסן, איבערצופלייצן.

ראַפאַעל איז שוין ווידעראַמאָל געשטאַנען אין מיטן צימער, די הענט צעשפּרייט ווי אין עקסטאַז; און ווען די אַפּלאָדיסמענטן און דער מורמל האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער געוואָרט אַ ווײַלע, קוקנדיק אויף דעם עולם מיט אַ פאַרזשמורעטן קלוגן בליק, ווי וועלנדיק מיט זיין שווייגן אָנצייען זייער נייגעריגקייט; און ווען דער עולם, פאַרשטייענדיק, אַז עמי־צער פון די קינסטלער וועט ווידער דערשיינען און האָט ניט געקאָנט טרעפן ווער, איז דער סורפּריז געווען אַן איבעראַשענדער, ווען רפאַעל האָט מיט לאַנגזאַמע, געציילטע ווערטער ענדלעך געזאָגט, אַז צו זיין גרויסן און אומדערוואַרטעטן פאַרגעניגן זעט ער, אַז צווישן די קינסטלער איז פאַ־ראַן איינע, וועלכע האָט מיט אירע אומפאַרגלייכלעכע אינטערפּרעטאַציעס פון די אוראַלטע ביז די מאָדערנסטע טענץ דערהויבן זיך צו עכטער קונסט און די קינסטלערין איז ניט קיין אַנדערע, נאָר די איינציקע, אומפאַרגלייכ־לעכע גרעטאַ.

כאַטש ניט אַלע האָבן געוואוסט ווער גרעטאַ איז, דאָך האָבן אַלע אַפּלאָדירט און געזוכט מיט די אויגן די אומפאַרגלייכלעכע גרעטאַ.

גרעטאַ האָט זיך אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין אַ בלייכע.

זי האָט געפּילט דעם דרוק פון מאַנוסעס האַנט און ווי אַ צוגעשמידטע צו אים, ניט געקאָנט באַפרייען זיך... זי איז געשטאַנען אַזוי אין איר גרינ־געפּאַסטן קלייד, וואָס האָט מיט גאָלדענע פאַסן, ווי מיט גאָלדענע שלענג אַרומגענומען איר דעקאָלטירטע ברוסט און היפטן, געשטאַנען און ווי אויף עפּעס געוואַרט; און ווען זי האָט דערפילט, אַז מאַנוס לאָזט לאַנגזאַם אָפּ אירע פינגער, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף טאַנסקין און טאַנסקי, פאַר־שטייענדיק איר בליק איז ווידער צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ.

זי האָט געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן פאָרויס, און מיט אַ שטילער, רעזיג־נירענדער שטימע געזאָגט צו אים:

— שפּילט, איך בעט אייך, פון מענדלסאָנס "מעלאָדיעס אָן ווער־טער"...

טאַנסקי האָט אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ און האָט אָנגעהויבן שפּילן. שטיל האָבן זיך אַ גאָס געטאָן די טענער מיט שטימונג.. גרעטאַ איז גע־שטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן אין מיטן צימער, די הענט אַראָפּגעלאָזט. געשטאַנען אומבאַוועגלעך און ווי געוואַרט...

שטיל איז רוט געגאַנגען פון לאָמפּ צו לאָמפּ און פאַרלאָשן די ליכט. בלויז דער איינציקער לאָמפּ לעבן דער פּיאַנאָ האָט געוואָרפן זיין ליכט אויף טאַנסקיס געקאַרבטן פאַרמעטנעם פּנים און אויף דער שלאַנ־קער גאָלדענער גרינקייט פון גרעטאַס קערפּער.

מיטאַמאָל האָט זי אויפגעהויבן אירע ענטבלויזטע הענט און אין דער זיס־טריבער סענטימענטאַלקייט פון דער מעלאָדיע, האָט זיך איר גאַנצער קערפּער גענומען וויגן ווי אין עקסטאַז פון תּפילה. זי האָט ניט געטאַנצט. אָבער אין יעדער באַוועגונג אירער, אין יעדן קער פון אירע ענטבלויזטע אַקסלען, אין יעדן הייב פון איר ברוסט האָט זיך ווי אין רונ־דער כוואַליעדיקייט אַנטפּלעקט די מעלאָדישע עמאָציע, אַ צעזאַמענגע־גאָסענע מיטן בליק, מיטן געדאַנק, מיט אָטעם אין דעם באַגער און בענק־שאַפט פון ווייבער ליבע.

עס איז געווען שטיל אַרום, מ'האָט אָבער ניט געהערט אירע טריט... דער פּאַס ליכט האָט ווי פון אַ מיסטיש אויג אַרומגענומען זי פון קאָפּ ביז די פיס... אָט איר שוואַרצן, גלאַט פאַרקעמטן קאָפּ, אָט די רונדקייט פון אירע, ווי אין גאָלדענער שוים פאַרטרונקענע, בריסטן, אָט די היפטן און שלאַנקע פיס...

אָבער מיט אַמאָל האָבן דאַרע נערוועזע פינגער אַ צי געטאָן דעם שנור פון לאָמפּ און דער פּאַס ליכט איז מיטאַמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. און אין דער פלוצימדיקער האַלב־טונקלקייט, אונטער די נאָך שווימענדיקע קלאַנגען פון דער "מעלאָדיע אָן ווערטער", האָט זיך אַריינגעריסן אַ שאַר־פער אויסגעשריי: ס'אַליגן! ס'אַליגן!" און ווי אַ הויכער טונקעלער שאָטן האָט זיך מאַנוס אַ שאַר געטאָן צו דער טיר און איז גלייך פאַרשוואונדן.

גרעטאַ איז אים נאָכגעגאַנגען אין דער נאַכט אַריין, אַראָפּ צו די סקאַלעס וואו זי האָט געזען מאַנוסעס געשטאַלט אַראָפּנידערן.

ווען עס איז אין זאַל ווידער אַמאָל געוואָרן ליכטיק, האָבן אַלע

מיט פאַרוואונדערונג געזוכט אַן ענטפער אויף דער מאָדנער פּאַסירונג. אָבער בלויז שילאַן האָט געוואוסט די בעדייטונג פון מאַנוסעס אויסגע־שריי און ער האָט געטראַכט, אַז מאַנוסעס פּסיכישער צושטאַנד איז אַ האָפענונגסלאָזער און ער האָט באַדויערט אים און גרעטאַן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול, וואו ער איז געזעסן לעבן סטילבערגן און אין סטילבערגס נאָמען און אין נאָמען פון די קינסטלער באַדאַנקט די פאַרזאַמלטע פאַר זייער קומען און פאַר דעם עכט קינסט־לערישן אינהאַלט און שטימונג וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט מיט זייער אָנוועזנהייט צו דער דערעפענונג פון דער קונסט־היים.

מיט געמישטע געפילן און געדאַנקען האָבן די פאַרזאַמלטע גענומען געזעגענען זיך מיט די פאַרבליבענע קינסטלער און מיט סטילבערגן. די אויטאָס האָבן שוין געוואַרט, דער ברום פון די מאָטאָרן האָט זיך שוין געטראָגן אין דער טיפער נאַכט אַריין. אַלע זיינען זיך פונאַנדערגעפאָרן. געבליבן זיינען בלויז שילאַן, רוט און מאַרלין.

שילאַן האָט פאַרשטאַנען אַז מאַנוס און גרעטאַ זיינען נאָך ערגעץ באַם ים, מסתמא; זי האָט געלאָזט אין זאַל איר מאַנטל, וועלכן ער האָט איצט געהאַלטן, וואַרטנדיק אויף איר. אַ שאָפער פון דער קונסט־היים האָט שוין געוואַרט בא דעם אויטאָ. עס האָט ניט גענומען לאַנג און גרע־טאַ מיט מאַנוסן האָבן זיך באַוויזן. מיט אַ סימולירטער פריילעכער שטי־מונג האָט שילאַן פאַרגעוואָרפן זיי פאַר אָפּטראָגן זיך צו דער אינטימקייט פון דער נאַכט און אַרומנעמענדיק גרעטאַס אַקסלען מיט איר מאַנטל, האָט ער איר איינגערוימט: — זייט בראַוו... עס קאָן שוין אַנדערש ניט זיין...

זיי האָבן זיך אַלע אַריינגעזעצט אין מאַשין און די נאַכט צווישן די בערג האָט באַגלייט די שפּילער פון דעם לעצטן אַקט.

*

ניין אַזייגער אינדערפרי האָט זיך אין יעדן צימער פון דער קונסט היים צעקלונגען אַן עלעקטריש גלעקל. די קינסטלער האָבן שוין גע־וואוסט, אַז דריי מאָל אין טאָג וועט דאָס קלינגען רופן צום עסן.

אַלע זיינען אין דעם טאָג אויפגעשטאַנען פרי. די קילע, פרישע לופט, דער רויש פון דעם ים און די אַרומיקע פרעמדקייט האָט ניט גע־לאָזט איינליגן און אָפּגעבן זיך דעם פרימאָרגנדיקן שלאָף. די מערהייט איז סיי ווי געוואוינט געווען אויפצושטיין פרי, האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט אין דער צוגעוואוינטער צייט.

אויף דער וועראַנדע זיינען שוין געזעסן גאַמזו, בינשטאָק און עטינגער, וועלכער איז געשטאַנען אַליין באַם פאַרענטש פון דער וועראַנדע און האָט אַראָפּגעקוקט מיט אַן אומעטיקן בליק צום ים.

— עס איז אַ מחיה דאָ, גאַמזו, האַ? ניט אַזוי? — האָט בינשטאָק געזאָגט. — אַ מחיה אַרום און אַרום. איצט פיל איך זיך אַביסל פרייער, נעכטן האָב איך זיך געפילט אַביסל... מעכולע. צופיל פּאָמפּ און צופיל ענגליש אַרום.

גאמזו האָט געדרויכערט די לולקע, געשמייכלט און געשוויגן.

— ווייסט איר וואָס פאר א מין שרייבער ער איז? — האָט בינשטאָק אָנגעוויזן אויף עטינגערן מיט די אויגן, — האָט איר אמאָל געהערט וועגן אים?

— כ'האָב געהערט, אז ער איז א דייטשישער שרייבער, עפּעס א שטיקל פילאָזאָף, דאכט זיך, וואָס וויל זיך שמדן אויף יידיש, אפשר צו־ליב דער קונסט־היים דאָ. — האָט גאמזו געענטפערט.

— צוליב דעם זיינען מיר דאָך אַלע דאָ. — האָט בינשטאָק באַ־מערקט. — מ'דארף אים מקרב זיין. ער פילט זיך, זע איך, עלנט.

— נו, זייט אים מקרב.

— ווי איז זיין נאָמען?

— עטינגער.

זיי האָבן געשוויגן א ווײַלע און בינשטאָק האָט פּלוצים א רוף גי־טאָן:

— עטינגער, הערר עטינגער... קומט צו נענטער! מאכט זיך היי־מיש. וואָס שטייט איר דאָרט אַליין?

עטינגער איז צוגעקומען.

— מיין נאָמען איז בינשטאָק, — האָט ער אים געגעבן די האנט.— ניט געהאט די געלעגנהייט בעכטן צו באַקאָנען זיך מיט אייך. איר ווייסט דאָך, אין טומל פארגעסט מען.

— זייער אנגענעם, זייער אנגענעם... — האָט עטינגער א דריק געטאָן בינשטאָקס האנט.

— דאָס איז גאמזו. — האָט בינשטאָק אָנגעוויזן, אויף גאמזון. — איר האָט זיך שוין באַקאַנט, הא? ער איז בא אונדז דער שרייבער, וואָס האָט צוגעגנבעט באם טייוול די פּען. אָבער ווי זאָגט מען: דער טייוול איז ניט אזוי שווארץ ווי מ'מאָלט אים.

— איך האָב געהאט דעם פארגעניגן. — האָט זיך עטינגער א בויג געטאָן.

— נו, ווי געפעלט אייך דאָ, קאָלעגע? — האָט גאמזו א פרעג געטאָן.

— גאנץ פיין. — האָט עטינגער געענטפערט ווי א קראנקער, אָן א שמייכל. — אָבער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט גאנץ אנדערש די סטיל־בערג קונסט־היים. איך האָב געמיינט, אז זי וועט זיין נענטער צו ביב־ליאָטעקן, צו מוזעאומס, צו אַלע קולטור און קונסט אינסטיטוציעס. עס ווייזט זיך מיר אויס, אז איך בין צוגאסט בא א לאָרד.

— מיר האָבן דאָ א גאנץ פיינע ביבליאָטעק. — האָט בינשטאָק געזאָגט. — און ווי שילאָן האָט מיר געזאָגט, וועלן מיר מיט דער צייט האָבן דאָ אויך איינע פון די פיינסטע יידישע ביבליאָטעקן. און וואָס איז שייך צו מוזעאומס און קולטור און קונסט אינסטיטוציעס, איז ווער דארף זיי? איך בין זיך מודה, איך האָב זיי קיינמאָל ניט בעדארפט און איך בענק ניט נאָך זיי.

— אזוי? — האָט זיך עטינגער פאַרוואונדערט. — קולטור און קונסט אינסטיטוציעס זיינען דאָך די באזעס פון גייסטיקער שפייז באַ פעלקער.

— כאַ־כאַ! — האָט גאמזו א לאַך געטאָן און פארצויגן די לופקע.

— וואָס מיינט איר מיטן כאַ־כאַ? — האָט בינשטאָק א פרעג געטאָן.

— כ׳האָב זיך דערמאָנט אין די דייטשישע גייסטיקע באזעס און אין די קאָנסעקווענצן פון זייער איבערגעפּרעסנקייט מיט קולטור.

— דאָס וואָס עס איז געווען דייטשישע קולטור, איז פארבליבן דייטשישע קולטור. — האָט עטינגער באַמערקט.

— וואָס א שטייגער? — האָבן גאמזוס אויגן געשמייכלט.

— דאָס אומשטערבלעכע פון דייטשישער קונסט, וויסנשאפט און פילאָזאָפיע און דאָס וואָס איז פארבליבן פון דייטשישן יודנטום.

— פון אסימילירטן יידנטום, מיינט איר. — האָט גאמזו פאַריכט.

— דאָס אסימילירטע יידנטום, הערר גאמזו, — האָט עטינגער געערעדט ערנסט, — האָט ארויסגעגעבן די בעסטע פילאָזאָפן, פּאָעטן און קינסטלער און ווען ניט די קאַטאַסטראָפע, וואָלטן מיר אפשר געוואָרן דער אָנפירענדער גייסט פון אייראָפּייאישן און אפשר אויך פון דעם אַל־וועלטלעכן יידנטום.

— ווי זאָל איך עס אָנרופן... — האָט גאמזו געבלאָזן דעם רויך, — מאַגנאַמאַניאַ פון א יידישן גיטשעאַנער? גלייבט מיר, קאָלעגע עטינגער, אז דאָס אייראָפּעאישע, ווי אויך דאָס אזיאַטישע און אמעריקאַנישע יידנטום, וואָס האָט זיך גענערט און נערט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג מיט די וויזיעס, מיט דער מאָראַל פון אונדזערע נביאים, מיט דער פילאָזאָפיע פון אונזער שפּינאָזאַן און מיט דער דיכטונג פון א יהודה הלוי, פון א ביאַליק און פון א גאמזו, האָט ניט מיט וואָס צו שעמען זיך קעגן דער גייסטיקער אָנפירערשאפט פון דייטשישן יידנטום, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט דער נשמה פון דעם יידנטום.

— איך האָב ניט געמיינט ארויסצורופן אין אייך אָט דעם אנטאָגאָניזם. — האָט עטינגער געזאָגט שטיל. — און איך פארזיכער אייך, אז איך טראָג זיך ניט ארום מיט דער מאַגנאַמאַניאַ פון אָן אויבערמענטש, ווי איר מיינט. איך בין אָבער איבערצייגט, אז דאָס דייטשישע יידנטום האָט געקאָנט ווערן דער אָנפירנדער גייסט פון דעם אויסגעטיילטן אייראָפּייאישן יידנטום, פון דעם שיכט, וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דער סינטעזירטער יידישער און קריסטלעכער קולטור און מאָראַל, מיט דעם סינטעזירטן באגריף פון עטיק און עסטעטיק, וואָס האָט באדארפט און וועט מעגלעך מיט דער צייט ווערן די פאָרמולע פאר דער מענטשלעכער אויסלייזונג.

— פון אייער מויל אין גאָטס אויערן. — האָט זיך בינשטאָק אָנגערופן. — אָבער זאָגט מיר, קאָלעגן, — האָט ער זיך אויפגעהויבן, — מיר דאַכט זיך איך האָב געהערט די גלעקלעך קלינגען, איז דאָס ניט צו פרישטיק?

— מיר דאַרפֿן נאָך רעדן וועגן אייער סינטעזירטער יידישער און קריסטלעכער קולטור. — האָט זיך אויך גאַמזו אויפֿגעהויבן. — איך וועל אייך נאָך צוואָרפֿן אַ פּאָר אַנדערע קולטורן, — די מאָהאַמעדאַנישע, די כינעזישע און די רוסישע, וואָס איז איצט אַ ספּעציפֿיש־סאָציאַלע קולטור און מיר וועלן זען, וואָס פֿאַר אַ קאָנגלאָמעראַט איר קאָנט שאַפֿן פֿון די דאָזיקע קולטורן און וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמולע איר קאָנט צוזאַמענשטעלן אין וועלכער מיר יידן זאָלן ניט ווערן דער פּרעסיפּיטאַט, וועלכן מ׳וואַרפֿט מיינסטנס, אַרויס.

— ראַדיום איז אויך אין אַ געוויסן זין אַ פּרעסיפּיטאַט. — האָט עטינגער באַמערקט.

— וואָלט איך ניט געוואָלט זיין אַפֿילו ראַדיום. — האָט גאַמזו געזאָגט. — וואָרן ערשט דעמאָלט וואָלט איך פֿאַרלוירן מיין אייגענע צורה, מיין אייגענע נשמה. עס וואונדערט מיך אָבער, קאָלעגע עטינגער, און איר וועט מיר ענטשולדיקן פֿאַר פֿרעגן עס אייך. אויב איר האָט ביז איצט געפֿונען אין דער אַסימילאַציע דעם סינטעז צו דער דערלייזונג פֿון יידנטום, פֿאַרוואָס דערנענטערט איר זיך איצט צום גייסט פֿון טראַדיציאָנעלן יידנטום, אַזוי צו זאָגן, און איר ווילט נאָך דערצו ווערן אַ יידישער שרייבער.

עטינגער האָט געטראַכט אַ ווײַלע און האָט געענטפֿערט.

— דאָס יידנטום האָט געקאָנט ווערן דער אָנפֿירנדער גייסט אין דער סינטעזירטער קולטור אָן די ספּעציפֿיש טראַדיציאָנעלע און נאַציאָנאַלע אַטריבוטן וואָס עס באַזיצט. וואָרן אָט זיינען מיר אַ טעריטאָריעלאָז פֿאָלק און דאָך אַ פֿאָלק מיט אַ מין גייסטיקער טעריטאָריע, אַזוי צו זאָגן. און אויף אייער ריין פּערזענלעכער פֿראַגע וועל איך ענטפֿערן מיט דער פֿולער מאָס אָפֿנהערציקייט צו וועלכער בלויז אַ מענטש וועלכער האָט רעזיגנירט פֿון לעבן קאָן דערגיין. עס וועט קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס און אפֿשר היפּאָקריטיש מיין קאָנפֿעסיע וועגן רעזיגנאַציע פֿון לעבן פֿון איין זייט און מיין ווערן געפֿינען זיך און אויסלעבן זיך אין יידישקייט פֿון דער צווייטער זייט. איז דער ענטפֿער: באַ געזונטע נאָרמאַלע אומשטענדן פֿון לעבן וואָלט איך אפֿשר מיין טעאָריע און פֿילאָזאָפֿיע וועגן יידנטום באַגרינדעט און דעמאָנסטרירט מיט טאַט, וואָס וואָלט געווען אין אַנקלאַנג מיט דעם סינטעז וועגן וועלכן איך האָב גערעדט. איך בין אָבער אַ גייסטיק צעבראָכענער מענטש אין אַ גייסטיק צעבראָכענער וועלט. איך בין אויף דעם שיידוועג, און דאָס ליכט וואָס איך זע איצט קומט פֿון יענער טיפֿעניש וועגן וועלכער איר האָט פֿריער גערעדט און וועלכע איך האָב אין מיין פֿריערדיקן לעבן ניט געזען. איצט דאַכט זיך מיר, אַז אום בייצוטראָגן צו דער אַלוועלטלעכער סינטעזירטער קולטור און אום ניט צו פֿאַרלירן אין דער זעלבער צייט די אייגענע צורה און די אייגענע נשמה, ווי איר האָט זיך אויסגעדריקט, פֿירט דער וועג, אויף וועלכן איך דאַרף גיין, דורך אַ טראַדיציאָנעלן און נאַציאָנאַלן רענעסאַנס. און דערפֿאַר בין איך דאָ. און אין דעם איז דער פּאַראַדאָקס פֿון דעם גאַנצן זין פֿון מיין יידישן לעבן.

— איך האָף, אַז איר וועט געפינען די גאַנצקייט פון דעם זין, כאָטש איך צווייפל אין דעם. דערווײַלע, קאָלעגע, לאָמיר גיין עסן. — האָט גאַמזו אָנגענומען עטינגערן באַם אָרעם און געפירט אים צום עס־צימער.

ווען זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אין עס־צימער זײַנען שוין אַלע געזעסן באַם טיש.

גאַמזו האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן טשערטקאָוו און בינשטאָק מיט עטינגערן באַ דער צווייטער זייט פון טיש לעבן ראַפאַעלן, וואו עס זײַנען אויך געזעסן טאַנסקי, פערצאָוו און בלאַנק.

ראַפאַעל, ווי געוויינטלעך, איז געווען אין אַ גוטער שטימונג.

— דענקט איר ניט, אַז ס'איז לאַנגווײַליק דאָ אָן פרויען, טאַנסקי.— האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— לאַנגווײַליק, צי ניט לאַנגווײַליק, אָבער עס ווײַזט אויס, אַז צווישן די יידישע פרויען האָבן זיך ניט געפונען קיין קינסטלערינס, וואָס זאָלן פאַרנעמען אַזאַ פּלאַץ ווי מיר מענער אין דער קונסט.

— דאָס איז אַ בילבול. — האָט טשערטקאָוו אָנגערופן זיך. איך קאָן אַ גרויסע צאָל יידישע קינסטלערינס — זינגערינס, פּיאַניסטינס, אַקטריסעס.

— דאָס יאָ, — האָט טאַנסקי צוגעגעבן. — אָבער האָט איר באַרימטע פרויען דיכטערינס, אָדער קאָמפּאָזיטאָרינס, אָדער מאַלערינס? — איר האָט זיי ניט.

— זיי זײַנען באַ די אומות העולם אויך ניט פאַראַן, חוץ שרייבערינס אפשר.

— דאָס זאָג איך דאָך. — האָט טאַנסקי געזאָגט.

— און וואָס דענקט איר וועגן דער נעכטיגער פּאַסירונג? — האָט בינשטאָק געפרעגט.

— מיינענדיק וואָס? — האָט זיך טשערטקאָוו אָנגערופן.

— מיינענדיק... די דאַזיקע, ווי הייסט זי, די טענצערין...

— גרעטאַ. — האָט ראַפאַעל געזאָגט — גרעטאַ. אַ בורלעסק טענצערין. און דער דאַזיקער וואָס איז געווען מיט איר, וואָס ער האָט דעם גאַנצן טומל אָנגעמאַכט, ווייסט איר ווער ער איז?

— ווער? — האָט בינשטאָק געפרעגט.

— מאַנוס.

— ווער איז מאַנוס? — האָט זיך אויך גאַמזו פאַראינטערעסירט.

— אַ מאָלער. עס האָט מיך שטענדיק געצויגן צו מאָלן זײַן פּאָרטרעט און אָנרופן אים "דער וואַנזיניקער געני". — האָט ראַפאַעל געענטפערט.

— שילאָן האָט שוין אַזאַ בילד. — האָט בלאַנק באַמערקט.

— איז וואָס? — האָט ראַפאַעל גוטמוטיק געזאָגט. — און אַז שילאָן וועט מאָלן דעם ים, צי אַ ציג, טאָר שוין מער קיינער ניט מאָלן קיין ים און קיין ציג? חוץ דעם איז שילאָנס "וואַנזיניקער געני" אַ זעלבסט־פּאָרטרעט דאַכט זיך.

אלע האָבן זיך צעלאַכט.

— כ׳האָב ניט געוואוסט, אז איר זענט א קיביצער. — האָט גאמזו געזאָגט.

— אַ מאַלער אָן קיבעץ איז ווי א ציבעלע אָן... א רח. — האָט בינשטאָק געזאָגט.

— האָבן מיר שוין נאָך א קיבעצער. — האָט גאמזו אָנגעוויזן מיט דער האנט אויף בינשטאָקן.

— און אין וואָס באשטייט דעם מאנוסעס משוגעת? — האָט טשער־טקאָוו געפרעגט.

— ער מאָלט געניאַלע בילדער און ער צערייסט זיי. — האָט ראַ־פאעל געענטפערט.

— איז וואָס איז דער אומגליק? — האָט זיך גאמזו אָנגערופן, מישנדיק די קאווע מיטן לעפעלע. — זיינען מיר דען אַלע דאָ ניט משוגעים? מיט וואָס איז א יעדער פון אונדז, וואָס רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, זוכנדיק א טעמע, און מאטערט זיך דאָס לעבן אויס איבער א שורה, איבער א וואָרט, אָדער א קלאַנג, נאָרמאַלער פון אים? ווערן מיר דען ניט נערוועז, און פארלירן מיר דען ניט אונדזער געזונט, און גלייבן מיר דען ניט אין דער אייביקייט פון אונדזערע ווערק, און מיינען מיר דען ניט, אז מיר זיינען סופּערסענסיטיוו און סופּער־קלוג און פּלאַצן מיר דען ניט פון קנאה איינער צום צווייטן, בלויז דערפאר ווייל מיר זיינען קינסטלער? און פארשפּילן מיר דען ניט אָפּט אונדזערע ליכטיקע טעג און אָפּט אונדזער לעבן צוליב א ווערק, צוליב אַן אויסגעטראַכטער אָדער ניט אויסגעטראַכטער מעשה און צוליב א שטיקל ליוב, וואָס עפּעס איינער, אָט אַזעלכער ווי מיר אַליין, וועט זיך פארגינען צו זאָגן מיט אביסל האָניק אָדער מיט א דאָזע סם? זעט איר, דער מאנוס, אויב ער צערייסט זיינע בילדער, באווייזט עס בלויז, אז עס פאלן אָן אויף אים מינוטן ניט פון משוגעת, נאָר פון קלאָרקייט. מיר האָבן ניט דעם מוט דאָס צו טאָן.

— איך בין גאָרניט אזוי זיכער צי ער טוט עס. — האָט זיך טשערטקאָוו אָנגערופן. — אפשר איז דאָס בלויז א טריק אזא, א מיטל ארויסצערופן אינטערעס צום מאַלער אום צו פארקויפן בעסער זיינע בילדער.

— אָה, ניין! — האָט זיך ראפאעל אָנגערופן. — ערשטנס, קאָן איך אים און איך געדענק זיינע מאָדנע שטימונגען, צווייטנס, האָט מיר א קונסט־הענדלער קאָנפידענציעל דערציילט וועגן א פרוי, וועלכע האָט אים געבראַכט מאנוסעס בילדער, וועלכע עס איז איר געלונגען ארויס־צערא[ט]עווען פון זיינע הענט.

— איר האָט זיי געזען די בילדער? — האָט טשערטקאָוו געפרעגט.

— קונסטווערק! האָט ראפאעל געזאָגט מיט איבערצייגונג. — ווער עס האָט געזען איין ״מאנוס״, וועט שוין דערקאָנען זיינס א בילד צווישן טויזנטער.

עס האָט זיך באוויזן א דינער מיט א פאַק צייטונגען, וועלכע ער האָט אוועקגעלייגט אויף דעם טיש.

— אַה, צייטונגען! — האָט זיך טשערטקאָוו דערפרייט און גענו־מען א צייטונג.

די איבעריקע האָבן געטאָן דאָס זעלבע.

פּלוצים האָט זיך טשערטקאָוו הויך צעלאַכט און אָנווייזנדיק אויף א פּרויען בילד אין דער צייטונג, האָט ער א פרעג געטאָן:

— דערקענט איר ווער דאָס איז?

— גרעטא! — האָט ראַפּאַעל אויסגעשריגן.

— גרעטא, איז ריכטיק. און אויב גרעטא, איז עס וועגן אונדזער באַנקעט, מסתמא, — האָט זיך טשערטקאָוו געכאַפּט צו זיינע ברילן און האָט גלייך גענומען לייענען:

„די דערעפענונג פון דער סטילבערג קונסט־היים איז נעכטן באַ־נאַכט געפייערט געוואָרן דורך א באַנקעט פאַר סטילבערגן און פאַר די קינסטלער. דער מיליאָנער־פילאַנטראָפּ ב. דזשיי. סטילבערג אליין, דער קינסטלער שילאַן און דער קונסט־קריטיקער פּאַלאַש האָבן גערעדט וועגן דער אידייע און צוועק פון דער קונסט־היים. די אַטראַקציע פון אָוונט איז אָבער געווען די באַרימטע בורלעסק טענצערין די „אומפאַרגלייכלע־כע גרעטא" און דער פינאַל א דראַמאַטישער, א דאַנק דעם לאַנג פאַרגע־סענעם קינסטלער מאַגוס, וועלכער האָט מיט זיין אויסגעשריי „ס'אַליגן" אָפּגעשטעלט איר טאַנץ. עס איז ניט געלונגען געוויס פעסטצושטעלן וואָס דער קינסטלער האָט געמיינט מיט זיין פּראָטעסטירנדן אויסגעשריי, יעדנפאַלס, די אַסאָסיאַציע פון עכטער קונסט מיט בורלעסק איז אין דעם פאַל פון דער קונסט־היים אין א געוויסן זין סימבאָליש."

— ווי געפעלט אייך אזא נידערטרעכטיקער בילבול וועגן דער קונסט היים?! — האָט טשערטקאָוו געזאָגט.

— א דערעפענונג מיט א קנאַק! האָט בינשטאָק באַמערקט.

— איך ווייס ניט ווער עס האָט זיי איינגעלאַדן, — האָט טשערטקאָוו ווידער געזאָגט — אָבער איך פאַרזיכער אייך, אז די גרעטא האָט א חוש פאַר רעקלאַמע, זי ווייסט ווי אויסצענוצן א געלעגנהייט.

— און וואָס דענקט איר מיינט דער רעפּאָרטער מיט זיין באַמער־קונג אז די אַסאָסיאַציע פון עכטער קונסט מיט בורלעסק איז סימבאָליש?

— האָט בלאַנק געפרעגט.

— ווי איך פאַרשטיי,—האָט זיך גאַמזו אָנגערופן,—וויל, מסתמא, דער רעפּאָרטער זאָגן, אז די קונסט דאָ אָדער די אידייע פון קונסט אונ־טערשיידעט זיך ניט שטאַרק פון בורלעסק. נו, דאָס איז פאַרשטייט זיך א נידערטרעכטיגער אַנטיסעמיטישער בילבול. אָבער אז מיר זאָלן וועלן זיין ערליך מיט זיך אליין און פאַרטראַכטן זיך וועגן זיך אליין, וועגן די אַלע קינסטלער וואָס זיצן דאָ באַם טיש, וועלן מיר מוזן צוגעבן, אז... עפּעס פעלט צו אונדזער גאַנצקייט אלץ א גרופּע, וואָס וויל און דאַרף, אזוי צו זאָגן, אידענטיפיצירן זיך מיטן יידישן גייסט און מיט יידישער קונסט.

ווארן אָט זיצן מיר דאָ אכט יידישע קינסטלער — האָט גאמזו ווידער־האָלט, — און וואָס פאר א מין יידן זיינען מיר און וואָס פאר א קינסטלער זיינען מיר? מיר זיינען דאָ צוליב דעם סענטימענט פון א מיליאָנער, וואָס וויל פאראייביקן דעם אנדענק פון זיין זון דורך א קונסט־אינסטיטוציע, וואו די קינסטלער דארפן זיך אויסלעבן, שאפנדיק עכט־יידישע קונסט. האָט עמיצער פון אייך א טראכט געטאָן, אז א האלב פון די אנוועזנדע דאָ ריידן ניט כמעט קיין יידיש? אז בלויז א העלפט פון אונדז איז באמת יידיש באוואוסטזיניק און ווייסט וואָס עס פאָדערט פון זיי די יידישע קולטור און די יידישע קונסט? איך נעם זיך דאָס רעכט צו זאָגן דאָס, ווייל אויף וויפיל איך האָב געהערט פון א יעדן פון אייך, קאָלעגן, זע איך, און איך פארשטיי, אז ניט דער רענעסאנס פון יידישער קולטור און קונסט האָט אונדז אהער צעזאמענגעבראכט, נאָר אפשר גאָר פארקערט — די ענטוויקלונג אונדזערע אין דער יידישער קולטור ארום אונדז, אין דער קולטור, וואָס לאָזט אירע קינסטלער הונגערן, און דערהייבט זיי ניט און שעצט ניט אָפּ זייער גייסט און שאַפונג. און אפשר האָט אונדז געלאָקט אויך דער כבוד, דאָס פארזיכערטע לעבן, וואָס וועט אונדז געבן א גע־לעגנהייט צו שאפן אָן די פיזישע און גייסטיקע אבסטרוקציעס. אָבער, אויב מיר ווילן זיין ערליך מיט זיך אליין, וועלן מיר צוגעבן, אז מיר וועלן לעבן דאָ ווי פויגלען, וואָס האָבן פארקויפט זייער אָרעמע, פארהאָרעוועטע, אָבער קינסטלעריש פרייע נשמה פאר א גאָלדענער שטייג און פאר א טאָפּ געקעכץ.

— אייער באהויפטונג איז צו געוואגט און צו איינזייטיק, גאמזו, — האָט טשערטקאָוו געענטפערט בייזלעך. — איר וואָרפט מיט פראזן, ניט ארייננדרינגענדיק טיפער אין דער נשמה פון יעדן קינסטלער. מיך וואונ־דערט אפילו פון וואנען עס האָט זיך פלוצים גענומען צו אייך אזא אידע־אליזם און אזא לעכצונג נאָך באהעמיש־קינסטלערישער פרייהייט. מיט וואָס איז אָן אָרעמע, הונגעריקע, ניט אויסגעבאָדענע און ניט אויסגעשלאָפענע פרייהייט בעסער פון אָט דער פראכטפולער היים דאָ? ווער פּענטעט אייך דאָ און ווער וועט ניט לאָזן דאָ אייער דיכטערישע אינספי־ראציע צו דערהייבן זיך? און ווען ניט א מיליאָנער, נאָר א רעגירונג טוט עס פאר אייך, וואָלט עס בעסער געווען? דער פאקט בלייבט דאָך א פאקט, צי דאָס קומט פון א מיליאָנער, צי דאָס קומט פון א רעגירונג.

— איר האָט מיר פארענטפערט בלויז די עקאָנאָמישע זייט, אזוי צו זאָגן, — האָט גאמזו געשמייכלט. — איר האָט אָבער פארגעסן צו בא־רירן דעם עצם עניין: וועגן דער שייכות פון די קינסטלער דאָ צו דער יידישער קולטור און יידישער קונסט.

— איז פאראן אזא זאך ווי ספעציפיש יידישע קונסט? — האָט עטינגער א פרעג געטאָן?

גאמזו האָט פארראויכערט זיין לולקע, אָנגעשפארט זיך אין שטול און געזאָגט:

— עס זיינען פאראן קינסטלער וואָס מיינען, אז ספעציפיש יידישע

קונסט דאַרף אויסגעדריקט ווערן אויסערלעך, אַזוי צו זאָגן. ווען אַ מאָלער מאָלט אַ יידן אין אַ טלית, הייסט עס נאָך ניט, אַז ס׳איז ספּעציפיש יידישע קונסט. אַ קריסט קאָן אויך מאָלן אַ יידן אין אַ טלית. און אַ סך, די מערהייט יידישע שרייבער, מיינען, אַז יידישע קונסט איז בלויז יענע קונסט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט דעם באַשרייבן דעם אַלטן שטייגער לעבן אין אייראָפּע, אַ לעבן אין וועלכן עס פיגורירן די פאַרגעסענע בעל־עגלות, דער רב, דער משולח, דער קרעמער און אַזוי ווייטער; אודאי איז גוט און מען מעג זיך אומקערן צו דער פאַרגאַנגענהייט און באַשרייבן און פאַרפיקסירן עס; און אודאי זיינען פאַראַן קינסטלער, וואָס דערהייבן עס מיט נשמה און מיט גייסט; אָבער ווען מ׳פאַרוואַנדלט עס אין אַ מוסטער פון יידישער קונסט, ווערט עס איינגעשרומפּן, מומיזירט און פאַרגעסן. און מיר וואונדערן זיך דערנאָך פאַרוואָס מיר האָבן ניט קיין יונגן יידישן לייענער און מיר וואונדערן זיך פאַרוואָס דער יונגער לייענער וויל ניט און קאָן ניט באַנעמען די אַלטע פאַרשימלטע טעמעס און די אַלטע שפּראַך אויסדריקן מיט וועלכע אונדזער ליטעראַטור ווערט אָנגעפּיקעוועט. וואָרן בלויז די פאַרבליבענע פון אַלטן דור קאָנען נאָך זען יענעם חלום פון אַמאָל און אויפנעמען יענע טעמעס, די נייע דורות אונדזערע ווילן זען, הערן און רעאַגירן אויך אויף זייער אייגענעם לעבן ווי עס איז. ניין, פריינט עטינגער. יידישע קונסט דאַרף מיט זיך אויסדריקן דעם יידישן גייסט, די יידישע נשמה ניט נאָר פון דער פאַרגאַנגענהייט נאָר אויך פון דער געגנוואַרט, ניט נאָר דורך דעם יידן אין טלית און תפילין, און דורך דעם באַשרייבן פון די טראַדיציאָנעל ״פרנסהדיקע״ אייגנשאַפטן, נאָר אויך אויסדריקן די אידייען פון אונדזער היינטיקן לעבן, פון אַזעלכע יידן ווי איך און איר, פון אונדזער דור, וואָס טראָגט מיט זיך, אויב ניט אויסערלעך, איז אינערלעך די וויזיעס און דעם גייסט פון די נביאים. וואָרן ווען עס וואָלט זיך געפונען אַ שרייבער וואָס וואָלט באַשריבן אָט אַזעלכע אַכט פאַרשידענע מאָדערנע יידן ווי מיר זיינען, וואָלט עס דען ניט געקאָנט זיין אַ קינסטלעריש ווערק מיט יידישן אינהאַלט און מיט יידישער נשמה, אפילו ווען קיינער פון אונדז זיצט ניט אין בית המדרש און דאַוונט ניט אין טלית און תפילין?

— זיכער, — האָט בינשטאָק געענטפערט. — איר וועט אָבער מוזן צוגעבן, אַז יידיש אין פּיאות קלינגט און איז טאַקע יידישלעך, דערמלט ווען דער יידיש פון אייערע העלדן אין דער ליטעראַטור קלינגט ווי אַן איבערזעצונג פון אַן אַנדער שפּראַך. און חוץ דעם האָט איר דאָך אַליין געזאָגט, אַז אַ העלב פון אונדז האָט ניט קיין שייכות מיט דער ספּעציפיש יידישער קולטור און קונסט...

— איך זאָג עס אויך איצט. — האָט גאַמזו געענטפערט. — זיי האָבן ניט געהאַט קיין שייכות, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט האָבן די שייכות, פּונקט ווי אַ פּאָר מיליאָן יידישע קינדער ווילן עס ניט האָבן; דאָס שליסט זיי אָבער ניט אויס פון דעם כלל ישראל. צו קיין יידישער קולטור און קונסט האָבן זיי טאַקע דערווייל ניט קיין שייכות, אָבער אַ

יידישע נשמה האָבן זיי. אין דעם צווייפל איך ניט, ווייל נשמה ווערט ניט אַנטפּלעקט בלויז דורך קולטור און קונסט.

— איר האָט אָנגענומען אַ מאָדנע פּאָזע, גאַמזו. איך דערקאָן אייך ניט. — האָט זיך טשערטקאָוו אויפגעהויבן א שמייכלענדיקער. — אָבער מאָרגן, דאכט זיך מיר, וועט איר פארגעסן, וואָס איר האָט היינט גערעדט. און א חוץ דעם זענט איר דאָך סיי ווי סיי ניט מער ווי א קיבעצער.

— איז דאָס אַלעס, וואָס איר זעט אין מיר, איז א קיבעצער? — האָט זיך אויך גאַמזו אויפגעהויבן. — וואָלט איר אין אייערע דראמען וואָס איר שרייבט געמאָלן אזא מענטשן ווי איך אַלץ א קיבעצער?

— זיכער ניט. אָבער טאָר איך דען ניט אויך א קיבעץ טאָן אמאָל?

— ווען מיר האָבן דאָ צווישן אונדז כאָטש איין פּרוי, וואָלטן מיר ווי ס׳ניט איז באַלאַנסירט די שטימונג — האָט זיך ראַפּאַעל אָנגערופן.

— א ווייבעריש צינגל וואָלט בלויז מיסבאַלאַנסירט די וואָגשאָלן. — האָט גאַמזו געענטפערט. — אָבער דעם אמת זאָגנדיק, בין איך איינ־שטימיק מיט אייך. א פרוי וואָלט צוגעטראָגן מער שטימונג... איך מיין... א שיינע פרוי...

— כא־כא־כא! — האָט זיך ראפאעל דערפרייט מיט גאַמזוס לעצ־טער באמערקונג און צוגעגעבן: — ווי גרעטא, צי ווי...

— איך וועל זיך ווען, אז איר מיינט רוט מארלין.

— ווייסט איר ווען זי קומט ווידער אהער, גאַמזו?

— נאָך היינט אפשר. — האָט גאַמזו געשמייכלט.

— טאָקע? — האָט זיך ראפאעל דערפרייט.

— אזוי האָט זי מיר געזאָגט.

— וואונדערבאר. — האָט ראפאעל א קלאַפּ געטאָן גאַמזון אין דער פּלייצע. — און איצט זאָגט מיר, קאָלעגן, — האָט ער זיך געווענדט צו די איבעריקע — מוז איך היינט מאָלן, צי מעג איך אביסל צופוילן זיך היינט?

— איך האָב ניט געהערט דאָס גלעקל קלינגען, — האָט גאַמזו געענטפערט, — אָבער איך פארשטיי, אז מיר מעגן זיך צופוילן אביסל. אייגנטלעך מוז אונדז דערלויבט זיין צו ווארטן ביז די מוזע וועט אונדז באזוכן און דאָס איז כמעט דאָס זעלבע, ווי צופוילן זיך...

גאַמזו און ראַפּאַעל האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער ווערטאַנדע.

— האָט איר באמערקט, — האָט גאַמזו געזאָגט, — ווי אייער קאָלעגע, יענער מיטן צעקרימטן פּנים, איז געזעסן די גאנצע צייט און קיין וואָרט ניט ארויסגערעדט? ער פילט זיך, דאכט זיך, איינזאַם, צו־ליב זיין אויסזען. איר וואָלט אים בעדארפט דערמוטיקן אביסל.

— אים דערמוטיקן אביסל? — האָט זיך ראַפּאַעל פארוואונדערט.

— קאָנט איר ניט פערצאָוון. ער איז ניט דערשלאָגן און ער איז ניט איינזאַם. ער זיצט אזוי אַליין און שווייגט, ווייל ער האָט ניט, ווייזט אויס, קיין זייער געהויבענע מיינונג וועגן אונדז. ער איז אַ קאָמוניסט און ער האַסט אונדז מסתמא.

— אויף וויפיל איך קאָן די קאָמוניסטן, זיינען זיי גראדע ניט קיין מענטשן־האסער. — האָט זיך גאמזו צעלאַכט.

— טאָ ווארום זיצט ער אזוי?

— איר זענט א קנאפּער פּסיכאָלאָג, זע איך. — האָט גאמזו געזאָגט. — אלזאָ, אויף ווידערזען... איך וועל גיין אין מיין צימער לייענען אביסל.

ער האָט זיך געלאָזט גיין צו זיין צימער און ראַפאַעל איז אראָפּגעגאנגען צום ים באָדן זיך.

פון די איבעריקע באַם טיש זיינען אייניקע אויך ארויפגעגאנגען צו זייערע צימערן, די איבערגעבליבענע זיינען ארויסגעגאנגען אויף דער וועראנדע און צוגעהערט זיך ווי טאנסקי האָט געשפּילט בא זיך אין צימער אויף דער פּיאנאָ.

דער טאָג איז געווען א ליכטיקער. די זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין ים מיט שיינענדיקע, ליכטיקע פּאסן. עס איז געווען שטיל ארום. די שטילקייט האָט באַרואיקט. א יעדער איינער האָט געטראכט וועגן ארבעט, וועגן שרייבן, וועגן מאָלן — אָבער בלויז געטראכט. ניט דער געדאנק, ניט די האנט האָט געוואָלט איבערגעבן זיך צו שאפן. דער איינציקער וואָס האָט געארבעט, געשאפן זיין סימפאָניע, איז געווען טאַנסקי. און דורך זיין שאפונג האָט זיך געגאָסן ארום שטימונג און גענוס.

ארום מיטאָג צייט איז אָנגעקומען א טראָק מיט זאכן — ביכער, בילדער, קליידער וואָס די קינסטלער האָבן צוגעגרייט אין שטאָט מיטצונעמען מיט זיך אין דער קונסט־היים.

דערנאָך איז אָנגעקומען שילאַן מיט רותן און מיט עזראן, ווען זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אויף דעם וועג צו דער קונסט־היים.

זייער אָנקומען האָט ארויסגערופן א פרייד. איעדער איינער האָט אין דעמדאָזיקן טאָג דערזען, אז זייער חלום איז מער קיין חלום ניט געווען און בא יעדן איינעם זיינען ארויסגעוואקסן נייע פראגן און פּראָבלעמען. א יעדער איינער האָט געזוכט די געלעגנהייט צו רעדן צו שילאַנען, אָבער ניט ראַפאַעל. ראַפאַעל האָט געזוכט די געלעגנהייט צו בלייבן מיט רותן אליין, און די געלעגנהייט האָט זיך ניט געלאָזט פאנגען, ווייל עזרא איז ניט אָפּגעטראָטן. אָבער ענדלעך, ווען שילאַן און גאמזו האָבן פארצויגן עזראן אין א געשפּרעך, איז ראַפאַעל געבליבן מיט רותן.

— איר וואָלט בעדארפט פארבלייבן דאָ מיט אונדז. — האָט איר ראַפאַעל געזאָגט.

— וואָס פאר א נוצן קאָן איך ברענגען דאָ? — האָט זי געענטפערט.

— אייער אָנוועזנהייט וואָלט אריינגעבראכט שיינקייט, שטימונג און דעם ווילן צו שאפן...

— איר האָט דאָ אזויפיל שיינקייט ארום.

— יאָ, אָבער פרויען שיינקייט שטייגט אריבער אַלע וואונדער פון דער נאַטור. איך ווייס ניט ווי אנדערע רעאַגירן אויף דעם, אָבער ווען איך זע די פּראַכט פון נאַטור שיינקייט ארום, טראַכט איך פון טויט; ווען איך זע אָבער דעם כּישוף פון פרויען שיינקייט, גלוסט זיך מיר צו לעבן.

— וואָלט מיין אַנוועזנהייט דאָ באַלאַנסירט, אזוי צו זאָגן, אייער שטימונג. איר וואָלט געטראַכט וועגן טויט און איר וואָלט געטראַכט וועגן לעבן און איר וואָלט אפשר געווען ניט טויט און ניט לעבעדיק.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט ראַפאַעל געלאַכט. — איך בין זיכער, אַז אין אייער אַנוועזנהייט, וואָלט איך געוואוסט וואָס איך וויל. איך בין ניט דער מענטש, וואָס לאָזט זיך געפירט ווערן פון פילאָזאָפישע שטימונגען איבערהויפּט אין דער אַנוועזנהייט פון אזא פרוי ווי איר.

— מיר דאכט זיך, אז ס'איז ניט אזא גרויסער קאָמפּלימענט; איך זע אָבער, אז איר האָט אייערע אויסגעטראָטענע סטעזשקעס אין גע־שפּרעכן מיט פרויען, איבערהויפּט מיט אזעלכע פרויען ווי איך...

— איר איראָניזירט?

— ניין, איך איראָניזיר ניט. איך בין דאָך אויך א פרוי און א מאַנס רייד און בליקן פאַרפירן מיך אויך אמאָל צו סענטימענטן און טרוימען. דאָס מאָל בין איך אָבער פאַרזיכטיק.

— פאַרוואָס?

— ווייל איר זענט לייכטזיניק.

— אָה... איר מיינט דאָך ניט צו זאָגן, אז איך בין ניט אויפריכ־טיק?

— אָה, יאָ... איר זענט אויפריכטיק. איר קאָנט אָבער ניט איינ־האַלטן אימפּרעסיעס צו לאַנג. אייערע שטימונגען קומען און גייען ווי אונטער פאַרשידענער מוזיק.

— פאַרוואָס מיינט איר אזוי?

— אייער קונסט, אייערע בילדער האָבן עס מיר דערציילט.

— אה, מיינע בילדער... כ'האָב געמיינט שילאָן.

— שילאָן?! אָ, ניין, שילאָן פאַרנעמט זיך ניט מיט דעם.

— וואָס איז אזעלכעס פאַראַן אין מיינע בילדער, וואָס האָט גע־שאַפן בא איך אזא אימפּרעסיע?

— אייערע פארבן און אייערע "איזמען", וואָס לויט מיין מיינונג האָבן זיי ניט קיין איין סטאַבילן געדאַנק, אידייע, פּראָבלעם, אָדער נשמה. איר ווילט ניט טראַכטן. איר ווערט פאַרכאַפּט פון דער וויזיע פון פאַרבן, פון אבסטראַקציעס, וואָס האָבן ניט קיין נשמה און ניט קיין געדאַנק און איר פאַרפיקסירט זיי ווי איר זעט זיי אין דעם מאָמענט פון שאַפן. און ווען איר זענט שוין פאַרטיק מיט זיי, מיט די בילדער מיין איך, טראַכט איר צו א סימבאָל, אָדער ניט א סימבאָל אפילו, — אָפט בלויז א נאָמען און איר פאַרגעסט אָן דעם בילד.

— Dio Mio. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ שטרענגע און שלעכטע קריטיק אויף מיין שאפן.

— און אזוי זענט איר מסתמא אויך מיט פרויען. — האָט זי צו־געגעבן מיט א שמייכל.

— אָבער... האָט איר דען ניט געזען די געשאַפענע פון מיר פאָר־טרעטן, פּאָרטרעטן פון אזויפיל מענטשן און כאראקטערן.

— דאָס איז ניט אייער שולד. דאָס זיינען זייערע נשמות. ניט איי־ערע. אין די פּאָרטרעטן ליגט בלויז אייער מייסטערשאפט, דער טאלאנט פון האנט און אויג.

— יאָ, אָבער...

— זאָלן מיר אפשר ארויסגיין צו די איבעריקע? — האָט רוט א פרעג געטאָן.

— איך וואָלט ליבערשט גענומען א שפאציר מיט אייך באַם ים.

— מיר געפעלט אייער אויפריכטיקייט. אייער טיפּ מענער זיינען דאַכט זיך דער אויפריכטיקער און אָפנהערציקער טיפּ.

— ניט קוקנדיק אויף דער זאָגענאנטער לייכטזיניקייט.

— די זאָגענאנטע לייכטזיניקייט העלפט אייך טאקע צו זיין אזוי בראווירנד אָפנהערציק. נו, לאָמיר גיין.

— צום ים?

— צו די איבעריקע. — האָט זי זיך געלאָזט גיין פון זאל און ער נאָך איר.

— איר זענט א פרוי מיט כאראקטער, זע איך.

— איר מיינט אן איינגעשפּארטע? מענער מיינען אָפט, אז כא־ראקטער איז איינגעשפּארטקייט.

— ניין, איך מיין טאקע כאראקטער, אפילו ווען איינגעשפּארטקייט קאָן אויך זיין אַ שטיק פון אייער כאראקטער. איר האָט אָבער אַ סך שטריכן, וואָס פאַרמירן אייער כאראקטער און דער פיינסטער איז...

— איז?... — איז זי געוואָרן נייגעריק צו הערן.

— איז אייער אָפנהערציקייט, כא־כא־כא!

— איר לאַכט. דאָס רעכנט איר זיך אָפּ מיט מיר, מיינענדיק צו זאָגן, אז מיין אָפנהארציקייט קומט אויך פון לייכטזיניקייט?

— איך וואָלט געוואָלט קיבעצן אייך אביסל, איך בין אָבער, ווי מ'רופט עס, א דזשענטלמען און חוץ דעם קאָן איך ניט, ווייל איר זענט צו שנעל פאר מיר.

— איך בין צו שנעל?! — האָט זי זיך צעלאַכט.

— איך מיין מיט אייער געדאנק.

— איך מוז זיין שנעלער, ווייל איר זענט שנעל מיט אייער וואָרט.

— אָט זעט איר דאָך — גלייך האָט איר דעם שארפן ענטפער.

— כ'האָב ליב צו זיין די ערשטע — פאָראויס.

— ווי אלט זענט איר, רוט?

— א־א...

— צווישן... פינף און צוואנציק און אכט און צוואנציק?

— אַט איז שילאָן... שילאָן! — האָט זי גענומען רופן, לאַכנדיק צו ראַפאַעלן.

— איר זענט ווי א נאַקעטע, גליטשיקע וואַסער־מיידל, וואָס פאַר־שלעפּט אין דער טיפעניש און גליטשט זיך אַרויס פון די הענט. — האָט ראַפאַעל געזאָגט.

— איך וואונדער זיך...

— וואָס וואונדערט איר זיך?

— צי עזרא טראַכט וועגן מיר אויך אַט אזוי ווי איר, און צי וואָלט ער עס מיר געזאָגט.

— איר מיינט דער דיכטער עזרא?

— הם־הם...

זיי זיינען אַרויסגעקומען אויף דער וועראַנדע, וואו שילאָן, עזרא, גאַמזו און בינשטאָק זיינען געשטאַנען און האָבן געשמועסט.

עזרא האָט געקוקט אויף רוטן און ראַפאַעלן מיט בליקן אין וועלכע עס איז געלעגן פאַרדאַכט און ענטוישונג. אויף דעם וועג צו דער קונסט־היים, זיצנדיק אין דעם אויטאָ לעבן רוטן, האָט ער געפילט לעבן זיך איר היפּט און די וואַרעמקייט פון איר ענטבלויזטער האַנט. קיינמאָל אין זיין לעבן האָט ער ניט געפילט אַזאַ ציטער אין זיין בלוט און אין זיין האַרץ. ער האָט מורא געהאַט צו רירן זיך פון אָרט אום ניט צו פאַרלירן דעם קאָנטאַקט מיט איר וואַרעמקייט, מיט איר בלוט, מיט איר געדאַנק אפשר; ווייל פילנדיק אים, טראַכט זי אפשר אויך וועגן אים, ווי ער טראַכט וועגן איר. האָט ער זיך ניט גערירט. און, רעדנדיק צו שילאָנען, וואָס איז געזעסן אין דער צווייטער זייט לעבן איר, האָט ער בלויז אויסגעדרייט זיין קאָפּ צו אים און געפילט אויף דעם פּנים רוטס שמעקנדיקע, פון ווינט צעבלאָזענע, האָר. עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אין דער מאַשין, אַז זי איז געווען זיינע, בלויז זיינע — ווען זיי זיינען אָבער אָנגעקומען אין דער קונסט־היים, איז זי געוואָרן אַלעמענס און יעדן איינעמס בליקן, ווערטער, געלעכטער און אָנרעגונג געהערט צו איר.

דער פאַרוואַלטער פון דער קונסט־היים איז צוגעקומען א העפלי־כער און שמייכלענדיקער און האָט אַלעמען איינגעלאַדן צו גיין עסן. אין דער זעלבער צייט האָט זיך דאָס עלעקטרישע גלעקל צעקלונגען מיט א זילבערנעם געזאַנג.

דאָס מאָל זיינען אַלע געקומען צום טיש, אויסגעפּוצט אין זייער בעסטן און אויך גוט געשטימט. מ׳האָט געגעסן, געלאַכט, דערציילט וויצן און מ׳האָט זיך געפילט משפּחהדיק און פריי. אָבער ווען מ׳האָט שוין געהאַלטן באַם סוף און אייניקע האָבן שוין גערויכערט, האָט זיך צווישן עזראַן און שילאָנען פאַרבונדן א געשפּרעך וועגן די פּליטים, וואָס זיינען אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע פון די אייראָפּעאישע לענדער, און עזרא האָט אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז מינאָריטעטן ווערן אָפט אָנ־געשטעקט ניט נאָר מיט דער קולטור, נאָר אויך מיט די כאַראַקטער־

שטריכן פון דער הערשענדער נאציע פון לאנד, וואו זיי וואוינען. און אום צו ברענגען א ביישפיל האָט ער א זאָג געטאָן:

— דאָס דייטשישע יידנטום מיט זיין גרויסהאַלטעניש, אראגאנץ, האַרטקייט און אפילו געוויסנלאָזיקייט, קאָן אילוסטרירן...

ער האָט אָבער ניט פארענדיקט, דערמאָנענדיק זיך אָן עטינגערן און דערזעענדיק דעם אויסדרוק אויף זיין פּנים. און ווען עטינגער האָט זיך מיטאַמאָל א הייב געטאָן פון טיש, א וואַרף געטאָן מיט קלאַנג דאָס מעסער וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האנט און האָט געוואָלט אוועק, איז עזרא אויך אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו אים און געזאָגט:

— עס טוט מיר זייער לייד, פריינט עטינגער. כ׳פארזיכער אייך, אז איך האָב ניט געמיינט צו באַליידיקן אייך מיט מיינע ווערטער, אייך אודאי ניט. איך בין אפילו ניט זיכער, צי איך בין גערעכט מיט מיין באַהויפּטונג. עס כאַפּט זיך אמאָל ארויס אזוי א פּאראדאקס און פּאַרפּאַלן, — שווער צוריק צו כאַפּן.

— צו אייך פערזענלעך האָב איך אויך גאָרניט, — האָט זיך עטינגער בארואיקט און האָט זיך צוריקגעזעצט. — מ׳דאַרף אָבער זיין פאַרזיכטיק מיט אזעלכע באהויפּטונגען. וואָרן אָט זעען מיר, ווי קיינער פון די הערשנדיקע נאציעס זיינען ניט אין גלות און דאָך ווערן זיי אָנגעשטעקט מיט אנטיסעמיטיזם וואָס איז ניט קולטור, נאָר בלינדער האס. און ווי איך זע, ווערט דער האס ניט אויסגעלאָשן נאָר ער פלאקערט נאָך גאנץ שטאַרק אפילו אין די לענדער, וואָס זיינען, וואָס מ׳רופט, דעמאָקראַטיש. איך גלויב אָבער, אז, אויב די וועלט ברענט מיט אָט דעם האס קעגן יידנטום, מיט א האס, וואָס איז ווי פיבער־היץ דער סימפּטאָם פון א קראנקייט, מוז ערגעץ זיין די אורזאַך פאַר דעם.

— באַליידיקט זיך ניט, קאָלעגע עטינגער, אויב איך וועל זאָגן, אז דאָס איז אן אומבאוואוסטזיניקע ״אנטיסעמיטישע״ באהויפּטונג. — האָט גאמזו געזאָגט. — וואָרן מיר זאָלן ציען ווייטער דעם פאָדעם פון אייער געדאנק, קאָנען מיר זאָגן: די וועלט האָט היץ—זי איז קראנק; און אז די וועלט האָט היץ און זי איז קראנק, דאַרף מען געפינען די מיקראָבן. און ווער זיינען די דאָזיקע מיקראָבן וואָס פארשאַפן די היץ—דאָס יידנטום. וואָס זשע דאַרף מען טאָן מיט די מיקראָבן־יידנטום? מ׳דאַרף עס פאַרניכטן. האָט מען אין דער לעצטער מלחמה פארניכטעט פינף מיליאָן יידן. דענקט איר ניט, אז ס׳איז א שריט פאָראויס, קאָלעגן?

— ווען איך וואָלט געווען אַ פּאַנאַטיקער סאָציאָלאָג, וואָלט איך אפשר געהאַט א פּאָזיטיוון ענטפער; און ווען איך וואָלט געווען רעליגיעז, וואָלט איך אפשר געזאָגט: אויב גאָט וויל אזוי, איז מסתמא פאראן א זין דערביי. — האָט זיך עזרא אָנגערופן.

— טאָ וואָס דענקט איר וועגן דעמדאָזיקן געטלעכן זין? — האָט גאמזו געפרעגט איראָניש.

— אויב איר דענקט, אז געטלעכקייט און געטלעכער זין איז מיין ספּעציאַליטעט, גאמזו, וועל איך אייך ענטפערן, אז איך בין אפילו גענייגט

אַנצונעמען די דאָזיקע רעליגיעזע פילאָזאָפיע, אָבער איך רעזערוויר פאַר זיך דאָס רעכט אויף אביסל פון אייער איראָניע. גאָטס שטעלונג צום ענין איז זייער לייכט צו דערקלערן: מיר מאכן א טומל איבער דעם לעבן און איבער דעם טויט פון מענטשן, ווייל מיר ווייסן גאָרניט וועגן לעבן און איבערהויפּט ווייסן מיר גאָרניט וועגן טויט. ער, דער באַשאַפער, ווייסט אָבער, ווייזט אויס, זייער גוט, אז עס מאכט ניט קיין אונטערשייד, אז לעבן און טויט איז איינס, אז עס איז בלויז אן איבערגאנג פון איין סטאַ־דיע צו דער צווייטער. ארט אים ניט וואָס ביליאָנען פליגן אָדער מענטשן קומען און גייען פון איין סטאַדיע צו א צווייטער. לאכט ער דאָרט מסתמא פון אונדזער שרעק און געוויין, ווען מיר ווערן געבוירן און פאַר דעם שרעק און געוויין, ווען מיר גייען צום טויט. אין איין זאַך בין איך אָבער איבערצייגט: אז אנטיסעמיטיזם איז א וועלט־קאַנסער, און אז מ׳וועט זוכן מיטלען ווי צו עלימינירן אים.

— ווי אזוי? — האָט גאמזו געפרעגט. — דורך אסימילאַציע?

— ווידער אסימילאַציע! — איז דאָס מאָל עטינגער נערוועז אויפ־געשפּרונגען. רעדנדיק האַלב־דייטש, האַלב יידיש. — ניין, ניט דורך אסימילאַציע, און אויך ניט דורך ענג נאַציאָנאַלער, שאָוועניסטישער ארומ־געצוימקייט, וואָס מיינט געטאָ און וואָס איז ענלעך צו א יאָזש, וואָס באַ־האַלט זיך אונטער א באַרג שטעכיקע נאָדלען. ניין, ניט שאָוויניזם און ניט אסימילאַציע, נאָר אפשר... קאָאָפּעראַציע.

— וואָס פאַר א קאָאָפּעראַציע? — איז גאמזו ניט אָפּגעשטאַנען.

— זאָל זיין אפילו אזא קאָאָפּעראַציע ווי איין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

— קאָלעגע עטינגער, איר איבערראַשט מיך! — האָט גאמזו אויס־געשריגן.

— איך בין צופרידן, וואָס איך האָב אייך איבערראַשט, ווייל מיר דאַכט זיך, אז איר ווערט פון גאָרניט איבעראַשט.

— גוט געזאָגט. — האָט עס טשערטקאָוון הנאה געטאָן.

— איך ניט פאַרשטיי... — האָט ראַפאַעל פּרובירט צו רעדן אין יידיש. — צו וואָס אזוי דעבאַטירן און פילאָזאָפירן.

— וועגן וואָס דען רעדן שרייבער און קינסטלער ווען זיי קומען זיך צוזאמען? — האָט אים רוט געענטפערט. מ׳דעבאַטירט, מ׳פילאָזאָ־פירט און מ׳קיבעצט.

— צוליב וואָס פילאָזאָפירן? — האָט זיך ראַפאַעל אַלץ געוואונ־דערט. — זייערע פילאָזאָפיעס זיינען דאָך סיי ווי סיי... ווי פאַרבן. איך נעם רויט און איך נעם שוואַרץ — איך מיש זיי אויס און עס ווערט בלוי; נעם איך בלוי און איך נעם געל — איך מיש עס אויס און ס׳ווערט גרין. אזוי איז אויך מיט זייערע ווערטער און מיט זייערע געדאנקען און מיט זייערע פילאָזאָפיעס. מ׳קאָן זיי מישן ווי מ׳וויל און ארויסקריגן וואָס פאַר א פילאָזאָפיע מ׳וויל.

— אַן אָריגינעלער געדאַנק, ראַפאַעל. — האָט רוט געלאַכט.

— האָט אייך עמיצער אמאָל געזאָגט, אז אייערע אויגן זיינען ווי

אקוואמארין, ווי ים־וואסער? — האָט ראפאעל פּלוצים א פרעג געטאָן.

— ניין, קיינער האָט עס מיר נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט.

— איך האָב א וואונדערבאַרע אידייע, רות.

— יאָ? — האָט זי געשמייכלט.

— לאָמיר אראָפּגיין צום ים. כ'האָב דאָרט געזען א שיפל באם ברעג... פונקט פאר צוויי — איך און איר. דער טאָג איז אזא שיינער און דער ים איז ווי אייערע אויגן...

— זאָל איך איינשטעלן?

— איז דען ניט דאָס גאנצע לעבן איין איינשטעל?

— א, ראפאעל, ווי קומט צו אייך פילאָזאָפיע. — האָט רות גע־לאכט.

— וועט איר גייען מיט מיר?

— מיר וועלן זען.

זייער געשפּרעך איז איבערגעריסן געוואָרן פון שילאָנס פּלוצים־דיקער פראגע.

— דענקט איר ניט, אז ס'וואָלט גוט געווען צו פארבלייבן דאָ אויף א פּאָר טעג, עזרא... און איר אויך רות?

— וואונדערבאר! — האָט זיך רות דערפרייט.

— א פּאָר טעג, וועט זיין א דערפרישונג. — האָט אויך עזרא צוגעשטימט.

— הכלל, מיר האָבן צוגעקראָגן א געטין צו אונדזער פארנאס. — האָט גאמזו א זאָג געטאָן.

— ווען איך הער דאָס וואָרט פארנאס, טראכט איך וועגן פרנסה, — האָט בינשטאָק געפּונען די געלעגנהייט צו זאָגן עפּעס. — מ'קאָן זאָגן, אז מיר זעען עס, דאכט זיך, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון קונסט, אז פארנאס און פרנסה זאָלן זיין אזוי הארמאָניש פאראייניקט. א דאנק דעם מסדר קדושין שילאָנען.

— זייער גוט געזאָגט, בינשטאָק, זייער גוט. — האָט אים גאמזו געקלאַפּט אין פּלייצע. — אָבער ווייסט איר דען ניט, אז ווען עס קומט צו אָריגינעלע, אזוי צו זאָגן, זאָגעכצן, געהערן זיי צו מיר...

— געזונטערהייט, גאמזו!... — האָט בינשטאָק געלאכט. — אָבער, לעצטנס, זענט איר עפּעס אָפּגעשטאנען. איר האָט פארלוירן, דאכט זיך, דאָס לשון, זינט איר זענט אריין אין די הויכע פענצטער.

— איך האָב גאָרניט פארלוירן פון מיין לשון, כ'האָב גלאט צוגע־קראָגן באהעלפערס. — האָט גאמזו געקיבעצט.

— אָ באהעלפער קאָן מען טייטשן...

— טאָקע ווי אין פּסוק שטייט. — האָט גאמזו פארענדיקט בינ־שטאָקס פראזע, לאכנדיק.

מ'האָט אָנגעהויבן פאנאנדערגיין זיך פון ארום דעם טיש. שילאָן, עזרא, בינשטאָק און טשערטקאָוו האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער וועראנדע א שמועס טאָן. ראפאעל האָט אָנגענומען רותן באם אָרעם און געפירט זי

ארויס פון דער ווילע, אראָפּ צו ים. עזרא האָט זיי נאָכגעקוקט אַן ענטוישטער און אומצופרידענער.

און אונטן, באַם ים שויך, האָט רות צו ערשט מיט מורא און מיט אומצוטרוי אַריינגעזעצט זיך מיט ראַפּאַעלן אין שיפל, אָבער ווייטער אויף דער טיפקייט פון די שטילע כוואַליעס, האָט זי זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם פאַרגעניגן פון דער שיינקייט און פרישקייט פון ים און צוגעהערט זיך מיט הנאה צו ראַפּאַעלס רעדן, צו זיינע ווערטער, וואָס האָבן ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ געשאַפן בילדער און שטימונגען.

זי איז געלעגן אין שיפל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט און געקוקט אויף אים, ווי ער זיצט לעבן איר אונטער דעם ווייסן זעגל און קוקט אויף איר, ווי וועלנדיק אַריינדרינגען אין איר האַרץ אַריין. און געטראַכט האָט זי, אַז אָט ליגט זי אין אַ שיפל, אויף די וויגענדיקע כוואַליעס, ווייט פון ברעג... דער ים איז ענדלאָז, די בערג אין דער ווייטנס זיינען בלוי און גרין... און ראַפּאַעל, אַ שיינער ראָמאַנטישער נאָמען, ראַפּאַעל האָט זיין האַנט אָנגעשפּאַרט איבער איר קערפּער און יעדעס מאָל, ווי אומגערן, דערפילט זי אויף אירע היפטן דעם באַריר פון זיינע פינגער, פינגער אין וועלכע עס ציטערט און עס צאַפּלט זיך באַגער; און זי האָט אויך געטראַכט וועגן זיינע ווערטער, צי זיינען טאַקע אירע אויגן ווי אַקוואַמאַרין, ווי ער זאָגט; און צי זיינען אירע צעווינטיקטע האָר ווי אַ גאָלדן געוועב אין דער זון; און צי איז ער ניט צו געוואַגט, ווען ער זאָגט, אַז ער איז מקנא דאָס ווינטל, וואָס לאַשטשעט איר לייב דורך דעם דינעם, לייכטן קלייד.

און ערשט ווען די זון האָט זיך גענומען נייגן צו מעריב, האָבן זיי באַמערקט ווי די צייט איז אַוועק.

און גייענדיק צוריק צו דער ווילע, האָט ער ווידער געהאַלטן איר נאַקעטן אָרעם און געפילט די וואַרעמקייט, ווי די וואַרעמקייט פון דער זון.

די נאַכט האָט זיך אָנגעפילט מיט לבנה־ליכט. אַלע זיינען געזעסן אויף דער וועראַנדע. די ווייכע שטולן, די טישלעך מיט געטראַנקען, די שאַכטלעך מיט סיגאַרן און מיט סיגאַרעטן — אַלעס האָט זיך אויסגעוויזן, איז צוגעגרייט פון מאַגישע הענט פאַר די שאַפער פון קונסט. און גאַמזו האָט טאַקע באַמערקט צו פּערצאַוו לעבן וועלכן ער האָט זיך בכיוון אַוועקגעזעצט.

— ווי דענקט איר, קאָלעגע, פּערצאַוו, מיט דעם אַלעס אַרום אונדז, ווי לאַנג קאָנען מיר זיין פּראָדוקטיווע קינסטלער?

— ביז מיר וועלן אינגאַנצן פויל ווערן. — האָט פּערצאַוו געענטפערט.

— איך וואונדער זיך אָפּט ווי אַזוי אַזאַ טאָלסטאָי אָדער בערנאַרד שאָו און צענדליקער אַנדערע שריפטשטעלער, וואָס האָבן געלעבט אין

רייכטום האָבן געקאָנט שאפן אזעלכע מענטשלעכע און סאָציאַלע ווערק. — האָט גאמזו געזאָגט.

— זיי זיינען אויסגעוואקסן מיט דעם דאָזיקן רייכטום, עס איז פאר זיי געווען נאטירלעך צו זען עס ארום זיך, האָט עס אויף זיי ניט גע־ווירקט, ווי אויף מיר א שטייגער, וואָס איז געוואוינט צו א פישער הויזקע באם ברעג פון ים.

— מיינט איר צו זאָגן, אז אין אָרעמקייט שאפט איר בעסער? — האָט גאמזו געפרעגט. — טאָ צוליב וואָס זענט איר אהער געקומען?

— איך מיין צו זאָגן, אז דאָ זע איך ניט די מענטשן און דאָס לעבן, וואָס איך וויל מאָלן און קאָן מאָלן.

— נו, און אייער פאנטאזיע? — האָט עזרא, וואָס האָט זיך צו־געהערט צום געשפּרעך, א פרעג געטאָן. — און אייער אינערלעך אויג? העלפט עס אייך ניט ארויסצוברענגען די מענטשן, אָדער די געדאנקען וואָס איר ווילט?

— איך וויל לעבעדיקע מענטשן, ניט פאנטאזיעס און אבסטראק־ציעס. איך וויל זען זייער טאָג־טעגלעך לעבן, זייער פרייד, זייערע זאָרגן און פּראָבלעמען.

— ער וויל פוטער מיט ברויט. — האָט גאמזו געזאָגט.

— ער איז ניט א לופט מענטש. אבסטראקציעס זיינען לופטיק. — האָט זיך בינשטאָק אָנגערופן.

— ווער עס האָט ניט קיין אידייען, בא דעם זיינען זיי לופטיק. — האָט עזרא געזאָגט. — אַן אידייע איז ווי א זערנע, מיין פריינט, פארזייט זי און עס וואקסט אויס א בוים, אָדער ברויט. א יעדער פון אונדז ווייסט ווי מענטשן זיינען, ניט אַלע ווייסן אָבער ווי אידייען זיינען. און אפילו דעם לייענער, וועמען סאיז לייכטער צו לייענען וועגן מענטשן, אינטע־רעסירט ניט אזוי שטאַרק דער מענטש גופא, ווי די מעשה, אפילו די אויסגעטראַכטע מעשה ארום דעם מענטשן, די פּאסירונג, וואָס דערוועקט אין אים עמאָציע, געדאנק און אָפט אידייע.

— און איך דענק, — האָט בינשטאָק געזאָגט, — אז בלויז דאַן, ווען מיר באשרייבן דעם מענטשן, קאָנען מיר דערגרייכן דעם לייענערס האַרץ און דאָרט וואו מיר אפּעלירן צום האַרץ, רירט עס אָן די געפילן, און געפילן דערגרייכן דעם מח. ווען עס גייט אָבער גלייך צום מח, קאָנט איר עס דרייען אהין און אהער און עס רירט ניט אָן די נשמה.

— איז אייך ניט איינגעפאלן, קאָלעגע בינשטאָק, — האָט עזרא גע־פרעגט, — אז עמאָציעס ווערן בא אונדז אויפגעוועקט צום ערשטן אין מח און דערנאָך שוין אין האַרץ? מיר דארפן דאָך פריער לייענען דעם בוך מיט די אויגן, מיטן קאָפּ, מיר דארפן דאָך פריער אויפנעמען די מוזיק מיט די אויערן, אײדער עס קומט צו אונדז, ווי מיר מיינען אין האַרץ, איז אייך ניט איינגעפאלן אמאָל, אז דאָס דאָזיקע האַרץ וועגן וועלכן איר רעדט איז גאָר אין מח.

— עס איז מיר ניט איינגעפאלן. — האָט בינשטאָק געלאכט. —

ווייל איך בין ניט זייער גוט באקאנט מיט אַט א דער דאָזיקער מין אנאַ־טאָמיע.

— און וואָס דענקט איר וועגן די דאָזיקע שרייבער, וואָס האָבן געשריבן, און שרייבן נאָך היינט און אפעלירן צום געוויסן, וואָס איז אפשר פונקט אזוי מיוחסדיק ווי דאָס אבסטראַקט הארץ? — האָט עזרא ווידער געפרעגט. — האָבן מיר דען בלויז קאָפּ־דיכטער, דיכטער פון קאָפּ־לאַנד, וואָס דרינגען אריין אין דער נשמה און אין געוויסן דורך ־ זייערע אבסטראַקטע, סימבאָליש־פילאָזאָפישע און אין דערזעלבער צייט קינסט־לערישע ווערק?

— אודאי. — האָט בינשטאָק איינגעשטימט. — אָבער דאָס פאָלק פארשטייט זיי ניט. און איך זע ניט צוליב וואָס מ'דארף שרייבן סימבאָ־ליש, ווען דאָס לעבן איז פול מיט לעבעדיקע ווענדס און פאסירונגען.

— עס פעלט אייך דער דיכטערישער פארנעם און באַנעם בינשטאָק.

— האָט זיך גאַמזו אָנגערופן. — דאָ זענט איר צוגעקומען צו עפּעס, וואָס איז באַפליגלט, דאָס וואָס עס פעלט אייך. איר וועט קיין "פאוסט" און קיין "גולם" און קיין "בלויען פויגל" און קיין „גאָלדענע קייט„ און אפילו קיין „דאָן־קיכאָט" קיינמאָל ניט אָנשרייבן. איר האָט ניט יענע פליגל.

— איך בין ניט אינגאַנצן איינשטימיק מיט אייך. — האָט זיך עטינגער אָנגערופן. — אודאי איז שיינע קונסט דער גענוס פאר דעם אינטעלעקט, אָבער פארגעסט ניט, אז "Ars est celare artem".

— און וואָס הייסט דאָס, פּראָפעסאָר? — האָט גאמזו געפרעגט.

— דאָס הייסט: די אמתע קונסט איז צו באהאַלטן, ניט צו אנט־פּלעקן די קונסט אין א ווערק. — האָט עטינגער פארטייטשט.

— אָט דאָס האָבן דאָך טאקע די קריטיקער געזאָגט וועגן מיין שרייבן. — האָט זיך בינשטאַק דערפרייט. — איך בין א קינסטלער, האָבן זיי געזאָגט, בא וועמען די קונסט איז אָן פּליטערלעך. מ'באמערקט אפילו ניט, אז ס'איז קונסט.

— פּראָזע, בלייבט פּראָזע און פאָטאָגראַפיע בלייבט פאָטאָגראַפיע, אויב עס פעלט דאָס פּסיכאָלאָגישע, אויב עס פעלט די טיפקייט, די איי־דייע, דער גייסט פון גאָט, פון טייוול, צי בלויז פון חכמה. — האָט גאמזו רעזאָנירט. — און וואָס ס'איז שייך די קריטיקער, איז שרעקט מיך ניט, איך בעט אייך מיט די קריטיקער. וואָרן ווען איין קריטיקער זאָגט איינס, קומט דער צווייטער און זאָגט פארקערט. און א קריטיקער, לאָמיך אייך זאָגן ווערט באשאפן פון די קינסטלער אליין, כדי זיי זאָלן האָבן איינעם, וואָס זאָל זיי לויבן, אָדער דערגיין די יאָרן — מערסטנס, דאָס צווייטע. און ווען די קינסטלער וואָלטן זיך גענומען צום הארצן אלעס, וואָס די קריטיקער זאָגן, וואָלט אפשר קיין קונסט ניט געווען. און מיינט ניט, אז ווען א קריטיקער שרייבט, שרייבט ער וועגן אייך, ווייל איר גייט אים אָן. ניין, פונקט ווי איר נעמט פאר א טעמע א מענטשן אין לעבן, פונקט אזוי נעמט דער קריטיקער אייער ווערק. און פונקט ווי איר פאנטאזירט און פּסיכאָלאָגירט ארום דעם מענטשן, אויב איר קאָנט עס, פונקט אזוי

דאַרף דער קריטיקער פּסיכאָאַנאַליזירן און אפילו פאַנטאַזירן, אויב ער האָט פאַנטאַזיע, ארום אייער ווערק. איך רעד ניט וועגן די דאָזיקע וואָס זאָגן בלויז מייגונגען און גלויב זיי אויפן וואָרט; דער דאָזיקער מין קרי־טיקערס זייגען ווי די בראַוואָ־פּאַטשערס, אָדער ווי די אראָפּ־פייפערס אויף דער גאַליאַרקע; זייער פּאַטשעריי און סווישטשעריי געדויערט אָבער פּונקט אזוי לאַנג, ווי לאַנג זיי זייגען אויף דער גאַליאַרקע, אָדער זאָלן מיר זאָגן — אין דער פּרעסע; אודאי זייגען דאָ קריטיקער, וועלכע זייגען ערנסט, ערלעך און שעפעריש אין זייערע ווערק, מ׳דאַרף זיי אָבער זוכן, ווי דיאַגנאָז — מיט א לאַמטערן.

— מיר האָבן אָבער אין אָנפאַנג ניט וועגן דעם גערעדט, קאָלעגן, — האָט פערצאָוו געזאָגט. — מיר האָבן דאַכט זיך גערעדט וועגן סביבה, כ׳מיין ניט קינסטלערישע סביבה, כ׳מיין לעבנס סביבה, וואו א קינסטלער קאָן זען, שטודירן און רעאַגירן אויף לעבנס פּראָבלעמען.

— א פּאָליטישן דאַרף אזא מין סביבה, — האָט אים גאמזו גע־ענטפערט. — א קינסטלער דאַרף זיך ניט קאָכן אין קעסל מיט קויטיקן גרעט, כדי ער זאָל קאָגען באשרייבן עס, אָדער מאָלן עס. א קינסטלער בענקט שטענדיק נאָך זיין אייגענער שטימונג, נאָך זיין אייגענעם ווינקל און דעם עלעפאַנט־ביין טורעם, פון וואַנען ער קאָן זיך אויפהייבן איבער דעם לעבן.

— וועט איר מיר דערלויבן צו דערמאָנען אייך וואָלט וויטמאַנס א פּראָזע, — האָט זיך רוט אָנגערופן:

"To have great poets,

There must be great audiences too."

— יאָ, צו האָבן גרויסע פּאָעטן מוז מען אויך האָבן גרויסע — "אָדיענסעס", סיי אין איכות, סיי אין כמות, אָבער "אָדיענסעס" איז ניט סביבה. — האָט גאמזו געענטפערט. אן אקטיאָר דאַרף אויך אן "אָדיענס״, אָדער לאָמיר עס רופן אויף פּשוט יידיש — אן עולם. א דיכטער דאַרף עס אויך, ווייל יעדער קינסטלער וויל געהערט ווערן אָדער געלייענט ווערן. און ווידער אמאָל: עס וועגד׳ט זיך אָן קינסטלער און אין דער פאָר־מע פון זיין קונסט. אן אינדיאַנער קאָן באצירן מיט שניצערייען זיין פייל און בויגן און א פּאַסטעך קאָן שפּילן אויף זיין פייפעלע, ניט טראַכטנדיק אפילו צי דער עולם־גולם זעט אים און הערט אים, צי ניט. זיי אליין האָבן הנאה דערפון. און מיר דאַכט זיך, אז טאַנעסקי וואָלט געקאָנט אָפּ־זיצן דאָס גאַנצע לעבן בא דער פּיאַנאָ און שפּילן, און אימפּראָוויזירן און קאָמפּאָזירן און אָנפילן זיין אייגענע נשמה מיט שיינקייט און אינהאַלט, און עס וואָלט אים אפשר אויך ווייניק געאַרט צי עמיצער הערט אים, צי ניט. און אויך א שרייבער און אויך א מאָלער קאָן זיך אויסלעבן אין זיין אייגענער שאַפונג. נאָר וואָס דען, מ׳זאָגט דאָך, אז מיר שאַפן פאַר דער אייביקייט און פאַר דער קולטור, און מיר זייגען דאָך ניט מער ווי מענטש־לעך, ווילן מיר אויך באַם לעבן זעען די דיווידענטן פון אונדזער מי און פון אונדזער שאַפונג. און אז איך האַלט שוין בא אייביקייט און בא קול־

טור אין פארבינדונג מיט קונסט, ווײל איך אײך זאָגן דעם אמת, אז אָפּט צווייפל איך צי די קונסט איז, באמת, די עססענץ, די נשמה פון קולטור. גיכער איז זי, די קונסט, א כישוף־געטראנק, וואָס דער טייוול האָט פאר־קאָכט פאר אונדז אָרעמע מענטשעלעך.

— איר דראַפּעט זיך שוין ווייטער אויף די גלײכע ווענט, גאמזו.
— האָט בינשטאק געלאכט.

— וואָס ארט אײך? איר מיינט, אז דער מענטש מוז שטענדיק גיין מיט לאָגישע, אויסגעטראָטענע סטעזשקעס? אָט זאָג איך אײך נאָך אמאָל, אז קונסט האָט געבראכט דער מענטשהייט מער שלעכטס ווי גוטס. קונסט איז דער אָפּיום, וואָס די קינסטלער שאפן אי פאר זיך, אי פאר דער מענטשהייט, צו פארשיכורן זיך, אָפּצעגארן זיך מיט ניט געשטויגענע, ניט געפלויגענע אילוזיעס, וואָס פארדרייען און פארקריפּלען בלויז די נאָרמאלע אינסטינקטן פון דער מענטשהייט. מערסטנס לערנען די מענטשן פון דער קונסט ווי אזוי צו פארקריפּלען די נאטירלעכע עמאָציאָנעלע, סעקסואלע און סאָציאל־געזעלשאפטלעכע דערשיינונגען. די ליטעראטור און דער טעאטער און די סינעמאס זיינען די שולעס פאר ליבעס, פאר אוואנטוריסטן, פאר פארברעכנס, היפּאָקריטן און פאר מאָראל פּרעדי־קער. ליטעראטור איז אויך דער קרומער שפּיגל, דער שלעכטער פאָטאָ־גראפישער אפּאראט, וואָס אָדער ער פארקלענערט, אָדער ער פארגרע־סערט און צעדרייט דאָס פשוטע מענטשלעכע לעבן . . . קונסט, אין אל־געמיין איז א . . .

— כא־כא־כא! — האָט בינשטאק געלאכט און מיט אים די אי־בעריקע. — גאמזו, איר וואָלט באדארפט זיין א קאָמיקער אויף דער בינע . . . כא־כא־כא!

— בין איך דאָך, צו אלדע שווארצע יאָר . . . בין איך דאָך . . .
— האָט ער אויך געלאכט.

— Dio, Mio.. פארוואָס פארשווענדן מענטשן אזוי פיל צייט אויף ווערטער? — האָט ראפאעל איינגערוימט רוטן אויפן אויער. — וואָלט דען ניט בעסער געווען אראָפּצוגיין צום ים און הערן דעם רויש פון די כוואליעס.

— זעט איר דאָך. — האָט רוט געזאָגט. — אויף דעם ים איז אייביק אין זיין רוישן. מענטשן מיט ווערטער, — דער ים מיט כוואליעס.

— באוואונדערן מיר טאקע די לבנה. שטענדיק שווייגט זי.

— אזא פּנים האָט זי טאקע. — האָט זיך רוט צעלאכט. — און דאָך מאַכט ניט קיין טעות, וואָרן אפילו ווען זי שווייגט, כישופט זי.

— טאָ לאָמיר איר גיין אנטקעגן. זי וועט גיין מיט אונדז, איך פארזיכער אײך.

— דענקט איר, אז מיר מוזן האָבן א טשאפּעראָן?
— זי זעט, שמייכלט און שווייגט.
— נו, גוט, לאָמיר גיין. עס ווילט זיך טאַקע באוועגן זיך אביסל.

— אדיאָס! — האָט ראַפאַעל א מאַך געטאָן מיט דער האַנט צו די איבעריקע. — מיר גייען שפּאַצירן.

זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען, געלאָזט זיך גיין אַראָפּ צום ים.

פון זאַל האָט זיך דערטראָגן בעטהאָווענס ״לבנה־ליכט״ סאָנאַטע, וואָס טאַנסקי האָט שטימונגספול געשפּילט. פון אונטן, באַם ים, האָט זיך דער־טראָגן רוטס געלעכטער. עזרא האָט זיך א דריי געטאָן אין זײַן שטול, קאָנטראָלירנדיק זיך קוים.

— אַך, אַך... — האָט זיך גאַמזו אויפגעהויבן. איך וואונדער זיך אָפּט... וואָלט א פּרייז, גליקלעכע און זאַטע וועלט געקאָנט געבן אונדז אַזא בעטהאָווען מיט אַזא וואונדערבאַרער סאָנאַטע? אפשר זײַנען גאָר קינסטלער ווי שוועמלעך, וואָס וואַקסן בלויז אין דער פינצטערניש אין וויסטן וואַלד — אָפט שוואָמען מיט סם אין זיך...

— א מאָדנער, שטימונגספולער מענטש זענט איר, גאַמזו, — האָט בינשטאָק געזאָגט.

— אַלע גאונים זײַנען אַזוי. — האָט גאַמזו א גענעץ געטאָן — און אויך משוגעים.

— איך באַוואונדער מענטשן, וואָס קאָנען זיך. — האָט טשערקאָוו, דערהערנדיק גאַמזוס ווערטער באַמערקט.

— איך בין אייך שולדיק א קיבעץ, טשערטקאָוו, — האָט אים גאַמ־זו געענטפערט. — אָבער איצטער מיט דער סאָנאַטע אין דער לופט, וועל איך דאָך ניט גיין פאַרשוועכן מײַן וואָרט און שטימונג אויף נאַסע פלאַכן... וועל איך בעסער אַרויפגיין מיט די פלושענע טרעפּ צו מײַן צימער, צי זאָל איך זאָגן סטודיאָ, און איך וועל ליגן און טראַכטן... א גוטע נאַכט.

— א גוטע נאַכט. — האָט טשערטקאָוו געענטפערט און ווידער פאַרפירט מיט שילאַנגען דעם איבערגעריסענעם געשפּרעך.

עזרא איז געבליבן זיצן אַליין אין אַ זײַט און האָט זיך צוגעהערט צו דער סאָנאַטע. אויף זײַנע פאַרקרימטע ליפּן האָבן געציטערט ניט אַרויס־געזאָגטע ווערטער, ווערטער און געדאַנקען וואָס זײַנען געקראָכן פון מח ווי גליטשיקע פּיאַווקעס. אין דער טריבקייט פון דער מעלאָדיע האָט ווי א טייוולישער דיסאָנאַנס געקאַטשעט זיך ראַפאַעלס געלעכטער.

עזרא האָט זיך אויפגעהויבן, געשטאַנען א ווײַלע פאַרטראַכט און לאַנגזאַם געלאָזט זיך גיין אַראָפּ פון דער וועראַנדע. ראַפאַעלס געלעכטער האָט אים געצויגן ווי א שונא, וועלכן עס וויל זיך דערשטיקן.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם און שטיל. צוגעקומען נאָענט צום שטיינערנעם באַריער פון וועלכן עס האָבן געפירט די טרעפּ אַראָפּ. גע־מאַכט עטלעכע שפּאַן אַראָפּ און דערזען אין דער ליכט פון דער לבנה־שײַן ראַפאַעלס און רוטס סילועטן. אַראָפּגעגאַנגען נאָך עטלעכע טרעפּ, וואו עס איז געפאַלן דער שאָטן פון א סקאַלע און איז געבליבן שטיין. געקאָנט דייטלעך הערן זייערע שטימען:

— ווען מיר וואָלטן געווען טריי דער נאַטור, וואָלטן מיר ניט גע־רעדט. — האָט ער דערהערט ראַפאַעלן.

— זענט איר דען ניט טריי דער נאטור אין אייער מאלן?—האט רוט געפרעגט.

— אָבער מאָלן, מאָל איך דאָך מיטן אויג און מיטן קאָפּ און אויך פיל איך מיט מיין הארץ, מיט מיין בלוט.

— ווילט איר דאָך, אז איך זאָל וויסן וואָס איר פילט, טאָ ווי אזוי קאָן איך עס וויסן, אויב ניט דורך אייער וואָרט?

— דאָס וואָרט איז איבעריק, ווען די נאטור רעדט. מיינע אויגן, מיינע ליפּן, מיינע הענט, מיין גאנצער קערפּער און מיין בלוט זיינען פּונקט אזעלכע יחסנים ווי מיין וואָרט, אָט איצט, ווען איך וויל אייך ארומנעמען, און פילן אייך, און קושן אייך, פיל איך ,אז דאָס וואָרט איז איבעריק.

— גאָט... איר זענט א פילאָזאָף און פּאָעט, ווען עס קומט צום... נאַטירלעכן.

— אך, אייער איראָניע...

ער האָט זי א כאפּ געטאָן אין זיינע אָרעמס, צוגעדריקט צו זיך און א קוש געטאָן.

זי האָט זיך א דריי געטאָן פון זיינע הענט און א זאָג געטאָן קאַלט:

— איך האָב עס ניט ליב אזוי...

— איר האָט אָבער געציטערט אין מיינע אָרעמס און ווי צעזאַ־מענגאָגסן זיך מיט מיר אויף א מאָמענט.

— אויף א מאָמענט — אפשר יאָ. ווייל איך בין א פרוי און איך וויל געקושט זיין, האָב איך זיך אונטערגעגבן דעם געפיל. מיין קאָפּ פארליר איך אָבער ניט, ער קאָנטראָלירט נאָך אלץ מיינע אימפולסן.

— טאָ ווי אזוי קאָנען מיר אויסציען די מאָמענטן אין שטונדן פון גענוס? מוזן מיר האלטן אין איין צוגרייטן אונדזער גענוס מיט ווער־טער און מיט אלע קינסטלעכע, צערעמאָניאלע וועגן?

— איך וויל ניט איר זאָלט צוגיין צו מיין געפיל, ווי איר כאפּט זיך מאָלן א בילד, לויטן אימפולס, לויט דער מאָמענטאלער אינספּיראַציע. איך וויל גענוס אין זיכערקייט און אָרגאניזירטן זין אין מיין צוזאמענ־לעבן מיט דעם מאן וועלכן איך זוך.

— ווי קאָנען קלוגע מענטשן פאָדערן גאראנטירטע קאָנטראקטן פון לעבן, איבערהויפּט קינסטלער וואָס לעבן מיט אימפּרעסיעס, עמאָציעס און אינספּיראַציעס?

— איך גלייב, אַז באַ אַזאַ מענטשן ווי... עזרא, א שטייגער, איז דאָס גייסטיקע און דאָס שעפערישע סטאביליזירט און פונדאמענטאל.

— ווייל ער איז איינגעשלאָסן בלויז אין זיך אליין. זאָל ער דאָס גייסטיקע און שעפערישע אין זיך פּרובירן טיילן מיט א פרוי, וועט ער אויסגעפינען, אז מ'קאָן ניט און מ'טאָר ניט פארצאמען אין זיך דאָס גייס־טיקע און שעפערישע און אפילו דאָס אידייעשע, ווי מ'צאמט ארום א... מאָנומענט.

— זעט איר דאָך, אז ער האָט געקאָנט ארומצאמען דאָס אלעס אין זיך.

— זעט איר דאָך, אז ער איז אליין, איינזאם אפשר.—האָט ראפאעל פארירט.

— ער האָט א סך נאָכפאָלגער. — האָט רוט ניט נאָכגעגעבן.

— יעזוס האָט געזאָגט: וואָס טויג א מענטשן די דערהאבערטע וועלט ,אויב ער האָט פארלוירן זיין נשמה. און איך וועל זאָגן: אויב ער האָט פארלוירן די פרוי.

— ראפאעל, איר איבערראשט מיך.

— איך אליין בין אויך איבערראשט פון זיך. אָבער זאָגט מיר, רוט, זענט איר אויך זיין נאָכפאָלגערין.

— קינסטלעריש — יאָ.

— דאָס ארט מיך ניט.

— וואָס דען וואָלט אייך געארט.

ער האָט זי ווידער א נעם געטאָן אין זיינע אָרעמס, איינגעזויגן זיך אין אירע ליפּן, געקושט איר האלדז, איר ענטבלויזטן אקסל און פלוצים א שלעפּ געטאָן מיט די ציין איר בלוזע און געזוכט מיט ברענענדיקע ליפּן איר ברוסט.

— לאָזט מיך... לאָזט מיך... — איז זי דערשראָקן געוואָרן פון זיין אומגעצוימקייט. — לאָזט מיך, איך בעט אייך... לאָזט! — האָט זי פאר־שטיקט אויסגעשריגן און מיטן גאנצן כח אָפּגעריסן זיך פון אים.

— לאָזט זי אָפּ. — האָט זיך פלוצים דערהערט עזראס שטימע פון אויבן.

רוט האָט זיך געלאָזט לויפן ארויף און, דערזעענדיק עזראן, א זאָג געטאָן, פארבייגייענדיק.

— איר האָט ניט בעדארפט...

— מיר דוכט זיך, אז איך האָב יאָ בעדארפט. — איז ער איר נאָכ־געגאנגען.

— פארוואָס האָט איר יאָ בעדארפט? — איז זי געבליבן שטיין.

— ווייל... איך בין ניט בלויז אן ארומגעצוימטער מאָנומענט.

— אָה, איר האָט, הייסט עס, אלעס געהערט?

— געהערט, געזען און עפּעס געלערנט.

— אפילו געלערנט? — האָט זי זיך געלאָזט גיין צו דער ווערענדע.

— ווער עס האָט מוט צו זיין ערלעך מיט זיך, קאָן לערנען אפילו ווען עס טוט וויי.

— וואָס זשע האָט איר געלערנט? — האָט זי געפרעגט.

— טאקע וועגן זיך אליין. ער איז גערעכט ראפאעל אין זיין מיינונג וועגן מיר. איך האָב שטענדיק געפילט אז אין דער פילאָזאָפיע פון מיין לעבן ליגט ערגעץ א פאלשער טאָן און אז איך אליין בין איינער א לעבע־דיקער און דער צווייטער וואָס איז רעפלעקטירט ווי אין א שפיגל. די רעפלעקציע האָט נאָכגעמאכט מיין יעדער באוועגונג, מיין יעדע גרימאסע, מיין יעדן לאך און געוויין, אזוי לאנג ווי איך האָב עס געטאָן קעגן דעם שפיגל. אָבער עס איז דאָך אן אונטערשיד צווישן מיר און צווישן דעם

שפּיגל. אָט פּונקט אזא אונטערשייד איז צווישן מיין לעבעדיקן וועזן און צווישן מיינע אבסטראקטע אידייען אין לעבן.

— איך זע ניט, אז זיי זאָלן זיין אין קאָנפליקט. — האָט רוט באַמערקט.

— איך און מיין אָפּשפּיגלונג אין שפּיגל זיינען אויך ניט אין קאָנפליקט. איך האָב אָבער א נשמה און מיין רעפלעקציע האָט ניט. איך האָב אויך געמיינט אז מיין לעבן און מיין פילאָזאָפיע זיינען פאראייניקט מיט איין גאנצקייט, מיט איין זין, — ביז איך האָב אייך דערזען, רוט. ראפאעל איז גערעכט. איך האָב געוואָלט ווערן דער מאָנומענט באם סאמע לעבן, איך האָב זיך גענערט מיט אן אילוזיע, וואָס האָט מיר אפשר געגעבן רו, אָבער ניט דעם אמתן זין. און איך האָב עס דערשפּירט זינט איך האָב אייך דערזען.

— איך ווייס ניט צי עס דאַרף מיך פרייען, וואָס איך בין די אורזאך פון אייער צעשטערטער לעבנס־פילאָזאָפיע. — האָט רוט געזאָגט מיט איר צוריקגעקראָגענער רואיקייט און מיט א שמייכל.

— ניט אזוי די לעבנס־פילאָזאָפיע, רוט, ווי די ארומגעצוימקייט ארום מיין אינדיווידועלער עקזיסטענץ, וואָס טאָר ניט זיין אזוי אינדיווידועל.

— אין צווייען ארומגעצוימט, מיינט איר איז בעסער.

— אין צווייען און ניט ארומגעצוימט.

— אָט אזוי ווי ראפאעל וויל?

— ניין, אָט אזוי ווי מיר ביידע וואָלטן עס געוואָלט.

— ראפאעל איז איינפאך און איר זענט פילאָזאָפיש און מיר דאַכט זיך אז סיי מיט אים און סיי מיט אייך וואָלט איך געווען איינזאם.

— איך האָב אייך ליב.

— דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך דאָס געוואָלט הערן פון אייך.

— איך וואָלט דאָס זעלבע געוואָלט הערן פון אייך.

— איך ווייס ניט צי איך קאָן עס אייך שוין זאָגן...

— וועל איך וואַרטן.

זיי זיינען צוגעקומען צו די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צו דער וועראנדע און זיי זיינען ארויפגעגאנגען.

— נו, א גוטע נאכט, עזרא. דער טאָג, זאָגט מען, איז קליגער פון דער נאכט. איך וועל אייך זען מאָרגן. — איז זי געבליבן שטיין.

— א גוטע נאכט, רוט.

זי האָט זיך געלאָזט גיין צום צימער, וואָס איז געווען אָנגעגרייט פאר איר און עזרא האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף א שטול, ארויסגענומען די ליידיקע ליולקע פון דער קעשענע און געצויגן פון איר, ווי ער וואָלט זי גערויכערט.

פון דער טונקלקייט פון דער וועראנדע האָט זיך לאנגזאם דערנעענטערט שילאָן.

— אָה, עזרא... און מיט דער לולקע. איך זע איר רויכערט נאָך אַלץ אייער פּוסטע לולקע. וואָס זשע איר דענקט נאָך אַלץ, אַז דער גאַנצער זין פון לעבן איז בלויז אין געדאַנק און אין אילוזיע?

עזרא האָט א ווײַלע געקוקט אויף אים ווי דערשטוינט פון עפּעס אַן אַנטפּלעקונג, אַרויסגענומען די לולקע פון מויל און פּלוצים מיט א שטאַרקער באַוועגונג א שלײַדער געטאָן זי איבער דער וועראַנדע, ווײַט אַראָפּ צו די שטיינערנע סקאַלעס.

— עזרא?! — האָט שילאָן סימולירט דערשטוינונג און געשמייכלט אין דער באָרד אַרײַן.

*

עס איז אַוועק א וואָך. אין דער דאָזיקער צײַט איז דאָס לעבן פון די קינסטלער אין דער קינסטלער־היים אָנגעגאַנגען רואיק און אָן באַזונדערע געשעענישן. איעדער פון זיי איז צוגעוואוינט געוואָרן צו זײַן צימער, צוגעוואוינט געוואָרן צו הערן דרײַ מאָל אין טאָג דאָס אַנגענעמע קלינגען פון די עלעקטרישע גלעקלעך און דעם אומאויפהערנדן רויש פון די כוואַליעס; די לבנהדיקע נעכט מיט דער פּראַכט און שיינקייט פון דעם ים און פון די בערג האָט אַלץ געכשופט מיט מיסטישער קראַפט און די געשפּרעכן און די דעבאַטן און דער קיבעץ איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע און קיינער כמעט האָט זיך נאָך ניט גענומען צו קינסטלערישער אַרבעט און יעדער איינער האָט געוואַרט אויף עפּעס, ניט וויסנדיק אַליין אויף וואָס ער וואַרט. מ׳איז אָפּגעקומען מיט שפּאַס אויפן חשבון פון די מוזעס, א יעדער איינער האָט אָבער געטראַכט אַז ערגעץ דאָרט אין דער איבערגעלאָזטער פאַרצווימקייט פון די גרויס־שטאָטישע צימערן פלעגט עפּעס זידן, פלעגט עפּעס בונטעווען אויפצערײַסן אַלעס אַרום און אויפהייבן זיך איבער דעם פיל מיליאָניקן דזשאַנגל — דאָ אָבער האָט זיך געגלוסט צו זיצן באַקוועם אין ווייכן שטול און רויכערן און טרינקען די קאַלטע דערפרישנדיקע געטראַנקען אָדער ליגן אין צימער און לייענען און צוהערן זיך צו דער ראַדיאָ און טרוימען אָן געדאַנק, אָן געפיל — טרוימען כאַאָטיש, צעשוואומען... דער איינציקער, וואָס האָט יאָ געשאַפן איז געווען טאַנסקי און גאמזו האָט די גאַנצע צײַט פון טאַנסקיס שפּילן געזיפצט, געקרעכצט און געשפּאַסט: ווי קאָן איך שאַפן, אַז ער גיסט פון דער פּיאַנאָ גאַנצע עמערס מיט עמאָציעס אין מײַן נשמה. ניט אַנדערש, נאָר ער וויל, אַז איך זאָל איבערשאַפן זײַן מוזיק דורך מײַנע ווערטער, נעמען זײַן עמאָציאָנעלע נשמה און מײַן געדאַנקלעך וואָרט און באַהעפטן עס און ווערן א מין אַנדרוגונות.

אויף דער צווייטער וואָך אין אַן אינדערפרי זײַנען שילאָן און רות ווידער אַמאָל אָנגעקומען. און ווידער אַמאָל האָבן זיך אַלע דערפרייט מיט זיי. אַלע חוץ פּערצאַוון. ער איז ניט אַרויסגעקומען פון זײַן צימער

ווען זיי זיינען אָנגעקומען און אפילו באַם מאָלצייט האָט ער זיך געהאַלטן פון דערווייטנס, א שווייגענדער.

ראַפאַעל איז געזעסן לעבן רוטן און אין זיינע בליקן און אין זיין באַנעמען זיך האָט מען ניט געקאָנט געפינען קיינע שפורן, וואָס זאָלן דערמאָנען אין יענער נאַכט, ווען ער איז געווען מיט איר באַם ים. און ווען מ׳האָט אָפּגעגעסן, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן צי זי וואָלט ניט געוואָלט גיין באָדן זיך. דער טאָג איז א שיינער און... ער האָט זי נאָך ניט געזען אין א באָד קאָסטיום.

זי האָט א קוק געטאָן אויף אים מיט אירע שמייכלענדיקע אויגן און, אויפהייבנדיק זיך געזאָגט, אז דאָס מאָל, וועט ער זיך שוין מוזן פאַרלאָזן אויף זיין פאָרשטעלונגס קראַפט און מסתמא וועט זי אויך געווינען פון דעם — זי וועט אין זיין פאָרשטעלונגס קראַפט אויסקוקן א סך רייצנדער ווי זי איז אין לעבן.

רוט האָט זיך געלאָזט גיין אַראָפּ פון דער וועראַנדע און, פאַרביי גייענדיק פערצאַוון, האָט זי באַמערקט ווי שאַרף ער האָט זיך א דריי געטאָן פון איר. זי האָט פאַרשטאַנען, אז ער איז נאָך אונטער דעם אומאַנגענעמענעם איינדרוק פון איר אויסגעשריי באַ דער באַגעגעניש אויף די טרעפּ און זי האָט באַשלאָסן אָפּצומעקן דעם איינדרוק מיט פריינטלעכער באַציאונג צו אים.

— מיסטער פערצאַוו, — האָט זי א זאָג געטאָן. — מיר דאַכט זיך, אז איר אַנטלויפט פון מיר.

— הממ... איך אַנטלויף ניט, — איז ער אויף א מאָמענט געבליבן שטיין ווי צעטומלט. — ניין, כ׳האָב בלויז געמיינט, אז ס׳איז בעסער ניט צו באַאומרואיקן...

— פאַרקערט, מיר דאַכט זיך, אז מיר אַלע דאָ דאַרפן געפינען א געמיינשאַפטלעכן אינטערעס סיי אין דער קונסט און סיי אין דער פריינטשאַפט. דענקט איר ניט אזוי.

— איך וואָלט געוואָלט דענקען אזוי, — האָט ער א קוק געטאָן אויף איר, — אָבער די אינדיווידואַליטעטן פון יעדן קינסטלער דאָ זיינען אזוי שאַרף צעטיילט, אז מיר דאַכט זיך, אז דער געמיינשאַפטלעכער אינטערעס וועט זיך ניט פאַרבינדן אזוי לייכט.

— איר ווילט אפשר אַראָפּגיין אביסל שפּאַצירן? — האָט זי אים געפרעגט.

— מיט פאַרגעניגן. — האָט ער געענטפערט. — דעם אמת זאָגנדיק, איז מיר נאָך קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו שפּאַצירן מיט אזא... פּערזאָן ווי איר און אין אזא אומגעבונג ווי דאָ.

— כאַ, — האָט זי א שמייכל געטאָן, לאָזנדיק זיך אַראָפּגיין די טרעפּ. — דאָס וואָרט „אַזאַ״ האָב איך מורא, וועט ווערן ווי א מין עפּיטעט צו מיין פּערזאָן. כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל געהערט דאָס וואָרט „אַזאַ״ און פון שאַרף צעטיילטע אינדיווידואַליטעטן, ווי איר באַצייכנט זיי.

— כ׳האָב געמיינט צו זאָגן, אז מיר זיינען פון צוויי באַזונדערע קלאַסן. — איז ער געגאַנגען לעבן איר.

— איר מיינט דאָך ניט צו זאָגן, אַז מענטשן זיינען פאַרשיידן, בלויז דערפאַר, ווייל זיי לעבן אונטער באַזונדערע עקאָנאָמישע אומשטענדן.

— עס איז ניט די עקאָנאָמישע אומשטענדן, עס איז די פּסיכאָ־לאָגיע פון די מענטשן וואָס ווערט געענדערט און איז פאַרשידן אונטער געוויסע עקאָנאָמישע אומשטענדן.

— דאָס גיב איך צו. — האָט רוט געענטפערט, אָבער דאָ זיינען מיר דאָך אַלע אונטער די זעלבע אומשטענדן.

— אויב מ׳וויל גלייבן אין מעטאַמאָרפאָזעס, וואָס געשעען איבער נאַכט, און אויב מ׳קאָן זיך איינרעדן, אַז די אומשטענדן דאָ זיינען פאַר אַלעמען גלייך, דאַן...

— גלייבט איר דען ניט, אַז די אומשטענדן דאָ זיינען פאַר אַלע־מען גלייך?

— אויסערלעך, — יאָ.

— און אינערלעך?

— אינערלעך בין איך דערזעלבער וואָס פריער און איר די זעלבע וואָס פריער און אונדזער וועלט אנשויאונגען האָבן זיך קיינמאָל ניט באַ־געגנט, גלויב איך ניט, אַז די נאַטור דאָ און די באַקוועמלעכקייטן אַרום האָבן געענדערט די אידעאָלאָגיעס אונדזערע. עס דאַרף נעמען אַ לאַנגע צייט ביז אידעאָלאָגיעס צעמענטירן זיך און עס מוז געשען אויף אַ גע־זונטן באָדן און ניט ווי דאָ אויף אַ קליינינקן, אָפּגעצוימטן באָדן, וואָס איז פיגוראַטיוו אין דער וועסט קעשענע פון אַ מיליאָנער און קאָן צו יעדער צייט אַרויסגעריסן ווערן פון אונדזערע פיס.

— פאַראייניקט אייך דען ניט די קונסט מיט די איבעריקע דאָ? קונסט איז דאָך אַ טעריטאָריע פאַר זיך.

— ניט פאַר די דאָזיקע וואָס האָבן אָפּגעגעבן די קונסט אין דער דינסט פון אַן אידעאַל.

— קונסט דאַרף זיין פריי.

— אין אַ פרייער וועלט.

— אין אַ פאַרשקלאַפטער וועלט אודאי און אודאי. קונסט דאַרף מיט פרייהייט פון גייסט ווייזן דעם וועג צו דער פרייהייט פון לעבן.

— ווען עס רעדן די קאַנאָנען, שווייגן די מוזעס און איך בין אַ רעוואָלוציאָנער.

— אויב אַזוי האָט אַזאַ קינסטלער ווי איר ניט בעדאַרפט קומען אַהערצו.

— איך ווייס עס.

— מיט דעם מיין איך ניט צו זאָגן, אַז איר דאַרפט גיין פון דאַנען. פאַרקערט מיר דאַכט זיך, אַז איר דאַרפט בלייבן דאָ, אָנצוגעמען זיך מיט דער גייסט פון קונסט.

— ניין, ווען איך וועל בלייבן דאָ וועל איך קיינעם ניט אָפּנאַרן— בלויז זיך אַליין. איך פיל זיך דאָ ווי אין אַ שטייג פון אַ זאָאָלאָגישן קונסט־גאָרטן. מיר האָבן דאָ אַפילו אַ פּאָר לייבן און איך בין דאָ, מסתמא, די

מאַלפּע, ניין, איך האָב געמאַכט א טעות קומענדיק אַהערצו. מיין פּלאַץ איז צווישן מענטשן. און אויב קונסט דאַרף, אַזוי צו זאָגן, פאַר זיך אַליין ווערן אַן אידעאַל און ראַטעווען די מענטשהייט, איז די קונסט איבעראַל אין דער מענטשהייט און איך זע ניט פאַרוואָס מיר דאַרפן זיך אָפּשיידן און אָפּצוימען זיך דאָ אין דעמדאָזיקן מיליאָנערסקן ווינקל.

— איר האָט דאָך אָבער געהאַט עפּעס אין זינען, ווען איר זענט געקומען אַהער? — האָט רוט געפרעגט.

— יאָ, איך האָב אָנגענומען דעם כבוד, ווייל איך האָב געוואָלט זען ווי אַזוי דידאָזיקע קינסטלער פּראָבלעם וועט געלייזט ווערן דורך דער מאַכט פון געלט, געלט וואָס קומט, איך ווייס ניט פון וואָס פאַר א קוואַל.

— האָט איר דען שוין אין דערדאָזיקער קורצער צייט געקאָנט עפּעס לערנען וועגן דעמדאָזיקן עקספּערימענט? און האָט איר דען עפּעס דאַגעגן מיליאָנערן וואָס האַלטן אויס אָפּערא־טעאַטערס און אפילו אוני־ווערזיטעטן?

— איך האָב געזען און געלערנט גענוג אויסצוגעפינען, אַז איך פּאַס זיך ניט אריין אַהערצו. איך האָב דאָך קיין קאָנטראַקט ניט געמאַכט און איך האָב דאָך דאָס רעכט אוועקצוגיין ווען איך וויל? — האָט פּערצאַוו געזאָגט.

— זיכער, — האָט רוט געענטפערט. — איך מיין אָבער, אַז ערגעץ מוז זיין א מענטשלעכע און קינסטלערישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס מיר מוזן קולטיווירן אין זיך אין באַצוג צו מענטשן און צו אידייען.

— איך בין גענוג קלאָסן־באַוואוסטזיניק צו וויסן, אַז אין דעם פאַל בין איך בלויז דער אינסטרומענט אין א מיליאָנערסקער סימפאָניע, וואָס דאַרף אויסשפּילן דעם מאָטיוו, וואָס זאָל זיך אריינפּאַסן צו זיין שטי־מונג און צו זיין סענטימענט. מיך פאַרדריסט אפילו, וואָס אַזעלכע מענטשן ווי איר און שילאַן זעען דאָס ניט.

— אָבער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט אין וועלכער מיר לעבן, איז דאָס דאָך פאָרט א שטיקל... פאַרלייכטערונג פאַר די קינסטלער.

— אויב איר ווילט פאַרלייכטערונג און רעפאָרמען פאַר די קינסט־לער דאַרפט איר זיי אויסקעמפן פון דער רעגירונג און ניט נאָר פאַר קינסטלער אַליין.

שילאַן וועט זיין ענטוישט צו הערן וועגן אייער באַשלוס.

— עס טוט מיר לייד, אָבער מיין ענטוישונג איז נאָך גרעסער. אויף מיין פּלאַץ וועלן קומען א הונדערט אַנדערע, אָבער דער וועג צו באמת פרייער קונסט איז א ווייטער און לאַנגער.

— ווען ווילט איר פאַרלאָזן די קינסטלער־היים?

— אָדער היינט, אָדער מאָרגן. ווען איר וועט אוועקפאָרן. איך וויל דאָ קיינעם ניט אויפרודערן. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אָנשרייבן שילאַנען וועגן דעם, אָבער אַז איך האָב שוין גערעדט מיט אייך, מיט זיין סעקרעטאַרין, איז נאָך בעסער.

זיי זיינען געשטאַנען אונטן באַם באַריער און אַראָפּגעקוקט צום ים. רוט אַן ענטוישטע און פּערצאַוו מיט ענטשלאָסנקייט אין דעם בליק.

— נו, איך בין צעפרידן, וואָס איך האָב אייך אָפּגעשטעלט און גע־רעדט מיט אייך. — האָט רוט געזאָגט. — מיר לערנען אַלע. איצט קאָנען מיר גיין צוריק.

— איך האָף אַז אייער באַמערקונג איז ניט צו טאַדלען מיך.

— אָ, ניין. איך האָב שטענדיק געגלייבט, אַז אַ מענטש, איבער־הויפּט אַ קינסטלער, דאַרף זיין פרייַ אין זיין אויסדריק, אין זיין שאַפן און אין זיין לעבן. דער אונטערשייד צווישן אונדז ביידן באַשטייט בלויז אין דעם וואָס איך בין צעפרידן צו זען ווי אונטער די אומשטענדן גע־פינט אַן אינדיווידועלע גרופּע קינסטלער כאָטש אַ רעלאַטיווע מאָס פון פרייהייט, אין דער צייט ווען איר זאָגט זיך אָפּ פון דער פרייהייט צוליב אַן אידעאַל, וואָס איז ווייט פון פאַרווירקלעכט צו ווערן.

זיי זיינען געגאַנגען צוריק צו דער וועראַנדע און אַרויסקומענדיק באַגעגנט שילאַנען.

— עס איז צייט צו פאָרן, רוט. — האָט שילאַן געזאָגט.

— אויב צייט, איז צייט — לאָמיר פאָרן. — אַלזאָ, — האָט זי געגעבן פּערצאַוון די האַנט. — איך האָף נאָך צו זען אייך... דאָ מיט אונדז, אויב איר וועט בייטן אייער באַשלוס.

— איך האָף צו זען אייך, אַפילו ווען איך וועל ניט בייטן מיין באַשלוס.

— גוד־ביי, מיסטער פּערצאַוו.

— גודביי, מיס מאַרלין.

*

שילאַן האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון גרעטאַן. זי האָט געשריבן:

״......איר קאָנט זיך שוין אַליין פאָרשטעלן מיין שטימונג נאָך דער דאָזיקער איבערלעבונג. ער איז גאַנצע צוויי וואָכן אַרומגעגאַנגען אַ שווייגענדיקער. זיין בליק איז געוואָרן אינגאַנצן אַ פרעמדער און געענ־דערטער. איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזעלכן. ער פלעגט אָפּ־זיצן נאָך דער פאָרשטעלונג גאַנצע נעכט אויף דער בינע, זיצן און קוקן ערגעץ אין דער פינצטערניש און שווייגן. קוקנדיק אויף אים האָב איך געמיינט, אַז איך אַליין וועל אויך אַראָפּ פון זינען. איך האָב אָבער ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב געקאָנט שרייבן אייך פריער, איך האָב אָבער געוואוסט, אַז איר קאָנט מיר אין דעם פאַל ניט העלפן און מיין בריוו וועט אייך בלויז באַאומרואיקן. איך האָב אָבער געהאָפט, אַז די שטימונג זיינע וועט זיך אויך דאָס מאָל ענדערן צום בעסערן, איך האָב אָבער געמאַכט אַ טעות. נעכטן באַנאַכט, נאָך דער פאָרשטעלונג, ווען איך האָב אים ניט געטראָפן אויף דער בינע, ווי געווײנטלעך, האָב איך זיך דערפרייט, מיינענדיק, אַז דער קריזיס איז פאַראיבער. און ווען עס

איז אוועק א שטונדע און ער איז נאָך אַלץ ניט געקומען, האָב איך באַ־שלאָסן ארויפצוגיין צו אים אין צימער. ווען איך האָב געעפנט די טיר, האָב איך אים דערזען ליגן אויף דער קושעטקע מיט א האַמער אין דער האַנט, די סטאַטוע אייער שאפונג, איז געלעגן איבערן גאנצן דיל צע־שמעטערט אויף שטיקלעך. דערזעענדיק מיך, איז ער אויפגעשפּרונגען מיט ווילדע אויסגעשרייען: ״ס׳אליגן! ס׳אליגן! און געלאָזט זיך צו מיר מיטן האַמער ווי אין בלינדן האס. איך בין קוים ארויס און דערהערט דעם זעץ פון האַמער אין דער טיר. ער האָט געשריגן ווילד און צעשמע־טערט און צעקלאַפּט אלעס אין זיין וועג. צעבראָכענע שטיקער גלאָז זיינען געפאלן מיט געקלאנג אויף דער גאס און מענטשן, פאַרזאַמלטע אונטען אויף דעם ראָג, האָבן ארויפגעקוקט, וואונדערנדיק זיך פון וואַ־נען די געשרייען און די צעשטערונג קומט. און ווען די פּאָליציי איז דערנאָך אָנגעקומען און מ׳האָט אים מיט געוואַלד ארייגעשלעפּט א צעבלוטיקטן אין וואגן, האָב איך שוין געזען, אז זיין זין איז אויסגעלאָשן. איצט איז ער אין א פּסיכיאַטרישן אנשטאַלט, ווידער א בארואיקטער, אָבער איך ווייס שוין, אז צוריק וועט ער שוין ניט קומען. ווען איר זעט זיינע אויגן, מיסטער שילאַן. ווען איר זעט מאנוסן...״

דער בריוו האָט שילאַנען דערשיטערט, אָבער ניט איבערראַשט. ער האָט געוואוסט, אז מאנוס איז א פאַרלוירענער. אין דעם זעלבן אָוונט איז ער געפאָרן מיט רוטן צום טעאַטער ״פּעמינא״ און נאָך דער פאָרשטע־לונג געזען זיך מיט גרעטאַן.

זי האָט געוויינט און געזאָגט אז דאָס איז געווען איר לעצטע פאָר־שטעלונג אין דעם בורלעסק. איר גאנצע קונסט האָט זי געזאָגט, איז באמתגעווען א ליגן — פאַר איר זעלבסט. און צוליב זיך זעלבסט וויל זי ווידער זוכן עפּעס א וועג, וואָס זאָל זי דערפירן צו דער קונסט, וואָס וועקט דעם געדאַנק און דעם גייסט, אַנשטאָט דער קונסט, וואָס וועקט דאָס בלוט.

שילאַן און רוט האָבן זיך געזעגנט מיט איר און געוואונשן איר צו געפינען דעם וועג.

*

עס איז געווען דער איין און צוואנציקסטער טאָג אין דער סטיל־בערג קינסטלער־היים. עס האָט זיך שוין דערנענטערט דער הארבסט. די קינסטלער זיינען געוואָרן פאַרטראַכטער און שעפערישער. אַ יעדער איינער איז שוין געווען פאַרנומען מיט זיין ארבעט און געשוועבט אין זיין איי־גענער וועלט. די מאַלער — רואיק, די דיכטער — אומרואיק. דער הארבסט האָט אָנגעווייעט שטימונגען, און גאמזו האָט זיך געקלאָגט, אז די נאַטור ארום איז, צו ״פילאָזאָפיש״, די נעכט צו קאַלט און עס איז ניטאָ מיט וואָס צו דערוואַרעמען זיך. א פּאָר מאָל זיינען שוין כמעט אַלע פון די קינסטלער געפאָרן קיין ניו־יאָרק און א יעדער האָט פאַרבראַכט

לויט זיין געשמאַק. אָבער צוריקגעקומען זיינען אַלע ווי אין עפּעס פאַרשולדיקטע. און ווען דאָס אַרומיקע איז אָנגעגאַנגען רואיק און פּרעציז ווי פריער, איז ווידער געוואָרן גוט אויפן האַרצן. דער איינציקער וואָס איז ניט געפאָרן קיין ניו־יאָרק איז געווען עטינגער. ער איז נאָך "פילאָזאָפישער ווי דער הארבסט" האָט אים גאַמזו געקיבעצט, עטינגער האָט אָבער אפילו מיט קיין שמייכל ניט געענטפערט. האָבן שוין אייניקע באַשלאָסן, אַז ער וועט מסתמא אָפּטאָן, ווי פּערצאַוו האָט געטאָן: ער וועט אין אַ שיינעם פרימאָרגן אָדער אָוונט פאַרנעמען זיינע זאַכן, אויב ער האָט זאַכן, און וועט אַוועק אָן אַ זיי־געזונט און מ'וועט אים מער ניט זען.

שילאַן און רוט זיינען ווידער אַ פּאָר מאָל געקומען צופאָרן, פאַרבראַכט אַ טאָג און זיינען אַוועק. זייער אָנקומען און זייער אַוועקפאָרן האָט ראַפּאַעלן געריצט און געטריבן אים מיט שטורמישע ליבעס דערקלערונגען צו רוטן. ער איז גרייט, האָט ער איר געזאָגט, צו פאַרלאָזן אַלץ און אַלעמען צוליב איר — זי האָט אָבער געשמייכלט סודותדיק דערלויבט אים צו גלעטן אירע פינגער, צו קוקן אין אירע אויגן און צו רעדן.

דאָס לעבן אַרום איז אָבער אָנגעגאַנגען מיט דער זעלבער רואיקייט און מיט דערזעלבער רוטין פון טאָג צו טאָג. די "געשעענישן" נאָך פּערצאָווס אַוועקגיין, האָט גאַמזו פאַרגעשלאָגן צו פאַרצייכענען אין אַ טאָג בוך, ווי עס טוט אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף. אַזאַ געשעעניש אַ שטייגער, ווי בינשטאָקס צאָן־ווייטיק וואָס האָט אים און קיינעם ניט געלאָזט שלאָפן אַ גאַנצע נאַכט; אָדער טאַנסקיס "רעדע", וואָס ער האָט געהאַלטן, ווען ער האָט איינמאָל בײַ אַ מאָלצייט איבערגעכאַפּט די מאָס און איז דערנאָך אַ שיכּורער אַרויף אויפן טיש; אָדער ווען שלום בלאַנק איז אַריין אין באָד צימער נעמען אַ דוש און האָט אויפגעהויבן אַ ווילד געשריי, ווען ער האָט ניט געקאָנט פאַרדרייען דעם קראַנט מיט הייסן וואַסער; אָדער ווען טשערטקאָוו האָט געכאַפּט אַ פּאָר אמתע קלעפּ פון אַ דינער בשעת דער אימפּראָוויזירטער רעפּיטיציע פון אַ נאַצי־מאָרד סצענע אין דער דראַמע וואָס ער האָט געשריבן.

דאָס אַלעס איז אָבער אויף דעם איין און צוואַנציקסטן טאָג געקרוינט געוואָרן מיט דעם קלימאַקס פון דער "טראַגי־קאָמעדיע" אויף וועלכער גאַמזו האָט געוואַרט, ווייל דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז עפּעס, מיט דער צייט, וועט מוזן פּאַסירן.

עס איז געווען עלף אַזייגער אינדערפרי, ווען צום טויער פון דער קונסט־היים איז צוגעפאָרן אַ טראָק אויף וועלכן גאַמזו, וואָס איז געזעסן אויף דער וועראַנדע, האָט דייטלעך איבערגעלייענט: "סאָלאָמאָן כייפּעץ פרוט מאַרקעט." פון טראָק איז אַרויסגעקומען אַ פרוי און אַ מאַן. זי פון אַ יאָר פופציק, אַ קליינינקע, אַ דינענקע, מיט רחמנותדיקע אויגן און מיט אַ קליינעם שטרויענעם הוט אויף דעם גרויליכן קאָפּ; ער — אַ הויכער, אַ געזונטער מיט אַ רויט פאַרברענטן פּנים, מיט לאַנגע, ווי הענגענדיקע הענט, די אַרבל פאַרקאַטשעט און דער שניפּס אָן אָפּגעבליאַקירטער איבער דעם כמעט צעכראַסטעטן העמד.

זיי האָבן זיך געלאָזט גיין צום אריינגאנג און ווען זיי האָבן אריבער־געטראָטן די שוועל האָט זיי דער פארוואלטער פון דער ווילע אָפגעשטעלט.

— איר האָט עפּעס געוואָלט? — האָט ער זיי געפרעגט, פארשטיי־ענדיק אז זיי זיינען פרעמדע, ווייל די דאָזיקע וואָס האָבן צוגעשטעלט די פּראָדוקטן האָבן שוין געוואוסט דעם אריינגאנג צו דער קיך.

— מיר ווילן זען דעם מיסטער בינשטאָק. — האָט דער מאן גע־זאָגט.

— מיסטער בינשטאָק, דעם מאָלער? — האָט דער פארוואלטער געפרעגט.

— ניט דעם מאָלער, נאָר דעם שרייבער. — האָט דער מאן גערעדט הויך, ווי וועלנדיק מיט זיין הויך־רעדן אָננעמען זיך מיט מוט. — זאָגט אים, אז זיין שוואָגער כייפעץ איז דאָ און אז זיין ווייב וויל אים זען.

— אָה... — האָט דער פארוואלטער א פארוואונדעטער א קוק גע־טאָן אויף דער פרוי. — זעצט זיך אוועק דערווייליע, — האָט ער זיי אָנ־געוויזן אויף די שטולן. — איך וועל אים גיין אראָפּרופן.

ער איז ארויפגעגאנגען די טרעפּ און געלאָזט זיך גיין צו בינ־שטאָקס צימער. כייפעץ און די פרוי בינשטאק האָבן זיך דערווייליע אנידער־געזעצט אין די באקוועמע שטולן.

— ער וואוינט זיך דאָ ווי בא גאָט אין אדעס, האָ? ווי געפעלט עס דיר דאָ? — האָט כייפעץ געזאָגט.

— עס געפעלט מיר שוין גאָר. — האָט זי געענטפערט מיט א טרויעריקן טאָן.

— טאָ פארוואָס זאָלסטו אויך ניט וואוינען דאָ מיט אים?

— דאָס רעד איך דאָך, דאָס טענה איך דאָך צו אים... זאָגט ער, אז מ׳לאָזט ניט.

— פארוואָס זאָלן זיי ניט לאָזן.

— כ׳האָב דאָך דיר שוין צען מאָל געזאָגט, אז מ׳לאָזט ניט און דו פרעגסט דיינס.

— כ׳פארשטיי ניט. אָפּגעלעבט א לעבן מיט א מאן און אויף דער עלטער ווערן אַן... אלמנה... מיט א לעבעדיקן מאן... כ׳פאַרשטיי ניט.

— ער איז קיינמאָל ניט געווען קיין צו לעבעדיקער פארשוין מיט מיר...

— נו, האָסט דאָך געוואָלט א שרייבער, א קינצלער.

אויף די טרעפּ האָט זיך באוויזן בינשטאָק און דערזעענדיק זיין פרוי מיטן שוואָגער, איז ער אויף א ווייליע געבליבן שטיין ווי געפּלעפּט.

— שרה... וואָס איז געשען... וואָס טוט איר דאָ? — איז ער אראָפּ צו זיי.

— איך וויל דיך זען... רעדן מיט דיר. — האָט זי געזאָגט פאר־לוירן.

— רעדן... וועגן וואָס רעדן? וואָס איז געשען?

— עס איז גאָרנישט ניט געשען. כ'האָב זיך בלויז ארומגעקוקט... עס לוינט זיך מיר ניט דער גאנצער עסק.

— וואָס לוינט זיך דיר ניט, וואָס פאַר אַן עסק?

— דו ווייסט וואָס פאַר אַן עסק! — האָט כייפעץ געזאָגט בייז. — וואָס איז דאָס עפּעס פאַר א מאָדע איבערצעלאָזן א ווייב און אליין האָבן זיך א גוד־טיים אויף דער עלטער?

— וואָס רעדסטו דאָרט נאַרישקייטן. — איז בינשטאָק געוואָרן רויט.

— איך בין טאקע ניט קיין קינצלער, אָבער נאַרישקייטן רעדסטו... וואוינסט זיך דאָ ווי א גראף און זי האָסטו געלאָזט אליין.

— אָבער, שרה... — האָט זיך בינשטאָק געווענדט צו זיין. פרוי.— מיר האָבן דאָך אזוי פיל מאָל גערעדט וועגן דעם. דו ווייסט דאָך, אז איך קאָן דיך ניט נעמען אהערצו.

— טאָ קום אהיים... איך וויל ניט זיין אליין...

— אוי... — האָט בינשטאָק א קרעכץ געטאָן. — איך קום דאָך איינמאָל א וואָך אהיים און דו קריגסט דאָך יעדע וואָך דיין געהאַלט, טאָ וואָס אַרט דיך, אז איך דאַרף ניט אַרבעטן און איך קאָן שרייבן.

— איך שעם זיך פאַר מענטשן... וואָס טויג מיר דאָס געהאַלט, אז איך בין עלנט. איך קאָן ניט שלאָפן גאַנצע נעכט... איך האַלט אין איין טראַכטן. האָסטו דען שוין ניט געשריבן גענוג אין דיין לעבן און קאָנסטו דען ווייטער ניט שרייבן ווי דו האָסט ביז איצט געשריבן.

— איך האָב ניט קיין כח צו אַרבעטן מער און שרייבן אין דער־ זעלבער צייט, שרה.

— טאָ הער אויף שרייבן... וואָס האָסטו דערפון.

— אוי, שרה... — האָט ער זיך פאַרקנייטשט פון ווייטיק. — זעסט דאָך... מענטשן שאַצן אָפּ מיין שרייבן. זעסט דאָך... אָט האָט מען מיר געגעבן א געלעגנהייט צו שאַפן... טאָ פאַרוואָס לאָזטו מיך ניט פאַרענדיקן מיין לעבן ווי עס איז גוט פאַר מיר. עס איז דאָך פאַר דיר אויך א כבוד שרה.

— עס וועט ניט גיין, בינשטאָקל...—האָט זיך כייפעץ אָנגערופן. — יחוס און כבוד בין איך דיר מוחל. מ'צאָלט ניט קיין אַלימאָני אָן א גט און דאָס נאָך מיט פרעמד געלט. און ס'איז ניט קיין אַלימאָני אפילו, ס'איז טשאַריטי, א נדבה... און איך וויל ניט אז מיין שוועסטער זאָל לעבן אויף די עלטערע יאָרן אויף טשאַריטי...

— איך רעד ניט צו דיר, סעם. — האָט בינשטאָק געזאָגט א בלייכער.

— דו דאַרפסט ניט רעדן צו מיר, אז דו ווילסט ניט, איך רעד אָבער צו דיר. — האָט כייפעץ אויפגעהויבן דאָס קול.

— ששש... — האָט בינשטאָק א מאַך געטאָן צו אים מיט דער האַנט.

— דאָ איז דאָך ניט קיין מאַרק, שריי ניט, איך בעט דיך.

— מאַרק — סמאַרק!... איך שעם זיך ניט מיט מיין מאַרק. איך מאַך א לעבן פאַר מיין ווייב און קינדער...

— אוי... — האָט בינשטאָק ווידער א קרעכץ געטאָן. — איך בעט דיך סעם, נעם זי אהיים און ווען איך וועל אהיים קומען, וועלן מיר רעדן. דו פארשעמסט מיך... מענטשן קוקן דאָך און הערן דאָך...

— איך פייף אויף זיי. — האָט סעם געזאָגט שוין שטילער. — איך בין אפשר ניט קיין געבולבעטער, אָבער א הארץ האָב איך. און גענוג געפּלאפּלט. קיין סאך צייט האָב איך ניט. נעם די זאכן דיינע און לאָמיר אהיים פאָרן.

— איך וועל ניט אהיים פאָרן, שרה. — האָט בינשטאָק גערעדט שטיל און ציטערדיק. — איך וויל זאָלסט פארשטיין... דאָ ליגט דער גאַנצער זין פון מיין לעבן.

— און מיין לעבן? — האָט זי געגומען וויינען. — וואו איז דער זין פון מיין לעבן?

— אָבער איך בעט דיך... פארשטיי... דו האָסט דאָך אָפּגעלעבט מיט מיר א לעבן, האָסטו גאָרניט געלערנט פון מיר? פארשטייסטו גאָר־ניט וואָס עס געשעט דאָ מיט מיר?

— איך פארשטיי... — האָט זי געכליפּעט.

— טאָ פאָר אהיים. איך וועל אהיים קומען שבת וועלן מיר ווידער רעדן.

— לא מיט אן אלעף! — האָט כייפעץ אויסגעשריגן. — איך נעם זי ניט אהיים! זי וועט זיין דאָ אזוי לאַנג ווי דו וועסט זיין דאָ.

— שריי ניט, דו... — האָט בינשטאק קאָנוואולסיוו פאקלעמט די פינגער. — שריי ניט...

— איך וועל שרייען, אז איך וועל וועלן!

— גראָבער יונג... — האָט בינשטאָק קוים ארויסגערעדט, ניט קאָנענדיק קאָנטראָלירן זיך מער.

— ווער איז א גראָבער יונג?! — האָט אים כייפעץ אָנגעכאפּט ביים לאַץ.

— אוי... סעם... לאָז אים אָפּ. — איז בינשטאָקס פרוי צו צו אים. — לאָז אים אָפּ צו מיין אומגליק...

— איך וועל דיר ווייזן ווער עס איז א גראָבער יונג... דו! — האָט זיך כייפעץ מיט א באליידיקטער מינע געקאָכט. — אהיים פאָרן! שוין זאָלסטו מיט איר אהיים פאָרן, דו שמענדריק, דו גוד פאָר נאטינג!

בינשטאָק האָט פארשטעלט די אויערן מיט די הענט, איינגעקאָר־טשעט זיך און איז געוואָרן נאָך קלענער. דערזען אויף די טרעפּ דעם פאר־וואלטער, ראפּאפּעלן און טשערטקאָוון, האָט ער א פארשעמטער אראָפּגע־לאָזט דעם קאָפּ. ער האָט ווידער געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקאָנט. געפילט ווי ס'פארכאפּט אים דער אָטעם, געפילט ווי עס דרייט זיך דער קאָפּ און עס נודיעט באם הארצן.

— ווארט... ווארט... — האָט ער קוים ארויסגעריסן פון זיך די ווערטער. — איך וועל פאָרן... איך וועל פאָרן און זאָל נעמען אן עק... צו דעם... צו מיין לעבן... צו מיין... פאסקודנעם לעבן...

ער האָט זיך געלאָזט ארויפגיין די טרעפּ מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ. בא דעם פארענטש איז שוין קיינער ניט געווען. ער איז ארייַן אין זיין צימער.

— זעסט?! — האָט כייפעץ א זאָג געטאָן מיט נצחון.

— איך האָב רחמנות אויף אים... — האָט שרה געוויינט און גע־האלטן אירע בליקן אויף די טרעפּ.

עס האָט גענומען א צען מינוט ביז בינשטאָק איז ווידער אראָפּגע־קומען מיט אן אָפּגעריבענער שווארצער וואליזע און מיט א פּאק, אָנגע־פילט מיט אלערליי זאכן און ביכער. ער האָט געשלעפּט די פּעק א בליי־כער א שוואכער, און שווייגנדיקער. געבליבן שטיין אויף א ווײַלע בא דער טיר, א פארבלענדטער פון דער דרויסנדיקער ליכטיקייט.

כייפעץ האָט מיטאַמאָל א כאפּ געטאָן ביידע פּעק און געלאָזט זיך מיט זיי צום טראָק.

— עס איז סיי ווי סיי ניט פאר דיר... — האָט ער שוין גערעדט ווייכער צו בינשטאָקן. — קיין איין טאָג וואָלט איך דאָ ניט געוואוינט מיט די "דזשוירקס"... כאַ!

— נעם זיך ניט צום האַרצן... — איז שרה געגאנגען לעבן בינ־שטאָקן און געווישט זיך די אויגן — ס'איז דיר מסתם ניט באשערט אזוי.. אזא... אוי... אוי... — האָט זי זיך צעכליפּעט.

באם טראָק שוין האָט זיך בינשטאָקס וואליזע מיט אמאָל צעעפנט אין כייפעצעס הענט און דער אנצוג און וועש און פאפּירן זיינען ארויס־געפאלן און זיך צעשאָטן ארום דעם טראָק. בינשטאָק האָט זיך אָבער ניט אָפּגעשטעלט צוריק איינצופאקן די זאכן. ער איז מיט שווערקייט ארויף אויף דעם טראָק און זיך ניט אומגעקוקט אפילו צו זען צי שרה נעמט צענויף די זאכן זיינע. דער טראָק האָט גענומען זשומען, טאַראַטאַכקען און שיסן מיט שווארצן שטינקענדיקן רויך און ווען שרה מיט דער וואַ־ליזע זיינען שוין אויף ארויף, האָט ער זיך א ריס געטאָן ווי א חיה און איז אוועק איבער דעם שמאָלן און זיגזאגישן אספאלטענעם וועג...

— נו, אָט גייט ער דער קינסטלער ווידער אין שטייג ארייַן. — האָט גאמזו א זאָג געטאָן צו טשערטקאָוון וואָס איז געשטאַנען לעבן אים אויף דער וועראנדע. — איר זעט? — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם טראָק וואָס איז פארשוואונדן הינטער א בארג, — דאָרט אין דעם שווארצן קאַסטן צאפּלט זיך איצט א מענטשלעך הארץ. ער מעג מיט אלע פארהיי־ראטע קינסטלער זאָגן:

Два достоянья дала мне судьба
Жажду свобод и долю раба.

*

שילאָן איז געווען צערודערט. דאָס אוועקגיין צום ערשטן פון פער־צאָוון און דערנאָך פון בינשטאָקן האָט אים געצוואונגען צו פארטראכטן

זיך וועגן דעם צעזאַמענשטעל און וועגן דער אַלגעמיינער אידייע פון דער קונסט־היים. רוט האָט אים געטרייסט, אַז עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז די קינסטלער, אַרויסגעריסענע פון זייער לעבנס סביבה און געוואוינהייטן, זאָלן פון אָנפאַנג ניט קאָנען צופּאַסן זיך צו די נייע אומשטענדן, ווען די אומשטענדן זיינען אַפילו גינסטיקער און באַקוועמער פאַר זייער שאַפן און פאַר זייער לעבן. עס מוז נעמען אַ שטיקל צייט ביז זיי וועלן זיך "אַקלימאַטיזירן", אַזוי צו זאָגן. דער פאַל מיט פערצאָוון האָט באַוויזן, אַז ווען אַ קינסטלער וויל פאַראייניקן קונסט מיט פּאַרטייאישע דאָגמען, ווערט די פּאַרטיי זיין די זיגערין. ווייל די פּאַרטיי נוצט אויס די קונסט און די קולטור און קאָן זיך ניט באַגיין אָן איר; אַ קינסטלער קאָן אָבער זיין רעוואָלוציאָנעריש און סאָציאַל און דאָך באַגיין זיך אָן אַ פּאַרטיי און אָן פּאַרטיי מעטאָדן. און פערצאָוו האָט דאָס ניט געזען. דער פאַל מיט בינשטאָקן, האָט רוט געזאָגט, באַווייזט, ערשטנס, אַז דער באַשלוס פון דער קינסטלער־היים ניט אַריינצונעמען קיין פאַרהייראַטע קינסטלער איז געווען אַ ריכטיקער און צווייטנס, אַז אַ קינסטלער, ווי גאַמזו זאָגט, דאַרף פאַרבלייבן זיין גאַנץ לעבן אַן "אַנטי־גאַמיסט", אויב ער קאָן ניט זיין קיין פּאָליגאַמיסט. און דער וואָס איז אַ מאָנאָגאַמיסט איז אַ... בינשטאָק פאַר דער קעניגן דער מאַטקע מיט איר דריי טויזנט גיפטן.

שילאַן האָט זיך צוגעהערט צו אירע ערנסטע רייד און צו די שפּאַסיקע רייד און האָט געשמייכלט. ער האָט געקוקט אויף איר, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ בריוו און ווי געוואויגן אים.. — דער בריוו מיטן נאָמען פון פּאָעט — מלך ראָזענקראַנץ.

*

עס זיינען אַוועק נאָך עטלעכע וואָכן. דער האַרבסט איז געקומען נענטער און אין די לאַנגע נעכט האָט גאַמזו געבענקט נאָך די טישלעך פון דער ליטעראַרישער קאַפע. ער איז אַ פּאָר מאָל געפאָרן קיין ניו־יאָרק מיט טשערטקאָוון און מיט ראַפאַעלן און זיי האָבן ביידע מאָל פאַרבראַכט ביז נאָך האַלבער נאַכט אין דעם אָנגערויכערטן און רוישיקן קאַפע־רעסטאָראַן און זיי זיינען צוריקגעקומען אין דער קונסט־היים מיט בענקעניש נאָך עפּעס, ווי נאָך דער בענקעניש נאָך אַ פרוי וועלכע מ'וויל האָבן און מ'וויל ניט הייראַטן", ווי גאַמזו האָט עס אויף זיין שטייגער אויסגעדריקט.

ראַפאַעל האָט פאַרענדיקט אַ בילד, וואָס ער האָט אָנגערופן "דער טרוים" — אַ סילועט פון אַ מיידל צווישן די סקאַלעס באַם ברעג פון ים. אַלע האָבן דערקאָנט אין סילועט רוטס געשטאַלט און אירע אויגן — בלויז די אויגן אין סילועט.

שלום בלאַנק האָט געמאָלן דעם "אייביקן וואַנדערער", אַ שוועבנדיקן איבערן ים צו דער ווייטער, פאַרנעפּעלטער "סטאַטוע פון פרייהייט." עטינגער האָט שוין געהאַט אַ גאַנצן העפט נאָטיצן פאַר זיין אַרבעט "די נשמה פון קונסט' און גאַמזו האָט געשריבן אַ נאָוועלע "דער אויפשטאַנד."

טאַנסקי, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אז גאמזו שרייבט וועגן דעם אויפ־שטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ, האָט ער אים יעדן טאָג פאַרפּאַלגט, בעטנדיק אז גאמזו זאָל פאַרלייענען פאַר אים דאָס אָנגעשריבענע קאַפּיטל און יעדעס מאָל, אוועקגייענדיק פון גאמזון, האָט ער געדאַנקט א באַגייס־טערטער און איז געלאָפן גלייך צו דער פּיאַנאָ. ווייל אויך ער, ווי ער האָט פאַרטרויט גאמזון, האָט געשאַפן זיין סימפאָניע אויף דער זעלבער טעמע ״אויפשטאַנד״ — א סימפאָניע פון שטורם, גייסט און טרויער.

עס איז געווען אין א זונטיק אינדערפרי, ווען שילאַן און רוט זיינען ווידער אמאָל געקומען באזוכן די קינסטלער היים. דער טאָג איז געווען א קלאָרער, אָבער א ווינטיקער. פון די בערג האָט געטראָגן מיט קעלט און די כוואַליעס האָבן געשלאָגן די סקאַלעס מיט מידלאָזער קראַפט און עקשנות.

עס איז שוין אוועק כמעט א וואָך זינט שילאַן איז געווען אין דער קינסטלער היים. אין דער דאָזיקער צייט האָט ער זיך געזען מיט סטיל־בערגן, וועלכער האָט זיך געפילט קראַנק און איינזאַם. ער האָט אויך א פּאָר מאָל גערעדט אויף דעם טעלעפאָן מיט דעם פאַרוואַלטער און מיט טשערטקאָוון און געפילט באַרואיקט, ווען זיי האָבן אים געזאָגט, אז אַלעס איז אין אָרדענונג און דאָס לעבן גייט אָן שטיל און שעפעריש.

אין דעמדאָזיקן זונטיק אינדערפרי, פאָרנדיק מיט רוטן אין דער מאַשין, וואָס איז געקומען נאָך זיי איז שילאַן געזעסן א פאַרטראַכטער און שווייגנדיקער.

רוט איז אויך געזעסן א שווייגנדיקע דעם גאַנצן וועג כמעט, און ווען זיי זיינען אָנגעקומען צו דער קינסטלער־היים, האָבןביידע מיט אמאָל דערפילט א דערלייכטערונג.

— מיר דאכט זיך, אז מיר ווערן שוין צו גוטע און נאָענטע פריינט, — האָט שילאַן, ארויסגייענדיק די טרעפּ מיט רוטן, געזאָגט.

— פאַרוואָס דענקט איר אזוי? האָט רוט געפרעגט.

— ווייל בלויז אין נאָענטער פריינטשאַפט קאָנען צוויי מענטשן פאַרגינען זיך צו זיצן צוזאַמען כמעט צוויי שעה צייט און ניט ארויס־רעדן כמעט קיין וואָרט איינער צום צווייטן.

— אמאָל אין פריינטשאַפט און אמאָל אין פיינטשאַפט. — האָט רוט געזאָגט.

— פיינטשאַפט, הא? — האָט ער געשמייכלט. — דאָס וועל איך שוין זען אויסגעפינען, אפשר היינט נאָך.

— אָלרייט. פּרובירט און געפינט אויס. — האָט זי אויך געשמייכלט.

— און פאַרוואָס טאַקע ניט שוין, רוט? — איז ער געבליבן שטיין.

— פאַרוואָס טאַקע ניט, שוין, שילאַן? — איז זי געבליבן שטיין לעבן אים.

— איך האָב מורא, אז אין דער נאָענטער פריינטשאַפט זאָלט איר ניט פאַרלירן דעם אינטערעס צו מיר.

— נו?...

— איז דאָס אַלעס וואָס איר קאָנט זאָגן, איז נו?...

— לאָמיך הערן וואָס איר קאָנט זאָגן.

— איך בין כמעט צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי איר, רוט.

— דארפט איר מיר זאָגן צוויי מאָל אַזוי פיל.

— איר מאכט עס ניט לייכטער — איר מאכט עס שווערער פאר מיר.

— עס מוז זיין א שרעקלעכע זאך, וואָס איר ווילט מיר זאָגן, אויב עס איז אזוי שווער פאר אייך?

— עס איז ניט שרעקלעך, עס איז אָבער שווער... אָט ווי א טאָן גאָלד אויפצוהייבן. עס איז אָבער איצט דאכט זיך דער עכט פסיכאָלאָגישער מאָמענט. איך וועל עס זאָגן און וועל גלייך עפענען די טיר — אויב ס'איז שלעכט, וועלן מיר איבערלאָזן די פארלעגנהייט אויף די טרעפ און... מיר וועלן פרובירן פארגעסן, וואָס איך האָב געזאָגט.

— איר נעמט מיר ארויס די נשמה...

— ווילט איר זיין מיין פרוי, רוט? — האָט ער מיטאמאָל אויפגעעפנט די טיר.

זי האָט זיך הילכיק און פריידיק צעלאכט:

— איר זענט א סאך יונגער ווי איר זענט, שילאָן... קיין בעסערן מאַן האָב איך זיך קיינמאָל ניט געוואונטשן.

— רוט...

— שילאָן...

זיי האָבן אריבערגעטראָטן די שוועל און פארמאכט די טיר. געבליבן שטיין, קוקנדיק מיט פריידיקע בליקן.

אין דעמדאָזיקן טאָג איז די שטימונג בא אַלעמען געווען א דערהויבענע. שילאָן האָט באזוכט ראפאעלס און בלאנקס סטודיאָס און שטאַרק געלויבט זייער ארבעט. גערעדט מיט טשערטקאָוון וועגן זיין דראמע און מיט טאנסקין וועגן זיין סימפאָניע; דערציילט זיי וועגן דעם דיכטער ראָזענקראנצן, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אין דער קינסטלער־היים; און באם מיטאָג געקיבעצט גאמזון, אז אויב ער האָט ביז איצט ניט געפונען נאָך זיין גלייכן אין געפעכט מיט וואָרט, וועט ראָזענקראנץ זיכער זיין א ווירדיקער און אין דער זעלבער צייט א שארפער קאָנקורענט.

— איר דארפט מיר ניט דערציילן ווער ראָזענקראנץ איז — האָט גאמזו געשמייכלט. — איך קאָן ראָזענקראנצן ווען ער איז נאָך געווען דער מאָדערנער בדחן אויף די מאָדערנע אידישע חתונות. ער איז א דיכטער פארעקסעלענץ, א דיכטער מיט א יידישער נשמה, מיט א יידישן ניגון און מיט דעם פיינטעלע פילאָזאָף, וואָס שטעקט ארויס פון אים ווי דער לבנה־האָרן אין באנאכטיקן הימל. אָבער... ער טרינקט, שילאָן... אוי, קאָן ער טרינקען! איך האָב נאָך ניט געזען קיין איינעם, וואָס זאָל זיך קאָנען פארמעסטן מיט אים.

— א יעדער פון אונדז האָט זיינע שוואכקייטן. — האָט שילאָן גע־

שמייכלט און געוואָרפן בליקן צו ראַפאַעלן, וועלכער האָט מיט זיין גע־וויינלעכן אָפּענעם צוגאַנג אין געשפּרעך און אין דער באַנעמונג גערעדט צו רוטן וועגן זיינע שלאָפלאָזע און פאַרצערנדע נעכט, וואָס זיינען אָנגע־פילט מיט בענקעניש נאָך איר.

רוט האָט געהערט און געשמייכלט — געשמייכלט מיט א קלוגן שמייכל צו שילאָגען.

עטינגער איז אין דעם טאָג געווען א צעטראָגענער און פאַרכמורע־טער. ער איז געזעסן באַם טיש און צו קיינעם ניט גערעדט. ער האָט כמעט ניט געגעסן און האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין טראָפּן אינטערעס צו קיינעם. רוט האָט עס באַמערקט און האָט באַשלאָסן, אז נאָכן עסן וועט זי רעדן מיט אים, אַרויסצושלעפּן אים פון דער דאָזיקער שטימונג. זי האָט זיך געפילט אין א דערהויבענער שטימונג און זי האָט געוואָלט, אז אַלע אַרום איר זאָלן פילן אַזוי.

נאָכן עסן, ווען רוט האָט געזען, אז עטינגער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע, איז זי צוגעקומען צו אים און געזאָגט.

— דער האַרבסט זע איך, ווייעט אָן אויף אייך טרויעריקע שטי־מונגען.

— ניט אַזוי דער האַרבסט, ווי די מענטשן. — האָט ער געענטפערט און גלייך צוגעגעבן: — כ׳מיין ניט די מענטשן דאָ, כ׳מיין די מענטשהייט אין אַלגעמיין.

— ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער מענטשהייט, זיינען מיר דאָך א טייל פון איר, מיר טאָרן אָבער ניט זיין דער טייל, וואָס טראָגט די שווארצע ברילן.

— עס איז ניט קיין ברילן, מיס מאַרלין, עס איז די טונקלקייט אַרום.

— אַמאָל איז טונקל, אַמאָל איז ליכטיק. שטענדיק טונקל און שטענדיק ליכטיק קאָן ניט זיין. אָט, איר זעט דעם ים? אין האַרבסט איז ער גרוי און שטורמדיק...

— איך זע... אייגנטלעך, איז דאָס אַלעס וואָס איך זע. דער ים... די טיפע וואַסערן... זיי דערמאָנען און ציען...

— איר דאַרפט פאַרגעסן.

— קאָנט איר דען וויסן, וואָס איך קאָן ניט פאַרגעסן?

— איך ווייס, ווייל איך האָב געלייענט אייער בריוו.

— אַה, ווייסט איר, הייסט עס.

— איך ווייס... און איך ווייס אויך, אז איר קאָנט מיט גאָרניט העלפן מער.

— איך קאָן זיי ניט העלפן מער, אָבער זיך קאָן איך דאָך העלפן.

— מיט מוט און מיט אַרבעט, — האָט רוט געזאָגט, פאַרשטייענדיק זיין מיין...

— יאָ, מיט מוט — אונטערצוגיין... אָט דאָרט אונטער די טיפע כוואַליעס.

— איר זעט דאָך — איר האָט זיך דעמאָלט געראַטעוועט. דאָס לעבן האָט אייך געוואָלט און וויל אייך.

— איך בין דאָס לעבן און איך בין דער טויט און "Homo Sui Juris" — יעדער מענטש איז דער ריכטער און מאַסטער איבער זיך אַליין.

— דעם טויט וועט איר קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן.

— און דאָס לעבן וועל איך קיינמאָל ניט באַזיגן.

— צוליב וואָס באַזיגן? לעבט אייער לעבן. — האָט רוט גערעדט מיט טיפער איבערצייגנדער פריינדלעכקייט.

— איך האָב עס שוין אָפּגעלעבט און דאָס איז דער סוף, אָדער ריכטיקער די גרענעץ באַם סוף — דער ריכטיקער סוף איז דאָרט,—און איך בענק נאָך דעם דאָזיקן סוף — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם ים.

— א שרעקלעכער סוף.

— דער סוף וואָס וועט קרוינען מיין לעבן.

— שילאַן וואָלט אפשר געוועזן...

— ניין, ניין, איך בעט אייך! רעדט ניט מער וועגן דעם...—האָט ער א דענערווירטער געזאָגט.

— דאָס וואָלט געוועזן דאָס בעסטע — ניט צו רעדן און ניט צו טראַכטן מער וועגן דעם. — האָט רוט געשלאָסן דעם געשפּרעך און ארומגעקוקט זיך.

זי האָט דערזען שילאַנען און האָט פיל בעדייטנד אָנגעוויזן מיט די בליקן אויף עטינגערן. שילאַן האָט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט און איז צוגעקומען. אָבער ווי נאָר ער איז צוגעקומען, האָט זיך עטינגער האַסטיק א דריי געטאָן און געזאָגט:

— איר וועט מיר ענטשולדיקן...

געלאָזט זיי ביידן שטיין און געלאָזט זיך גיין אראָפּ פון דער וועראַנדע.

— א שטימונג אזא? — האָט שילאַן געפרעגט.

— נאָך ערגער ווי א שטימונג. — האָט זי געענטפערט.

דער טאָג איז אוועק אין געשפּרעכן וועגן קונסט און קינסטלער, וועגן ניו־יאָרק און וועגן די אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן, וואָס האָבן זיך געשפּינט און געריסן, געריסן און ווידער געשפּינט. דערנאָך איז געקומען דער אָוונט און דער מאָלצייט. און נאָכן מאָלצייט זיינען אַלע ארויסגעגאַנגען אויף דער וועראַנדע זען דעם פּורפּור־בלוטיקן זון־אונטערגאַנג אין דעם צעשטורעמטן ים.

און עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט ווען אַלע זיינען געזעסן אין גרויסן זאַל, געגרויכערט און געשמועסט. שילאַן האָט באַדויערט, וואָס עזרא האָט דאָס מאָל ניט געקאָנט פאָרן מיט אים און מיט רוטן. עפּעס א מאָדנע ענדערונג קומט מיט אים פאָר, — האָט ער דערציילט רוטן וועגן דעם מאָמענט ווען עזרא האָט מיט עפּעס א פאַרצווייפלטער ענטשלאָסנ־

קייט אוועקגעשליידערט זיין ליולקע — און, דערציילנדיק, געקוקט אויף איר און געשמייכלט.

די טירן פון זאל זיינען געשטאַנען אָפן און מ'האָט געקאָנט פילן דעם שטאַרקן שטורמדיקן באַנאַכטיקן ווינט, וואָס האָט זיך געריסן דורך דער וועראַנדע. די שווערע פאָרטיערן בא די טירן און בא די פענצטער האָבן געפלאַטערט ווי פאַנאַנדערגעבלאָזענע פון א מעכטיקן אָטעם. דער רויש פון די כוואַליעס האָט זיך דערטראָגן ווי דער בייזער ברום פון א מיסטע־ריעזן גייסט. אלעס ארום אין דעמדאָזיקן אָוונט האָט אויסגעוויזן איז אָנגע־פילט מיט מעלאַנכאָלישער טריבקייט און אלע האָבן אין קאָנטראַסט גע־וואָלט אויפהייבן זייערע אייגענע שטימונגען, אויפהייבן זיי ווי ליכטיקע פאַקעלן אין אָנקומענדיקער פינצטערניש. אלע חוץ עטינגערן. ער איז געזעסן אין א זייט אין דער טונקלקייט פון א מאַרמאָרנער קאָלאָנע און האָט געשוויגן. רוטס בליקן צו אים האָבן ניט געהאָלפן. ער האָט זיי אויס־געמידן.

שילאַן האָט פאַרגעשלאָגן גאַמזון ער זאָל לייענען א קאַפּיטל פון זיין "אויפשטאַנד." איז ער ארויפגעגאַנגען נעמען דעם מאַנוסקריפט, צוריק־געקומען און גלייך גענומען לייענען. די געשילדערטע סצענע אין גאַמזוס קאַפּיטל האָט פאַרטריבן יעדן איינעם צו א מעדיטאַטיווער שטימונג און ווען ער האָט געענדיקט, האָט קיינער קיין וואָרט ניט געזאָגט. אלע זיינען געזעסן שווייגנדיקע און גאַמזו האָט זיך פון דעם ניט באַליידיקט — פאַרקערט, ער האָט דערפילט, אז מיט זיין וואָרט און שילדערונג האָט ער אָנגערירט אזעלכע טיפקייטן פון געדאַנק און פון פיין, וואו דאָס שוויגן פון די ארומיקע האָט געשריגן העכער פון ווערטער.

טאַנסקי האָט זיך פּלוצים אויפגעהויבן פון זיין שטול, צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ און געזאָגט:

— איך וועל אייך שפּילן... פון מיין "אויפשטאַנד."

ער האָט זיך אנידערגעזעצט באַ דער פּיאַנאָ און האָט אָנגעהויבן שפּילן.

אין דער שטילקייט האָבן זיך די פּיאַנאָ־קלאַנגען אנגעהויבן גיסן ווי פון ווייטע ווייטן, ווי פון ווייטע צייטן מיט א קוים דערהערבאַרער, מיט א קוים דערגרייכבאַרער עקזאָטישער און מיסטישער מעלאָדיע. ווי אין ווינט פון מדבר, האָט זיך אונטער דעם ריטם פון שטילע באַראַבאַנען, געטראָגן אן אָריענטאַלישער ניגון, א ניגון, וואָס איז לאַנגזאַם געוואַקסן מיט שטורמדיקן אַפּאַטעאָז צו א געזאַנג פון ליבע, פון תפילה, פון גייס־טיקער דערהייבונג... ווי פון ווייטע וועגן פון ווייטן לעבן האָט זיך מיט געקלאַנג פון כלי־זין, מיט געשרייען פון זיג געטראָגן דער ניגון ארויף, ארויף, שטייגנדיק דאָ און דאָרט מיט נביאישן פּאַטאָס צו רגעס פון צאָרן, צו רגעס פון געטלעכן רוף, צו רגעס פון טרייסט... און לאַנגזאַם האָט דער ניגון גענומען נידערן אראָפּ, אראָפּ... צו כאַאָטישער, צעריסענער און, פול מיט טרויעריקע טענער, פאַרזונקענקייט... געגנידערט, געהוי־דעט און געהויבן זיך מיט קלעזמעריש־טרויעריקן, בדחניש־וויינענדיקן

געזאנג, מיט קאטערינקע־טענער פון שמאָלע געסלעך, מיט בעטלער־לידער אונטער אָרעמע יידישע פענצטער... און ווייטער, ווייטער... פאַר־וועבטע אין דער "שבועה־ליד", אין דער "ווארשאַוויאַנקא", אין דער "התקוה" און "אינטערנאַציאָנאַל", האָבן זיך די מעלאָדיעס כאאָטיש, ווי אָפּגעריסענע האָרבסטיקע בלעטער, פאַרדרייט אין שטורם פון אָנקומענ־דיקע שרעק, וואָס האָט זיך דערנענטערט ווי מיט ווייטען מעכאַנישן שפּאַן פון מאַרשירנדע פיס, מיט שאַל פון טרומפּייטן, מיטן געקלאַנג פון קריכנדיקע טאַנקן, מיט זשום פון עראָפּלאַנען און מיטן געקראַך פון באָמבעס... יודע... יודע... — האָט זיך אויסגעוויזן, שרייען גרילצנ־דיקע טענער... יודע!... און די קאָנטשעטע האָט געשטיגן, געשטיגן און געגידערט צו טרויער, צו יאוש, צו האָפענונגסלאָזער פאַרצווייפלונג... און עס האָבן געדונערט און געשטורמט די טענער אין כאאָס פון קאַמף... און עס האָבען זיך געהויבן און עס האָבן געגידערט די געפילן און די גע־דאַנקען צוזאַמען מיט די קלאַנגען... און עס האָבן געקלאַפּט די הערצער, און עס האָט געשטורמט דאָס בלוט אין דער פּאַטעטיק פון אויפשטאַנד...

אָבער מיט אַמאָל האָט טאַנסקי אויפגעהערט שפּילן. דער אַלטער אַנטיק־זייגער וואָס איז געשטאַנען לעבן דער פּיאַנאָ בא דער וואַנט, האָט גענומען שלאָגן צוועלף. אין דער שטילקייט האָט דאָס קלינגען פון זייגער מיטאַמאָל באַקומען אַ סימבאָלישן זין. לאַנגזאַם ווי מיט טיפן טרויער האָט דער זייגער געקלונגען און אַלע זיינען געזעסן שווייגנדיקע און האָבן גע־וואַרט. אַלע — אָבער ניט עטינגער. ער האָט זיך מיטאַמאָל אַ הייב געטאָן פון שטול, געשטאַנען אַ ווײַלע אַ בלייכער, ווי אין אַ טראַנס און ווען ער האָט דערשפּירט אויף זיך רוטס פאַרשנדיקן בליק, האָט ער זיך מיט שנעלע טריט אַ לאָז געטאָן צו דער טיר און איז אַרויס...

טאַנסקי האָט שוין מער ניט געשפּילט. ער איז אָבער נאָך אַלץ געזעסן בא דער פּיאַנאָ, אַ פאַרזונקענער אין געדאַנקען.

— אך, גאָט! — האָט גאַמזו אַ זאָג געטאָן. — און מיר שרייבער מיינען, אַז דאָס וואָרט קומט צום ערשטן און אַז דאָס וואָרט איז אונדזער מעכטיקסטער אויסדריק. ניין, ניט דאָס וואָרט — דאָס געזאַנג. און איך טראַכט איצט, ווי אָרעם דאָס וואָרט וואָלט געווען, ווען איך וואָלט באַדאַרפט איבערגעבן מיט אים, מיט דעם וואָרט, דאָס וואָס טאַנסקי האָט געזאָגט מיט קאַלנג; דאָס וואָס ער קאָן איבערגעבן דורך נאָטן. ניין, אַ יעדער מענטש וואָלט בעדאַרפט קאָנען לייענען דעם קלאַנג, ווי ער קאָן לייענען דאָס וואָרט, און דעמאָלט, ווען אַ שרייבער וואָלט געוואָלט איבערגעבן דעם ניגון ,וואָס ער וויל, אַז אויך דער לייענער זאָל הערן, ווי ער הערט אים, שרייבנדיק, וואָלט דאָס געווען די העכסטע דערגרייכונג פון האַרמאָניע אין דער קונסט פון שרייבן.

— לערנט זיך צום ערשטן אויס שרייבן. — האָט טשערטקאָוו מיט אַ קיבעץ געוואָלט איבעררייסן די שטימונג.

— אך, טשערטקאָוו, איר פאַרשטייט וואָס איך מיין.

— געוויס פאַרשטיין איך, גאַמזו. — האָט ער אים געקלאַפּט אין

פלייצע. — אָבער מיר זיינען נאָך זייער ווייט פון אזא קינסטלערישער קולטור.

— און האָט איר געזען ווי די מוזיק האָט געווירקט אויף עטינגערן?

— ס'איז ניט נאָר די מוזיק אפשר. — האָט טשערטקאָוו געענט־פערט. — ס'איז דאָס אָן וואָס די מוזיק האָט דערמאָנט אפשר...

— נו, צייט צו גיין שלאָפן.

— יאָ... צייט...

אלע זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען צו זייערע צימערן; ווער צו שלאָפן, ווער צו טראכטן, אָדער צו לייענען. די נאַכט איז געוואָרן שטורמ־דיקער און דער ים רווישיקער.

פארטאָג האָט זיך רוט אויפגעכאפט פון עפּעס א מאָדנע געפּיל, אָדער פאָרגעפיל. זי איז געלעגן אין בעט א באאומרואיקטע און עס האָט זיך איר געוואָלט וויינען... זי האָט ניט פארשטאַנען און ניט געוואוסט פארוואָס זי האָט זיך פּלוצים אויפגעכאפט אין אזא טרויעריקער שטי־מונג.

די פענצטער האָבן נאָך אלץ געדרינדזשעט פון ווינט און דער גערויש פון די כוואליעס האָט נאָך אלץ ווי אָנגעשלאָגן זיך אָן איר הארץ. זי האָט געזען ווי דער הימל ווערט ליכטיק־בלוילעכער און ווי די שאָטנס אין די ווינקלען פון צימער ליגן נאָך, ניט באַרירטע פון דער ליכט. זי האָט זיך אנידערגעזעצט אויפן בעט און איז געזעסן אָן געדאנק, בלויז מיט א טיפן געפיל פון עפּעס ציענדן אראָפּ... אראָפּ...

לאנגזאם האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין. געשטאַ־נען א ווײַלע און געלאָזט זיך גיין מיט שטילע טריט צום פענצטער. זי האָט ארויסגעקוקט. דערזען דעם הימל — בלוי, מיט צעריסענע יאָגנדיקע כמאַרעס... א קוק געטאָן אויף דעם ים, וואָס האָט זיך אין דער פארטאָ־גיקער גרויקייט נאָך אלץ געריסן און געפּינעט מיט שטורמדיקן שוים... געשטאנען און געקוקט און פּלוצים דערזען ווי אויף די וויגנדיקע און הויקערדיקע כוואליעס טראָגט זיך, אַראָפּ און ארויף, ארויף און אראָפּ א קליין איינזאם שיפל... און אין דעם שיפל... — ער... ער... עטינגער,,, עטינגער...

מיט ציטערדיקע הענט האָט זי גענומען ארויפשלעפּן אויף זיך דעם נאכט־ראָק און ווי אַן אָפּגעריסענע פון ברעג צום תהום, האָט זי זיך גע־לאָזט לויפן פון צימער צו שילאָנס טיר.

— שילאָן!... שילאָן!... — האָט זי גענומען קלאפּן... — שילאָן...

און יוען ער איז ארויס צו איר א פארשלאָפענער און דערשראָ־קענער, האָט זי אים גענומען שלעפּן צום פענצטער:

— ער וועט מער ניט צוריקקומען, שילאָן... ער וועט ניט צוריק־קומען... ס'איז דער סוף...

שילאָן האָט זיך איינגעקוקט אין ווייטן זינקענדיקן שיפל צווישן די־באַרמלאָזע, מאָנסטערהאפטע כוואליעס און ער האָט געשוויגן.

דערנאָך האָט ער זיך געלאָזט גיין מיט רוטן צו עטינגערס צימער. די טיר איז געשטאַנען אויפגעפּראַלט. דאָס בעט — ניט באַרירט. אויפֿן טיש איז געלעגן א בויגן פּאַפּיר מיט זיין לעצטער אָנגעשריבענער פראַזע: "Finis coronat opus"

*

עס איז געווען א ליכטיקער הארבסט־טאָג ווען שילאַן איז צוגע־פאָרן מיט א מאַן צו דער סטילבערג קינסטלער־היים. ווען זיי זיינען ארויסגעקומען פון דעם אויטאָ האָט שילאַן, אָנווייזנדיק מיט דער האַנט, געזאָגט:

— אָט דאָס איז אייער נייע היים, ראָזענקראַנץ.

ראָזענקראַנץ, א הויכער און דינער, מיט א ביינערדיק טונקל פנים און מיט זייער קורץ־געשוירענע האָר, האָט בעטראַכט די ווילע, אראָפּגע־קוקט צום ים און געזאָגט:

— עס ציט מיך צוריק קיין ניו־יאָרק, שילאַן... — צוריק צו דער צווייטער עוועניו...

— שוין טאַקע?

— שוין.

געשריבן אין זומער 1945
מאַטעס דייטשן א מתנה
צו זיינע פופציק יאָר.

# נאָניצן וועגן די דיכטער און שריפטשטעלער פון דריטן באנד "ליטעראַרישע זאמלונגען"

### איציק מאַנגער
### לאָנדאָן

דער אייגנאַרטיקער יידישער פּאָעט־באַלאַדיסט און ליריקער. ארויסגעגעבן (פארלאג "אַליינעניין") די ביכער: "שטערן אויפן דאַך" (1929, בוקאַרעשט) — "לאמטערן אין ווינט" (1933, ווארשע) — "חומש לידער" (1925, ווארשע) "מגילה לידער" (1936, ווארשע) — "וואָלקנס איבערן דאַך" (1942, טשערנאָוויץ־ווארשע־לאָנדאָן) ארום און ארום ארויסגעגעבן דערוויילע צען ביכער. געדרוקט זיך אין די אָנגעזעענסטע זשורנאַלן און צייטשריפטן: "ליטעראַרישע בלעטער" — "צוקונפט" — "יידישע קולטור" און פילע אנדערע.—אָנגעשריבן א צאָל פּיעסן פון וועלכע די "כישוף־מאַכערין" איז אויפגעפירט געוואָרן אין ווארשע אין 1937 און אין ניו־יאָרק אין 1943, דורך דער "פאָלקס בינע" אונטערן נאָמען "גאָלדפאדענס־חלום" קאָמפּילירט און רעזשיסירט פון י. ראַטבאַאומען, הויפטזעכלעך לויט דעם טעקסט פון איציק מאנגערס "כישוף־מאַכערין", צעזאמענגעשטעלט לויט די כאראקטערן פון גאָלדפאדענס קאָמעדיעס.

די לידער אין דעמדאָזיקן זאַמלבוך זיינען פון דעם פארפאַרטיקטן בוך "דער שניידער געזעלן נטע מאַנגער זינגט."

### וואָלט וויטמאַן
(1819—1892)

אמעריקעס ערשטער דעמאָקראַטישער זינגער, א פּאָעט פערזענלעכקייט, וואָס האָט דערפירט דעם גייסט פון דעמאָקראַטיע און פון דיכטונג כמעט ביז צו רעליגיע. ווי א גרויס ביבליש און פּאַטריארכאַליש געשטאַלט האָט ער, אַ פרייער מאַן אין טראַכטן און אין זיין עקספּרעסיע, באַזונגען די פרייהייט און הייליקייט פון יחיד און פון דעם

לעבן. ווי רב ישראל בעל שם טוב באַ אונדז יידן, האָט אויך וואָלט וויטמאַן אריינגעבראכט א נייעם באוועגלעכן לעבעדיקן שטראָם אין דער פאָלקס נשמה, פראַקלאַמירנדיק, אַז דאָס דינען צו גאָט דאַרף קומען דורך פרייד; ער האָט געוועקט די פרייד צום לעבן, די ליבע צום מיטמענטשן, צו זיך אליין, צו דער גאַנצער נאַטור, צו אלעמען און צו אלעס, וואָס איז פארבונדן אין איין געטלעכן בשותפוסדיקן קיום. אָט אָ די פארהערלעכקייט און בענטשונג פון אַלעס וואָס איז פאַרבינדן מיט דעם מענטשנס עקזיסטענץ, איז דאָס אמת בעל־שם־טוב׳דיקע בא וויטמאַנען, עס איז זיין גייסט און זיין קרעדאָ.

ער איז דער פּראָפעטישער באַזינגער פון דער דינאַמישער אמעריקע; ער זאָגט איר פאָראויס איר צוקונפט, איר גורל און ראָל, וואָס איר שטייט פאָר צווישן די פעלקער. ער באזינגט איר שפע, איר רבחות, איר אנטוויקלונג; ער באַזינגט די וועלדער, די בערג, די שטעט, די פריירים, די פיאָנערן; ער באַזינגט דעם יחיד און ער באַזינגט דאָס גאַנצע פאָלק און די פעלקער — די פרייהייט, ברידערלעכקייט, און גלייכהייט.

ער האָט אנטוויקלט אין זיין פּאָעזיע זיין ספּעציפיש וויטמאַנישן טאָן און סטיל, דעם ספּעציפיש אמעריקאנעם קאָלאריט פון אַ מאָדערנעם מענטשן און פּאָעט. הויך און דראַמאַטיש קלינגט זיין שטימע און זיין אָנזאָג: האָט ליב, ווייל אין מיינע אָרעמס איז בלויז ליבע פאר אלץ און פאר אַלעמען און דורך ליבע קאָנט איר קריגן דאָס אייביקע לעבן באַ מיר. וויטמאַן האָט געלעבט אין א נייער תקופה און האָט געשטרעבט, אַז די נייע ערא זאָל ווערן דער אָנהייב פון א פרייער גליקלעכער מענטשהייט.

זיינע לידער פון זיין בוך "גראָז־בלעטער", וואָס גייען אריין אין דעמדאָזיקן באַנד, זיינען צום ערשטן מאָל איבערזעצט אין יידיש און אין זיי באַווייזט זיך וויטמאַן אין זיין העכסטן שטאַפּל פון רעליגיעזן געמיט, ווייל עס איז שוין אויך געווען דער לעצטער שטאַפּל פון זיין לעבנס־גאַנג. ער האָט דערגרייכט א טיפע עלטער און דערלעבט צו זען א רייכע און שעפערישע אמעריקע. אין דידאָזיקע לידער גייט שלוה, מיט מנוחה צוריק אהיים — צו דער אייביקייט און ער שאפט אין זיי א טרייסט און אַ גלויבן, וואָס איז גאולה.

וואָלט וויטמאַן איז געווען דער זון פון אַ סטאָליער געקראָגען זיין עלעמענטאַרע בילדונג האָט ער אין דער דאָרף שולע און איז ווייטער ווי מאקסים גאָרקי, דורכגעגאנגען די אוני־

וועסיטעטן פון דעם סאמע לעבן אליין. אין דער עלטער פון 17 יאָר איז ער שוין אליין געווען א לערער אין אַ דאָרף שולע, און צו 20 יאָר געשריבן לידער און דערציילונגען וועלכע ער האָט פארעפנטלעכט אין פארשידענע צייטונגען און זשורנאַלן. אין דעם יאָר 1846 אין דער עלטער פון 27 יאָר איז ער שוין אליין געווען דער רעדאקטאָר פון אַ ברוקלינער צייטונג „דיילי איגל." די ערשטע אויסגאַבע פון זיין בוך „גראָז בלעטער" (500 קאָפּיעס) איז דערשינען אין 1855.

## מ אָ ט ע ס ד י י ט ש
### שיקאגע

ארויסגעגעבן די ביכער: „אינם לאנד פון די יענקיס" (1935) — „צווישן ימען און פלאַמען" (1941) — „אליהו" ווערסיע צו מענדלסאָנס אָראטאָריע. — געווען הויפּט רעדאקטאָר פון „מידוועסט־מעריב אנטאלאָגיע און „בריקן" — באטייליקט זיך אין די אָפּאטאָשו־ליוויק „זאַמלביכער" — „אינזיך" — „צוקונפט" — „באָדן" — „יידישע קולטור" — „ליטעראַרישע בלעטער" — „המשך" — „שפּיגל" — „שיגאגאָ" — „קוריער" — „האַמער" — „מאָרגן פרייהייט" — „אויפקום" — „יונג שיקאַגאָ" — „אינאיינעם" — „געצעלטן" און אנד. די איבערזעצונג פון וואָלט וויטמאַנ'ס לידער אין דעמדאָזיקן באַנד זיינען אַ טייל פון אַ גאַנצער סעריע לידער, וואָס וועלן דערשיינען אינגיכן אין בוך־פאָרם.

## נ ח מ ן מ י י ז י ל
### ניו־יאָרק

באדייטנדער קריטיקער און ליטעראטור היסטאָריקער. — געוועזענער רעדאקטאָר פון די באַרימט געוואָרענע „ליטעראַרישע בלעטער." — רעדאקטאָר פון דעם זשורנאַל „יידישע קולטור" — ארויסגעגעבן די ביכער: „דורות און תקופות אין דער יידישער ליטעראטור" — א בוך וועגן י. ל. פּרץ. — „פּרץ'ס בריוו און רעדעס" — „אייזיק מאיר דיק" — „דער כוח פון יידיש" — „דר. חיים זשיטלאָווסקי" און א צאָל בראָשורן, — „פאָרגייער און מיטגייער" (אין דרוק). באַטייליקט זיך אין די אָנגעזענסטע יידישע זשורנאַלן און צייטשריפטן.

## שלמה שווארץ
### שיקאגע

ארויסגעגעבן ביכער אין יידיש "בלוי מאָנטיק" (1938) — "אמעריקע" (1940) — געווען מיטרעדאקטאָר פון דער "מיד־וועסט־מעריב אנטאלאָגיע" און פון די "בריקן" — באַטייליקט זיך אין "אינזיך" — "יידישער קעמפער" — "שפיגל" — "די פעדער" — "אויפקום" — "שיקאגע" — "קוריער" — "געצעלטן" און אַנד. אין ענגליש באַטייליקט זיך אין די זשורנאלן **"Poetry", "Voices", "Chicago Jewish Forum".**
ארויסגעגעבן די ביכער **"The Poet in Blue Minor",**
**"Passages of Refuge" "Preface to Maturity".**
איינער פון די 24 רעצענזירטע דיכטער אין דער **"Siwanee Review"** און באַזונדער פון קראָמבערגן.

## יצחק בערלינער
### מעקסיקע

ארויסגעגעבן די לידער־ביכער: "דריי וועגן" (1927) — "שטאָט פון פּאַלאַצן" (1936) — "עד מתי" (1941) — געווען רעדאקטאָר פון "מעקסיקאנער יידיש לעבן", "ארום דער וועלט" — מיטרעדאקטאָר פון "צוואַנציקיאָריקן יובל־בוך פון וועג" און איצט — רעדאקטאָר פון חודש־זשורנאַל "אָזע." — באַטייליקט זיך אין "צוקונפט" — "פרייע ארבעטער שטימע" — "וואָכנשריפט" — "מעקסיקאנער שריפטן" — "בייטראג" — "שפיגל" — "אונזער וואָרט" — "בעלגישע בלעטער" — "אין קאַמף" — "אונזער לעבן" — "אינזל" — "יום־טוב־בלעטער" — "ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — "פרייוועלט" — "פאַרויס" — "אונזער שול" — "ס'פעלד" — "וועגן" — "ליד" — "צוויט" — "קאָנטינענט" — "די שטימע" — "שיקאגאָ" — "מעקסיקאנער אידישע שטים" און אַנד. — שטענדיקער מיטארבעטער פון "דער וועג."

## ב. אלקוויט
### ניו־יאָרק

ארויסגעגעבן אַ בוך לידער אונטער דעם נאָמען "וועגן צוויי און אנדערע" (1931) — באַטייליקט זיך אין "אינזיך" פון וועלכן ער האָט רעדאקטירט עטלעכע נומערן אין יאָר 1934. — שטענדיקער מיטארבעטער אין "מאָרגן זשורנאַל" — געדרוקט דערציילונגען אין "טאָג" — "אידישער קעמפער" און אנדערע צייטשריפטן.

## דאָראַ טייטלבוים
**ניו־יאָרק**

ארויסגעגעבן פון דער שרייבער סעקציע פון ייקוף אַ בוך לידער "אינמיטן וועלט" (1944) — דעבוטירט אין דער "מאָרגן פרייהייט" (1941) — באַטייליקט זיך מיט לידער אין "יידישע קולטור" — "ניילעבן"—בוענאס־איירעסער "פאָלקס שטימע" — קאנאדער "יידישע וואָכנבלאַט." איר בוך האָט געקראָגן גוטע אָפּרופן אין "אונדזער פריינט", אין "יידישן קוריער", אין דער "מאָרגן פרייהייט", אין דער "יידישער קולטור" און אין דער "צוקונפט."

## שלום שטערן
**מאָנטרעאָל־קאנאדע**

ארויסגעגעבן די ביכער: "נאָענטקייט" (1929) — "עס ליכ־טיקט" — (1941) — "אינדערפרי" (1945) — באַטייליקט זיך אין "אויפקום" — "ליטעראַרישע בלעטער — "צוקונפט" — "המשך" — "צושטייער" — יידישע קולטור" — "איי־ניקייט" — "קאנאדער וואָכנבלאַט" און אַנד.

## יעקב גלאַנץ
**מעקסיקאָ סיטי**

ארויסגעגעבן די ביכער: "פאַנען אין בלוט" — "טריט אין די בערג" — "ליריק אין סטיל פון דער עפּאָכע" — באַ־טייליקט זיך אין די "אָפּאַטאשו־ליריק־זאַמלביכער" — "לי־טעראַרישע בלעטער" — "וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור" "דאָס פרייע וואָרט" — "אויפן שוועל" — "צוקונפט" — "די פעדער" — "אויפקום" — "אינזיך" — "פרייע ארבעטער שטימע" — "יידישער קעמפער" — "המשך" — "בריקן" — "שיקאַגע" — "דער שפיגל" — "אינדזל" — דער "קאָנ־טינענט" — "ליד" — "דער טאָג" — "מאָרגן זשורנאַל" — "פרייהייט" — "די פרעסע" — "ווילנער טאָג" — "קוריער" — "קאנאדער אָדלער" — "פילאדעלפיער יידישע וועלט" — "געצעלטן" און אַנד. געווען מיטרעדאַקטאָר פון "מעקסיקא־נער יידיש לעבן" (1927) און רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט די "וואָך", "מעקסיקאַנער יידישע שטים", "בייטראַג", "מעקסי־קאַנישע בלעטער" — היינט צו טאָג ליטעראַרישער רעדאַק־טאָר פון "וועג."

## זעליק העללער
### שיקאגא

ארויסגעגעבן דעם ווך "אויף אַלטע וועגן" (1926) — גע־דרוקט זיך אין "צוקונפט" — "פעדער" — "יידישע ארבע־טער וועלט" — "רעקאָרד" — "פרייע ארבעטער שטימע" — "שיקאגא" — "קוריער" — "געצעלטן" און אַנד. די סאָ־נעטן אין דעמדאָזיקן באַנד זיינען אַ טייל פון אַ גאַנצער סעריע, וואָס ווערן צוגעגרייט צום דרוק אין בוך פאָרם.

## אַלטער עסעלין
### מילוואָקי

ארויסגעגעבן די ביכער "קנויטן" (1927) — "אונטער דער לאסט" (1936) — באַטייליקט זיך אין "קונדים" — "פרייע ארבעטער שטימע" — "נייע וועלט" — "די פעדער" — "טאָג" — "צוקונפט" — "דאָס וואָרט" — "אויפקום" — "אינאיינעם" — "יונג שיקאגא" — "ליטעראַרישע בלע־טער" — "ליד" — "סטודיאָ" — "מידוועסט־מעריב אנטא־לאָגיע" — פרייהייט" — "קוריער" — "אינדריך יום־טוב בלעטער" — "געצעלטן."

## מ. גיציס
### שיקאגא

ארויסגעגעבן די ביכער: "גלאָקן" (1926) — "נאָוועלן" (1932) — "די זון אין מזרח" (1936) — "בטחון" (1939) — "דער וועג צום באַרג"—(1941) — באַטייליקט זיך אין די "ליטע־ראַרישע בלעטער" — אָפּאָטאָשו־לייוויק "זאַמלביכער" — "אינזיך" — "צוקונפט" — "יידישע קולטור" — "האַמער" — "אויפקום" — "די פעדער" — "יידישע קעמפער" — "בריקן" — "מעקסיקאנער שריפטן"—"העפטן" — "פרייע ארבעטער שטימע" — "שיקאגא" — "מאָרגן פרייהייט" — "פילאדעלפיער יידישע וועלט" — "דער שפיגל" — "סיג־נאַל" — "קוריער" און אַנדערע צייטשריפטן און זשורנאַלן.

## טאָדרעס געללער
### שיקאגע

שטודירט מאָלעריי אין שיקאגער "אַרט אינסטיטוט" — פון 1920 ביז 1927 געווען קונסט אינסטרוקטאָר אין דער קונסט שול פון "יידישן פאָלקס־אינסטיטוט" — באַטייליקט זיך אין קונסט אויסשטעלונגען זינט 1925 און געוואונען פרייזן פאר מאָלעריי און גראווירונג. — פאַר די לעצטע דריי יאָר גע־קראָגן די פרייזן פאר האַלץ־שניץ גראווירונגען אין דער קאָנגרעס־לייברערי אין וואשינגטאָן. — ארויסגעגעבן דריי ביכער מיט גראווירונגען, און אילוסטרירט ארום 40 ביכער. — געמאכט מוסטערן פון קאָלירטע גלאָז־פענצטער פאר איי־ניקע שולן אין שיקאגאָ, אָהאמהאָ, אווראָרא און אנד. שטעט. אין צייט פון דער דערפּרעסיע באַשטימט געוואָרן פון דער "וו. פּ. א." צו מאָלן אַ צאָל פאָרטרעטן פון די אָסיידזש אינ־דיאנער אין די פאָרטרעטן געפינען זיך דעם מוזעאום פון פּאוואוסקאָ, אָקלאהאָמא. אַ צאָל אויל בילדער און גראַ־ווירונגען זיינען אויך אָפּגעקויפט געוואָרן פון קונסט־מוזעומס אין די פאראייניקטע שטאַטן און אין אויסלאַנד. אין דער באַנד ווערן געגעבן רעפּראָדאָוקציעס פון זיינע צוויי אויל־בילדער: "דער מארטירער" און "די לובלינער שול."

# דיכטער, שריפטשטעלער און מאלער, וואָס האָבן זיך באטייליקט אין דעם ערשטן, צווייטן און "דריטן באַנד" ליטעראַרישע זאמלונגען

ב. אַלקוויט — אברהם ביק — יצחק בערלינער — דוד בע־קער — מ. גיצים — יעקב גלאַנץ — טאָדרעס געללער — ב. גראַבארד — מאטעס דייטש — זעליק העללער — וואָלט וויטמאַן — א. טאַבאַטשניק — דאָרע טייטלבוים — איציק מאנגער — נחמן מייזיל — לייב ניידוס — י. י. סיגאַל — אַלטער עסעלין — פּעסי הערשפּעלד־פּאָמעראַנץ — דר. י. פּאָלישוק — מאָריס ראָזענפעלד — שלמה שווארץ — שלום שטערן.

* *
*

אין פערטן באַנד וועלן געגעבן ווערן נאָטיצן און קורצע רעצענזיעס וועגן דערשינענע ביכער.

